בלימאַלע יאַקיר

# די ווײַסע ציג מיט די זילבערנע גלעקעלעך



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשל"ו — 1976

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן
פון די עלטערן
צום אָנדענק פון זייער טאָכטער
**בלימאַלע יאַקיר ז״ל**
און צום אָנדענק פון איר
חרוב געוואָרענעם שטעטל — זגוריצע.

# אַ וואָרט וועגן דער טאָכטער

I

...און דערציילן, דערציילט זיך עס ווי אַ קאַפּיטל פון דעם אייביקן און פורכטלעכן ספר־איוב.

איז יאָ, לאָמיר פאַרגעדענקען, אַז די סאַמע גרעסטע שטראָף, דער אומגליק פון אומגליקן, צו וועלכע אַפילו די תוכחה אַליין, האָט זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן, איז די ווען עלטערן לעבן איבער זייערע קינדער, און דאָס קינד איז אַזעלכע און אַזעלכע ווי אונדזער טאָכטער בלימאַלע יאַקיר — זכרונה לברכה — איז געווען.

איך מייַד אויס בכיוון עפּיטעטן, ווייַל עס קומט מיר אויס, דאָס זיי וואָלטן פאַרשוועכט דעם הייליקן אָנדענק פון בלימאַלען, וועלכע איז קיינמאָל נישט געווען קיין שיינאַרטיקע רעדנערין און קיין געקווייטלטע שרייַבערין.

...איז מיטאַמאָל זענען פאַר אונדז — אירע אייגענע — אַזוי תהומיק פאַרווישט געוואָרן די באַגריפן פון צייַט און רוים.

און חדשים, וואָכן, טעג און נעכט, האָבן מיר — עלעהיי די קלאָג און יאָמער טעכטער פונעם תנ״ך, די חברטעס פונעם שופט יפתחס טאָכטער — זי געפּירט פאַזע די צעבליטע גערטנער און סעדער, דערנעבן איר גאַס, און איר שלווהדיקער היים — זיך געזעגנען מיט אירע ייִנגע, אָפּגעקאָסעטע יאָרן.

און זי האָט זיך, מיט אירע שלאַבעריקע הענט, ווי מיט

צעבראָכענע פליגל, ממש זיך אָנגעהאָנגען אויף אונדז. ווידעראַמאָל ווי דער תּנכישער פאַרמישפּטער צום טויט, פּרוּווט זיך אָנכאַפּן אין די קרנות המזבח פון לעבן.

אמת דאָס וואָרט פּ אַ ר ג י י ן האָט זי קיינמאָל נישט אַרויסגעבראַכט אויף אירע ליפּן.

אָבער דער ט ו י ז נ ט א ו י ג י ק ע ר... האָט שוין געלויערט אויף יעטוועדן טראָט אירן. און יעדער גליד — בלימאַלעס — האָט געאָנט דעם אָנקום פון דעם מאוימדיקן גאַסט: „וואָס אַז ער וויל קען ער מאַכן אָוונט — אינדערפרי".

## II

...איך שרײַב די גורלדיקע שורות, און שפּיר בחוש ווי איבער מײַן סיוון קאָפּ, שפּרייט אירע לאַטשעדיקע הענט, די טאָכטער אונדזערע, און רוימט מיר אײַן אַ סוד אין אויער:

„אַלטמאָדישער, סענטימענטאַלענער טאַטע מײַנער, אויב דו שרײַבסט שוין יאָ וועגן מיר, טאָ שרײַב אַזוי פּשוט, ווי דײַן אַלטער יידישער גאָט, וועלכער האָט מיט איין וואָרט באַשאַפן אָט די טרויעריקע וועלט".

בלימאַלעס מיין:

נישט שיינשרײַבן זי ווי אַ מײַסעדיקע געשטאַלט. נישט אַזאַ, ווי דאָס, וואָס מיר שטערבלעכע באַצייכענען געוויינליך מיטן וואָרט־וווּנדערקינד.

און דאָך, אויפן פינפטן יאָר פון איר אָפּלעבן, זאָג איך נישט לשם נוי:

אַז דורות, גאַנצע דורות ייִדן, אירע אורזיידעס און באָבעס, הן די אַלווייסערס און אַלקענערס אין אַלע שבע חכמות, הן די פּראָסטע חי־וקיימניקעס, האָבן יאָרן און יאָרן, אָנגעשפּײַכלערט

אין זייערע קעלטערס, אוצרות פון חכמה און פּיוט, און זיי איבער־געגעבן בירושה זייער אור־אור־אור־אייניקל־בלימאַלע יאַקיר.

איז אין טיפן אַסיען, פון אונזער לעבן, טרייסטן מיר זיך ביידע איצטער — די טאַטע מאַמע אירע — וואָס צוקאָפּנס איר וויגעלע, איז טאַקע אויף אַן אמתן געשטאַנען דאָס ווייַסע ציגעלע פונעם יידישן פאָלקס־ליד. דאָס ווייַסע ציגעלע מיט די זילבערנע גלעקעלעך, וואָס זי וועט שפּעטער אַזוי באַשרייַבן, נאָר ווי זי איינע האָט געקענט.

און אויסדיכטענדיק עס, וועט זי — ווי מיר ווי — נישט וויסן, אַז איר פּעכלדיק ציגעלע, וועט זיך פּאַשען אַן אַליין־אַליי־ניקס אויף דער טאָלעקע, בשעת זייַן פּאַסטוכין וועט שוין לאַנג האָבן פאַרצוקט דער וואָלף.

איז יאָ, שוין בייַם סאַמע אָנהייב, האָט די גילדערנע פּאַווע, צעפּעכערט אירע פליגלען איבער איר וויג. ווייַל ווי קען עס אַנדערש געמאָלט זייַן, אַז אַ קוים דרייַיאָריק קינד, זאָל אין די זומערדיקע נעכט, פאַרן שלאָפן גייען, זיך אַזוי געזעגנען מיטן וועלטאַל:

אַ גוטע נאַכט — לעמעלעך
אַ גוטע נאַכט —ביימעלעך
אַ גוטע נאַכט — וואַסערל
אַ גוטע נאַכט — שטערנדלעך.

און מיר אַלע: הן יעקב שטערנבערג, שלמה ביקל, הערץ ריווקין — זיכרונם לברכה — און — זיי צו לענגערע יאָר — חיים ראַבינזאָן, מאָטל סאַקציער, מאיר חרץ, יחזקאל רינג, פריד ווייַ־נינגער — דער דעמלטיקער נאַכוווקס — האָבן בעשייַמפּערלעך געפּילט, אַז דאָס מיידעלע — וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם בעסאַראַבער שטעטל — זגוריצע, — וועט עס טאַקע זייַן דער באַשייד פון זייערע פּאָעטישע חלומות און אַנונגען.

עס איז געווען אונדזער אַלעמענס בענקשאַפט, אַז מיר דער צווייטער דור יידישע שרײַבער, זאָלן אויף דער וואָר, זען דעם שפּראָץ פון אַ דריטן דור, וועלכער וועט ווײַטער שפּינען די פעדים פון אונדזער המשך.

איז דעריבער, נאָך איידער, די יידישע אותיות ...פורחות, האָבן זיך צעצוויטעט אויף אירע ליפּן, האָבן שוין דיכטער פון דער וואַלאַכישער מדינה, איר געבראַכט ווי אַ מין לירישן אַדערויף פולע לאָגלען מיט פּאָעזיע.

איך געדענק יענעם אָוונט, ווען חיים ראַבינזאָן האָט אַרײַנגעוויכערט צו אונדז אין שטוב, גענומען בלימאַלען אויף די הענט, און אַרײַנגעפּליסטערט איר זײַן ליד:

„די נאַכט איז אַ שטילע
די נאַכט איז אַ ווײַסע,
בײַם שײַן פון די שטערן וואָס פינקלען אין הימל,
וועל איך דיר איצטער דערציילן אַ מײַסע,
בלימאַלע, קינדעלע דרימל.
געווען איז אַ פויגל, מיט לויטערע גזאַנגען,
מיט אייגעלעך בלויע, אַזוי ווי דער הימל,
האָט מען אים איינמאָל געכאַפּט און געפאַנגען,
מיידעלע, טעכטערל דרימל".

און אין יאָרן אַרום, ווען מאָטל סאַקציער, נאָסטאַלגיש זיך דערמאָנען:

„פרײַנד געשווירענע געווען אַמאָל מיר זײַנען
בלימאַלע — סוועטלאַנע...
געדענקסט נאָך יענע צײַט ?

נאָך נישט אָנענדיק אין דיר דעם ווירדיקן פאַרבײַט,
וואָס מיט גאָרן חן וועט זיך אַמאָל צעשײַנען,
בײַ דײַן בעטל פלעג איך זיך מיט דיר אויסטענהן
איינס אויף איינס, ווי גלײַכע לײַט,
דיך מיט קונצן אַלערליי צעשטרײַט;
ס׳זאָל קײַן שאָטן זיך נישט לייגן אויף דײַן שטערן,
פלעג אייך מײַסעלעך פאַר דיר אויסקלערן,
ווען פאַרוואָגלט ס׳האָט דײַן קינדערישער שלאָף...
מײַסעלעך...
דו ביסט נישט מיד געווען זיי הערן,
און אָפט אַליין צו זיי האָסט צוגעטראַכט דעם סוף;
די גוטסקײַט, ווי פאַרדינט
באַלוינט זאָל ווערן,
דאָס שלעכטע זאָל
נישט אויסמײַדן די שטראָף...״

...איז האָט זיך בלימאַלע, געבאָדן אין אַ ים פון פּאָעזיע, ווען זי איז נאָך געווען — — ווי זאָגט מען עס — אין די קינדערישע וויקעלעך.

III

„...אונדזער ווײַנגאָרטן האָבן מיר פאַרפלאַנצט״ — אַזוי פלעגן מיר זיך איבערגעמעריש באַרימען — מײַן פרוי און איך — מיט אונדזערע קינדער בלימאַלע און שלומל, וואָס האָבן גערעדט אַ מחיהדיקן יידיש און געווען אַזוי היימיש אין דער יידישער ליטעראַטור, אַזש זיי האָבן גערופן גאָר קרוביש י.ל. פּרצן — דער פעטער פּרץ.

און אייגענע און נאָענטע, און גלאַט יידן פון אַ גאַנץ יאָר,

זענען געקומען הערן און זען דעם גוטווונדער — בלימאַלע יאַקיר, וועלכע קוויקט זיך און דערקוויקט די צוהערער, מיט די קינדער־לידער פון קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, משה בראָדערזאָן, לייב קוויטקאָ און... ווער קען ציילן און ווער קען מעסטן אונדזערע דעמלטיקע פריידן ! ?...

— הערט, הערט — וואָס פאַראַ מלא טעמדיק מיידעלע — האָבן נחת׳דיק געגאַפּט די יודעי חן — אַ קינד אַן אוצר. נישט נאָר, וואָס עס זינגט און דעקלאַמירט, נאָר אַז עפּעס אַ וואָרט, אָדער אַ שורה שטעלט זיך איר פּאָעטיש דיבאָם, איז זי ממש מתקן, איינס, צוויי, אויף איר קינדישן אופן...

און מיר — די טאַטע מאַמע — האָבן געשעפּט ימען מיט נחת, ואָס דאָס הייליקע וואָרט המשך, וואָרקעט אַזוי י׳דישלעך אונטער די סטריכעס פון אונדזער נעסט.

...אַזוי האָט זיך עס געצויגן אָרעם און פריילעך ביזקל דעם זעכצנטן פעברואַר פונעם יאָר 1949, ווען די מחבלים פון די סאָוועטישע דרײַ אותיות, האָבן מיך אויסגעכאַפּט אינמיטן גאַס און פאַרפּירט אין אַרקטישן שאול תחתיה.

ווען כ׳האָב מיך נאָך זעקס יאָר מיט אַ חודש אומגעקערט אַהיים, האָט שוין די נײַנצניעריקע בלימאַלע געשריבן לידער אין ...טאָלסטאָיס שפּראַך.

געוויינט האָט זי בלימאַלע אינדערשטיל אויף ייִדיש. אָבער פרייען אַפּנים האָט זי זיך געקענט נאָר אויף רוסיש. כאָטש די מישטיינסגעזאָגטע פריידן אירע זענען אויך געווען אײַנגעטונקען אין טרערן.

ווי פלעג זי עלעגיש קאַטאָוועסן : „פּאַפּע, כ׳בין גאָרנישט גע־ראָטן אין דיר. איך בין אַזאַ פּאַרווייגטע נשמה. עפּעס אַ געבוירענע קלאָגערין״.

האָבן מיר זיך אַזוי אַרום אויפגעכאַפּט מיט אַ טאָכטער, מיט

אַ קלוג טרויעריק, ממש תּחינהדיק ייִדיש געמיט און מיט אַ באַטעמט שטייגעריש מאַמע לשון. אָבער אַ שרײַבערין אויף רוסיש.

אמת — אין די פּולבלוטיקע אָדערן פון איר רוסישער שפּראַך, האָט געריזלט דער אייביקער ייִדישער דורותדיקער ניגון.

IV

די צוויי באַליבסטע מאָטיוון אירע, וועלכע בלימאַלע האָט ממש ווי אויסגעצערטלט אויף פּאַפּיר, זענען די היים און מאַמע ניגונים.

היים איז נישט גלאַט בײַ איר קײַן נחתדיקער באַגריף פון רו, שלווה און זעטיגקייט.

עס האָט אין איר שטענדיק געטליִעט אַ זעלבסטפּאַרצערנדיקע בענקשאַפט, נאָך די אַמאָליקע ייִדישע שטעטלעך, ווי אירע באָבעס האָבן אויף זייערע גאַניקלעך און פּריזבעס אין די שבתדיקע צו־נאַכטסן, געזאָגט אַ גוטע וואָך זייער היימישן גאָט באָרעכו...

און אויב דער אַרום איר — אין דער נאָכמלחמהדיקער מאָל־דאַוויע — רעדט און פּאָכעט מיט די תּכלית פּאָלעס נאָר אויף רוסיש, האָט זי זיך אויסגעחלומט און אויסגעטראַכט אַ ייִדיש שטעטל אין דעם הויף ווי מיר האָבן אויפגעשטעלט אונדזער קעשענעווער היים.

בלימאַלע האָט געהאַלטן אַז ס'האָט איר ממש גורלדיק צוגעשפּילט וואָס גראָד אין אונדזער הויף איז פּאַראַן אַזאַ געזעמל פון ייִדישע מענער, ווײַבער, זקנים און קינדער מיט אַזוינע אידיאָ־מאַטישע חן־גריבלעך און שטייגערישע פּאָסטעמקעס.

און לייענט מען זיך און טראַכט מען זיך אײַן אין דעם בוך, האָט מען דאָס געפיל: אַז דורות ייִדן און יידענעס, בעסאַראַבער פּראָסטאַקעס — וועלכע האָבן ווי דעמבעס געשלאָגן זייערע טיפע

וואָרצלען אין דער מאָלדאַווישער ערד. די ערד, פונוואַנען זיי האָבן געצויגן זייער חיונה און נגינה, זייער חדווה און ביטחון, האָבן אויסגעזינגען זייער נישט דערזינגען ליד אין איר בלימאַלעס...
„אַמאָל איז געווען, אַ הויף..."

און וואָס עס איז נוגע, דעם מאַמע־ניגון, איז עס איר „שיר השירים". זי האָט עס געהאַלטן ממש, פאַר אַ זכות פון דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס די השגחה האָט איר צוגעשיקט אַ זאַ מאַמע.

ווי פאַרכלינעט זיך עס בלימאַלע: „מ'זאָגט, אַז אַלע מאַמעס זענען גוט. אָבער ס'איז נישט אַזוי. פשוט אַלע קינדער האָבן ליב זייערע מאַמעס, אָבער נישט יעדן איינעם גליקט געבוירן צו ווערן בײַ דער מאַמען, וועלכע גייט אים אַזוי גוט אונטער.
מיר האָט געגליקט".

און ווי האָט זי זיך עס — אין איר שיחת חולין — אַמאָל, נחתדיק אַ פעסטע געטאָן, פאַר איר מאַמען: — ווען דו ביסט נישט מײַן מאַמע, ווען דו ביסט אַ פרעמדע און איך באַגעגן דיך אין גאַס — וואָלט איך דערקענט אַז דו, און נאָר דו, האָסט געדאַרפט זײַן מײַן מאַמע...

בלימאַלע האָט שטענדיק געהאַט אַ פאַרכטיקע באַציִונג צום וואָרט. אָבער צו קײַן שום טעמע האָט זי זיך אַזוי נישט ערב יום־כּיפּורדיק געפּעדערט און געגרייט ווי צו איר לאַנגסטיקן שע־פערישן חלום: — אויסצופורעמען אַן איינציקאַרטיקע מאַמע, „אַ מאַמע נישט ווי אַלע מאַמעס".

פאַרשטייט זיך, אַז דער געניטער לייענער, וועט געפינען צע־וואָרפן איבער די פּאָליאַנטן פון איר איצטיק בוך, אָן אַ שיעור, שטריכן, עטיודן, צו איר קינפּטיקער מוטערלעכער געשטאַלט.

אָבער זי האָט געגאַרט, צו געשטאַלטיקן אַזאַ מאַמע, אין וועלכע אַלע ייִדישע מאַמעס פון דער וועלט — זאָלן געפינען זייער

שמייכל און זייער טרער, זייערע עלעגישע וויג־לידער און זייערע האָפּערדיקע חתונה דאַבריניטשן, זייער חכמה און זייער תּמימות, זייער ליבע און זייערע בענקענישן.

V

בלימאַלעס שטענדיקע דאגה: זײַן אַ שרײַבערין, ביזכות עצמה, און נישט אין זכות פון איר טאַטן.

פונדאַנען איר פּלאַטער, איר באַגער: צו קומען מיט אַ נײַ־תּמצית׳דיק וואָרט, מיט איר אייגענעם נוסח. בעסאַראַביש גע־רעדט: גייען מיט איר אייגענער סטעזשקע, וואָס פירט צום ברייטן שליאַך, פון גרויסער ליטעראַטור.

...דער אַלטמאָדישער שרײַבטיש אירער — וועלכן זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט אויסטוישן אויף אַ נײַ־מאָדישן אַ מאָ־דערנערן, — האָט טאַקע אין אַן אמתן דערמאָנט, אַ מזבח, פאַר וועלכן עס שטייט אַ פאַרדביקהטע פּריסטערין.

אַ טאָג אָן אַ פּאָר עכטע שורות איז פאַר איר ממש געווען אַ טראַגעדיע.

שווער צו זאָגן אַפילו: צי זי האָט זיך געאײַלט בלימאַלע, דערפילן מיט איר וואָרט די שליחות פון דורות, צי איז עס געווען די אַנגסטיקע אַנונג, אַז יעדער אַדורכגעלעבטער טאָג, קען זײַן דער לעצטער...

ווי מוסרט זיך בלימאַלע: „ס׳איז אַפילו אַ בושה אַרויסצו־זאָגן אין דער הייך אָט דאָס לאַנגווײַליקע וואָרט „זיך געקליבן״. „זיך געקליבן״ — דאָס איז אונדזער פוילקײַט, אונדזער גלײַכ־גילטיקײַט, אונדזערע מערערע מאָל נישט האַפּטיקע פּלענער אויף אַ לאַנג־לאַנג לעבן״.

איז דעריבער איר קינסטלערישע עבודה געווען אויב נישט די

שלימות אַליין, איז די בענקשאַפט נאָך שלימות. די גאַרונג — אַז וואָרט זאָל טאַקע וואָרהאַפטיק ווערן — נס פון וואָרט.

איז כּדי איך זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן אין טאָ־טעשער אַפּאָלאָגעטיק און שבחים־שאָסטעריַי... טאָ זאָלן דעריבער רעדן וועגן איר שרײַבערישער טואונג, אירע מיטצײַטלער:

...האָט נבואות געזאָגט, דער באַוווסטער רוסישער שרײַבער, דער ייִד לעוו קאַסיל:

— איר וועט זײַן בײַ אונדז דער צווייטער באַבעל.

מאיר חרץ:

„אַזוי פאַרהיטן ס׳קינדערישע געמיט, ס׳קינדערישע טראַכטן און פילן, ס׳קינדערישע איבערלעבן און נוצן זיך בלויז מיטן קענען שרײַבן פון דער דערוואַקסענער בלימאַלע. אַזוי זיך נישט לאָזן פאַרפירן פונעם קענען שרײַבן און פונעם וויסן, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן פון קליינערהייט און נישט קאַליע ווערן פון דער רײַפקייט, איז אַ באַווײַז וואָס פאַראַ רײַך, אַקטיוו לעבן זי האָט אַדורכגעמאַכט. דאָס קומט דאָך נישט פון זיך אַליין, צופעליק, ווי איינער רעדט:

׳איך שלאָף און מײַנס גייט״.

יחיאל שרײַבמאַן:

„שלום־עליכמדיקס און באַבעלדיקס. אַ שמייכל און אַ טרער. באַרעדעוודיקייט און צמצומדיקייט. זי האָט שוין געהאַט אייגענע מאָס. זי האָט שוין גוט געוווּסט, ווען צו צערעדן זיך, און ווען אַ שווײַג צו טאָן. ווי צו שטעלן אַן אויסרופצייכן, און ווי צו שטעלן אַ פשוט פּינטעלע.

כ׳האָב ליב געהאַט איר טיף פאַרשטיין דאָס לעבן און איר טיפן ערנסטן צוגאַנג צום שרײַבן — אַ צוגאַנג פון אַן עכטן קינסטלער.

מאָטל סאַקציער:

„דערצייל, דערצייל... / מיר איז דײַן גאַנג געפעלן, / און אָנגענעם מיר אויך איז פעסטצושטעלן, / אַז האָסט פון שורש זיך נישט אָפּגעריסן, / אַז / דו ביסט מיט אַלע פיבערן סוועטלאַנע[1] בת, / דו, טאָכטער ייִדישע... / און אויב נישט אויף דער שפּראַך דער מאַמעס / דו פורעמסט אויס דײַנע חלומות / און געשטאַלטן-וועלט, / ייִדיש דאָך זייער תוך און טעם איז, / וואָס אייניקע פון מײַנע ברידער / ייִדיש-שרײַבער / פעלט... / ...אַז כ'האָב דיך ליב / דאָס ליד איז דאָך אַ סימן, / דאַנק איך דיר, / וואָס דו / האָסט מיך צו דעם באַזעלט"...

און דער סאַמע באַדײַטנסטער מאָלדאַווישער דראַמאַטורג, דערציילער און עסייִסט יאָן דרוצע, אין זײַן נאָכוואָרט צו בלימאַלעס בוך, וועלכעס איז שוין דערשינען נאָך איר טויט, אין מאָסקווע, אין הונדערט טויזנט עקזעמפּליאַרן:

„...דער שטרענגער מאַטעריאַל, וועלכן זי האָט באַהערשט, האָט זי געצווּנגען צו זײַן ווי מעגלעך לאַקאָניש, פּינקטלעך און אמתדיק. נאָר חוץ דעם, איז דעם שרײַבן פון סוועטלאַנע יאַקיר אייגנטימלעך דער געפיל פון הומאָר, אַ גוטמוטיקע איראָנישע באַציִונג צו דעם געשילדערטן אָביעקט, און אַפילו טענער פון געוויסע ירושהדיקע פאָלקס-מאָטיוון באַזוימען צײַטנווײַז איר שאַפונג. אָט דאָס בוך האָט אונדז ערשט נעכטן בשורהדיק אָנגעזאָגט אַן אויסגעצייכנטן פּראָזע מײַסטער אין דער צוקונפט, און אויך הײַנט זעצט זי פאָר אײַך צו איבערצײַגן אין דעם מיט יעטוועדער שורה אירער, נאָר מיר מיט אײַך, טײַערער לייענער, ווייסן

1 סוועטלאַנע — בלימאַלעס רוסישער נאָמען.

שוין אַז די דאָזיקע צוזאָגן איז נישט באַשערט געווען מקוים צו ווערן. וואָס דאָ אַ סך בריַיען — דאָס לעבן האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער אַכזריותדיק צו איר. נאָר דאָס לעבן איז געווען צו איר אויך מילד — עס האָט זי באַשאָנקען מיט דער גאָב פון זעלבסט אויסדריקלעכקייט.

איבערלעבן אינאיינעם מיט דיַין פאָלק איינע פון די גרעסטע דראַמעס פונעם יאָרהונדערט און אין דער מאָס פון דיַינע כּוחות איבערלאָזן פאַר די קינפטיקע דורות אַן עדות פון דיַין ציַיט — דאָס איז נישט יעדן געגעבן געוואָרן אַזאַ זכות. איר — יאָ. זי האָט ערלעך דערפילט איר קורצע שריפשטעלערישע שליחות און דערפאַר דאַרפן מיר איר בליַיבן דאַנקבאַר, פאַרהאַלטנדיק אין אונדזערע הערצער אי איר נאָמען, אי אירע ביכער".

⁂

...ווי געשריבן מיט אַ חרדת־הקודשדיק געמיט און מיט אַ ציטעריקער האַנט דעם עלפטן מאַי פונעם יאָר טויזנט ניַין הונ־דערט פינעף און זיבעציק פון איר פאָטער, איר איבערטיַיטשער אין דעם לשון פון די יִדיש־אימהות.

**יאַנקל יאַקיר**

# אַפּראַשע

I

איך ווייס נישט, צי האָבן אַמאָל די פרויען פונעם דערפל באַנוצט דאָס וואָרט „משוגענע״ צי ניין, אָבער וועגן אַפּראַשען פלעגן זיי שטענדיק זאָגן:

— אַ קראַנקע, נעבעך, און אַן אומגליקלעכע — און האָבן פאַרקלעמטע איר נאָכגעשאָקלט מיט די קעפּ.

ווי נאָר ס׳האָבן אַ זעץ געטאָן די ערשטע פרעסט, פלעגט אַפּראַשע ווי אַ בעריכע פאַרשווינדן פונעם דערפל און זיך באַוויזן ערשט אין אָנהייב פרילינג, ווען פון די דעכער האָבן אָנגעהויבן צו קאַפּען די ערשטע וועסנע־טראָפּנס. נאָר ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די ערד וועט קיינמאָל נישט אַרויסקריכן פון אונטער איר שנייאיקן צודעק, און דער טײַך אָב וועט שוין אַזוי אייביק בלײַבן אַ פאַרקאָווען. אַלטגעזעסענע סיביריאַטשקעס האָבן זיך שוין געפרייט מיטן פרילינג, נאָר די אַנטלאָפענע פון די דרום־קאַנטן האָבן געצויגן מיט די ברעמען און כמורנעוואַטע אונטערגעוואָרטשעט, אַז אַזעלכע פרעסט ווי דאָ אין חודש מערץ זענען בײַ זיי אויפן דרום אַ חריפות אַפילו אין חודש יאַנואַר.

— און דאָס מישטײַנסגעזאָגט הייסט בײַ זיי וועסנע...

ניין, זיי האָבן נישט געגלייבט, די עוואַקואירטע, נישט די ערשטע טראָ־פּעלעך, נישט דעם קוים־קוימיקן זון־בליאַסק, נישט די האָפערדיקע רייד פון די סיביריאַטשקעס. אָבער ווי נאָר אין דערפל האָט זיך אַ באַווײַז־געטאָן אַפּראַשע — האָבן שוין די דרומדיקע אויך אָנגעהויבן... נאָכצולאָזן.

אין אַן אַלט צעטרעפּעט קליידל, אין אַ פאַרשמאַלצעוועטער פופאַיקע, פון וועלכער ס׳האָבן אַרויסגעשטאַרצט שטיקער וואַטע, אין אומגעהויער־גרויסע מענערישע שיך און אַ פאַרשלייערטע אין אַן אָפּגעבליאַקעוועט טיכל

— אַזוי האָט מען זי געזען, אַפּראַשען, סײַ פּרילינג, סײַ אָסיען. נאָר זומער פלעגט אַפּראַשע באַהאַלטן אין אַ קאַמער פון אַ באַרמהאַרציקער ווירטין איר פופאַיקע, טיכל און שיך, און ביז די ערשטע פרעסטלעך אַרומשלאָנדערן אַ באָרוועסע אין איר באַשטענדיקן ברוינעם קלײדל. אַפּראַשעס האָר, פון אַ גרעלן נישט באַשטימטן קאָליר, זענען געווען צעבאַרשטן. און עפּעס איז זי אַליין אינגאַנצן געגומען, אַפּראַשע, געווען אַ סומנע, עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ קינדעריש קאַרטינקעלע, וועלכעס האָט זיך נישט איבערגענומען אויפן פּאַפּיר. עס האָבן נאָר אַרויסגעקוקט אירע אויגן — אויגן גרויסע, גרינע, נאָר זינלאָזע, ווי אַ טײַך אַ פאַרקאָוועטער מיט שלײַם.

אַפּראַשע האָט קײנמאָל נישט געלאַכט, זי האָט אַפילו נישט געשמייכלט מיט „יענעם שטילן פאַרשטאַרטן שמייכל", וועלכן מען שרײַבט געוויינלעך צו גייסטיק־קראַנקע מענטשן. גאַנצענע טעג פלעגט אַפּראַשע אַרומבלאָנקען איבער די דאָרפישע געסלעך אָדער גאָר אַוועקשפּאַנען צום טײַך, שעהנווײַז אָפּזיצן דאָרטן נעבן ברעג און קוקן אין איין פּינטל אַרײַן מיט אירע אויגן — אָזיערעס. און אויב גראָד דעמלט פלעגט עמעצער צוגיין נאָענט צו איר, פלעגט זי שליידערן אין דעם צוגעקומענעם גרודעס ערד, הויפנס פאַרטריקנט גראָז און צומאָל אויך שטיינער. נאָר אין דערפל גופא פלעגט אַפּראַשע פון מענטשן נישט ווײַכן. פאַרקערט, זי האָט נאָך צוגעהאָלפן די ווײַבער פאַרזייען און יעטן די גערטנער. זי האָט געשעפּט פאַר זיי וואַסער פונעם טײַך, און זיי, די סיבירער פרויען, האָבן געטיילט מיט איר זייערע מאָגערע מיטאָגן פון דער הונגעריקער מלחמה־צײַט.

מען האָט געשמועסט, אַז ווינטער גייט אַפּראַשע אַוועק אין איר היימיש דאָרף. נאָר וואָס פאַר אַ דאָרף ס'איז און ווו עס געפינט זיך, האָט קיינער נישט געוווּסט. ווי ס'זאָל נישט זײַן, נאָר פאַר אונדז, קליינוואַרג, האָט דאָס באַווײַזן זיך פון אַפּראַשען באַדייט דער סוף פונעם ווינטער און ס'איז געווען אַ לאַנגדערוואַרטע געשעעניש.

דעם ווינטער פלעגן מיר, קינדער, כמעט איבערזיצן אין די שטיבער, און עס פלעגט טרעפן, אַז גאַנצע וואָכן פלעגן מיר נישט גיין אין שול אַרײַן. די אָרטיקע קינדער פלעגן איבערווינטערן אין די פעלצלעך און וואַליקעס פון זייערע טאַטעס און ברידער, וועלכע האָבן געקעמפט אויף די מלחמה־

פעלדער, נאָר מיר, די עוואַקואירטע, האָבן נישט געהאַט וואָס צו טראָגן. די פֿרידלעכע מלבושים פון אונדזערע טאַטעס זענען געבליבן הענגען פֿאַר־יתומטע אין די שאַפֿעס פון די ערשט־אָ באַפֿרײַטע שטעט — עס איז געגאַנגען דאָס פיראונפערציקסטע יאָר. מיט איין וואָרט, דער ווינטער איז פֿאַר אונדז, אַנגעפּאָרענע, געווען אַ פֿיל לענגערער, אַכזריותדיקער און אומברחמנות־דיקער. אמת, מיר, אַ מיידעלע פונעם צווייטן קלאַס, וואָלטן דווקא די בערג שניי געווען צום האַרצן, ווען איך האָב נאָך צו זיי וואַליקעס; הײַנט דער אײַזיקער טײַך אָב, וועלכער האָט מיר אויסגעקוקט אַזאַ מעשׂהדיקער, און די הילצערנע שטיבער פונעם חידושים־לאַנד. עס זענען מיר אויך געפעלן די נײַע, נישט־געוויינלעכע ווערטער, ווי: קליוקווע, ברוקווע, טורנעפּס. באַ־זונדערס האָט מיך געלאָקט דער טורנעפּס. און אין די מעשׂהלעך, וועלכע איך פלעג אַליין צוטראַכטן, פלעגט שטענדיק אַרויס דער זיגער דער שיינער און געוואַגטער פּרינץ — טורנעפּס. איך האָב מיך באַמיט נישט צו טראַכטן וועגן דעם, אַז אין פרידנצײַט האָבן זיך נאָר די בהמות געקוויקט מיט אָט דעם „פּרינץ" און אַז אונדזערע בײַכער האָבן זיך לאַנג געבונטעוועט, ביז זיי האָבן אים פֿאַרדײַעט.

סוף ווינטער האָבן זיך אונדז שוין צוגעגעסן סײַ דער שניי, סײַ דער פֿאַרקאָוועטער טײַך און אויך דער „פּרינץ טורנעפּס". ווײַל אויף דער גאַס האָט מען אונדז נישט אַרויסגעלאָזט, ביזוואַנען ס'האָט זיך נישט באַוויזן אַפּראַשע. און אונדזער גאַנצער שפּאַציר איז געווען פון דער היים אין שול און צוריק.

— אָט וועט זיך אַ יאַווע טאָן אַפּראַשע, וועלן מיר אײַך דעמלט אַרויס־לאָזן — פלעגן זאָגן די מאַמעס. און מיר פלעגן וואַרטן. מיר האָבן געדולדיק געוואַרט אויף דער וועסנע, וועלכע האָט זיך באַוויזן צו אונדז אַ „פֿאַרפּוצטע" אין אַ צעדריוולטער פופאַיקע און אין אַ צעטרעפּקעט ברוין קלייד.

ווי נאָר אַפּראַשע האָט אַרײַנגעשפּאַנט אין דערפֿל, האָט זיך נאָך איר תיכף נאָכגענומען אַ גאַנצע כאַפּטע מיט ווײַסע חברה, וועלכע איז פון הויף צו הויף געוואָרן אַלץ גרעסער און טומלדיקער. וואָס־וואָס, נאָר אונדזער וועסנע האָבן מיר נישט באַגעגנט מיט ליידיקע הענט; מיר האָבן זי מקבל פּנים געווען מיט ריבעלעך, אָפּגעקאָכטע צעיוירענע קאַרטאָפֿליעס און צומאָל מיט פעניצלעך ברויט. אַפּראַשע פלעגט אַ שוויַגנדיקע צונעמען אָט די אַלע

מתנות אונדזערע, אַרײַנרוקנדיק זײ אין אַ גרויסן ברעזענטענעם זאַק. און אירע אויסטערלישע גרינע אויגן האָבן עפּעס אויך ווי נאָכגעלאָזט — ס׳האָט זיך אין זײ באַוויזן עפּעס וואַרעמעס, אַ מין ווײַטער אָנדייט אויף אַ שמייכל. נאָר די דאָזיקע וואַרעמקייט האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרוואַנדלט אין אַ שמייכל. פאַרקערט, זי פלעגט אויגנבליקלעך פאַרשווינדן, ווי נאָר מיר האָבן זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט די מתּנות, און גלאַט שוין כאָפּטעסווײַז געגאַנגען נאָך אַפּראָשען, פאַרהילכנדיק דאָס דערפל מיט אונדזער לידל:

— אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע שאַ,
אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע, שאַ...

כאָטש מיר האָבן נישט פאַרמאָגט קיין וואַליקעס און נישט קיין פּאַלטנס, און אויך ברויט איז געווען אַ נאָווינע, און די וויטאַמינען, די פאַרשריגענע וויטאַמינען האָבן מיר באַקומען פון דעם „שיינעם״... טורנעפּס, איז דאָך בײַ אונדז ענערגיע געווען איבערגענוג. און איצטער, אָנשפּײַכלערנדיק זי אויף אַ גאַנצן ווינטער, האָבן מיר זי, נישט זשאַלעוונדיק, אויסגעלאָדן אויף דעם איינפאַכן און זייער אָנגעמאָסטענעם צום זינגען לידעלע:

— אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע שאַ!

אַפּראָשע איז געבליבן שטיין, און אין אירע אויגן האָט געגלימערט אַ טריב פײַערל, ווי בײַ אַן אומזיסט און אומנישט געשלאָגענעם הונט.

— אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע, שאַ! — האָבן מיר געיעכצט אויף קולי קולות.

אַפּראָשע האָט אונדז באַוואָרפן מיט גרודעס פאַרהאַרטעוועטן שניי. אָבער מיר האָבן זיך אַלץ געהאַלטן אין איר.

— רוצחים! ליידיקגייערס! — האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז, פּאָ־כענדיק מיטן שטעקעלע, דער אַלטער גרינבערג. — וואָס האָט איר זיך אָנגעטשעפּעט אין דעם מענטשן?!...

— אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע, שאַ!

— וואַרט, וואַרט, איך וועל אײַך אָט באַלד ווײַזן, וואָס הייסט אַי „פּראָשע״, אַי „אָשע״! — האָט געשריגן דער אַלטער און זיך געיאָגט נאָך

אונדז אַזוי לאַנג, ביזוואַנען ער האָט אונדז נישט פאַרטריבן פון אַפּראַשען אויף אַ געגנוג היפּשלעכער שטרעקע. און זי, קלאָגנדיק זיך אויף אונדז, האָט זייער מטושטשדיק און אומזיניק אַרײַנגעשטאַמלט עפּעס דעם אַלטן. און דער אַלטער גרינבערג האָט איר נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ, גלײַך ווי ער וואָלט אַלץ באַנומען, וואָס זי באַלעמעטשעט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

II

די גרינבערגס האָבן געוווינט בײַ אונדז פון יענער זײַט וואַנט, אָדער בעסער געזאָגט, נישט פון יענער זײַט וואַנט, נאָר פון יענער זײַט טיר, ווײַל אונדזערע צימערן זענען אַמאָל געווען אינאײנעם. דערנאָך אָבער, ווען מען האָט צעשטעלט די עוואַקואירטע, האָט מען די טיר פאַרקלאַפּט. און כאָטש די גרינבערגס האָבן די טיר פאַרשטעלט מיט אַ שאַפע, און מיר בײַ זיך אין צימער מיט אַ קאַסטן — האָט מען אָבער אַלץ זייער גוט געהערט.

די גרינבערגס זענען געווען דרײַ: ער אַליין, דער אַלטער איסאַק דאַוויד־דאַוויטש (די סיביריאַטשקעס האָבן אים פאַרצויגן דאַווידיטש), זײַן שנור סאָפע און אַן אייניקל סעניע — אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פינף־זעקס. אָט די דרײַ האָבן געוווינט בישכנות מיט אונדז. נאָר ווען דער אַלטער הוסט נישט אונטער דורך די נעכט, און סעניע כליפּעט נישט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז פון יענער זײַט וואַנט וווינט נאָר איין סאָפע. זי האָט נישט געשריגן, סאָפע, נאָר זי האָט פּשוט און פּראָסט גערעדט מיט אַזאַ נערוועז, צעשרויפט קול — גרייט יעדע מינוט זיך צו פאַרגיין אויף די העכסטע טענער.

דער פרימאָרגן פלעגט זיך אָנהייבן געוויינלעך בײַ די גרינבערגס מיט אַ שטאַרקן זקנישן הוסט.

— פּאַפּאַ! — האָט שוין גאָרנישט מיט קיין פאַרשלאָפן קול זיך צעלאָזט סאָפע — איר הערט, פּאַפּאַ? אפשר וואָלט איר געהוסט אַ ביסל שטילער, ווײַל איר וועקט מיר אויף דאָס קינד.

און מיר האָבן געהערט, ווי דער אַלטער, טאַפּטשענדיק אומבאַהאָלפן און פאַרטשעפּנדיק זיך אין דעם טונקעלן סיבירער פרימאָרגן אין אַלץ, וואָס געפינט זיך אין שטוב, שלעפּט זיך קוים אַרויס אין דעם טריבן פאָדערצימערל.

איצטער האָט מען דעם הוסט זײַנעם שוין קוים געהערט. און ווען מען ניורעט זיך אײַן מיטן קאָפּ אונטער דער קאָלדרע, וואָלט מען געקאָנט ווײַטער דרימלען. אין אַ צײַט ארום האָט מען פון יענער זײַט וואַנט דערהערט אַ טאַראַראַכקען — דאָס האָט דער אַלטער אַראָפּגעוואַליעט דאָס האָלץ נעבן דער הרובע.

— פּאַפּאַ, שיקט זיך, אַז אַוועקלייגן דאָס האָלץ אַקוראַטנע איז אויך אַ גרויסע אַרבעט!?

— זיידעניו, לאָז, וועל איך דיר העלפן.

סעניע איז שטענדיק געווען אויף דעם זיידנס צד, און דאָס האָט אַרויס־געהאָלפן דעם אַלטן איבערטראָגן די אייביקע תרעומות און מוסר־רייד פון דער שנור. נאָר סאָפּען פלעגט אויפקאָכן דער שטילער בונד צווישן אַלטן און דעם ייִנגל.

— גאָט מײַן גאָט, איך וועל עס נישט אויסהאַלטן! וויפל מאָל, פּאַפּאַ, האָב איך אײַך שוין געזאָגט, איר זאָלט אַ ביסעלע גיכער פאַרמאַכן די טיר — איר וועט דאָך אַנלאָזן אַ פולע שטוב מיט קעלט.

און אַזוי דעם גאַנצן אינדערפרי. דערנאָך פלעגט סאָפּע אַוועקגיין צו דער אַרבעט, און דער אַלטער פלעגט זיך אינדערשטיל פאַרנעמען מיט דער ווירטשאַפט; סעניע האָט אים אונטערגעהאָלפן. און פון יענער זײַט פאַר־לייגטער טיר פלעגט ווערן מיטאָמאָל אַזוי מאָדנע שטיל, אַז איך פלעג אַזש אָנהייבן קאָפּען מיטן פוס אין קאָסטן און שרײַען:

— איסאַק דאַווידאָוויטש! איר זענט אינדערהיים?

— אינדערהיים, טאָכטער, אינדערהיים! אויב דיר איז סקוטשנע, טאַ קום אַרײַן צו אונדז.

און איך האָב טאַקע דרײַ פערטל ווינטער פאַרבראַכט אין צימער בײַ די גרינבערגס. דער אַלטער פלעגט אָדער קאָכן אַ זופּ, אָדער הייצן די הרובע, אָדער גאָר פאַרריכטן סעניען די מלבושים. געוויינלעך נאָך דער שנורס אַוועקגיין האָט ער זיך באַרואיקט, אויפגעהערט צו הוסטן און יעטוועדע אַרבעט האָט ער אַזוי מיושבדיק און ציכטיק אָפּגעטאָן, אַז ס'איז געווען קלאָר, אַז פון סאָפּעס געשרייען האָבן אָפּגערוט נישט בלוי זײַן קאָפּ, נאָר אויך זײַנע הענט.

עטלעכע מאָל אין דער וואָך פלעגט דער אַלטער אַוועקגיין אויף אַ גאַנ־

צער נאָכט באַוואַכן עטלעכע סקלאַדעס, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין סאַמע עק דערפֿל. דעם דאָזיקן פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פֿון אַן אומבײַט־וועכטער האָט איסאַק דאַווידאָוויטש געטיילט מיט נאָך אַן אַלטן, אַזוי אַז יעדער פֿון זיי האָט באַקומען זייער אַ קליינעם לוין, אָבער דערפֿאַר האָבן זיי געקריגן אַן אַרבעטס־קאַרטע.

בײַ זיך אינדערהיים אין האָמעל האָט איסאַק דאַווידאָוויטש העכער פֿינף און פֿערציק יאָר אָפּגעאַרבעט אין אַ בוקיניסטישן מאַגאַזין.

— פֿון וואָס איך האָב אָנגעהויבן? — האָט דער אַלטער באַריכותדיק דערציילט מײַן מאַמען — פֿון אַ משרתל אויף צו גיין אַ גאַנג. אָבער די לעצטע צען יאָר האָב איך שוין פֿאַרוואַלטעט מיטן אָפּטייל פֿון קינסטלערי־שער ליטעראַטור. מען האָט מיך געוואָלט מאַכן פֿאַרן דירעקטאָר פֿונעם מאַגאַזין, נאָר איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. צו וואָס? איך בין אין דירעקטאָרישע ענינים גאָר אַ קליינער ווייסער — איך פֿאַרשטיי זיך נאָר אויף ביכער. גאָט מײַן גאָט, מיט וואָס פֿאַראַ ביכער האָב איך זיך אָנגעזעגן אין מײַן לעבן...

און דער אַלטער האָט שעהנווײַז דערציילט וועגן זעלטענע אויסגאַבעס, וועגן אַלטע ספֿרים, וועגן פֿאַרלוירענע כּתבֿ־ידן, וועגן עקזאַלטירטע ליבּ־האָבער, וועלכע פֿלעגן שוין פֿון דער נאָכט באַוואַכן דעם מאַגאַזין, כּדי זיי זאָלן נישט אַדורכלאָזן קיין שום אינטערעסאַנטע אויסגאַבע.

דער אַלטער האָט געוווּסט, אַז דורכן וועגטל הערן מיר אַלץ, און דעריבער האָט ער פֿאַרענטפֿערט זײַן שנור, זאָגנדיק דער מאַמען:

— איר מיינט, אַז זי איז אַזאַ שלעכטע, מײַן סאָפֿע? ניין, ניין, אָסור! ס'איז אַ צײַט אַזאַ. אמת, זי איז ביז דער מלחמה אויך געווען אַ נערוועזע, און איצטער איז דאָך אָפּגערעדט — די אַרבעט איז בײַ איר נישט קיין גרינגע, דער מאַן איז אויף דער מלחמה, און איך, אַז אָך און ווײ, בין עס געוואָרן גאָר די באַלעבאָסטע. — דער אַלטער האָט אַ זיפֿץ געטאָן און זיך צעשמייכלט: — שוין איינמאָל „אַ באַלעבאָסטע". איר מעגט מיר הייליק גלייבן, אַז ס'איז מיר גרינגער דרײַ שעה צו רעדן וועגן שעקספּירן, ווי איין מאָל צו ברענגען וואַסער פֿון די אײַזקרײַעס.

און אָט בײַ דעם וואָרט „אײַזקרײַעס" האָט זיך דער אַלטער ווי פֿאַר־דעכעט. ווײַל ווי דו זאָלסט אָפּלייגן פֿון הײַנט אויף מאָרגן, ווי דו זאָלסט נישט שפּאָרן קיין וואַסער, אָבער גיין נאָך דעם מוז מען. און גרינבערגן

פלעגט ממש אָנהייבן שווינדלען אין די אויגן, ווי נאָר ער פלעגט זיך דער־מאָנען וועגן דעם אימהדיקן אַראָפּלאָז צום טײַך. גוט כאָטש, וואָס קלוגע מענטשן האָבן זיך דערטראַכט און אויסגעהאַקט אין דעם פּאַרגליווערטן אַראָפּלאָז טרעפּ. אָבער סאַראַ מאַרעוויכערקעס זענען עס די סיבירער ווײַבער — אוי, ווי זיי טראָגן זיך עס געשווינדיק מיט די פולע עמערס און צעפּליוס־קען אַזש דאָס וואַסער, און די פּיצינקע טרעפּלעך ווערן באַדעקט מיט אַ שיכטל פּאָלירט אײַז. און ווי זיי בלישטשען עס די פּאָלירטע טרעפּלעך אַזוי פּאַרצווייפלט גליטשיק אויף דער זון, אַזוי אַז סײַ די פיס, סײַ דאָס האַרץ האַלטן עס קוים אויס.

דער אַלטער האָט זיך געלאָזט אויף אַ שווינדל: ער האָט געמאַכט אַ מינע, כלומרשט ער האָט פאַרגעסן צו ברענגען וואַסער, ס׳הייסט אויסגעביטן דעם „גיהנומדיקן אַראָפּלאָז״ אויף סאָפּעס קידער־ווידער („פּאַפּאַ, נו, שוין־זשע האָט איר נישט געקאָנט ברענגען כאָטש איין עמער וואַסער? איין פאַרשאָל־טענעם עמער! אוי, גאָטעניו, גאָטעניו!״).

און אַ זעץ־טוענדיק מיט דער טיר, האָט זיך די שנור געלאָזט אַליין לויפן נאָך וואַסער. און דעמלט האָט דער אַלטער גענומען זיך... אָפּשמייסן: „נאָך אַזאַ טאָג שווערער אַרבעט דאַרף נאָך אַ פרוי לויפן נאָך וואַסער, און איך, אַלטער נאַר, האָב גאָר מורא פאַר די טרעפּלעך. טפו, צו מײַנע שונאימס קעפּ!״...

און אויפן צווייטן טאָג האָט דער אַלטער, כדי ער זאָל זיך נישט איבער־לייגן, גלײַך פון גאַנצפרי אָן זיך געלאָזט נאָך וואַסער. אמת, נישט אַליין, נאָר מיט מיר און זײַן אייניקל. און איך מיט סעניען, ווי צוויי אָנשפּאַר־דרענגלעך נעבן אָן אָן אַלטן קלאָץ, האָבן אונטערגעהאַלטן איסאַק דאַווידאָ־וויטשן פון ביידע זײַטן. און פרויען, וועלכע האָבן אונדז באַגעגנט אויפן וועג, האָבן פאַרזיסט דעם אַלטן מיט שבחים, עלעהיי מען פאַרגיטיקט אַ קינד: נו, דאַווידאָוויטש, ביסט אַ חברהמאַן!...

און האָבן בשעת־מעשׂה ביטער אונטערגעקרעכצט.

מיר האָבן שוין אַלץ געוווּסט וועגן גרינבערגן. מיר האָבן געוווּסט, אַז זײַן ווײַב איז געשטאָרבן, טאַקע סאַמע פאַר דער מלחמה („זי האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן, וואָס איר באָרינקע האָט זיך צוגעקליבן אַזאַ פּאָר. פאַרשטייט איר מיך, מיר, די גרינבערגס, זענען אַלע געלאַסענע מענטשן,

איר וועט ביַי אונדז קיין הויך וואָרט נישט הערן, און סאָפּע האָט זיך אַוודאי נישט געפּאַסט פאַר באָריען"...). מיר האָבן נאָך געוווּסט, אַז דער עלטערער זון איז דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר אויף איינעם פון די אוראַלער זאַוואָדן און אַז דער קלענערער באָרינקע („אַ שטיל בחורל; אין זײַן לעבן האָט ער אַפילו קיין פליג נישט געטשעפּעט. מײַן סעניעלע איז אינגאַנצן ער מיט די ביינער.") איז אויף דער מלחמה אין אַן אַרטילעריע־אָפּטייל. און נאָר איין זאַך האָבן מיר נישט געוווּסט — אַז אָט שוין אַ האַלב יאָר, ווי פון באָרינקען איז נישט געווען קיין איינגעטונקענע פען. דער אַלטער, ווען ער איז נישט געווען אויף זײַן בײַנאַכטיקער דינסט, פלעגט זיך דורך די נעכט דרייען, קאָרטשען און הוסטן. דערנאָך פלעגט ער אויפשטיין און ווי עס זעט אויס, זיך זעצן לייענען, ווײַל אין אַ צײַט אַרום פלעגט זיך שוין צעהילכן סאָפּעס קולכל:

— פּאַפּאַ, לאָזט זיך שוין אָפּ פון אייערע ביכער. דאָס איז אײַך נישט דער בוקיניסטישער מאַגאַזין — ווו וועל איך נעמען אַזויפיל גאַז צו נאַסטאַר־טשען?...

III

אַפּראָשע, פּראָשע, אָשע, שאַ!

אָט דאָס לידעלע פלעגט קלינגען איבערן סיבירער דערפל פון אָנהייב פרילינג, העט ביזן שפּעטן אָסיען. די גרויסע פלעגן אונדז אָפּטרײַבן פון אַפּראָשען. נאָר אַמפּערנדיקער און צאָרנדיקער פון אַלע פלעגט עס טאָן דער אַלטער גרינבערג. צו אים פלעגט אַפּראָשע קומען נישט דעם גאָרטן יעטן, נישט האַלץ האַקן און אויך נישט קיין גרעט וואַשן, נאָר גלאַט אַזוי צוגאַסט. זי האָט זיך צוגעזעצט ערגעצוו אין אַ ווינקעלע און שעהנלאַנג האָט זי אויסגעהערט דעם אַלטנס אומענדלעכע געשיכטעס. און געוווּסט האָט ער, איסאַק דאַווידאָוויטש, אַז אַפּראָשע פאַרשטייט אים נישט, ער האָט געוווּסט, אַז זי האָט זייער געשיקטע הענט, אָבער נישט קײַן קלאָרן קאָפּ. נאָר די הענט אירע האָבן געלעבט אין גוטבערודערשאַפט מיטן גאַנצן דערפל, אין דער צײַט ווען דער קאָפּ האָט זיך באַצויגן מיט צוטרוי נאָר צו אים אייבעם — איסאַק דאַווידאָוויטשן.

וואָס־וואָס, נאָר דעם פֿאַרגאַנגענעם האַרבסט איז אַפּראָשע געשטאַנען דעם אַלטן גרינבערגן אין די נויטן.

שפּעט אָסיען האָט מען אין דערפֿל אָנגעהויבן צו פֿאָרן אין וואַלד אַרײַן נאָך האָלץ. אַלטגעזעסענע באַלעבאַטים האָבן אי געזעגט, אי געהאַקט און אַליין אַרויסגעפֿירט דאָס אָנגעהאַקטע האָלץ. אָבער די אָנגעפֿאַרענע האָבן אויסגעליִען אַ פֿערד און שליטן, צי זיי האָבן אויסגעקליאַנטשעט אַ „טראַנס־פּאָרט" אויף זייער אַרבעטס־אָרט. יעדעס יאָר איז נאָכן האָלץ, אײנאײנעם מיט אַנדערע פּרויען, געפֿאָרן סאָפֿע, אָבער אין דעם האַרבסט איז מיטן טראַנספּאָרט געווען באַזונדערס שווער, און די גרינבערגס האָט מען פֿאַר־געלייגט אַ שליטן און פֿערד נישט אום זונטיק, נאָר אין אַ וואָכעדיקן טאָג: „ס'אַ קלייניקייט, דער אַלטער איז אַ פֿרײַער מענטש, דאָס האָלץ אין וואַלד איז שוין אָנגעהאַקט. נישט מער, מען דאַרף עס נאָר ברענגען אין דערפֿל אַרײַן".

און דער אַלטער האָט זיך באַנײַס גענומען ערגערן. שוין אַ וואָך פֿאַר דער נסיעה האָט ער אויפֿגעהערט צו שלאָפֿן דורך די נעכט, געהוסט מער ווי געוויינלעך און נאָר געריעדט וועגן... פֿערד.

— זײַט אַזוי גוט און זאָגט מיר נאָר, אָבעיטעכניו — האָט ער זיך געווענדט צו עמעצן פֿון די שכנים — וויאַזוי קאָן מען וויסן צי ס'איז נישט קיין גרויסע משׂא פֿאַר אַ שליטן? און טאָמער רײַסט זיך, חלילה, דאָס פֿערד אונטער, האַ?...

— וואָס באַאומרואיקסטו זיך אַזוי, דאַווידיטש, מעגסט מיר הייליק גלייבן, אַז ס'עט דעם פֿערד גאָרנישט זײַן. דו לייג נאָר אָן וואָס מער האָלץ — ווײַל עס גייט אַ שווערער ווינטער.

דער אַלטער האָט געשמייכלט פֿאַרנופּטיק און שוין נאָכגעטראַכט, מיט וועמען מען קאָן זיך נאָך מישב זײַן, צי דאָס פֿערד וועט, חלילה, נישט אָוועקפֿאַלן, אויב אויפֿן שליטן וועט זײַן אַ צו גרויסע משׂא.

— אפֿשר ווייסט איר? — האָט געפֿרעגט איסאַק דאַווידאָוויטש מײַן מאַמען — אויב דאָס פֿערד וויל זיך נישט אָפּשטעלן, איז וואָס־זשע טוט מען אין אַזעלכע פֿאַלן?

די מאַמע האָט נישט געוווּסט, וואָס מען דאַרף טאָן אין אַזעלכע פֿאַלן, און אַנשטאָט אַן עצה, האָט זי גאָר מכבד געווען דעם אַלטן גרינבערגן מיט טיי און סאַכאַרין.

...גראָד איז דער טאָג געווען אַ זוניקער און נאָך נישט קיין גאָר פראָס־טיקער. און פון סאָפּעס אַרבעטס־אָרט האָט מען צוגעשיקט דאָס פערד און שליטן צו די גרינבערגס היים.

— פאָרט, איסאַק דאַווידאָוויטש, כּדי איר זאָלט נאָך ביז אויפדערנאַכט באַוויזן צו זײַן אַהין און צוריק. פאָרט געזונטערהייט.

— אַ דאַנק — האָט זיך נישט געשיקט פאַרנייגט דער אַלטער גרינבערג און זייער האַמעטנע זיך געגומען פאַרען און טופען אַרום שליטן. אין די אומגעהויער גרויסע פוישטן, אין דעם אַנטליענעם ביי די שכנים פּעלצל, מיט דער האַק אין דער האַנט, איז ער פון גאַנצפרי אָן געשטאַנען אַן אָנגע־גורטער בײַט טירל און געוואָרט אויפן צוגעזאָגטן טראַנספּאָרט.

סעניען האָט מען איבערגעלאָזט מיט מיר, און אינצווייען האָבן מיר מיט אַ גאַנצער כאָפּטע קינדערלעך געוואָרט, אַז סעניעס זיידע זאָל אונדז אַ ביסל אַדורכשפּאַצירן מיטן שליטן. נאָר דער זיידע האָט נישט געטראַכט אונדז צו קאַטאַיען. ער האָט זייער געשײַט געמאַכט אַ הקפה אַרום פערד, מיט אָפּשיי עס אַ שאָרעווע געטאָן און צו אונדז אַזוי אַ רעד־געטאָן:

— זעט נאָר, וואָס פאַר אַ גוט און פלאָכע פערדל דאָס איז (קלאָר, אַז דער אַלטער האָט זיך געחנדלט צום פערד). נאָך ווייניק, נעבעך, וואָס ער, דער שוואַכינקער, וועט דאַרפן טאַסקען דאָס האַלץ פונעם וואַלד, זאָל ער זיך נאָך שלעפּן מיט אײַך? ווו־זשע, קינדערלעך, איז כאָטש אַ ביסעלע באַרעמהאַרציקייט צו אָט דעם גאָטס באַשעפעניש? האַ? כאָטש אַ ביסעלע יושר, פרעג איך אײַך?

— זיידעניו, לאָמיר זיך כאָטש אַ טשוטעלע אַדורכפאָרן.

— טפו, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן! — האָט זיך צעבייזערט דער אַלטער. — איר האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. און אַז אים וועט זיך גראָד פאַרוועלן נישט אָפּצושטעלן, איז וואָס, וועל איך אײַך דעמלט מוזן פירן אין וואַלד אַרײַן, יאָ?

און דער אַלטער האָט זיך אַן אַנטשלאָסענער אַרויפגעדראַפּעט אויפן שליטן, צוערשט אַ הוסט געטאָן, זיך אַ ראַסטיע געטאָן, פאַרזיכטיק אַ ציי געטאָן די לייצעס... נאָר דאָס פערדל, איר זאָלט זאָגן, זאָל זיך כאָטש אַ ריר טאָן פון אָרט — פּאַוואָליע! דער אַלטער איז במחילה אַראָפּגעקראָכן פונעם שליטן, צוגעגאַנגען צום פערדל, נאָכאַמאָל עס אַ שאָרעווע געטאָן און אים

אײַנגערוימט אַ סוד אין אויער בזה הלשון: — הער נאָר, דו קראַסאַוויעץ מײַנער! נאָר אויף דעם אויסגעמאָרעטן, אַש־קאָליריקן פערדל האָט, זעט אויס, דער קאָמפּלימענט נישט געמאַכט קיין שום אײַנדרוק, און ס׳איז זיך אַזוי געשטאַנען און געקוקט אויפֿן אַלטן פּערדעוואַטע־גלײַכגילטיק.

און ער, דער אַלטער, איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אָט נאָך אַ רגעלע און ער וועט אָנהייבן דאָס פערד צו „אירצן״: זײַט־זשע מוחל, ר׳ סוס...

...מיר האָבן עפּעס גאָר נישט באַמערקט, ווי ממש פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן נעבן אים אַפּראָשע. זי האָט זיך שוין געקליבן אין וועג אַרײַן, איבערווינטערן אין די ווײַטע מרחקים, און איצט, זעט אויס, האָט זי פּאַרקערעוועט צום אַלטן, כדי זיך צו געזעגענען. מיר האָבן נישט באַמערקט, ווען זי איז צוגעקומען. מיר האָבן זי דערשנאַפּט, ווען זי איז שוין געזעסן אין שליטן. אַפּראָשע האָט זיך גאָר ברייטלעך אַוועקגעזעצט נעבן אַלטן, געגעבן אַן אימפּעטיקן צי די לייצעס, אַ פּאַך געטאָן מיט דער בײַטש (גרינבערג האָט, זעט אויס, נישט באַמערקט, אַז אין שליטן איז נאָך פאַראַן אַ בײַטש) און דאָס פערד האָט זיך אַ ריר געטאָן פונעם אָרט. וואָס־אַן־אמת, בײַם אָנהייב מיט אַ גאָר קנאַפּן חשק, גלײַך ווי צו דערווײַזן באַשײַמפּערלעך, אַז פון דער בײַטש מאַכט זיך עס אַ גאָר קלײנעם וועזן, נישטמער, ס׳האָט זיך אים שוין פשוט צוגעגעסן צו פרירן אויף איין אָרט, און דעריבער האָט עס זיך אַזוי אַ לאָז געטאָן פלינק, און פון מינוט צו מינוט איז דער שליטן געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פונעם אויג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## VI

פון דעם דערפל זענען מיר אַוועקגעפאָרן אינאײנעם מיט די גרינבערגס מיט דער ערשטער שיף. און אָט די ערשטע שיף, אַ ריזיקע, אַ שימערירנדיקע מיט פרישער פאַרב, אַ באַצירטע לכבוד דעם נצחון מיט פענדלעך, האָט מקבל־פּנים געווען כמעט דאָס גאַנצע דאָרף. איך מיט סעניען זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז מען אַזוי געקומען אונדז אַרויסבאַגלייטן. איצטער זענען

מיר געשטאַנען אויפן דעק פון דער שיף, און די גאַנצע כאָפּטע דאָרפישע, היימישע חברה האָבן זיך אַזוי געשטופּט אויפן שיף־בריקל און געקוקט אויף אונדז מיט אַזויפיל קנאה, אַז איך מיט סעניען האָבן שיער נישט געפּלאַצט פון... גרויס גליק.

די מאַמע האָט עפּעס געשריגן צו די פרויען, וועלכע זענען ווירקלעך טאַקע געקומען אונדז באַגלייטן; סאָפּע האָט צו עמעצן געפּאָכעט מיט דער האַנט און געהאַלטן אין איין אַוועקשלעפּן סעניען פונעם עק דעק, און נאָר דער אַלטער גרינבערג איז געשטאַנען אַ נישט־געוויינלעך שווייגנדיקער, אַ גלייַכגילטיקער, עפּעס ווי שוין גאָר נישט־ענלעך אויף זיך. מיט אַ חודש פריִער האָט ער באַקומען אַ „קבורהלע״: דער זון איז געפאַלן מיט אַ העלדנטויט.

אומגעקומען באָרינקע, אַ שטיל בחורל, וועלכער האָט בייַ זייַן לעבן אַפילו קיין פליג נישט געקריוודעט. געפאַלן נאָך אין האַרבסט, נאָך אין אָקטאָבער פיראונפערציקסטן יאָר. נאָר די טרויער־מודעה איז אָנגעקומען ערשט מיט אַ חודש צוריק. און אַלצאיינס האָט דער אַלטער נישט געקאָנט שלום־מאַכן מיטן זונס טויט, און אויך נישט מיט דעם, וואָס ער, דער פאָטער זייַנער, האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם ערשט מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, גלייַך ווי ווען ער באַקומט אָט די „מעלדונג וועגן טויט״ צו דער צייַט, וואָלט מען מעגלעך נאָך באָריען געקאָנט אָפּראַטעווען.

דער אַלטער האָט קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלן וועגן טויט פונעם זון, און די דאָרפישע ווייַבער האָבן פונקט ווי פריִער באַרואיקט סאָפּען, אַז דער מאַן וועט זיך געפינען — דער־עיקר נישט פאַרלירן די האָפענונג.

נאָר צוויי האָבן געוווּסט, אַז באָריע איז שוין נישט צווישן די לעבעדיקע — דער אַלטער און אַפּראָשע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דאָס איז געשען דעם צווייטן מאַי, אין צוויי וואָכן אַרום נאָכן באַקומען דעם בריוו. די שנור מיטן אייניקל זענען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען צוגאַסט, און דער אַלטער גרינבערג איז געזעסן אויף אַ קלאָץ אַקעגן דער זון און געטראַכט. אין די לעצטע צוויי וואָכן האָט ער זייער אַ סך נאָכגעטראַכט. צומאָל האָט זיך אים געדוכט, אַז די געהירן אין קאָפּ זענען געשוואָלן געוואָרן,

און דער קאָפּ איז געוואָרן שווערער, און די דאָזיקע שווערקייט האָט געדריקט אויף די אויערן, אויף די אויגן און אויפן שטערן. אין אַזעלכע מינוטן האָט דעם אַלטן געגרווילט; פֿאַרן טויט האָט ער נישט מורא געהאַט, ער האָט נאָר פּורכט געהאַט, ער זאָל נישט אַראָפּ פֿונעם זינען. און דעמלט האָט זיך דער אַלטער געפּרוּווט נעמען אין די הענט אַרײַן, עלעהײַ ער וואָלט אײַנגענומען אַ באַרואיקונגס־פּיל: ער האָט נאָך איין זון, ער האָט סעניטשקען, און ווי ס'זאָל נישט זײַן, איז אויך פֿאַראַן אַ שנור סאָפּע... די פּיל האָט געהאָלפֿן, אָבער נישט אויף לאַנג, און אין אַ צײַט אַרום האָט די גרויל־משא נאָכאַמאָל געהויערט איבער אים, נאָך מיט אַ גרעסערן כוח.

אַזוי איז אויך געווען אין יענעם טאָג — דעם צווייטן מאַי. דער אַלטער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט, אַז די פּיל „נאָך איין זון, סעניעטשקע, און ווי ס'זאָל נישט זײַן, אַ שנור סאָפּע" העלפֿט שוין מער נישט. אים האָט זיך געוואָלט שרײַען, וויינען, יאָמערן און יעכצן אויפן גאַנצן דאָרף, און — ס'איז אַפּנים דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט — גראָד אין די מינוטן, שעהן איז אין הויף אַרײַנגעקומען אַפּראָשע.

און דאָ האָט זיך דער אַלטער שוין מער נישט געצוימט: אַפּראָשע איז געזעסן אויפן קלאָץ, און דער אַלטער גרינבערג האָט דערציילט וועגן זײַן זון, וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ ליכטיקער קאָפּ ס'איז געווען זײַן באָרינקע. סאָראַ מאַטעמאַטישע אויפֿגאַבעס ער האָט געלעזט — אַלע פּעדאַגאָגן האָבן פֿאָרויס־געזאָגט, אַז באָריע וועט זײַן אַ געלערנטער. און וואָס פֿאַר אַ שיין, שטאָלטנע יינגל דאָס איז געווען, און סאַר אַ צאַרטער, סאַר אַ צערטלעכער. אמת, אים האָבן נישט אינטערעסירט די אַלטע שעקספּיר־אויפֿלאַגעס, נאָר דער פֿאָטער האָט פֿאַר אים געפֿונען אַ זכות: אויב דאָס יינגל האָט ליב מאַטע־מאַטיק, טאָ זאָל זײַן מאַטעמאַטיק. דאָס איז אַלץ געווען — און מער וועט עס שוין נישט זײַן; עס וועט שוין מער נישט זײַן קיין באָרינקע, אויס לעבן, אויס האָפֿענונגען...

און דער אַלטער האָט געיאָמערט און געקלאָגט, אָט אַזוי ווי עס האָבן זיך פֿון יאָרן און פֿון דורות נוהג געווען ייִדן זקנים, ווען זיי האָבן באַוויינט זייערע אומגעקומענע זין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...צי האָט אים אַפּראָשע פאַרשטאַנען, צי ניין — דאָס האָט איסאַק דאַווידאָוויטש נישט געוווּסט, נאָר פון דעם טאָג אָן איז זי געוואָרן פאַר אים דער טײַערסטער מענטש.

און איצט שטייענדיק אויפן דעק פון דער שיף, האָט דער אַלטער זיך אויפגעהײַטערט נאָר דעמלט, ווען ער האָט פּלוצים דערזען אַפּראָשען. אַ באָר־וועסע, אין איר זומערדיקן הולך, דאָס הייסט אין איין קליידל, האָט זי אים אויך דערזען, און זיך גענומען וואַרפן אין אַלע זײַטן — דאָס האָט זי זיך געוואָלט דערקלײַבן צו אים אויף דער שיף. נאָר דאָס בריקל איז שוין געווען צוגענומען, און דעמלט האָט גרינבערג אַריבערגעשריגן צו איר:

— איר הערט, אַפּראָשע? איר וועט נאָך זײַן אַ געזונטע און אַ גליקלעכע. אָט וועט איר זען! אַפּראָשע, איר הערט?

— פּאַפּאַ, איר זענט אינגאַנצן עובר־בטל — האָט געזאָגט סאָפע. — שוין־זשע האָט איר מער נישט געפונען מיט וועמען זיך צו געזעגענען, נאָר מיט...?

דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער שנור און אַזויפיל צער איז געווען אין זײַנע אויגן, אַז סאָפע האָט זיך מיטאַמאָל פאַרהאַקט און אַ שווײַגנדיקע האָט זי אַוועקגעשפּאַנט צו איר בן־יחידל — סעניטשקע.

# די וויַסע ציג מיט דעם זילבערנעם גלעקעלע

א.

דער באָבעס לידער דאַרף מען פאַרגעדענקען אויפן גאַנצן לעבן. און זעט זשע, עפּעס נאָר ווי אומיסטן, געדענק איך נישט מײַן באָבען: נישט איר פּנים, אירע הענט, איר קול, איר גערוך. אַפילו אירע לידער געדענק איך אויך נישט. בלויז איין ליד איז, וואונדער שבעוואונדער, פאַרבליבן אין מײַן געדעכעניש — די ליד וועגן אַ ווײַס ציגעלע מיט אַ זילבערן גלעקעלע. קײַן שום טרויעריקס איז אין דעם לידעלע נישט געווען! פּשוט, די באָבע האָט געזונגען וועגן אַ קליין ווײַס־ווײַסינק ציגעלע, און דין, דין קלינגט אויף זײַן האַלדז אַ זילבערן גלעקעלע. און דאָס איז אַלץ. קיין שום גרויליקס איז מיט דעם ציגעלע נישט געשען. נאָר בײַם סוף פונעם לידעלע פלעג איך זיך שטענדיק פאַרגיין אין אַ געוויין. גלײַך ווי עס וואָלט אויף דעם ציגעלע געלויערט אַ גרויסע סכנה. די באָבע האָט מיך געשאַנעוועט, און ווײַטער פון מײַן בעטעלע איז דאָס ציגעלע נישט אַוועקגעגאַנגען. נאָר שוין צו פיר יאָר האָב איך געוווסט: אויב אויף דער וועלט איז פאַראַן אַ קליין אומבאַהאָלפן ציגעלע, וועט עס עמעצער באַעוולען. און איך האָב זיך פון אָנהייב שטילערהייט געוואָרגן מיט די טרערן, און דערנאָך זיך צעוויינט אויף אַ קול. די באָבע האָט אַ צעטומלטע זיך געוואָרפן פון ליד צו ליד, ביז זי האָט לסוף נישט געפונען עפּעס פריילעכערס. נאָר איך האָב נאָך לאַנג געכליפּעט...

ב.

...וועגן סאָראָקע וואָלט איך געקענט דערציילן זייער פיל, כאָטש כ׳האָב די שטאָט בסך־הכל געזען נאָר איין מאָל — טאַקע אין דעם אָסיען, אין חודש סעפּטעמבער.

אַ ווונדערלעכע שטאָט אויפֿן רעכטן ברעג דניעסטער, מ׳רופֿט זי אַפֿילו „די מאָלדאַווישע שווייצאַריע". כאָטש צוריק גערעדט, האָב איך נישט ליב קיין אויפֿגעצווונגענע פֿאַרגלײַכן. איך אַליין האָב די שווייצאַריע אין מײַנע אויגן נישט געזען. אַפֿילו צו סאָראָקע האָב איך זיך קוים־קוים דערקליבן, און אַז איר ווילט, בין איך דאָך אַליין כּמעט אַ סאָראָקער. איך בין געבוירן אין אַ שטעטל, אַן אַכצן ווערסט פֿון סאָראָקע. ביז דער מלחמה פֿלעגן מיר אינאיינעם מיט דער מאַמען פֿאָרן צוגאַסט צו דער באָבען און צום זיידן שטענדיק דורך סאָראָקע. אמת, איך בין נאָך דעמלט געווען זייער אַ קליינינקע און די שטאָט איז נישט פֿאַרבליבן אין מײַן זכּרון.

ערלעך גערעדט, איז סאָראָקע אַ שטעטל. און כאָטש בײַ אונדז אין מאָלדאַוויע האָט מען זי גאָר פֿײַערלעך געקרוינט פֿאַר אַ שטאָט, איז זי פֿאָרט אַ שטעטל מיט אַן אַלטערטימלעכער פֿעסטונג, אַן אויסגעבויטע נאָך ערגעץ אין פֿופֿצנטן־־זעכצנטן יאָרהונדערט. די פֿעסטונג ציט צו זיך שטענדיק צו די היסטאָריקער, אַרכעאָלאָגן אָדער גלאַט אַזוי עקסקורסאַנטן. און שטייען שטייט זי זיך אַזוי, די מיוחסת, אַזאַ יוסטע, האָנערדיקע, פּונקט ווי אַ פֿאַר־דינסטפֿולער פּענסיאָנער, וועלכע האָט ערשט אויף דער עלטער דערפֿילט דעם גאַנצן טעם פֿונעם לעבן.

פֿאַר מיר זענען דער דניעסטער און סאָראָקע אומצעטיילבאַרע, כאָטש אין מײַן קינדערישן זכּרון האָט זיך מער אײַנגעקריצט דער טײַך. און די שטאָט איז שוין געווען עפּעס ווי אַ מין צוגאָב צו אים.

...אַ בהלה, ווי אַ מגיפֿה, פֿאַרשפּרייט זיך זייער גיך. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז די דײַטשן זענען שוין אונטער דער נאָז. עמעצער האָט געהערט דעם געהילך פֿון דער קאַנאָנאַדע. עמעצן האָט עמיצער באַגעגנט, און דער „באַגעגנטער" האָט אַלץ געוווּסט. קורץ, אַלע האָבן זיך מיטאַמאָל אַ ריר געטאָן פֿון די ערטער. און די ביז דעמלט „גוט אָרגאַניזירטע עוואַקואַציע פֿון די פֿרידלעכע בירגער אין הינטערלאַנד" האָט זיך שוין דעם זעקסטן יולי טויזנט נײַן הונדערט איין און פֿערציק פֿאַרוואַנדלט אין עפּעס סטיכיי־שעס. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין סאָראָקע, צום דניעסטער. צו דער בריק. גלײַך ווי אויפֿן קעגנאיבערדיקן לינקן ברעג וואָלט גאָר קיין מלחמה נישט געווען. פֿונדאָרטן, פֿונעם לינקן ברעג, ווו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן

אוקראַינע, האָט מען זיך געקאָנט דערקלײַבן צו אַ נאָענטער אײַזנבאַן־סטאַנציע. דאָס אַלץ האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, ערשט זיך דערוווּסט מיט יאָרן שפּעטער, פֿון מײַנע עלטערן. אָבער פֿאַרגעדענקט האָט זיך מיר נאָר דער ברעג פֿונעם טײַך, און דער טײַך אַליין. אַזאַ ברייטער, אַזאַ גרויסער (און אפֿשר גאָר דערפֿאַר, ווײַל איך בין דעמלט געווען אַזאַ קליינינקע) און אַזויפֿיל מענטשן האָבן געווימלט אַרום אים.

...אונדז איז גרינגער ווי אַנדערע: דער טאַטע איז דערוווײַל לעבן אונדז, און קײַן סאַך געפּעק האָבן מיר אויך נישט — מיר האָבן גאָרנישט באַוויזן צו פֿאַרכאַפּן מיט זיך — און קינדער אין דער משפּחה נאָר איך, אַן איין־און־איינציקע. און דאָך זיצט די מאַמע אַ פֿאַרשטאַרטע, און ס׳דוכט זיך, אַז לענגאויס דעם גאַנצן ברעג איז איר, נאָר איר אַלצאיינס, צי זי וועט אַריבער דעם דניעסטער צי ניין. אַן אַכצן ווערסט פֿונדאַנען איז געבליבן איר שטעטל, איר היים, אַלע אירע נאָענטע וועלכע זענען קיינמאָל און אינערגעץ פֿון זייער שטעטל נישט אַרויסגעפֿאָרן, און האָבן אַפֿילו איצט אויך נישט געוואַגט זיך צו לאָזן איין גאָט ווייסט נאָר אַ וווּהין.

און מײַן טאַטע, אָט באַווײַזט ער זיך, אָט פֿאַרשווינדט ער — ער זוכט אַ שיפֿל.

— לאָמיר זיך אומקערן צוריק, איך וויל אין ערגעץ נישט פֿאָרן — זאָגט אים יעדעס מאָל די מאַמע.

נאָר דער טאַטע לייגט נישט קיין שום אַכט אויף אירע רייד און פֿאַר־שווינדט ווידער.

דערנאָך כאַפּן מיר זיך אַרויף אינאיינעם מיט דער מאַמען אויפֿן פּאַראָם. פֿאַר אונדז — מענטשן, בײַ די זײַטן — מענטשן, און הינטער אונדז מענטשן. אַלע שלעפּן נאָך זיך קינדער, טשעמאָדאַנעס און קלומעקעס. די מאַמע מיט מיר אויף די הענט פּרוווט זיך אַראָפּגיין פֿון פּאַראָם, נאָר דער טאַטע שרײַט עפּעס צו איר, און זי בלײַבט אַן אונטערטעניקע שטיין ווי אַ צוגעקאָוועטע צום אָרט. מיטאַמאָל דערזע איך הינטער דער מאַמעס פּלייצע אַ צעשטשי־רעטע פּערדישע מאָרדע. אין גרויל הייב איך אָן צו וויינען אויף קולי־קולות, און די מאַמע, עפּעס טאַקע נאָר ווי בדרך נס, שפּאַרט זיך דורך צוריק אויפֿן ברעג.

— איך קען שוין מער נישט... איך וועל אין ערגעץ נישט פֿאָרן...

און נאָכאַמאָל טראָגט זיך דער טאַטע לענגאויס דעם ברעג אין געיעג נאָך אַ שיפֿל. איך באַנעם גאָרנישט נישט אין אָט דער בהלה. מיר איז נאָר זייער שרעקלעך. נאָר אַפֿילו מיר איז קלאָר, אַז לאָמיר זיך נאָר דערקלײַבן צום שכינותדיקן ברעג, — און דאָס שרעקלעכע וועט פֿאַרבײַ.

— אַ שיפֿל! אַ שיפֿל!

דאָס מאָטאָר־שיפֿל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ מעטער צוויי־דרײַ פֿונעם ברעג, און דער טאַטע — מײַן זייער נישט רירעוודיק, שווער־באַוועגלעכער, ממש בערישער טאַטע — באַווײַזט דעם אייניציקן אין זײַן לעבן טרעפֿלעכן שפּרונג, כאַפּט מיך קונציק אונטער און שלײַדערט מיך אַרײַן גלײַך אין שיפֿל. עמעצנס הענט כאַפּן מיך אונטער כמעט אינדערלופֿטן. אויך די מאַמע שלעפּט זיך אין דער וואַסער צום שיפֿל.

שוין אָפּגעשווימען. דאָס שיפֿל איז אָנגעשפּיגעוועט מיט מענטשן, אַזוי אַז די ראַנדן זײַנע זענען כמעט אויף דער הייך מיט דער וואַסער.

— גייט מיט אַלע אינאיינעם צו דער סטאַנציע!

דאָס האָב איך ערשט שפּעטער, שוין אַן אונטערוואַקסנדיקע, זיך דער־וווּסט דעם טאַטנס רגילות אין מינוטן פֿון שווערע איבערלעבענישן איבער־צוחזרן איינס און דאָס זעלבע עטלעכע מאָל. אָבער דעמלט האָב איך נאָר געהערט זײַן קול, וואָס האָט אַלעמען אַריבערגעשרײַען:

— מיט אַלע אינאיינעם צו דער סטאַנציע...

דאָס שיפֿל איז שוין געווען אינמיטן טײַך, ווען ס'האָט זיך באַוויזן אַ דײַטשישער אַעראָפּלאַן. אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אײַנגעבוירעט אייגער אין צווייטן. ס'הערט זיך בלויז דער גערויש פֿונעם מאָטאָר און דאָס שיפּן פֿון דער וואַסער. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק. די גרויסע האָבן אַרײַנגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען. אייניקע האָבן שטום באַוועגט מיט די ליפּן, וועלכע האָבן נישט אַרויסגעלאָזט קיין קלאַנג, און זענען געווען פּונקט אַזוי שרעקלעך, ווי די צעשטשירעטע כריפּענדיקע פֿערדישע מאָרדעס. דער אַעראָפּלאַן האָט געמאַכט איבער אונדז אַ קרײַז, אַ צווייטן, אַ דריטן, און... איז אַוועקגעפֿלויגן. (ביזן הײַנטיקן טאָג פֿאַרשטיי איך נישט, פֿאַרוואָס איז ער אַוועקגעפֿלויגן „מיט גאָרנישט").

דער לינקער ברעג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ שלווהדיקן, גלײַך די מלחמה וואָלט טאַקע אויף אַן אמתן געווען פאַרבליבן פון יענער זײַט טײַך. דאָ האָט זיך קיינער נישט פאַרהאַלטן, מ׳איז גלײַך אַוועק ווײַטער צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע. נאָר די פּאַסאַזשירן פון אונדזער שיפל האָבן קוים אַראָפּגעטרייסלט פון זיך די פאַרשטאַרעניש און האָבן איצטער, אַרײַנ־פאַלנדיק איינער דעם אַנדערן אין די רייד, זיך געטיילט מיט דעם איבער־געלעבטן, ווי עס געשעט געוויינלעך מיט מענטשן נאָך אַ געפאַר וועלכע איז פאַריבער.

און מיטאַמאָל האָב איך זי דערזען — די ווײַסע ציג מיטן זילבערנעם גלעקעלע. אַז דער באָבעס ציגעלע איז אויסגעוואַקסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציג — דאָס האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען. און אַזוי ווי די גרויסע זענען געווען פאַרנומען מיט דער מלחמה און קוקן נאָך דער ציג האָט שוין נישט געהאָט ווער, איז זי פון אַ ווײַסע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בלאָטיק־ברוינער, און דאָס גלעקעלע מישטיינס־געזאָגט איז שוין אויך נישט געווען ענלעך אויף קיין זילבערנס. און דאָך איז די ציג געווען פון דער באָבעס ליד. זי האָט זיך אַ צעווילדעוועט, געטראָגן פאַזע דעם ברעג, געקלימפּערט מיטן גלעקעלע און אַלץ געזוכט, אַלץ גערופן עמעצן.

— מאַמע, זע נאָר, אַ ציג!

נאָר דער מאַמען איז נישט געווען דער קאָפּ בײַ מײַן ציגעלע, ווײַל די פרויען האָבן הענדום־פּענדומדיק אַ כאַפּ געטאָן די קלומעקעס, די קינדער און זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט פונעם ברעג צום וועג.

— מאַמע, מאַמע, אָבער וואָס וועט זײַן מיט דער ציג?

די ציג איז אַ געוויסע צײַט אונדז נאָכגעלאָפן ווי אַ הינטעלע. דערנאָך איז זי שטיין געבליבן, זיך פאַרטראַכט און פאַרקערעוועט צוריק צום ברעג.

און די מאַמעס זענען געגאַנגען און אַלץ זיך אומגעקוקט אויף צוריק, אַהין, וווּ ס׳איז פאַרבליבן דער פּחדימדיקער רעכטער ברעג, דער שלווהדיקער לינקער און דער טײַך, דער איינציקער אין דער וועלט לײַבלעך־אייגענער טײַך, וועלכער איז אָבער איצט אַזוי גלײַכגילטיק צו זייערע אומגליקן.

— מאַמע, נו מאַמע, וואָס זשע וועט זײַן מיט דער ציג?

ג.

...אַכט און צוואַנציק יאָר זענען פֿאַרגאַנגען, און די אַלע יאָרן האָב איך זיך אַלץ געקליבן אַ פֿאָר טאָן קײַן סאָראָקע.

ס׳איז אַפֿילו אַ בושה אַרויסצוזאָגן אין דער הויך אַט דאָס לאַנגווײַליקע וואָרט „זיך געקליבן". „זיך געקליבן" — דאָס איז אונדזער פּוילקייט, אונדזער גלײַכגילטיקייט, אונדזערע מערערע מאָל נישט האָפּטיקע פּלענער אויף אַ לאַנג־לאַנג לעבן.

ס׳איז גאָרנישט מיטן מויל אַרויסצוריידן: אויסגעפֿאָרן גאַנץ מאָלדאַוויע, באָר אַרײַנכאַפּן זיך אויף אַ ווײַלינקע אין דעם שטעטל, ווו כ׳האָב צום ערשטן מאָל דערזען גאָטס וועלט, — זעט איר, אויף דעם האָט מיר קיין צײַט נישט געסטײַעט. און אָט, ענדלעך אַ קאָמאַנדיראָווקע קײַן סאָראָקע.

פֿון קעשענעוו ביז סאָראָקע איז געפֿלויגן דער „בײַשטאָטישער איל־14", און בסך־הכל אין פֿערציק מינוט אַרום האָט ער שוין אונטערגעהאָפּקעט אויף די גרעזעלעך פֿונעם סאָראָקער פֿלי־פֿעלד, דערנאָך האָט ער זיך ערשט צעיאָגט און זיך אָפּגעשטעלט טאָקע שיעור נישט בײַ דער שוועל פֿונעם אַעראָ־וואָקזאַל. מיר האָבן אַפֿילו רעכט נישט באַוויזן צו שעפּן נחת פֿון דער קילער רחבֿותדיקייט פֿון דער אַעראָדראָם־געבײַדע, ווײַל שוין בײַם אַרײַנגאַנג האָט אומגעדולדיק געוואָרטשעט אַ פֿון דער זון אָנגעהייצטער אויטאָבוס און דער קאָנדוקטאָר האָט אונדז רעשיק אונטערגעיאָגט:

— שנעלער, שנעלער, חבֿרים! מיר וואַרטן שוין לאַנג אויף אײַך.

דער אויטאָבוס איז לאַנג געפֿאָרן אויף דעם שטויביקן וועג, און איך האָב אָן אומגעדולדיקע אַרויסגעקוקט דורך דעם פֿענצטער און אַלץ געוואָרט: אָט־אָט וועט זיך אַ באַווײַז־טאָן עפּעס היימישס, באַקאַנטס, וואָס האָט זיך אײַנגעקריצט אין זכּרון פֿון אַ פּיריאָריק מיידעלע, און וואָס איך וועל אומבאַדינגט דערזען און דערקענען אַפֿילו אין אַכט־און־צוואַנציק יאָר אַרום.

— איר זענט צום ערשטן מאָל בײַ אונדז? — פֿרעגט דער קאָנדוקטאָר.

— ניין... ס׳הייסט, יאָ.

— ע־ע־ע, — האָט די קאָנדוקטאָרשע אַנטוישט אויסגעצויגן, — וואָס זשע האָט איר זיך גראָד אין דעם יאָר פֿאַרקליבן צו אונדז? אַ קלייניקייט —

דרײַ פּאַרפּלייצונגען! אָ, ווען איר קומט צו אונדז צו פֿאָרן אין אַ נאָרמאַל יאָר.

הייסט עס, אַז נאָר אַזוי פֿון דער זײַט דוכט זיך אויס, אַז די שטאָט מיט דעם טײַך לעבן ווי טײַבעלעך, און אין דער אמתן זענען זיי, ווי אַ מאַן מיט אַ ווײַב, וואָס „צווישן מענטשן" קריגן זיי זיך נישט. דאָס הייסט, ווען דאָ פֿאָרן אָן טוריסטן פֿון אַלע עקן לאַנד, איז אַרום שלום־ושלווהדיק.

— אַך, סאַראַ רואיקער טײַך דער דניעסטער!

— אַך, סאַראַ בונטפֿאַרביק אָרט! אַך, אַך, אַך, ממש אַן ערדישער גן־עדן!

נאָר ווי עס צעברויזט זיך און ס'צעבושעוועט זיך דער דניעסטער נאָך די פֿרילינגדיקע וואַסערן אָדער נאָך די גוסרעגנס! ווי ער וואַרפֿט זיך עס ווי אַ רויב־חיה אויף דער שטאָט! אָ, דעמלט בלײַבט קיין זכר נישט פֿון אָט דער מילדער שלווה און אידילישער רו! נאָר די שטאָט איז אויך בײַם גאַנצן שׂכל: נישט אומזיסט איז זי אַנטלאָפֿן פֿונעם טײַך אַזש ביז צום סאַמע שפּיץ באַרג און פֿון דאָרטן רייצט זי זיך מיט אים, ווינקט צו אים שעלמיש און שטעלט אים אַרויס אַ צונג. און דער טײַך דער רוגזדיקער גיסט אויס זײַן צאָרן אויף דער פּאָדקאָווע פֿונעם באַרג, אויפֿן אונטערשטן בײַמברעגיקן טייל פֿון שטאָט. אפֿשר וואָלט זי גאָר געדאַרפֿט, די סאָראָקע מײַנע, זיך אונטער־געבן דעם טײַך, אָפּגעבן דעם דניעסטער דעם אונטערשטן טייל. מעגלעך, אַז דעמלט וואָלט ער זיך אײַנגעשטילט. נאָר אַזאַסי: ביידע זענען זיי בײַ מיר מיט כאַראַקטער. און אָט אַזוי לעבן זיי שוין מכמה וכמה יאָרן, ווען דוצקענ־דיק זיך, ווען ליובענדיק זיך, און אָט אַזוי, ווי איר זעט, דערגענצן זיי פּרעכטיק איינער די צווייטע.

דער אויטאָבוס איז שוין אין סאַמע צענטער: אַ ביכער־מאַגאַזין, אַן אוניווערמאַג, אַ ניי־אַטעליע, אַ קינאָ־טעאַטער, אַ האָטעל — אַלץ ווי סע פּאַסט פֿאַר אַ שטאָט. מיך באַהערשט אַ מאָדנע געפֿיל: פֿון איין זײַט, איז מיר אַנגענעם, וואָס מײַן סאָראָקע איז, קיין עין הרע, אַזוי אויסגעוואַקסן און פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט, און פֿון דער אַנדערער זײַט — איז דאָס נישט מײַן שטאָט.

כ'ספֿק זייער, צי איך האָב אין יענעם יולי־טאָג פֿונעם איין־און־פֿער־ציקסטן יאָר ביכלל עפּעס פֿאַרגעדענקט, אַחוץ דעם ברעג פֿון טײַך. נאָר

איצטער דוכט זיך מיר, אַז ווען די שטאָט איז אַביסעלע קלענער, פּראָווינציע־לער, וואָלט איך זי תיכף דערקענט.

מײַן לעצטע האָפענונג — דער דניעסטער... עס קאָן נישט געמאָלט זײַן, אַז איך זאָל אים נישט דערקענען. נאָר צום דניעסטער וועל איך זיך אַזוי כאַפּ־לאַפּ נישט לאָזן לויפן: כ׳וועל דערליידיקן אַלע מײַנע ענינים, עטוואָס אָפּרוען, און ערשט פאַרנאַכט־צו וועל איך גיין צום טײַך.

אָבער אין אָוונט מוז איך זײַן אין „פּאַרק פון ניצחון", ווו אויף דער עסטראַדע־בינע דאַרף פאָרקומען אַ באַגעגעניש פון די סאָראָקער תושבים מיט די מיטאַרבעטער פון דער טעלעוויזיע. אַזאַ איז שוין מײַן אַרבעט, אַז איך בין מחויב דאָרט צו זײַן, און, בעטנדיק במחשבה פאַרגעבונג בײַם טײַך, שפּאַן איך אַוועק צום פּאַרק... און מאָמעלעך מײַנע, וואָס סע טוט זיך שוין דאָ! ממש נישטאָ ווו אַ שפּילקע צו וואַרפן. אויף דער בינע די מיטאַר־בעטער פון דער טעלעוויזיע... אַ פּיצינקעלע אַרײַנפיר־וואָרט, און מײַנע סאָראָקער צעלאָזן זיך גאָרנישט אויף קאָטאָוועס.

— פאַרוואָס באַווײַזט מען אַזוי ווייניק פילמען וועגן דער יוגנט? — פרעגט אַ צעקאָכטע, מיט אַ קול פון אַ מענטשן, וואָס איז געוווינט אָפּט אַרויסצוטרעטן, אַ סטודענטין פון דער פּעדאַגאָגישער־שול.

— ווײַזט מער קינאָ־קאָמעדיעס, — פאָדערט אַ מאַנצביל מיט אַ זויערער מינע.

— צו ווייניק פוטבאָל! — שרײַט מען פון די בענקלעך.

— חברים, חברים! — בעט מען זיך פון דער סצענע. — שטעלט וועזנטלעכע פראַגעס וואָס זענען דירעקט פאַרבונדן מיט אונדזערע טראַנס־לאַציעס... ווײַל קינאָ־קאָמעדיעס — דאָס געהער שוין צו קינאָ־סטודיעס.

— איך וויל עפּעס פרעגן!

פאָרשקעדיק און אָכקענדיק דראַפּעט זיך קוים אַרויף אויף דער סצענע אַ זקן אין ברייטע הויזן און אין אַן אויסגעבלייכט העמדל.

— כ׳פרעג אײַך, פאַרוואָס האָפקעט בײַ מיר אונטער די צווייטע פּראָ־גראַם, שפּרינגט און האָפּקעט? איך האָב גאַנצע דרײַ הונדערט פּופּציק רובל אַוועקגעגעבן פאַרן טעלעוויזאָר, און ער האָפּקעט...

— זיידעשי, איר האָט אַרויסגערופן אַ מײַסטער?

— ע־ע־ע, שוין וויפל מאָל אַרויסגערופן. ער קומט, וואָזגעט זיך דאָרטן, שרײַבט אויס אַ קוויטאַציע, און אויפן צווייטן טאָג האָפּקעט ער ווידער, דער טעלעוויזאָר, נישט געדאַכט זאָל ער ווערן.

און ס׳הייבט זיך אָן אַ שפּאַרעניש צווישן דעם געקריוודעטן אַלטיטשקן און די בײַוועזנדיקע מײַסטערס, — רעמאָנטירער פון טעלעוויזאָרס. דער עולם לאַכט און קײַכט. ער איז ביכלל נישט געשטימט, דער עולם, הייסט עס, צו פירן אַ „תוכיקן" שמועס — ער האָט זיך פאַרפּוצט, ווי מען זאָגט עס, אין האָניק און אין עסיק און איז געקומען אין פּאַרק זיך באַווײַזן און אויך אַ קוק טאָן אויף די הויפּט־שטאָטישע געסט. זי, די „טעלעוויזיע", הייסט עס, וועט במילא נישט אַלע צופרידן שטעלן — בעסער וואָלט מען שוין אַמאָל אָנגעהויבן דעם קאָנצערט, וועלכן מ׳האָט אָנגעזאָגט אין די אַפישן.

און דער קאָנצערט הייבט זיך אָן. דער אַנסאַמבל פון די פאָלקס־אינסטרומענטן אַן אונטערגעוואָרעמטער פון די אַפּלאָדיסמענטן פון די אומ־געדולדיקע צושויער, שפּילט איצט אַזוי גוט, ווי קיינמאָל נישט. די סאָליסטן און באַזונדערס די סאָליסטקעס רופט מען אַרויס אומאויפהערלעך אויף „ביס", און יעטוועדער נײַער נומער ווערט אויפגענומען מיט אַזאַ התפעלות, גלײַך ווי מען וואָלט אויף אים האָבן געוואַרט טויזנט יאָר.

וואָס אַן אמת, דער קאָנצערט איז טאַקע אַ געלונגענער, נאָר איך קוק מער אויפן „זאַל", ווי צו דער בינע. די בענקלעך זענען אַזוי געדיכט באַזעצט מיט מענטשן, אַז ס׳איז ממש שווער אויסצושטרעקן די הענט אויף צו אַפּלאָדירן. און פון פאָרנט — אַ געדיכט געזעמל, וואָס שפּאַרט שוין באַלד אָן אויף דער סצענע. מיידלעך האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און זינגען אונטער אינדערשטיל די סאָליסטן; בחורים קלאַפּן צו צום טאַקט; ס׳קרעכצן אונטער אַלטיטשקע (אַלטע לײַט קרעכצן שטענדיק), און שוין טאַקע אינגאַנצן ווי אויף אַ דאָרפישער חתונה, האָבן זיך עס צעלאָזט די כאַפּטעס קינדער. זיי האָבן שוין לאַנג אָפּגעצויגן פון די גרויסע און באַקלעפּט די בינע־טרעפּלעך. און וואָס ס׳איז נוגע די קליינע קוצעפּינדריקעס... אַהאַ, יענע האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט און טאַקע אויף דער סאַמע בינע, און אייניקע פון זיי יאָגן זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע טאַקע ממש אונטער דער נאָז פון די מוזיקאַנטן. דערוואַרטנדיק זיך קוים־קוים אויף די אַפּלאָדיסמענטן, כאַפּן

די גרויסע אַראָפּ די ווײַסע כעווערניקעס פון דער סצענע און טאָסקען זיי אַוועק מיט זיך, נאָר ניט גאָר אויף לאַנג. און ווען איינער פון די סאָליסטן כאַפּט אונטער אַ צווייטאָריקן „בינע־ברעכער" אויף די הענט און טענצלט זיך מיט אים אונטער אין טאַקט פון דער מעלאָדיע, איז גייט שוין דעמלט דער זאַל כאַדאָראַם פון התלהבות.

און נאָר די ביימער, באַלויכטענע פון די לאַמטערנס, שטייען עלעהיי אַ שווײַגנדיקע וואַנט און זעגנען ענלעך אויף אַ מעשׂהדיקער דעקאָראַציע. אין „לעבן" קען אַזאַ פּראַכט נישט געמאָלט זײַן. און אַרום און אַרום די לאַמ־טערנעס טאַנצן מילי־מיליאָסן פליטערלעך, און ס'דוכט זיך, אַז אויך זיי פּאַסן זיך צו דעם ריטם פון דער מוזיק.

זאָל מיר צען טויזנט מאָל מוחל זײַן מײַן טײַערע סאָראָקע מיט אירע זאַוואָדן, פאַבריקן, טעכניקומס און מיטלשולן, מיט אירע נײַע געבײַדעס, נאָר אין אָט דעם אָוונט ווערט זי מיר נאָכאַמאָל אַ טײַער בעסאַראַבער שטעטל. ווײַל קיינמאָל אין לעבן קאָן נישט געמאָלט זײַן, אַז אַ שטאָט זאָל זײַן אַזוי צעפּריילעכט, אַזוי גאַסטפרײַנטלעך און אַזוי מאַמעדיק...

ד.

ערשט אויפן צווייטן טאָג פאַרנאַכט־צו לאָז איך זיך אַוועק צום טײַך. איך שפּאַן איבער דער שטאָט און פרעג:

— ווי אַזוי דאַרף מען גיין צום טײַך?

פּאַר מיר יאָגן גיך דרײַ יינגלעך, זיי ווײַזן מיר, ווו דער טײַך געפינט זיך; נעבן מיר שפּאַנען צוויי פרויען מיט פולע קוישלעך — ס'איז זיי גראָד אין איין וועג מיט מיר; און הינטער אונדז שלעפּט זיך אַ בגילופינדיקער אַלטיטשקער און שטוינט אויף אַ קול:

— ע־ע־ע, זי ווייסט אַפילו נישט ווו דער דניעסטער איז, — און ער פירט מיך אויך צום טײַך. ווײַל עס איז שווער צו געפינען אין סאָראָקע אַ מענטשן, וואָס ווייסט נישט, ווו דער דניעסטער געפינט זיך. און אָט דאָ האָט זיך אויף אַ טשעקאַוועסט אָפּגעזוכט אַזעלכע, דערצו נאָך אַ שטיקל סאָראָקער, איז ווי אַזוי זשע נעמט מען נישט בײַ איר אונטערפירעכץ... צום טײַך?

דער דניעסטער האָט זיך מיטאַמאָל אַ יאַווע געטאָן פון אונטערן שיפּוע־דיקן ברעג. פון אומגעריכטקייט האָב איך זיך שיעור נישט ספּאָטיקעט. מײַן „ערנוואָך” שטעלט זיך אָפּ און וואַרט, וואָס וועל איך ווײַטער טאָן: ס'איז דאָך באמת טשיקאַווע צו זען, ווי אַזוי וועט זיך נוהג זײַן אַ מענטש, אויג־אויף־אויג מיט אַזאַ פּראַכט. פון התפּעלות פאַרליר איך אַזש דאָס לשון, און דעמלט זאָגן די פרויען צופרידענע: „באַט זעט”, און פאַרקערעווען אויף צוריק. דער אַלטער ווײַזט מיר דעם אַראָפּלאָז צום טײַך, און די ווײַסע־חברה באַגלייטן מיך אַזש צום סאַמע וואַסער.

איך גיי פּאַזע דעם ברעג, און אַלץ מערער און מערער נעמט מיך אַרום די מעשׂהדיקע שטילקייט פונעם טײַך. בלויז אַ שוואַכער פּליוסק פונעם וואַסער און דאָס דינע הודזשען פון אַ טײַך־קאָמאַר דערגייען צום לעפּל פון מײַן אויער. איך שפּיר בעשײַמפּערלעך, אַז איך בין נישט אימשטאַנד אײַנ־זאַפּן אין זיך אַלץ מיטאַמאָל: אי דעם בליאַסק פונעם טײַך, אי די פּאַרכטיקע שיינקייט פון די טונקל־גרינע היגלען, וועלכע זעען זיך פונדערווײַטנס, אי די פאַרטרוילעכע פּראַכט פון דעם קעגנאיבערדיקן ליגקן ברעג. און איבער אַלץ און אַלעמען — אָט די נישט־ערדישע אַל־רו, וועלכע אויב זי איז נאָך פאַראַן ערגעץ־ווו אין דער וועלט, איז נאָר אין דער זיבעטער אָוונט־שעה, אין חודש סעפּטעמבער אויפן ברעג פון דניעסטער, צופוסנס דער שטאָט סאָראָקע... און פון אָט דער שטילקייט באַרואיקן זיך און דרענגען זיך צונויף, עלעהיי קעצעלעך אויפן אויוון, מײַנע אייביק צעשרויפטע, אָנגעצויגענע פון קיין רו קיינמאָל נישט וויסנדיקע נערוון־צעלן.

איך דערקען דעם אַלטן, מידן בוים אויפן ברעג, אונטער וועלכן די מאַמע און איך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער זון מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, איך דערקען דאָס אָרט, צו וועלכן ס'איז דעמלט צוגעשווומען דאָס מאָטאָר־שיפל. גלײַך ווי עמעצער זאָל האָבן אויסגעווישט דאָס מוטנע גלאָז פונעם זיכּרון, און אַלץ וואָס איז געווען פאַרהוילן אונטערן גלאָז, איז מיט־אַמאָל געוואָרן בולט און אָנזיכטיק.

ערשט איצט באַמערק איך אַ שלאַבערדיק בריקל פון צוויי ברעטער עטלעכע מעטער די לענג, און צום דאָזיקן בריקל קומט צו אַ ליידיקער פּאַראָם, ענלעך אויף אַ גרויס פלאַך שיפל מיט בענק אין ביידע זײַטן.

קיינער איז נישט געקומען צו פאָרן פון יענעם ברעג, און דער פּאַראָמשטשיק האָט זיך דערפרייט, דערזעענדיק מיך און נאָך צוויי פרויען, וועלכע האָבן זיך געשווינד אַראָפּגעלאָזט צום טײַך. אינדרײַען האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אויף די בענקלעך, ווו ס'האָבן געקענט גאַנץ פרײַ זיצן נאָך אַ צוואַנציק פּאַרשוינען. מיר האָבן געקויפט בילעטן, ווי ס'פירט זיך טאַקע אויף אַן אמתן טראַנספּאָרט. דרײַ קאָפּיקעס פאָרן איבערשיפן זיך פונען רעכטן ברעג אויפן לינקן. דרײַ קאָפּיקעס און עטלעכע מינוט צײַט, כדי אַרײַנצופאָרן פון סאָראָקע קיין ציקינאָווקע — פון מאָלדאַוויע אין דער אוקראַיִנע. איך זיץ און קנייטש דעם בילעט אין די הענט און קאָן זיך בשום אופן נישט איבערטראַגן ניט אין איין־און־פערציקסטן יאָר, נישט אין נײַן־און־זעכציקסטן, — איך באָמבל זיך די גאַנצע צײַט צווישן זיי... מײַנע אַזוי גוט זיך שוין באַרואיקטע נערוון־צעלן צעשפּילן זיך אויפסנײַ: נו, טאַקע אינדעראמתן, ווי קען מען עס באַנעמען אינאיינעם די אומענדלעכע צעבויטעטע רחבות פונעם דניעסטער אין יולי איין־און־פערציקסטן, און זײַן מילדן אויסזען איצט? דעם נישט־דערגרייכבאַרן לינקן ברעג מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, און דעם זעלביקן ברעג הײַנט צו טאָג, וועלכן ס'איז ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען? און אפשר איז גאָר קיינמאָל, קיינמאָל נישט געווען קײַן מאָטאָר־שיפל, אַן איבערגעפּולטסט מיט פרויען און קינדער? אפשר איז דאָס אײַנגאַנצן נישט מער ווי אַ קינדערשע פאַנטאַזיע? און פאַרוואָס זעען עס איצטער אַזוי מלא־טעם די ברעגן? צי אפשר גיט זיי צו חן אָט די רו און שטילקייט?

און פאַרוואָס איז גראָד די טויב געוואָרן דער סימבאָל פון שלום? וואָלט איך געווען אַ מאָלער, וואָלט איך דעם שלום אויף דער וועלט פאָרגעשטעלט ווי אַ טײַך, וואָס פליסט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, צווישן אָט אַזעלכע מילדע, פּראַכטפולע, נישט איבעריק עקזאָטישע ברעגן.

דער פּאַראָם דערנענטערט זיך צום ברעג. מיט אַ מין באַזונדערער העפלעכקייט העלפט אונדז דער פּאַראָמשטשיק בײַם אַראָפּגיין, דערנאָך זעצט ער אויס עטלעכע לינקברעגיקע פּאַסאַזשירן, און צוזאָגנדיק, אַז אינגיכן וועט ער זיך צוריקקערן נאָך מיר, שווימט ער פּאַמעלעך אָפּ.

דער לינקער ברעג איז אַ גלאַטער און אַ זאַמדיקער, און די דניעסטער־

וואַסער איז דאָ אַ לויטערע, און קאָמאַרן זענען אויך דאָ ווייניקער, און די שטיבלעך פון ציקינאָווקע, שוין טאַקע אינגאַנצן דאָרפּישע, ליגן ממש בײַם סאַמע ברעג. און איר זאָלט זאָגן: מ׳זאָל עס זען אַ לעבעדיקן נפש. נאָר וואָס, עס פּאַשעט זיך עמעצנס ציג אַ צוגעבונדענע צו אַ פּלויט, — אַ ווײַסע, אַ ציכטיקע ציג מיט גלעקעלעך, וועלכע זענען אַמאָל, זעט אויס, געווען זילבערנע, נאָר איצטער האָבן זיי שוין אָפּגעבליאַקעוועט. איך באַטראַכט לאַנג די ציג, זי הייבט אויף דעם קאָפּ, און ס׳קומט מיר אויס, אַז זי קוקט אויף מיר פרעגנדיק: „וואָס דאַרפסטו דאָ? וועמען זוכסטו דאָ?" נו, וואָס קען איך ענטפערן אָט דער ציג?

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, שפּאַן איך אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט צום וועג, און דער וועג פירט צו יענער באַן־סטאַנציע. נאָר איצטער דאַרף איך שוין יענע סטאַנציע נישט האָבן, און שטייענדיק אַ ווײַלינקע, פאַרקערעווע איך צוריק.

גאָט מײַן גאָט, זע נאָר זע, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז — פאַרקערעוועון פונעם וועג צוריק אויף דער סטעזשקע, און מיט דער סטעזשקע זיך אַראָפּלאָזן צום ברעג, ווו עס פּאַשעט זיך דער באָבעס ווײַס ציגעלע מיט די זילבערנע גלעקעלעך.

# אַ פרעמדער גורל

## (די ערשטע דערציילונג — 1958)

### א.

דער וועג אין שול...

ווי גוט איך האָב געקענט יעדע שטוב, יעדער ביימל אויפֿן וועג, נאָר מיר ווילט זיך דערציילן וועגן מענטשן, וועלכע איך באַגעגן יעדן טאָג און אָן וועלכע איך האָב מיר נישט פֿאָרגעשטעלט מײַן וועג צור שול. אָט איז אַ הויכער, עטוואָס אײַנגעבויגענער בחור, ער אײַלט זיך שטענדיק, די ביכער און העפטן האַלט ער שטענדיק אין די הענט, און איך טראַכט מיט שטוינונג, שיקט זיך אַז ער קען זיי נישט כאָטש אײַנוויקלען אין אַ צײַטונג, ער וועט זיכער, עפּעס נייטיקס פֿאַרלירן. און אָט איז דער גרויער אַלטיטשקער מיטן שטעקעלע, ער מאַכט אַ שפּאַציר אויף איין און דער זעלבער גאַס סײַ זומער, סײַ ווינטער, אָבער נאָר אין אַ זוניקן וועטער: זעט אויס, די פּינקטלעכקייט שאַדט אים; ווען ס׳טרעפֿט אַז איך כאַפּ זיך אויף צו שפּעט און פֿלי אין שול אַרײַן מיט אַ בליציקער שנעלקייט, איז פֿאַרבײַלויפֿנדיק נעבן אַלטיטשקן, הער איך שטענדיק איינע און די זעלבע פֿראַזע: „וועסט נאָך באַוויײַזן, ס׳ט נאָך באַוויײַזן, מיידעלע, מען דאַרף אַ ביסל וויניקער שלאָפֿן".

די שלאַנקע שטאַלטנע פּרוי מיט די שיינע שוואַרצע אויגן, וועלכע איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, דערמאָנט מיך אין אַ באַרימטער קינאָ־אַרטיסטין, באַגעגן איך אויף האַלב וועג און פֿאַרפּאַמעלעך אַפֿילו דעם טריט, כדי זי בעסער אָנצוקוקן. צוויי מיידלעך אין אַלציינע גרויע פּאַלטנס און זייער ענלעך איינע אויף דער אַנדערער באַגעגן איך שטענדיק שוין טאַקע נעבן דער סאַמע שול. מיר געפֿעלט שטענדיק אַליין זיך צו דערטראַכטן, ווער

איז די פרוי, וואָס איז ענלעך אויף אַ קינאָ־אַקטריסע? ווו לערנען אָדער אַרבעטן די מיידלעך אין גרויען? האָט ער אייניקלעך דער אַלטער, און פאַרוואָס שטייט ער אַזוי פרי אויף, ער אַרבעט זיך שוין נישט און קען יעדן אינדערפרי שלאָפן שפּעט. ווי לערנט זיך דער „מיניסטער אָן אַ פּאָרט־פעל", דאָס הייסט דער הויכער בחור מיט די ביכער אין די הענט?

איך האָב שוין אַזוי גוט געקענט אַלע באַגעגנטע, אַז כ'האָב געקענט, אָן אַ שום טעות, אָפּשטעלן לויט זיי די צײַט. און אויב איך האָב דעם הויכן בחור נישט באַגעגנט, און די שוועסטער־מיידלעך זענען שוין געווען כמעט נעבן מײַן שטוב, הייסט עס, אַז אויף דער ערשטער לעקציע האָב איך שוין פאַרשפּעטיקט. נאָר דערפאַר, ווען מײַן הויכער „באַקאַנטער" האָט זיך מיר אָנגעטראָפן שוין ווײַט פון דער שטוב, האָט מען זיך שוין נישט געדאַרפט אײַלן — ס'איז נאָך געווען גענוג צײַט.

דער וועג צור שול איז גאָרנישט אַזאַ קורצער און אויסרעכענען אַלע מײַנע „באַקאַנטע" איז אוממעגלעך. נאָר מיר ווילט זיך דאָ דערציילן וועגן „איר" און וועגן „אים" (זייערע נעמען זענען טאַקע אַזוי אַרום פאַרבליבן פאַר מיר אומבאַקאַנטע). איך האָב זיי באַגעגנט יעדן פרימאָרגן: ער — פון מיטלען וווקס, אַ פעסט־געבויעטער, אַ ברייטפּלייציקער, פון אַ יאָר פינפאונדרײַסיק, נאָר שוין מיט אַ גרויען שפּריץ אין די האָר און... אַ בלינדער. ער האָט זיך אָן אומבאַהאָלפענער אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט פון זײַן באַגלייטערין. זי איז געווען אַ קליינינקע, אָן איידלינקע, מיט דיקע, העלע צעפּ, שטענדיק אַקוראַטנע אַוועקגעלייגט אַרום קאָפּ.

מיר איז נישט זעלטן אויסגעקומען צו זען מענטשן, שווער צעקאַליע־טשעטע פון דער מלחמה, אָבער דער דאָזיקער מענטש האָט געמאַכט אויף מיר אָן אויסערגעוויינלעכן אײַנדרוק: צו שאַרף איז געווען דער קאָנטראַסט צווישן דעם מענלעכן, ענערגישן געזיכט און זײַן קינדערישע אומבאַהאָלפנ־קייט. יעדן טאָג האָב איך זיי געזען אין איין און דער זעלבער צײַט: וואַרשײַנלעך, אַז זי האָט אים באַגלייט אין דער קליניק.

איינמאָל, ווען איך האָב פאַרגעסן אינדערהיים אַ העפט און מיר איז אויסגעקומען אין אַ האַלבער שעה אַרום זיך אומצוקערן אַהיים, האָב איך זי באַגעגנט — זי איז געגאַנגען אַליין, אַ פאַרטראַכטע, און עפּעס אַ שטילער

טרויער האָט פאַרנעפּלט אירע אויגן, פיגור און גאַנג. איר אויסזען האָט מיך זייער פאַרוואונדערט: ווען איך פלעג זיי באַגעגענען זאַלבעצוויי, האָט זי שטענדיק געשמייכלט, וועגן עפּעס זייער לעבהאַפטיק גערעדט און, ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט געוואָלט איבערגעבן איר באַגלייטער אַ טייל פון דעם לעבן, זון, וועלכע ער האָט אַזוי פרי פאַרלוירן — איצט איז זי געבליבן מיט זיך אַליין. אין דער ערשטער מינוט האָב איך זי אַפילו נישט דערקענט: זי האָט זיך געאײַלט, קוקנדיק אָפּט אויפן זייגער.

עס איז פאַריבער אַ שטיקל צײַט, און אַלץ איז געבליבן ווי פריער: יעדן טאָג האָב איך באַגעגנט מײַנע באַקאַנטע. ווי גרויס איז געווען מײַן איבעראַשונג, ווען כ׳האָב איינמאָל זיי דערזען אין טעאַטער: זי איז געווען אין אַ טונקל־בלוי אָוונט־קלייד און האָט מיר אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש. אויך אים האָב איך נישט תּיכּף דערקענט.

איצט האָב איך די גאַנצע צײַט נאָר געפאָלגט נאָך זיי און איך האָב געזען, ווי זי, אָנבויגנדיק זיך צו אים, האָט עפּעס לעבהאַפטיק דערקלערט, נאָר ער... שיקט זיך אַז ער זעט? יאָ, ער זעט. אַזוי האָט געקענט קוקן אויף דער בינע אַ מענטש, וועלכער נישט נאָר וואָס ער הערט און שפּירט, נאָר זעט, זעט אַלץ!...

ווי שטאַרק איך האָב זיך געפרייט פאַר זיי, איך האָב דערפילט אַ שטאָלץ פאַר אָט דער קלייניקער, מאָגערער פרוי. דאָס איז געווען נישט נאָר קײַן פרוי, נאָר אויך אַ מאַמע, אַ צאַרטע, אַ זאָרגעוודיקע, וועלכע האָט אַ גרויס, נאָר אומבאַהאָלפן קינד. און אָט האָט זי אירס דערגרייכט: ער זעט...

און דערנאָך האָב איך זיי באַגעגנט יעדן טאָג, אינדערפרי: זיי זענען געגאַנגען אינאיינעם, נאָר ער האָט זיך שוין נישט אָנגעשפּאַרט אומבאַהאָלפן אויף איר האַנט, און זײַן גאַנג האָט זיך באַוויזן עפּעס פון דער זיכערקייט פון אַ מענטשן, וועלכער איז נאָרוואָס אַרויסגעגאַנגען אויפן ברייטן וועג. און ס׳איז געוואָרן גרינג אויף דער נשמה, ווען איך האָב געקוקט אויף זיי: איר ליבע האָט באַזיגט די קראַנקהייט, און פון דעם איז געווען באַזונדערס פריידיק.

ב.

מיט דעם זעלבן וועג, וואָס אויף פריִער, גיי איך איצטער אין אינסטיטוט און נאָכאַמאָל באַגעגן איך מײַנע אַלטע באַקאַנטע. נאָר, אַ מאָדנע זאַך, באַגעגענענדיק זי און אים, באַמערק איך נישט אויף זייערע פּענימער קײַן שמייכלען. זיי זענען געגאַנגען שטילשווײַגנדיקע. אין אײנעם אַן אינדערפרי האָב איך דערזען אים אײנעם אַליין. ער איז געגאַנגען גיך, מיט עפּעס אַזאַ מין פאַרצאָרנטן אויסזען; אין צען מינוט אַרום האָב איך זי באַגעגנט, נאָר איצט האָט זי מיר אויסגעזען אַ מער פאַרזאָרגטע און טרויעריקע, ווי מיט עטלעכע יאָר קריק. דעמאָלט האָט מיר דער טרויער אויסגעדוכט ווי פאַרבינדן מיט דעם באַגער צו העלפן דעם געליבטן מענטשן, פאַרלײַכטערן זײַנע לײַדן. איצטער האָט זי אַליין דערמאָנט אַ קינד, ווען מ׳האָט אַכזריותדיק געקריוודעט... און מיר איז געוואָרן קלאָר: עפּעס איז פאָר־געקומען אין לעבן פון די מענטשן.

איינמאָל אין אַ זונטיקדיקן טאָג האָב איך אים באַגעגנט מיט אַ שלאַנקער שײנער פרוי. זי איז געווען העכער, שטאַלטיקער און ייִנגער פון „איר", נאָר מעגלעך אַז דאָס איז זײַן שוועסטער, אַ קרובה, אָדער פּשוט אַ באַ־קאַנטע?... שיקט זיך? !..· ניין, איך האָב נישט געקענט גלייבן. נאָר ווען איך האָב אים באַגעגנט מיט אָט דער פרוי אין טעאַטער, איז מיר שוין אַלץ קלאָר געוואָרן. ס׳האָט זיך מיר תּיכּף דערמאָנט יענער אָוונט אין טעאַטער, ווען ער האָט דורשטיק געקוקט אויף דער סצענע און די מאָגערע פרוי מיט די העלע צעפּ האָט זיך געפרייט מיט יעדער באַוועגונג זײַנער. זי האָט זיך געפרייט וואָס ער זעט פּונסנײַ...

מיך האָט באַהערשט אַזאַ געפיל, גלײַך ווי מ׳האָט צוגענומען בײַ מיר עפּעס גוטס, ליכטיקס.

און ווידער האָב איך זיי באַגעגנט אין די פרימאָרגנס: אים פריִער, זי שפּעטער...

עפּעס איינמאָל, וואַרטנדיק אַן אומגעדולדיקע אויפן אָנקום פון מײַנער אַ שול פרײַנדין, בין איך געקומען אויפן וואָקזאַל אַ סך פריִער ביז צום צוג.

אויפן ערשטן וועג איז געשטאַנען אַ באַן, וועלכע האָט געדאַרפט אָפּגיין אין עטלעכע מינוט אַרום: די פּאַסאַזשירן האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעזעצט אין די וואַגאָנען, די באַגלייטנדיקע האָבן זיך געשטופּט אויפן פּעראָן. מײַן אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן אַ פרוי אין אַ פוטערנער פּאַלטאָ מיט אַ פוטערן היטעלע. מאַכנדיק זיך אַ וועג צווישן עולם, האָט זי אײַליק געשפּאַנט צום וואַגאָן. די פרוי האָט געטראָגן אַ קליין רענצעלע, נאָך איר איז געגאַנגען אַ מאַן מיט טשעמאָדאַנעס אין די הענט. ער האָט געשווינדיק גענומען זוכן אין בײַטל זײַנעם די בילעטן און איז געשטאַנען צו מיר מיטן רוקן, נאָר ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט זײַן פּנים מיר אויסגעקוקט זייער באַקאַנט. נו יאָ, דאָס איז ער, מײַן „בלינדער באַקאַנטער"! איז ווי אַזוי האָב איך עס אים תיכף נישט דערקענט? און זי, איז פאַרשטייט זיך, די פרוי מיט וועלכע איך האָב אים די לעצטע צײַט אַזוי אָפט באַגעגנט. וווהין פאָרן זיי אַוועק? פאַרוואָס? פון וועמען?...

איך בין אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון מײַנע מחשבות, אַז נאָר דער גריילצנדיקער פײַף פונעם לאָקאָמאָטיוו האָט מיך ווידער צוריקגעקערט צו דערווירקלעכקייט: פּאַמעלעך האָבן אַדורכגעשוועבט די וואַגאָנען, דער־נאָך אַלץ גיכער, שנעלער... יעדעס געזיכט אין פענצטער פונעם וואַגאָן האָט מיר אויסגעזען ווי די פרוי מיטן פוטערנעם היטעלע אָדער דער מאַן אין ברילן. „בעסער וואָלט ער שוין געווען פאַרבליבן אַ בלינדער", — האָב איך מיט ביטערניש אַ טראַכט געטאָן.

נישט דער אָנקום פון מײַן פריינדין, נישט די פעריען האָבן מיך שוין געפרייט אין יענעם טאָג. איך בין געווען אין כעס אויף זיך אַליין, אויף מײַן איבערגעטריבענעם נײַגיר: נישט ווילנדיק בין איך געוואָרן אַן עדות פון אַ גרויסער מענטשלעכער טראַגעדיע.

ווי שטענדיק גיי איך מיר ווײַטער אין אינסטיטוט יעדן טאָג מיטן אַלטן באַקאַנטן וועג, און נאָכמאָל באַגעגן איך די קליינע, מאָגערע פרוי מיט די העלע צעפּ, אַקוראַטנע פאַרפלאָכטן אַרום קאָפּ. זי האָט זיך ווי נישט געביטן, נאָר צוויי ביטערע קנייטשן האָבן זיך באַוויזן נעבן מויל און עפּעס אַ מין נישט אויסדריקלעכע בענקעניש איז פאַרשטאַרט געוואָרן אין אירע אויגן. זי אײַלט זיך שטענדיק און קוקט גלײַך פאַר זיך; גלײַך אַרום איר עקזיסטירט

בלימאַלע יאָקיר

נישט קיינער, קיינער און גאָרנישט, גלײַך ווי אויף שטענדיק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר די זון, ליכט און לעבן. אָט די פרוי דערמאָנט אין אַ בלינדן. נאָר די „בלינדע" נייטיקט זיך נישט אין פרעמדער הילף: זי גייט מיט אַ רויִקן, לײַכטן גאַנג, און אַ זײַטיקער מענטש וועט קיינמאָל און גאָרנישט נישט באַמערקן קיין אומגעווײנטלעכעס אין איר פּנים.

# אַ מלכותדיקע סעודה...

...איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן: אַז געשמאַקער פון אַלץ אין דער וועלט איז פריש ברויט — איז אָט טאַקע מיט דעם פרישן ברויט איז פאַרבונדן די ליכטיקסטע דערמאָנעניש פון מײַנע קינדעריאָרן.

⁂

וועגן דער מלחמה, הונגער און ברויט האָבן וואָס צו דערציילן אַלע מײַנע מיטצײַטלער. אַזוי געשעעט אין דער אָנפאַנגס־שול, ווען דער גאַנצער קלאַס קען דאָס געדיכט ווי אַ וואַסער, און יעדער וויל עס זאָגן, און יעדער טראַכט, אַז בײַ אים וועט זיך עס באַקומען בעסער ווי בײַ אַלעמען.

איז הייסט עס נאָכאמאָל און אָבעראַמאָל וועגן ברויט. אונדזער געשיכטע איז זיך פאַרלאָפן אין דעם לעצטן מלחמה־ווינטער. מײַן מאַמע און איך האָבן געוווינט אין אַ סיבירער דערפל, בײַם סאַמע ברעג פון דעם טײַך אָבּ׳. איך ווייס נישט, ריכטיקער געזאָגט, איך געדענק נישט, פאַרוואָס פּלוצים האָט עס אונדז פאַרטראָגן אַזש אויף דעם אָבּ׳. אייגנטלעך וועט אײַך קיינער פון די עוואַקואירטע נישט קענען קלאָר דערקלערן, פאַרוואָס האָט ער אָנגעטראָפן גראָד דאָ, און נישט אין קיין אַנדער אָרט. אין זומער פון אייגאונפערציקסטן יאָר זענען טויזנטער פרויען און קינדער געפאָרן אין הינטערלאַנד, געפאָרן, וווהין די אויגן האָבן געטראָגן, און זענען געבליבן שטעקן, ווו ס׳האָט זיי פאַרוואָרפן. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען שטעקן געבליבן נישט־צופעליק, נאָר צוליב געוויסע סיבות.

פאַר די דרײַ מלחמה־יאָרן האָבן מיר זיך, די דרומדיקע שטאָטיש־שטעטלדיקע, טאַקע בשום אופן נישט געקענט אײַנלעבן אין די נײַע וואָגל־מקומות, און מיט די אָרטיקע האָט מען אונדז פאַר קײַן פאַל נישט געקענט פאַרטוישן. מיר זענען פאַרבליבן היימלאָזע.

די מאַמע האָט געאַרבעט אין אַ קאָנטאָר מיט אַ לאַנגן שלשלתדיקן נאָמען, אין וועלכן ס'זענען געווען אַ סך „רישן", און האָט באַקומען נישט קיין זייער גרויסן לוין און אַן אַרבעטסקאַרטע. די צופעליק פאַרכאַפּטע פון דער היים זאַכן זענען שוין לאַנג געוואָרן אויסגעביטן אויף פּראָדוקטן. אינאיינעם מיט אַנדערע פרויען איז די מאַמע געפאָרן אין וואַלד אַרײַן נאָך האָלץ, זי האָט זיך אויסגעלערנט הייצן די רוסישע הרובע, טראָגן וואַסער פון די אײַז־קריניצעס, און נאָר מיט דער גאָרטן־אַרבעט האָט זי זיך שווער געספּראַוועט. די קאַרטאָפליעס אין אונדזער מישטיינסגעזאָגטן גאָרטן זענען אויסגעוואַקסן אַזעלכע דריבנינקע, קרענקלעכע, און אַזעלכע בצמצומדיקע, ממש אויף די פינגער צו ציילן, דעריבער האָט די מאַמע טאַקע, ווי מען זאָגט, „נישט געבויט קיין שלעסער" אויף דער אייגענער גערעטעניש און פלעגט צוקויפן קאַרטאָפליעס אויפן מאַרק. מיר האָבן דעריבער זיי געטריקנט אין שטוב און ערשט דערנאָך אויסגעשיט אין קעלער (וועלכן מען האָט אויף דעם אָרטיקן לשון גערופן „אונטערערד"). און וויפל מיר האָבן זי נישט געוואַרעמט אָט די אונטערערד, זענען במילא די קאַרטאָפליעס יעדן ווינטער געפרוירן געוואָרן.

אין אונדזער קעלער איז דער אַרײַנגאַנג נישט געווען פון הויף, נאָר גלײַך סאַמע אינמיטן שטוב. אין דעם דיל האָט זיך געפונען דער צודעק. דערנאָך פלעגט מען מיט אַ שטריקל אַראָפּלאָזן אַ טאַבורעטקע, און די מאַמע, לאַנג צילנדיק זיך, פלעגט אַראָפּשפּרינגען אויף איר און פאַרשווינדן אין... דער אונטערערד. און אין צימער האָט זיך צעשפּרייט אַ פאַרדומפּענער גערוך פון צעפוילטקייט, דער ריח פון אונטערערד. אין אַ צײַט אַרום האָט די מאַמע מיר אַרויסגעגעבן דעם עמער קאַרטאָפליעס, דערנאָך איז זי אַליין אַרויסגעקראָכן און ערשט צום סוף האָט זי עפּעס טאַקע נאָר ווי פון אַ ברונעם אַרויסגעצויגן דאָס בענקל. דער צודעק האָט זיך ראַשיק פאַרמאַכט, און איך האָב לײַכטער אָפּגעעטעמט. בײַ מײַנע אַכט יאָר האָב איך זיך שוין גערעכנט פאַר אַ באַיאָרטן מענטשן, און דאָך... און דאָך האָב איך נישט ליב געהאַט, ווען די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער אונטערערד.

„און טאָמער האָט זיך פּלוצים דאָרט עמיצער אויסבאַהאַלטן?" — פלעג איך יעדעס מאָל טראַכטן. איך האָב אַפילו פאַרדעכטיקט, אַז אָט דער

„עמיצער״ פּרירט אונדז די קאַרטאָפליעס, אַנישט וואָלטן זיי נאָך די אַלע וואַרעמנישן נישט אַזוי פאַרפרוירן געוואָרן. פּרירט זי, די נכפה, און פּונקט ווי שטיינדעלעך שיטן זיך, די קאַרטאָפליעס, ראַשיק פונעם עמער אויפן דיל. דערנאָך לאָזן זיי נאָך, צעכליופּען זיך מיט מוטנע ריטשקעלעך און בלײַבן ליגן ווייכע, צעווירענע.

איר האָט אַמאָל געגעסן געפרוירענע קאַרטאָפליעס? יעדן טאָג פאַר־שידענע פּאַטראַוועס פון פאַרפרוירענע בולבעס? פאַרשטייט זיך, אַז אָן פוטער און אָן שמאַלץ, און אָן אַנדערע צופּראַוועכצער. צוריקגערעדט איז דאָס אַ לעפּישע פראַגע; גאַנץ מעגלעך, אַז אין יענעם ווינטער האָבן זיך אײַך געפרוירענע קאַרטאָפליעס אויסגעוויזן ווי אַ מאכל־מלכים. מיר האָבן, צום בײַשפּיל, נישט געהונגערט, מיר זענען נאָר שטענדיק געווען הונגעריק, און דאָס זענען גאָר פאַרשידענע זאַכן.

האָט גראָד געדאַרפט אַזוי פּאַסירן, אַז אַ גאַנצע וואָך זאָל מען נישט געבן קײַן ברויט. אויף די טירן פונעם ברויט־מאַגאַזין, פונוואַנען ס׳פלעגט פריִער אין די פרימאָרגנס שמעקן מיט אַזאַ מין וואַרעמען און אַפּעטיטנעם ריח פון ברויט, איז איצטער געהאָנגען אַ שלאָס. אַלע האַלבע שעה זענען מיר געלאָפן צום מאַגאַזין. און דעם דאָזיקן שלאָס האָבן מיר נאָך געזען פונדערווײַטנס: ער איז געהאָנגען אַ גרויסער און אַ קאַלטער, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז מען וועט אים שוין קיינמאָל, קיינמאָל נישט אַראָפּנעמען.

און סוף וואָך, מען ווייסט נישט פונוואַנען, מען ווייסט נישט פון וועמען, האָט זיך דאָס גאַנצע דערפל מיטאַמאָל דערוווּסט: אַז מען וועט געבן מעל, טאַקע מעל, וואָס מעל הייסט. און וואָס טויג אײַך מעשיות — אויגנבליקלעך איז נעבן מאַגאַזין אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע רייע...

אַהיים זענען מיר — די מאַמע און איך — געגאַנגען איבערפולטע פון גליק, און לויט דער ריי האָבן מיר געטראָגן אַ קליין זעקעלע מעל. איך האָב, באַטירלעך, פאַרשטאַנען, וואָס ס׳איז אַזוינס מעל, נאָר ס׳האָט זיך מיר פאַר־וואָלט ברויט. דערפאַר האָט אָבער די מאַמע אומאויפהערלעך איבערגעלייגט די זעקעלעך פון איין אָרט אויפן אַנדערן און האָט אַלץ געקלערט, זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס זאָל זי עס אַשטייגער פראַוּוען פון אָט דעם מעל, האָט זי, די מאַמע מײַנע, געטראַכט און געטראַכט און גאָרנישט צוגעטראַכט.

אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער מומע לענע.

די מומע לענע, אונדזער נאָענטסטע שכנה און ראַטגעבערין, האָט געווינט פון יענער זײַט וואַנט. דער מאַן אירער איז געווען אויף דער מלחמה, קינדער האָט זי נישט געהאַט, און ענערגיע האָט זי פאַרמאָגט פאַר צען. און די מומע לענע פלעגט דעם עודף פון איר לעבנספּײַער איבערטראָגן אויף מיר און אויף דער מאַמען. אַלץ איז אין אָט דער פרוי געווען אומגעווייִנלעך. די האָר — טונקלרויטע, די אויגן — פאַרשידענע: איינס אַ בלויס, דאָס צווייטע אַ גרינס. און אַפילו דער נאָמען און בײַנאָמען עפּעס גאָר געדריידלטע: לעאָנטינע מאַקסימיליאַנאָוונע. די סיביריאַטשקעס האָבן זיך לאַנג געפּלאָנטערט צווישן די אומענדלעכע למדן, ממען, יודן און נונען, און נישט קענענדיק בשום אופן זיך אַרויספּלאָנטערן, האָבן זיי זי גענומען רופן לעאָנטינע מאַקסימאָוונע.

ביז דער מלחמה האָט די מומע לענע פאַרוואַלטעט מיט אַ קליידעראַטעליע. און אויך דאָ האָט זי — לויט אירע רייד — זיך אַזוי געפּוצט פאַוועמעסיק, אַז זי איז געווען די עלעגאַנץ אַליין. ווינטער האָט זי געטראָגן אַ מין קורץ פּעלצל מיט אַ רויט פוקסן קעלנערל, אַ מענערישע היטל מיט אויערן, שוואַרצע וואַלינקעס און... זײַדענע זאָקן.

— אַ פרוי אין איינפּאַכע זאָקן — דאָס איז שוין קיין פרוי נישט — פלעגט זאָגן די מומע לענע צו מײַן מאַמען, אײַנרייבנדיק נעבן דער הרובע די פון קעלט בלוי געוואָרענע פיס. און נאָך דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער, ווען פון דער מומע לענעס מאַן איז גאַנצע דרײַ חדשים נישט געווען קיין בריוו, זענען די זײַדענע זאָקן פאַרביטן געוואָרן אויף איינפּאַכע, עלטערלעכע. ס'האָט אָפּגעבליאַקעוועט, ווי אַ צעניזקטס, דאָס רויטע פוקסענע קעלנערל, און דאָס פעלצל האָט אַראָפּגעהאָנגען אויף זײַן באַלעבאָסטע, ווי אַ פעל אויף אַן אויסגעדייוועטער חיה.

דאָס האָט זי, די מומע לענע, אויסגעלערנט דער מאַמען מאַכן „סיבירישע לאַטקעס״ פון געפרוירענע קאַרטאָפליעס, און אַ סאַלאַט „נוסח פּראַנציע״ פון פרישע ברוקווע. זי האָט אויסגעטוישט שטובזאַכן אויף פּאַרביקע פעדעם, פון די פעדעם האָט זי אויסגענייט טיכלעך, די טיכלעך האָט זי געביטן אויף קראָכמאַל, דערנאָך האָט זי אַ גאַנצן ווינטער געקאָכט

קיסיעלן פון קלוקוווע און פאַרגאָסן מיט זיי סײַ אירע און סײַ אונדזערע מאָגנס.

— ס׳איז גאָרנישט — האָט זי געלאַכט די מומע לענע. — אָנגעקראָכע־מאַלעטע קישקעס נוצן זיך נישט אָפּ.

און אַזוי איז די מומע לענע גערופן געוואָרן צו דעם גרויסן ראָט, וויאַזוי און וואָס צו מאַכן פונעם מעל.

— לעפּיאָשקעס טויגן נישט — האָט דערקלערט די מומע לענע. — זיי זענען שווערע און עסן זיך גרינג אויף. און מאַכן פון דעם מעל לאַטקעס איז איצט אַן עבירה פאַר גאָט. דאַרף מען פּשוט און פּראָסט באַקן פון דעם ברויט.

— וואָס רעדט איר? — האָט זיך אַזש ווי דערשראָקן די מאַמע. — איך האָב אין לעבן קײַן ברויט נישט געבאַקן.

— אייסעך וואָס, מירן אַ בעט טאָן די אָרטיקע באַלעבאָסטעס. שיקט זיך, אַז זיי וועלן אונדז אָפּזאָגן?

און גלײַך האָט שוין די מומע לענע אויסגעחשבונט אויפן פּאַפּיר, וויפל ברויט עס וועט אַרויס פון אונדזער מעל.

דעם צווייטן אויפדערנאַכט איז די מומע לענע אַרײַנגעקומען אַן אַ קלאַפּ, צעפּראַלנדיק די טיר מיטן פוס — און אויף אירע אויסגעשטרעקטע הענט האָט זי געטראָגן עפּעס... מיט אַ באַזונדערע מין חשיבות, פײַערלעך און פאָרזיכטיק. דערנאָך האָט די מומע לענע פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט איר יום־טובדיקע משׂא אויפן טיש, האָט זי צעגומען און געפרעגט:

— נו? !...

מיר — די מאַמע און איך — זענען געבליבן עפּעס גאָר ווי צוגעקאָוועט צום אָרט. קײַלעכדיקע, מיוחסדיקע, דופּטנדיקע מיט וואַרעמקייט, מיט זעט און מיט נאָך עפּעס שוין לאַנג פאַרגעסנס — זענען געליגן אויפן טיש פיר ברויטן.

איך וועל קומען צו אײַך נאָכן נאַכטמאָל, וועלן מיר עס אינאיינעם אַ הוליע טאָן — האָט געזאָגט די מומע לענע שוין פון דער שוועל.

נאָך קיינמאָל האָבן מיר — די מאַמע און איך — נישט געגעסן מיט אַזאַ פאַרגעניגן די פאַרפרוירענע קאַרטאָפּליעס, ווי אין דעם אָוונט. ס׳איז

דען מיטן מויל אַרויסצורעדן... ס׳האָט געוואַרט אויף אונדז די האַ־לחמאַ־סעודה. דרײַ ברייטלעך האָבן מיר באַהאַלטן, און דאָס פּערטע — דאָס פּערטע איז אויך געליגן אַ נישט גערירטס, באַהויכנדיק מיט זײַן גערוך די פּיורע פון די קאַרטאָפליעס.

דערנאָך האָבן מיר אויסגעוואַשן דאָס פּענדל און די טעלער. מיר האָבן אויפגערוימט דאָס צימער און זיך גענומען וואַרטן אויף דער מומע לענע. זי האָט אַרײַנגעפלאַטערט, גלײַך ווי זי וואָלט פאַרשפּעטיקט אויף אַ הוליאַנ־קע, און תּיכּף האָט זי אָוועקגעלייגט אויפן טיש אַ ברויט און אַ האַלב רעדל מילך. (בײַ אונדז אין דאָרף פלעגט מען מילך פאַרקויפן אין רעדלעך).

— אָט דאָ איז פאַראַן אַ גלאָז מילך, און מיר וועלן זי צעמישן מיט אָקרעפּ, וועלן זיין גאַנצע דרײַ גלעזער — האָט אַרומגעהאָוועט די מומע לענע נעבן דעם ראַנדל, אין וועלכן ס׳האָט פריילעך געשיפּעט די צעלאָזנדיקע זיך מילך.

מיר האָבן פאַמעלעך, פאַמעלעך געגעסן דאָס ברויט, פאַרטרינקענדיק עס מיט דעם מוטנע אָקרעפּ, מיטן מילך־גערוך, און די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דאָס ברויט איז אַ סך געשמאַקער ווי די פאַרמלחמהדיקע טאָרטן, און פײַנקוכן. איך בין, פאַרשטייט זיך, געווען מיט איר אײַנשטימיק, כאָטש כ׳האָב נישט געוווּסט, וואָס ס׳איז דאָס אַזעלכעס אַ פײַנקוך.

— מאַמע, וואַרט צו — האָב איך זיך אינגאַנצן ראַזדרעכעט. — דו זעסט, דאָס ברויט איז אין איין זײַט העכער; וואָס וואָלט געווען, ווען מיר גלײַכן עס אַביסעלע אונטער?

די מאַמע האָט מיטן מעסער אונטערגעגלײַכט דאָס ברויט פון איין זײַט, דערנאָך פון דער צווייטער זײַט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז אין אירע הענט איז געבליבן נאָר אַ סקאָרינקע.

אויפן צווייטן טאָג אין שול האָט נאָר איין מחשבהלע זיך אַרומגעבאָמבלט אין מײַן קאָפּ: איך האָב געדיכט געטראַכט צו די איבעריקע דרײַ ברויטן.

...און טאָמער, חלילה, כאַפּט זיך עס אַרײַן אין צימער פלוצים אַ גנב און גנבעט זיי אָוועק, די ברויטן אונדזערע? צי „יענער" פונעם קעלער?

„...און שפּאַנענדיק חשיבותדיק און מיט ווירדיקער רו, פירט דאָס פערדל בײַם ציימל אַ פויערל" — האָבן דעקלאַמירט מײַנע מיטשילער, נאָר איך

האָב זיי נישט געהערט. איך האָב אַן אומגעדולדיקע געוואַרט אויפֿן קלונג. ס'האָט זיך מיר שוין געוואָלט וואָס גיכער אַהיים, צום ברויט. איך האָב אַפֿילו הײַנט געכאַפּט מער אַ ציטער ווי אַן אַנדערשמאָל אין מײַן גרינגן נײַמאָדישן ערבמלחמהדיקן פּאַלטנדל.

„אין גרויסע שטיוואַלעס, אין אַ שאַפּן־פּעלצל, אין גרויסע הענטשקעס...״

„וואָס־וואָס, נאָר וואַרעם איז עס אָנגעטאָן, אָט דאָס פֿויערל ווי אַ נאָגל די גרייס״ — האָב איך מיר געטראַכט. מן הסתם האָט עס, ניעקראַסאָווס פֿויערל, באַוויזן אַפֿילו ערגעצווו אין דער בוזעמקעשענע פּאַרשטעקן אַ פּריש ברויטל, אמת, ס'איז טאַקע בײַ זיי אַ גרויסע משפּחה. זיי לעבן אָרעמלעך, נאָר וואָס־וואָס — אַז ברויט האָט עס, דאָס פֿויערל, צו דער זעט, האָב איך גוט געוווּסט.

און אַפֿילו אויף דעם בילדל, ווו עס זענען געשטאַנען אין איין ריי „דאָס פֿערדל, וואָס פֿירט אַ פֿורעלע מיט שפּענדעלעך״, און דאָס בחורל, האָב איך געזען דאָס ברויט. (און אַזוי טאַקע איז „דאָס פֿויערל ווי אַ נעגעלע די גרייס״ פֿאַרבליבן אין מײַן זיכרון, מיטן ברויטל אין דער בוזעמקעשענע.)

און איצאָוונט, שטילנדיק דעם ערשטן הונגער, מיט קאַרטאָפֿליעס, האָבן מיר געוואַרט אויף דער מומע לענע. ענדלעך האָט זיך אין דער טיר באַוויזן אַ רויטער קאָלנער; דאָס צימער איז פֿול געוואָרן מיט אַ געררודער. אויפֿן פּרי־פּעטשיק האָט פֿריילעך געשיפּעט די טיי, און ס'איז אַוועק אַ סעודה כּיד המלך.

נאָכן אַוועקגיין פֿון דער מומע לענע האָבן מיר — די מאַמע און איך — לאַנג נישט געקענט אַנטשלאָפֿן ווערן, און וועגן וואָס מיר זאָלן נישט געווען רעדן פֿאַרן שלאָף, האָבן מיר אַלץ „מזכיר־נשמות״־געווען דאָס ברויט...

— מאַמע, אפשר וואָלטן מיר טאַקע כאָטש אַ טשוטעלע אויסגעגלײַכט די ראַנדן? — האָב איך אָנגעהויבן.

— שלאָף בעסער, שלאָף, ס'איז שוין שפּעט.

— נו, מאַמע, כאָטש פֿון איין זײַט.

די מאַמע האָט געשלאָנדערט באָרוועס צו דעם טײַערן אָרט און האָט פֿון דאָרטן מטריח געווען דאָס ברויט.

...און אַזוי האָט זיך עס געצויגן גאַנצע פֿיר אָוונטן.

און אָט די פֿיר נעכט זענען עס פֿאַרבליבן ווי די ליכטיקסטע דער־מאָנעניש פֿון מײַנע קינדעריאָרן.

# דער ערשטער באַל „פּיפּין דעם קורצנס"

די „פּאַסט־מגיפה" האָט אויסגעבראָכן נאָך די ווינטערדיקע פעריען, ווען כמעט אַ האַלבער קלאַס האָט אָנגעהויבן צו באַקומען בריוועלעך פון דער ערשטער מענערישער שול. די בריוועלעך זענען נישט אָנגעקומען מיט דער פּאָסט, נאָר אין סאָלידע, געדיכט פאַרקלעפּטע קאָנווערטן אָן מאַרקעס, אויף וועלכע, חוץ דער פאַמיליע און נאָמען פון דעם אַדרעסירטן, זענען נאָך געווען צוויי שאַרף אונטערגעשטראָכענע ווערטער: „פּערזענלעך אין די הענט". אויף וואָס פאַראַ אופן די בריוו האָבן געטראָפן צו אונדז אין קלאַס — איז שווער צו זאָגן. די שול אונדזערע, איז געווען אַ מיידלישע, אַ מוסטער־האַפטע מיט שטרענגע מאָנאַסטיר־מינהגים.

מיר, שילערינס פונעם זיבעטן קלאַס, האָבן זיך גוט אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז אַלע יינגלעך זענען כוליגאַנעס, פּויליאַקעס, אָדער אין בעסטן פאַל, קאַוואַליערן. מיר האָבן געוווסט, אַז יעדע פלייסיקע שילערין דאַרף טראַכטן נאָר:

א) וועגן די לימודים;

ב) וועגן די כללים פון אויפפירונג פאַר די לערנענדיקע;

ג) וועגן דעם, ווי אַזוי צו פאַרשענערן דעם קלאַס און בעסער אָפּהיטן דאָס שול־פאַרמעגן.

אָפּהיטנדיק שטרענג אַלע רעגעלן פון אונדזער שול, האָבן מיר פונעם גאַנצן האַרצן געהאַסט די שילערינס פון די עלטערע קלאַסן פאַר זייער לייכטזיניקער אויפפירונג: זיי זענען געגאַנגען אין קינאָ מיט יינגלעך און געטאַנצט מיט זיי אין די אָוונטן, אין די אויגן פון אַלע לערער.

נאָר פונעם דריטן קוואַרטאַל האָט מען אונדזער קלאַס ווי אונטערגעביטן. דאָס ערשטע בריוועלע וואָס קלאַרע קולאַקאָווע האָט באַקומען פון אַליעג

שאַלעוויטש, האָט מיטאַמאָל געביטן אונדזער קוק אויפֿן לעבן און אויף אַלע תּמיד צוגעגנומען די רו פֿון אונדזער פֿלײַסיקן זיבעטן קלאַס „ב".

נאָכן ערשטן קוויטעלע איז געקומען דאָס צווייטע, און אין אַ צען טעג אַרום האָט שוין קלאַרע אויפֿגעהערט צו זײַן דער צענטער פֿון אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט: דאָס איבערשרײַבעכץ האָט שוין געפֿירט דער גאַנצער קלאַס. די מיידלעך האָבן זיך אויסגעלערנט „איבערלעבן", דאָס הייסט איבערלייענען אין די ווינקלען די בריוועלעך און איבערשרייבן אייניע בײַ דער אַנדערער פֿון די אַלבומען די אַרויסזאָגעכצער פֿון אַלע גרויסע און נישט גרויסע מענטשן וועגן ליבע. די קלאַנגען פֿון דזשאַז האָבן נאָך צו יענער צײַט נישט דערגרייכט צו די ווענט פֿון אונדזער שול. עס זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען די לידער „לאַנדישע" און „שטילקייט", נאָר לירישע לידער זענען געווען. אויף די הפסקות, האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אויף די פֿענצטער און געזינגען:

איך וויל זאָלסט פֿאַרגעסן
אַלע וועגן און סטעזשקעס צו איר
און קומען זאָלסטו אין די אָוונטן
נאָר צו מיר, נאָר צו מיר.

און נאָך:

וועגן ליבע רעד נישט
וועגן איר איז שוין אַלץ געזאָגט...

בײַ מאָלן און האַנט־אַרבעט (אַלץ לעקציעס מיט וועלכע זייער ווייניקע האָבן זיך פֿאַרנומען) האָבן די באַקומערס פֿון די בריוועלעך זיך איבער־געזעצט אויף די סאַמע לעצטע בענק און אומאויפֿהערלעך זיך געשושקעט, געלאַכט און פֿאַרפֿאַסט ענטפֿערס. קלאַרקע, וועלכע איז געזעסן אין איין רײַ מיט מיר, האָט געשפּילט — יאָ ליב, נישט ליב. אויף דער באַנק איז ווי אַ צודעק געווען צעשפּרייט איר האַנט־אַרבעט: אַ גרין קעצעלע האָט געהאַלטן אין די לאַפּקעלעך אַ רויטן באַל. אָט דאָס קעצל, וואָס קלאַרע האָט נאָך אויסגענייט אין פֿינפֿטן קלאַס, האָט איר געטריי געדינט אויף אַלע לעקציעס פֿון האַנט־אַרבעט. בײַם קעצל אין עק האָט געשטעקט

אַ פאַרזשאַווערטע נאָדל מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועטן פאָדעם, און קלאַרע האָט אין דער צײַט אויסגעציקלט אויף אַ זײַטל פונעם העפט: „אַ־ל־ע־ג ש־אַ־ל־ע־וו־י־ט־ש״ = 11 בוכשטאַבן. ווײַטער איז געגאַן דאָס משונהדיקע וואָרט „לאַפּבאַ״, דאָס הייסט: ליבן, אַכטן, פאַראַטן, באַליידיקן, אייפערן.

— איינס, צוויי, דרײַ, פיר... האָט שעפּטשענדיק אָפּגעציילט קלאַרע. די 11־טע ציפער איז אויסגעפאַלן מיט דעם בוכשטאַב „ל״.

— ליבן, — האָט זיך געדרויטלט מײַן שכנה, פאַרשטעלנדיק דאָס טרער־פּעניש אירס מיטן אָפּגעקראָכענעם אויסגענייטן קעצל. דערנעבן קלאַרען האָב איך מיך געפילט ווי איינע וואָס קען נישט דאָס לעבן, און מיר האָט זיך אויך זייער געוואָלט טרעפן. נאָר אויף וועמען?

קיין בריוועלעך האָט מיר קיינער נישט געשריבן. האָב איך דען זיך געקענט גלייכן צו דער קולאַקאָווע? זי איז געווען אַ הויכע, אַ שיין מיידעלע מיט לאַנגע ווײַעס און אַ דינע טאַליע. ווען זי האָט זיך געברוגזט, האָט זי שיין געטופּעט מיטן פּיסל אינעם שיכעלע מיטן קליינעם קנאָפּעלע. וואָס, וואָס אַזעלכער האָט ווערט געהאַט צו שרײַבן...

איך בין געווען מיט אַ גאַנצן קאָפּ נידעריקער פון קלאַרען און בין שטענדיק געגאַנגען אין ברוינע שטיוועלעך געקויפטע מיטן חשבון אַז „דער פוס וואַקסט״. דער פוס האָט נישט געוואַקסן, נאָר די מאַמע האָט עקשנותדיק פאַרגעזעצט מיר צו קויפן שיך מיט צוויי נומערן גרעסער („וועסט ווינטער זיי אָנטוען אויף אַ וואָלענער שקאַרפּעטקע״). אויף פיזקולטור, בין איך שטענדיק געווען אין סאַמע עק, און בײַ דער קאָמאַנדע „קריק, פאָרויס־מאַרש!״ פלעג איך זיך פאַרלירן נאָר בײַם דערזען דעם קלאַס וואָס שפּאַנט נאָך מיר. אַלע ביין און צוואַנציק מענטשן זענען געווען העכער פון מיר אין וווקס. „לינקס״, „רעכטס״ זענען געוואָרן פאַר מיר די סאַמע אומ־פאַרשטענדלעכסטע ווערטער. פון יאָר צו יאָר האָב איך אַלץ געחלומט — פאַרנעמען אין דער ריי כאָטש דאָס צווייטע אָרט פונעם עק, נאָר פאַרן זומער איז מיר טאַקע נישט געלונגען עמיצן איבערצוּוואַקסן. איז וועגן וואָס־פאַראַ בריוועלעך האָט שוין געקענט זײַן אַ רייד?

נישט וועלנדיק אָפּשטיין פון קלאַרקען, האָב איך אויך אַרויסגענומען אַ בלעטל און פאַרצוימענדיק זיך פון מײַן שכנטע מיט דער „געאָגראַפיע״

(לאָז זי זען, אַז איך האָב שוין אויך סודות), האָב איך גענומען טרעפן. איך האָב זיך לאַנג געגריבלט אין זכרון, נאָר, ווי אויף צו להכעיס האָב איך זיך נישט געקאָנט דערמאָנען אין קיין איין מענערישן נאָמען. די צוויי שוועסטער־קינדער — ביידע נאָך פאַר דער שול עלטער — זענען נישט געגאַן אין חשבון. איז געבליבן איין ליאָווקע. ליאָווקע! ווי אַזוי האָב איך זיך תיכף נישט דערמאָנט אין אים. אַזויפיל יאָרן ווייגען מיר אין איין הויף. הונדערט מאָל אין טאָג צעקריגן מיר זיך און בעטן זיך איבער, פאָרן אַלע יאָר אינאיינעם אין פּיאָנערן־לאַגער, אינאיינעם מאַכן מיר אַן אָנפאַל אין שכינותדיקן גאָרטן אויף די פּרוכטן. איך האָב זיך תיכף גענומען אויס־צוקלערן: „לעוו סאַ־ראַ־קאַ־נאָוו". אינגאַנצן 12 אותיות. אין איין ריי מיט „טאַראַקאַנאָוון האָט זיך באַוויזן דער געהיימניספולער „לאפּבא". איינס, צוויי, דריי... די צוועלפטע ציפער איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דעם בוכשטאַב „א" — „אַכטן". איך האָב מיך אַזוי צעלאַכט אויף אַ קול, אַזש קלאַרקע האָט אַ שעפּטשע געטאָן: „אַזאַ דולע", און די אַלטעטשקע טויבלעכע לערערין פון האַנט־אַרבעט האָט אָנגעהויבן וואַכזאַם באַטראַכטן דעם קלאַס.

נו ווי אַזוי נישט לאַכן: „ליעוואַן — טאַראַקאַן", מיין שכן, וועלכער ברענגט מיר אַלע זומער פולע קעשענעס מיט גרינע אַבריקאָסן, און אַלע ווינטער, מייסטערט ער אויס פאַר מיר כלערליי שפּילעכלעך פאַרן טענענ־ביימל: ליאָווקע, וועלכע קריק מיט אַ דריי יאָר (ווען די מאַמע האָט מיר אומזיסט דערלאַנגט עטלעכע גוטע פּעטש) איז אַנטלאָפן מיט מיר „פּרע־קאָמפּאַניע" פון דער היים, פאַרכאַפּנדיק מיט זיך זיין גאַנץ ביסל „אָפּגע־שפּאָרט געלט" און דערנאָך איז ער געלאָפן באַרויקן מיין יאָמערנדיקע מאַמע, אַז איך לעב און בין נאָך קיין איין מאָל נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער קיין מאַשין; ליאָווקע, וועלכער דראָט מיך שוין עטלעכע יאָר אַז ער וועט מיר אַמאָל „גוט דערלאַנגען" פאַר דעם צונאָמען „ליעוואַן" — איז פּלוצים האָט ער מיך עס גענומען „אַכטן". שעצן און אַכטן, קען מען נאָר די לערער, נו צומאָל די עלטערן און בכלל איז דאָס מין אַכטן, זעט אויס אַ סקוטשנע מעשה, נישט אומזיסט האָט אונדזער „טיאָטיע לאָשאַד"[1] שטענדיק ליב צו רעדן נאָר וועגן דעם.

1 „טיאָטיע לאָשאַדי" — די מומע פערדעכע. דאָ — אַ צונאָמען פון אַ לערערין.

מײַן אינטערעסאַנטע אַנטדעקונג האָט איבערגעריסן דער קלונג. קלאַ־רעלע איז תיכּף אַרויסגעלאָפן פֿונעם קלאַס, נאָך איר — די איבעריקע מיידעלעך, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך דערהערט זייערע גע־שרײַען:

— אור־אַ־אַ! אַן אָוונט!

— מען האָט דערלויבט אינאיינעם מיט די עלטערע קלאַסן!

קולאַקאָווע האָט זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף דער באַנק און געטופּעט מיטן פּיסל:

— העי, שטילער אַביסל! הייסט עס, אַן אָוונט נישט פֿון די אַכטע־צענטע, נאָר פֿון די זיבעטע־צענטע. שבת, זיבן אַ זייגער. עס וועלן זיין טענץ! יעדער איינער קאָן אײַנלאַדן אויף דעם אָוונט אַ באַקאַנט יינגל פֿון אַן אַנדער שול. קלאָר?! — קלאַרקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער באַנק און האָט זיך אַ דריי געטאָן אויף איין פּיסל.

— יאָ, פּרווו נאָר אין די אויגן פֿון דער טיאָטיע לאָשאַד טאַנצן מיט אַ יינגל — האָט עמיצער אַ זאָג געטאָן. — לאָשאַד — רופֿן מיר אונדזער קלאַסן־אָנפֿירערין גאַלינע דימיטריעוונע, וועלכע איבער איר גראָב קול, סאָלדאַטישן טריט און „וואָכזאַמע״ באַציִונג צו די שילער, האָט כּשר פֿאַרדינט איר צווייטן נאָמען.

— מיך וועט מען אינדערהיים במילא נישט לאָזן.

— אָט האָסטו דיר! דער אָנהייב איז נישט אינדערפֿרי, נאָר זיבן אַ זייגער אין אָוונט, ווי בײַ די גרויסע.

— נאָר צו וואָס דאַרף מען יינגלעך?

דער קלאַס האָט גערעשט, געשריִען, איבערגעלעבט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַהיים בין איך געגאַן מיט זייער אַ שלעכטער שטימונג. אַן אָוונט מיט די עלטערע, האָט אונדזער קלאַס זיך שוין פֿון לאַנג געפּרוווט צו דערביוען, נאָר איך האָב אַלץ געהאָפֿט, אַז דאָס וועט נישט געשען. נו וואָס וועל איך דאָרטן טוען, אויפֿן אָוונט? טאַנצן קען איך כּמעט נישט, באַזונדערס, ווען עס קוקן אַלע לערערס; די יינגלעך אינטערעסירן מיך אויך ווייניק וואָס

(אַ קלייניקייט, „קאַוואַלירן"), און גייען וועט מען דאָך דאַרפֿן ווײַל אַנדערש וועלן מיך די מיידלעך אויסלאַכן. זיי וועלן זאָגן: „זיך דערשראָקן", אָדער נאָך עפּעס ערגערס: „די מאַמע האָט נישט געלאָזט". דער אָוונט הייבט זיך אָן 7 אַזייגער. און ווען וועט ער זיך ענדיקן? און איך בין אין מײַן לעבן אינערגעץ אַזוי שפּעט נישט געגאַנגען! אַנדערע מיידלעך האָבן זיך דורכ־געשמוגלט אויף די אָוונטיקע סעאַנסן, זיי האָבן נישט אַדורכגעלאָזט קײַן איין פֿילם פֿון די, וואָס „קינדער ביז זעכצן יאָר איז פֿאַרבאָטן צו קוקן". נאָר איך בין געווען זיכער, אַז ביז צום פֿאַרענדיקן די שול וועל איך קיינמאָל נישט אָנקומען צו קײַן אָוונטיקן סעאַנס אין קינאָ. און מעגלעך, אַז איך וועל קיינמאָל אין לעבן נישט אָנטרעפֿן, אויב איך וועל נישט אויסוואַקסן. טאַקע אין אַן אמתן, וואָס וועט פֿון מיר ווערן, אויב איך וועל טאַקע נישט אויסוואַקסן אַפֿילו אויף קײַן איין סאַנטימעטער? איך וועל בלײַבן, אַזאַ ווי איך בין איצטער. איך וועל אינגיכן ווערן פֿערצן יאָר, דערנאָך פֿופֿצן, צוואַנציק, פֿערציק, און איך וועל אַלץ זײַן אַזוי. איך וועל פֿאַרענדיקן די שול און... גייען אין אַ טעאַטער פֿון ליליפּוטן. ווי ס'זאָל נישט זײַן, ביך איך פֿאַרט העכער פֿון זיי אין דער וווקס: איך וועל ווערן דער דירעקטאָר פֿון זייער טעאַטער אָדער דער הויפּטקאָנטראָלאָר. איך וועל אַרײַנלאָזן אָן בילעטן אַלע מײַנע באַקאַנטע...

— העי, העי פּיפּין, וואָס שלאָפֿסטו גייענדיק?

בײַם טויער איז געשטאַנען ליאָווקע. ליאָווקע האָט מיך זעלטן אָנגערופֿן בײַם נאָמען — לילי.

נאָך אין זעקסטן קלאַס איז צו מיר אָפֿיציעל צוגעפּעסטיקט געוואָרן דער נאָמען — פּיפּין דער קורצער. (ליאָווקע האָט ליב געהאַט געשיכטע און געקאָנט אָנווענדן זײַנע קענטענישן). איך האָב קעגן „פּיפּינען" נישט דערווידערט. (דער אָרעמער פֿראַנקישער קעניג האָט זיך אויך נישט ווייניק אָנגעליטן איבער זײַן נישט גרויסער וווקס), נאָר הײַנט איז מיר דאָס נישט געליגן אין קאָפּ.

— דו לאָז מיך צורו — האָב איך זיך אָפּגעטרייסלט פֿון ליאָווקען.

— דו זאָג נאָר בעסער, דו האָסט כאָטש איין מאָל אין דײַן לעבן באַקומען בריוועלעך?

— כ׳האָב באַקומען, איז וואָס?

— פון וועמען?

— פון וויטיען, דעם זומער, דו געדענקסט נישט? ער איז אַ גרויסער זשלאָב, האָט ער עס צו דער טיר צוגעשפּיליעט: „ליאָווקע — אייזל״, און האָט אָנגעמאָלן אַן אייזל מיט אויערן איבערן גאַנצן בויגן. האָב איך אים שוין דערנאָך געגעבן אייזלען, אַז ער ווייט...

— וואַרט אַביסל. איך פרעג דיך, צי פון מיידלעך האָסטו באַקומען בריוועלעך?

— וואָ־אָס?

— און בײַ אייך אין קלאָס האָט עמיצער באַקומען?

— וואָ־אָס?

— וואָס איז מיט דיר, פאַרשטייסט נישט וועגן וואָס איך רעד? בײַ אונדז באַקומען אַלע מיידלעך... בריוועלעך פון ייִנגלעך. נישט פון אײַער שול, נאָר פון אַן אַנדערער שרייבט מען. אויך דער זיבעטער קלאָס.

— בורמילעס! — ליאָווקע האָט אַזש אַ שפּיי געטאָן פון פאַראַכטונג.

— און אויף קיין אָוונטן גייט איר אויך נישט? קיינער נישט?

— נו, ס׳גייען אייניקע.

— און בײַ אונדז איז שבת אַן אָוונט. פאַרשטייסט! פון די זיבעטע־צענטע קלאַסן. אַלע מיידלעך דאַרפן עמיצן ברענגען. נו... פון די ייִנגלעך, קלאָר? אָבער ווי זאָל איך זיי נעמען?

— ביסט אַ טיפּש, פּיפּין. גיי נישט און שוין.

— יאָ, ס׳איז דיר גוט צו זאָגן „גיי נישט״. די מיידלעך וועלן מיך אויסלאַכן, זאָגן — זיך דערשראָקן. אַלע באַקומען בריוועלעך, נאָר איך — נישט. אַלע וועלן זײַן אויפן אָוונט, נאָר איך — נישט. דו מיינסט, ס׳וויל זיך מיר שטאַרק גייען? נו, אַפילו קײַן טשוטעלע נישט, נאָר אַלצאיינס דאַרף מען.

— נו גיי־זשע, אַז מען מוז.

— יאָ, נאָר מיט וועמען? ליאָווקע! וואָס וואָלט געווען, ווען דו גייסט מיט מיר?

— אַהאַ! וואָס ס׳האָט זיך דיר טאַקע פאַרוואָלט.

— ליאָווקע, נו קום! וואָס האָסטו מורא צו האָבן? איך האָב אויף פיזיקע „דריַי", „צוויי", „דריַי" — און האָב נישט מורא.

— אַ קלייניקייט! אַ דריטל איז צום לעצט, הייסט עס, פאַרריכט, — און אויפן אָוונט וועל איך אַלצאיינס נישט גייען. ווּעמען האָב איך דאָרט נישט געזען? מ'קען מיינען — טענץ. טרוליאַ־ליר־ליאַ־ליאַ. און דאָ האָט ליאָווקע זיך צעטענצלט, כדי מיר צו וויַיזן ווי אַזוי וועט דאָס אויסזען.

— גוט, וועל איך אַליין גייען. דער אָוונט וועט זיך ענדיקן שפּעט: אין וועג קאָנען אָנפאַלן אויף מיר שיכּורים, כוליגאַנעס, דע־זאַר־גאַ־ני־זאַטאָרס (עפּעס האָבן זיך מיר פּלוצים דערמאָנט די „עפּיטעטן" מיט וועלכע אונדזער קלאַסן־אָנפירערין האָט געקריינט די יינגלעך, שמועסנדיק זיך אַזוי בעניבייי).

— נאָיע נישט, — האָט זיך וויכטיק געמאַכט ליאָווקע. — איך וועל נאָכן אָוונט וואַרטן אויף דיר ביי דער טיר פון אייער שול.

נו, ניין, אַזוי דאַרף איך נישט. אין זאַל וועט מען וויַיזן קינאָ, און דו וועסט שטייען גאָר אונטער דער טיר, — האָב איך געמאַכט אַ כיטרע גאַנג.

— קינאָ? וואָס?

— דוכט זיך, עפּעס פונעם בירגער־קריג.

— אַ פּרעכטיק! דו נאַרסט מיך נישט אָפּ?

— נו, אויב אַזוי, ווייסטו וואָס...

— גוט, גוט. מירן גיין. נאָר פון די טענץ וועלן מיר זיך אָפּטראָגן?

— זיי פּעלן מיר שטאַרק אויס די טענץ. איך קען זיי אַליין נישט פאַרטראָגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שבת, זיבן אָן אַ פערטל, זענען מיר ביידע, איך מיט ליאָווקען, פאַרפּוצטע, איבערגעראַשטע, באַשפּריצטע מיט אָדעקאָלאָן „שיפּער" (וואָס ליאָווקע האָט ביי זיַין פאָטער אָפּגעטאָרעט), צוגעגאַנגען צו דער שול. ביַי דער טיר איז געשטאַנען אַ גאַנצע כאָפּטע מיט עלטערע שילער און נאָך אַ פּאָר טיפּן (שוין טאַקע אמתע קאַוואַלירן) פאַרציִענדיק פּאַפּיראָסלעך, האָבן זיי גע־הירזשעט אויף דער גאַנצער גאַס. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, נישט וויסנדיק, וואָס צו טוען ווייטער.

— קום, ליאָווע, ווי געפעלט דיר? אין דײַן אייגענער שול זאָלסטו נישט קענען אַדורכגיין. דו ביסט דאָך מיט מיר געקומען, — האָב איך מיך געהעלדישט, פאַרשעלטנדיק אין האַרצן אי זיך, אי אונדזערע מיידלעך מיט זייער נאַרישן אָוונט.

— אַך! — האָט מען געקײַכט בײַ דער טיר. יאָ, דאָ האָט זיך אַפּנים געעפנט אַ קינדער־גאָרטן.

— אַ פּרימאָרגן פאַר קליינוואַרג.

— העי, דו דרויבל, וואַהין? עמיצער האָט אָנגעכאַפּט ליאָווקען בײַם קאָלנער פון דער פּאַלטאָ.

— לאָז אָפּ — ליאָווקע האָט געפּרוווט זיך אַרויסדרייען. איך ווייס נישט מיט וואָס ס׳וואָלט זיך געווען געענדיקט, ווען אַהינטער אונדז וואָלט זיך נישט געווען באַוויזן קלאַרעלע.

— חברה, לאָזט ביטע אַדורך! האָט זי אַ צוויטשער געטאָן.

— אָט אַ קראַסאָטקע![1] ערשטער סאָרט!

— אַ מיידעלע אַזוינס ווי אַזעלכעס!

די אויסגעשרייען זענען געגאַנגען אויף קלאַרעס אַדרעס, נאָר קלאַרקע, אַדורכשפּרינגענדיק פאָרויס, איז אַרײַנגעגאַנגען גלײַך נאָך אונדז, מיט עפּעס איינעם אַ לאַנגן בחור.

אין האָל האָבן זיך גרויסאַדלדיק אויסגעטאָן די איינגעלאַדענע.

— לילקע, און דײַן פּאַלטאָ וועט מען נישט אָפּטאָרען, ס׳איז דאָך אַ נײַע? — האָט מיר אַ שושקע געטאָן ליאָווקע.

— וואָס רעדסטו, בײַ אונדז אויף די אָוונטן איז נאָך אַזעלכעס נישט געווען.

איך האָב ווידער אָפּגעקנאַקט אַ ליגן, ווײַל כ׳האָב נישט געהאַט קײַן שום פאָרשטעלונג וואָס ס׳געשעט און וואָס ס׳געשעט נישט אויף אונדזערע אָוונטן.

אין זאַל איז געווען ענג, דושנע און טומלדיק. דעם פאָרטראַג אויף דער טעמע „וועגן פרײַנדשאַפט און ליבע" האָט קיינער נישט געהערט. דער

---

1 קראַסאָטקע — אין רוסיש: יפהפיה.

פּאַרטרעגער, וועלכער איז ספּעציעל פון ערגעצוווּ אײַנגעלאַדן געוואָרן, האָט זיך די גאַנצע צײַט געווענדעט נאָר צו דער ערשטער רײ, ווו עס זענען געזעסן די לערערס. ער האָט געלייענט נודנע, מאָנאָטאָן און עפּעס נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען מיניגען און פּאָזשאַרסקין.[1] צו דער ליבע, דוכט מיר, האָט ער טאַקע זיך נישט דערקליבן.

מיר, איך און ליאָווקע, זענען געזעסן ווי פריטשמעליעטע. עס האָבן געריגען פון אונדז ריטשקעס שווייס. נאָר לויטן טאַראַראַם פון די פונאַנדער־גערוקטע בענקלעך האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דער פּאַרטראַג איז געענדיקט.

דער קאָנצערט איז געווען אַ קורצער, מיר האָבןביידע אַפילו נישט באַוויזן צו פאַרכאַפּן אונדזערע ערטער, און אַזוי זענען מיר אָפּגעשטאַנען נעבן דער וואַנט.

— חברים שילער, — האָט זיך געווענדעט צו אונדז טאַטיאַנע אַלעק־סייעווּנע, אונדזער פיזיקערין, די הויפּט אויפזעערין פונעם אָוונט, — און איצט וועלן מיר רואיק און אָרגאַניזירט טאַנצן.

די ראַדיאָלע[2] האָט אַ כריפּע געטאָן, זיך אָפּגעשטעלט, נאָכאַמאָל אַ כריפּע געטאָן, און מיטאַמאָל האָט זי אַ רעווע געטאָן „דעם גיכן טאַנץ" — הויך, שאַרף און אומדערוואַרטעט. איך און ליאָווקע האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט אין מיטן זאַל, און אַרום אונדז האָבן זיך שוין געשטופּט טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

— אָט, זיך אָוועקגעשטעלט ווי פאַרשטיינערטע...

— קינדערלעך, איר טאַנצט נישט — לאָזט כאָטש אַנדערע זיך אַ דריי טאָן.

איך האָב אַ שלעפּ געטאָן ליאָווקען צו די טירן, נעבן וועלכע עס זענען געזעסן אויסגעזעצט אויף בענקלעך די לערער אונדזערע וועלכע האָבן נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זייערע וויכאָוואַניטשקעס. ביים אַרויסגאַנג האָט אונדז אַדורכגענומען מיט איר קוק טאַטיאַנע אַלעקסייעווּנע. אירע אויגן האָבן ווי געזאָגט: „אויף די אָוונטן גייסטו, נאָר פיזיקע לערנען — סטײַעט דיר נישט קיין צײַט". און אפשר, האָט זיך עס מיר נאָר אויסגעוויזן?

1 מינין און פּאָזשאַרסקי — רוסישע פּאַרצײַטישע פאָלקס־העלדן.
2 ראַדיאָלע — יידיש: טייפּרעקאָרדער.

— פּר־פּו! — ענדלעך האָבן מיר זיך דורכגעשלאָגן אין האָל.

— נו, פּיפּין, דו ביסט אַ גוטער חזיר, — האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר מײַן „אײַנגעלאַדענער". — פאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט אַז ס'וועט זײַן אַ קינאָ?

ליאָוּוקע איז אַוודאי געווען גערעכט, נאָר אָנערקענען איצט אַז איך בין די שולדיקע האָב איך אויך נישט געקענט.

— און דו, טאַראַקאַן, צעלאָז דיך נישט מיט די צונעמען. אפשר האָב איך גאָר געטראַכט, אַז ס'וועט יאָ זײַן קינאָ? אפשר, האָט אים אונדזער „טיאָטיע לאָשאַד" אָפּגעשאַפן.

— „געטראַכט"! דו האָסט גאָרנישט נישט געטראַכט!

— ליליטשקע, — איז אַרויסגעפלויגן פונעם זאַל קלאַרע. — איר זענט אויך דאָ. באַקען מיך מיט דײַן פרײַנד.

— ליאָווע — האָט אַ בורטשע געטאָן ליאָוּוקע.

— זייער אָנגענעם. קולאַקאָוואַ קלאַראַ. עס געפעלט אײַך בײַ אונדז?

— ממ, — האָט אַ מרוקע געטאָן ליאָווע.

— און פאַרוואָס טאַנצט איר נישט?

— און וואָס איז דײַן עסק? — האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן ליאָוּוקע.

— איר זענט פשוט שלעכט דערצויגן! — קלאַרע אַ דריי טוענדיק זיך אויף די קנאָפּעלעך, איז אַן אָנגעבלאָזענע אַוועק אין זאַל.

— ליאָוּוקע, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן?! וואָס וועל איך איצטער זאָגן די מיידלעך?

— איך בין גרייט געווען זיך צו צערעווען... אויף אַ קול...

— נו אײַך אַלע... — ליאָוּוקע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן לויפן מיט די טרעפּ אַראָפּ.

איך האָב אויסגעוואַרט, ביז עס האָבן זיך שוין נישט געהערט זײַנע טריט, און פּאַמעלעך, ציילנדיק די טרעפּ, כ'ווייס נישט צוליב וואָס? — האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט צום גאַרדעראָב. גוט, וואָס אין יענעם אָוונט זענען נישט געווען דערנעבן נישט קײַן שיכּורים, נישט קײַן כוליגאַנעס, נישט קײַן דעזאָרגאַניזאַטאָרן: אַהיים בין איך פונדעסטוועגן געגאַנגען אַליין. ...עס זענען אַריבער צוויי וואָכן. איך מיט ליאָוּוקען האָבן נישט גערעדט,

מיר האָבן זיך נישט געגרוסט, מיר האָבן זיך נישט אומגעקוקט אייבער אויף דעם אַנדערן.

...איינמאָל האָט עמיצער שטיל אָנגעקלאַפּט צו אונדז, גלײַך ווי מ'וואָלט אַ גראַבל געטאָן די טיר.

— מען מעג? שלום. — ליאָווקע איז אַרײַנגעקומען און אַנטשוויגן געוואָרן.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער קעשענע אַ פּאַפּיר צונויפגעלייגט אין צווייען.

— ליליע, איך בין געקומען דיך אײַנלאַדן צו אונדז אויפן אָוונט פון די זיבעטע־צענטע קלאַסן. געווידמעט דעם טאָג פון דער סאָוועטישער אַרמיי. שבת...

דער נישט געצוימטער, צעבויטעטער ליאָווקע האָט איצט גערעדט, גלײַך ווי ער זאָל האָבן געלייענט אַ זאַץ נאָך אַ זאַץ פונעם לערנביכל.

— אָט האָסטו דיר אַן אײַנלאַדונג...

— אַהאַ, און בילעטן טאַקע אמתע! — איך האָב איבערגעלייענט: „געשעצטער חבר!" „געשעצטער", און נישט אַזוי פּשוט. דעם בילעט האָב איך באַהאַלטן.

— אַלצאיינס וועל איך נישט גייען. וואָס וועל איך דאָרט טוען, אין דער מענער־שול, איך בין שוין זאַט פון אונדזער אָוונט.

— נו, ווייסט ליליקע, דו וואָלסט בעסער געשוויגן. — ליאָווקע האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן דעם אָפיציעלן טאָן. — כ'האָב טאַקע איבערגעכאַפּט דעמאָלט אַ ביסל מיט אָט יענעם מיידעלע, אָבער וואָס איז זי געקראָכן און טאַקע דו אויך? פאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? אפשר, וואָלט איך אַזוי אויך געוועןגעגאַנגען.

— וואָלסט געווען געגאַן, אַוודאי! און וואָס וועט זײַן בײַ אײַך אויפן אָוונט?

— בײַ אונדז וועט האַלטן אַ רעפעראַט די רוסאַטשקע אונדזערע. דו ווייסט ווי אַזוי שיין זי דערציילט! אַ קאָנצערט — איינער אין דער וועלט. איך בין געוווען אויף דער רעפּעטיציע. איך לייען דאָך אויך אַ ליד. און נאָכן קאָנצערט... נו די... מיט איין וואָרט, טענץ! נו, דו וועסט קומען צי ניין?

— מירן זען.

איך בין געגאַן צו ליאָווקען אין שול. דער אָוונט איז טאַקע געווען אַן אינטערעסאַנטער. און דערנאָך זענען מיר ווי פריִער געגאַנגען אין די פרי־מאָרגנס אינאיינעם מיט אים אין שול אַריַין „ביז צום סאַמע עק״ (אמת, אויף אַ געננוגער שטרעקע איינער פון אַנדערן). נאָך די לימודים פלעגן מיר זיך באַגעגענען, זיך געקריגט, איבערגעבעטן. אין כאַפּערלעך האָבן מיר שוין אינגאַנצן אויפגעהערט צו שפּילן און אַלץ זעלטענער האָבן מיר אָנגערופן איינער דעם אַנדערן „פּיפּין דער קורצער״ און „לעוואַן — טאַראַקאַן״.

# די פּאַנאַטיקערין

דאָס אַלץ איז זיך פֿאַרלאָפֿן, ווען איך בין געווען אַ שילערין פֿון צענטן קלאַס פֿון אַ מיידלשער שול. איצט בין איך שוין אַליין אַ לערערין. ווען עס דוכט זיך מיר אַמאָל — איך קאָן ניט געפֿונען קיין וועג צו די קינדערשע הערצער, דערמאָן איך זיך ווידער אָן דער ניט גאָר אַלטער געשיכטע, וואָס ווערט דאָ דערציילט, און ס'ווערט לײַכטער אויפֿן האַרצן.

1

דערפֿאַרענע און געניטע פּעדאַגאָגן האָבן אַזוי געזאָגט וועגן אונדז:

— פֿייזיקע מיידלעך, אויסגעשפּילטע, נאָר דער קלאַס איז אַ שווערער.

— אַ האַרט ניסל ניט אײַנצובײַסן.

נײַע פּעדאַגאָגן פֿלעגן אַרײַנקומען צו אונדז מיט פּאַראַדאַקט און מיט אַ גרייט שמייכעלע אויף די ליפּן:

— אַ גוט־מאָרגן, מיידלעך! לאָמיר זיך באַקענען. מע רופֿט מיך ציליע אַבראַמאָוונע (אָדער קלאַוודיאַ אַנדרייעוונאַ, אָדער מיכאַיל דאַווידאָוויטש. פֿאַריקן יאָר האָבן אויפֿן לימוד פֿון פֿיזיק בײַ אונדז זיך געביטן פֿיר לערער). איר דאַרפֿט וויסן, מיידלעך, אַז איר זײַט שוין ניט קיין שילערינס פֿונעם זעקסטן קלאַס (אָדער פֿונעם זיבעטן, פֿונעם אַכטן א.א.וו.). הײַנטיקס יאָר וועט אײַך אויסקומען צו לערנען אַ סאַך און אָנגעשטרענגט.

— אַ געדולע, אַ גרויסע, — האָט עמעצער אַ כיכיקע געטאָן.

— יאָ אַ געדולע, נישט קיין געדולע, אָבער לערנען זיך דאַרף מען שטענדיק מיט פֿלײַס.

אייניקע לערער, פֿאַרקערט, האָבן פּשוט געפּרוווט מאַכן זיך ניט ווויסנדיק, ווי אײנער זאָגט: „רעדט אײַך, קינדערלעך, וויפֿל אײַער האַרץ גלוסט, איר וועט במילא מוזן טאָן דאָס, וואָס מיר וועלן הייסן".

— אַלזאָ, וואָס איז אַזוינס פיזיק?

דער קלאַס האָט געשוויגן, גלײַך ער וואָלט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער.

— פיזיק — דאָס איז די לערע וועגן אַלגעמיינע אייגנשאַפטן און געזעצן...

— שטאַרק אינטערעסאַנט...

— די לערע וועגן אַלגעמיינע אייגנשאַפטן און געזעצן...

געוויינליך האָבן די לערער פון פיזיק מער פון איין סימעסטער אין אונדזער קלאַס ניט אויסגעהאַלטן. ווי געזאָגט איז דאָס געווען אַ קלאַס פון געראָטענע און פײַנקע מיידלעך. אַפּאָנעם דערפאַר טאַקע האָט די דירעקציע פון דער שול ניט אָנגעווענדט צו אונדז קיין האַרבע מיטלען. (אַך! ווי איז עס גאָר געהערט געוואָרן, מע זאָל אויסשליסן שילערינס, און נאָך געראָטענע דערצו?).

מיט פיזיק האָט בײַ אונדז געהאַלטן שלעכט. באַזונדערס אין די עלטערע קלאַסן. אמת, איין אַכטן איז געווען אַ לערער, וויקטאָר וויקטאָראָוויטש, וועמענס לעקציעס מיר האָבן זייער ליב געהאַט. דאַרף גראָד אויף אונדזער מזל טרעפן, אַז ער ווערט קראַנק און גייט אַוועק פון דער שול. דערנאָך איז אַוועק אַ גאַנג. די לערער פון פיזיק האָבן זיך געננומען בײַטן כמעט יעדן קוואַרטאַל. אין נײַנטן קלאַס, סוף צווייטן סעמעסטער, זײַנען מיר באַגליקט געוואָרן מיט אַ נײַער לערערין — אָלגאַ אַנדרייעוונאַ.

דאָס איז געווען אַ שטאַלטנע, שיינע פרוי, פאַרפּוצט, ווי מע זאָגט, אין פאַווע פעדערן. געוויינלעך פלעגט אָלגאַ אַנדרייעוונאַ זיך באַווײַזן אין קלאַס אַ מינוט נאָכן קלונג. רויִק פלעגט זי אָפּמערקן די אָפּוועזנדיקע שילערינס און אַרויסרופן צום טאָוול, איינע נאָך דער אַנדערער, דרײַ מיידלעך נאָכאַנאַנד. ווען זי האָט מטריח געווען די דריטע, פלעגט שוין דער קלאַס פאַרמאַכן די לערנביכער, פרײַ אָפּאָטעמען און זיך רויִק נעמען גרייטן צום קומענדיקן לימוד. אָלגאַ אַנדרייעוונאַ פלעגט געוויינלעך שטעלן איין דרײַ און צוויי פירן — אָדער, פאַרקערט, איין פיר און צוויי דרײַען: פינפן האָבן באַקומען נאָר די אויסגעשפּילטע שילערינס, און וועגן צווייען האָט כמעט קיין רייד ניט געקענט זײַן. זעט אויס אַז אָלגאַ אַנדרייעוונאַ

האָט זייער געשאַנעוועט איר געזונט און איר שיינקייט. זי פּלעגט זעלטן אויפשטיין פונעם אָרט, קיינמאָל ניט אויפהייבן די שטים. פון אונדז האָט זי געפאָדערט נאָר איין זאַך — רויִקייט. וואָס־וואָס, נאָר אויף אירע לעקציעס האָט געהערשט אַן אידעאַלע שטילקייט! יעדע שילערין האָט זיך פאַרנומען מיט וואָס איר האַרץ האָט געגלוסט. ווער עס האָט איבערגעשריבן ביַי איר שכינה אַ געאָמעטרישע אויפגאַבע, ווער עס האָט שטילערהייט געמאָלע־גיירעט געשיכטע, און ווער עס האָט גאָר געשפּילט אין „ים־שלאַכטן".

געענדיקט מיטן אויספרעגן, האָט זיך אָלגאַ אַנדרייעוונאַ גענומען, ניט געכאַפּט, דערקלערן דעם נײַעם מאַטעריאַל: עפּעס אָנגעשריבן אויפן טאָוול, געבראַכט פאָרמולעס, געמאַכט אויספירן. דערבײַ פלעגט זי אַפילו קײַן קוק ניט טאָן אויפן קלאַס, גלײַך עס וואָלטן דאָ געווען נאָר זייביידע — זי און דער טאָוול. דרײַ מינוט פאַרן קלונג פלעגט זי זאָגן:

— אַלע עפענען די לערנביכער אויף זײַט 136. געפונען? אַלזאָ, ביז זײַט 138. מײַנע טײַערע, באַמיט זיך אַליין פונאַנדערקלײַבן. דער מאַטעריאַל איז נישט קײַן שווערער.

און — אין איין אויגנבליק פלעגט זי פאַרשווינדן.

אַ קול האָט די אָלגאַ געהאַט אַ רויִקס, אַ גלײַכמעסיקס, איך וואָלט זאָגן אַפילו אַ סאַמעטנס. שטעלנדיק עמעצן אַ צוויי, פלעגט זי קוקן שמערצליך אויף דער „אומגליקליכער".

— ווען אויף דער לעקציע פון פיזיק פלעגט דאַרפן עמיצער קומען — דער זאַוווטש [1] אָדער דער אינספּעקטאָר, פלעגט אָלגאַ אַנדרייעוונאַ זיך אָנטאָן אין טונקל־בלויען, שטרענג ענגלישן קאָסטיום, וועלכער איז געליגן ווי אויסגעגאָסן אויף איר שלאַנקער פיגור. זי האָט אויך געבראַכט מיט זיך אָן אַ שיער פיזיק־מכשירים, וועלכע מיר האָבן ביז דעמאָלט אַפילו ניט געזען, און אַרויסגערופן צום טאָוול די בעסטע שילערינס. זי פלעגט מיט אַ פריילעכער מינע דעמאָנסטרירן פאַרשיידענע עקספּערימענטן און אַ אויפגעהײַטערטע דערקלערן דעם נײַעם מאַטעריאַל. מיר פלעגן אַזש ניט איבערשרײַבן די אויפגאַבן אויף געאָמעטריע.

---

1 פאַרוואַלטער פון לערן־אָפּטייל.

וואָס איז דאָ צו ריידן, די לעקציע פלעגט דורכגיין אויפן בעסטן אופן...
דער זאַוווטש האָט צופרידן געשמייכלט, גלעטנדיק זיך דאָס פּליכל, און
ניט געזשאַלעוועט קיין שבחים. אויך אָלגאַ אַנדרייעוונאַ איז געווען צופרידן,
מיט אַ קול־גאָלע פּאַטעקע. מיר זענען אַלע געקומען צו איין אויספיר:
נישקאָשע, מ׳קען מיט איר אויסקומען.

עפּעס איינמאָל האָט זיך אָלגאַ אַנדרייעוונאַ מודה געווען אַז דעם אמת
געזאָגט, האָט זי אין די יונגע יאָרן מער געצויגן צו הומאַניסטישע קעגנשטאַנדן,
נאָר ווייל אירע עלטערן זיינען געווען פיזיקער, האָט זי נישט געוואָלט ברעכן
די משפחה־טראַדיציע, כאָטש, לויט איר באַשיידענער מיינונג, איז פיזיק
גיכער אַ מאַנצבילשע פּראָפעסיע, פאַרשטייט זיך, אַז קענען פיזיק דאַרף
מען אויף אַזויפיל, אויף וויפל די פּראָגראַם פאָדערט, נאָר, ווי איר איז
באַוווסט, איז דער חן פון אַ פרוי נאָך קיין מאָל ניט געמינערט געוואָרן
פון ניט קענען קיין פיזיק.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען אַלע ווי איין מענטש מסכים געווען מיט
אונדזער געניטער לערערין.

זומער־צייט האָט זיך אָלגאַ אַנדרייעוונאַ אין איינעם אַ טאָג גאָר וואַרעם
צעזעגנט מיט אונדז:

— מיינע טייערע, איך מוז זיך שיידן מיט אייך. מ׳האָט מיין מאַן
אַריבערגעפירט אויף אַרבעט קיין לענינגראַד.

און מיר האָבן רויק, אַפילו אָן אַ שאָטן פון באַדויערונג, באַגלייט די
דאָזיקע לערערין אונדזערע און מיט באַרעכטיקטן נייגיר גענומען וואַרטן
אויפן נייעם פיזיקער.

2

דאָס נייע לערניאָר האָט זיך אָנגעהויבן זייער פּייערלעך. אויף דער
מסיבה האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז דער צענטער קלאַס איז דער אַנט־
שיידנדיקסטער אין אונדזער לעבן, אַז מע באַדאַרף מיט אומגעהייערן פלייס
באַהערשן אַלע וויסנשאַפטן, מע דאַרף סיסטעמאַטיש איבערחזרען דעם
פריערדיקן מאַטעריאַל, מע דאַרף... אָך, גאָט מיין גאָט, עס איז דען דאָ
אַ שיעור צום דאַרפן?! מיר זיינען געשטאַנען אַלע זייער סטאַטעטשנע,

איך וואָלט אַפּילו געזאָגט, אַביסל אָנגעגווידערט... אמת, די אַכטע און נײַנטע קלאַסן האָבן געקוקט אויף אונדז מיט איראָניע, דערפֿאַר האָבן מיר זיך ממש געשמאָלצן פֿון די באַגײַסטערטע בליקן, וואָס ס'האָבן אויף אונדז געוואָרפֿן דאָס קלײנוואַרג.

עס זײַנען פֿאַריבער גאַנצע צוויי וואָכן... מיר האָבן שוין באַוויזן זיך צוגעוווינען דערצו, אַז מיר זײַנען דער אַרויסלאָז־קלאַס, און אויך דערצו, אַז אויף דער לעקציע פֿון פֿיזיק מאַרשירן מיר פֿריילעך אַהיים. ערשט סוף דריטע וואָך האָט זיך אין קלאַס באַוויזן אונדזער זאַוווטש.

— הערט מיידלעך, באַלד וועט קומען צו אײַך אַ נײַער לערער פֿון פֿיזיק. זעט, פֿאַרשעמט ניט דעם נאָמען „צענטער קלאַס". — אָפּגעזאָגט זײַנס, איז ער אַוועק.

— ביטער, קינדער, ביטער. אַ סוף צום גאָלדענעם לעבן.

— אינטערעסאַנט, ער איז אַ יונגער צי אַן אַלטער?

— ווען וואָס, סימען ליגט אירס אין זינען...

— שאַ! ער גייט...

די טיר האָט עפּעס מאָדנע אַ פֿראַל געטאָן, און אין קלאַס איז אַרײַן פֿײַל־אויסן־בויגן, טאַקע נאָר ווי אַרײַנגעריסן, אַ קלײנע פֿרוי, אַ קאַנטיקע, אַ דאַרע, אַ רירעוודיקע, אַ שטיק קוועקזילבער. ווי פֿון זיך אַליין האָט זיך געעפֿנט דער זשורנאַל, ס'האָט זיך באַוויזן אַן אויטאָמאַטיש הענטל, פֿלינק האָט זי אַ שלעפּ געטאָן אַ בענקל, אויף וועלכן זי האָט, קאַנטיק, אַפֿילו זיך ניט געקלויבן זיצן.

— אַ גוט־מאָרגן, זיצט. דאָס בין איך אײַער לערערין פֿון פֿיזיק. און וואָס אַזוינס איז פֿיזיק, ווייסט איר?...

דער קלאַס איז ווי פֿאַרשטײנערט געוואָרן. מיר זײַנען געווען געוווינט, אַז אויף דער באַקאַנטשאַפֿט זאָל אַוועקגיין די גאַנצע לעקציע, און נאָ דיר גאָר: „וואָס איז אַזוינס פֿיזיק?"

— נו, ווער וועט זאָגן? קיינער ניט?

די שטענדיק געוואַגטע ראַיסע טשערביצקע, דער קינפּטיקער שטערן פֿון די „פּינקטלעכע וויסנשאַפֿטן", האָט ציטערנדיק, אויפֿגעהויבן די האַנט.

— איר ווילט ענטפֿערן? נו רעדט.

— פיזיק — דאָס איז די לערע וועגן די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן און געזעצן...

— אַ פּוסטע מעשׂה! זיצט!

— ??

מיר זײַנען אַלע געבליבן זיצן פאַרשטאַרטע.

— פיזיק... דאָס איז אַלץ. יאָ, יאָ! אַלץ! איר לייענט בײַ אַ טישלאָמפּ. איר פּרעסט מיט אַ פּרעסל. איר האָט ליב צו הערן ראַדיאָ, איר רעדט דורכן טעלעפאָן. יאָ, יאָ, דורכן טעלעפאָן! און מיט אַן אַעראָפּלאַן זײַט איר מן הסתּם שוין אויך געפלויגן? און מיטן צוג זײַט איר געוויס געפאָרן? און אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען אין יעדער דירה וועט זײַן אַ קילקאַסטן, אַ שטויב־זויגער, אַ טעלעוויזיע, וואָס וועט איר דעמאָלט זאָגן, האַ? איך פרעג אײַך, יאָ, אײַך פרעג איך! דעמאָלט וועט איר אויך אָפּזאָגן „דאָס לידל", אַז פיזיק — דאָס איז די לערע וועגן אַלגעמיינע אייגנשאַפטן און געזעצן?...

— האָט אונדזער פיזיקערין, נאָכקרימענדיק מיט אַ באַזונדער מין געשיקט־קייט ראַיסען, אויסגעשאָסן. זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט, גלײַך זי וואָלט וועלן איבערכאַפּן דעם אָטעם, און מיט אַ באַדויערנדיקן בליק באַטראַכט דעם קלאַס אונדזערן. — עס איז ניט ווײַט דער טאָג, ווען דער מענטש וועט פליִען צו אַנדערע פּלאַנעטן. מיט אַ יאָר שפּעטער צי מיט אַ יאָר פריִער, נאָר ער וועט פליִען, אין דעם צווייפל איך ניט! און דער מענטש וועט זיך דערוויסן אַזוינס, וואָס איז נאָך דערווײַל ניט פאַראַן אין קיין שום לערנבוך. און איר זאָגט: „פיזיק — דאָס איז אַ לערע"... ניין, פיזיק — דאָס איז דאָס לעבן אַליין!

אַ מאָדנער מענטש...

אונדזער נײַע לערערין (איר נאָמען און פאָטערס נאָמען האָט זי אונדז נאָך ניט געזאָגט) איז אָנגעטאָן זייער אויסטערליש: אַ לאַנג ברוינלעך קלייד מיט פאַרוועלקטע קווייטעלעך און רעדעלעך. זי איז אַפילו נידעריקער פון אונדזער דרויבעלע לענע גראַמאָווע, אין דעם לאַנגן קלייד זעט זי אויס נאָך קלענער. אויף די פיס טראָגט זי גרויסע, משונהדיקע פאַנטאָפל מיט שפּראָנ־טשעקעס, אויף קליינע קנאָפּעלעך, ווײַסע שקאַרפּעטקעס מיט פאַרשיידענע שטרײַפעלעך.

דאָס נעזל איז בײַ אונדזער לערערין אַ שאַרפֿס, די ליפּן — פֿאַרשנו־רעוועטע און שאַרפֿע, אינגאַנצן איז זי אַ שאַרפֿע, און די ווערטער באַקומען זיך בײַ איר אויך שאַרפֿע, ווי אַ גאָלמעסער. דער דינער שוואַרצער צאָפּ איז פֿאַרפּלאָכטן ווי אַ קרוין, כּדי זי זאָל אויסזען כאָטש אַביסל העכער.

יאָ, קיין שיינע איז זי ניט, אונדזער פֿיזיקערין.

דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטאָן אַזוי גיך און אומדערוואַרט, ווי קיינמאָל ניט.

שוין? דער קלינג? נו, האָבן מיר זיך פֿאַרעדט, — האָט זיך מיטאַמאָל גאָר צעשמייכלט אונדזער פֿיזיקערין. אַ שמייכל, לאָזט זיך אויס, האָט זי אַ וווּנדערלעכן! דאָס שאַרפֿע נעזל גיט זיך עפּעס אַזוי קינדעריש, קאַטאָוועס־דיק אַ קנייטש, די ליפּן ווערן קײַלעכיק, ווי אַ קאָפּיקע, און די שוואַרצע אויגן באַקומען אַלע זיבן חיינען. אין דער רגע זעט זי אויס אַפֿילו שיין.

— קײַן נײַעם מאַטעריאַל וועל איך אײַך ניט פֿאָרגעבן, אָבער די לעצטע אָפּטיילן פֿונעם נײַנטן קלאַס וועל איך אײַך פֿרעגן. אויף ווידערזען.

— און וויאַזוי רופֿט מען אײַך? — האָט עמעצער ניט אויסגעהאַלטן.

— ווי מער רופֿט מיך? — האָט איבערגעפֿרעגט אַ פֿאַרחידושטע די לע־רערין, — האַ, ווי מען רופֿט מיך, הייסט עס? נו, טאַיִסאַ אַקימאָוונאַ.

און דאָס קליינע פֿיגורל אין די גרויסע שיך מיט די שפּראָנטשקעס און אין די ווײַסע שקאַרפּעטן מיט די פֿאַרשידענע שטרײַפֿלעך פֿאַרשווינדט אויגנבליקלעך. איידער מיר קומען צו זיך, זיצן מיר אַ היפּש שטיקל צײַט און שווײַגן.

3

אונדזערע „קענטענישן" ד.ה. דאָס, וואָס איז בײַ אונדז געבליבן אין קאָפּ פֿונעם נײַנטן קלאַס, האָבן געמאַכט אויף אונדזער פֿיזיקערין אַ שוידערלעכן רושם. בלויז ראַיִסאַ טשערניצקע און נאָך אַ פּאָר שילערינס האָבן געענטפֿערט אַזוי זיך, די איבעריקע האָבן געשטאַמלט, געפּלאָנטערט, זיך געררויטלט און אַרויפֿגעוואָרפֿן די גאַנצע שולד אויף די לערער פֿון פֿיזיק, וועלכע האָבן זיך צו אָפֿט געביטן. אונדזער טאַיִסאַ אַקימאָוונאַ, איז נעבעך געזעסן אַ בלייכע, זיך אָנגעכאַפּט אַלעמאָל מיט ביידע הענט בײַם קאָפּ און געבראָקט צווייען

אויף לינקס און אויף רעכטס. אירע שוואַרצע, לענגלעכע אויגן זײַנען געוואָרן נאָך לענגער און שמעלער. יעדע איינע פון אונדז האָט געזען אין זיי צאָרן, מיטלייד און די סילועטן פון די צוקונפטיקע צווייען.

דער קלאַס האָט געפּיבערט. אַלע לעקציעס פון די קראַנק געוואָרענע לערער האָט מען געגומען פאַרבײַטן מיט פיזיק. צוגאָב־לימודים אויף פיזיק זײַנען געוואָרן אַ וואָכעדיקע זאַך, און דער גאַנצער קלאַס איז זיי מחויב געווען צו באַזוכן. אויף דער הפסקה האָט „טאַיִסע״ (אַזוי האָבן מיר זי שוין גענומען רופן צווישן זיך) אונדז כמעט ניט אַרויסגעלאָזט פון קלאַס, און מיר פלעגן שוין אַזוי מוזן זיצן, ביז דעם קומענדיקן לימוד.

טעאָרעטיש האָבן מיר זייער גוט באַנומען, אַז די בלויזן אין פיזיק זײַנען בײַ אונדז גרויס און ספּראַווען זיך מיט זיי נאָר אויף די לימודים איז אומ־מעגלעך, נאָר פּראַקטיש... פּראַקטיש זײַנען מיר געווען אויסער זיך, געשאָלטן די פיזיקערין אויף וואָס די וועלט שטייט און זיך געהאַלטן פאַר פאַרפאַלענע שלימזלניצעס.

אונדזער לערערין האָט ניט גערוט. אין שול האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַ ראַדיאָקרײַזל, אין וועלכן ס׳האָט זיך באַטייליקט פּריווויליק דער גאַנצער קלאַס: אייניקע, ווײַל זיי האָבן זיך ווירקלעך פאַראינטערעסירט מיט ראַדיאָ־טעכניק, אַנדערע — האָבן געוואָלט געפינען אַ וועג צו טאַיִסעס האַרץ. דער פיזיק־קאַבינעט, וועלכער איז אַ פאַרוואָרלאָזטער פריִער אויסגענוצט געוואָרן דורכצופירן רעפּעטיציעס פונעם דראַמקרײַז, איז איצט געוואָרן דער צענטער פון דער שול. טאַיִסאַ מיט אירע „הויפלײַט״ ראַיסאַ טשערנעצקאַ און לענע גראַמאַוואַ האָבן ניט אויפגעהערט דאָרט צו מײַסטרעווען. אין שול האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַן אייגענער ראַדיאָ נעץ. איין מאָל אין צוויי וואָכן האָבן מיר באַזוכט „דאָס קרײַזל פון די יונגע פיזיקער״ בײַם מלוכהשן אוניווערסי־טעט. אַלץ אָפטער האָט מען אָנגעהויבן אײַנצואָרדענען אין שול אָוונטן, געווידמעט דעם אָנדענק פון באַרימטע פיזיקער. יענע צײַט, ווען אָלגאַ אַנדרייעווגאַ האָט געפּרעפלט וועגן „ווײַבערישע״ און „מאַנצבילשע״ וויסנ־שאַפטן, האָט אונדז אויסגעזען, ווי אַ ווײַט־פאַרגאַנגענע עפּאָכע...

...און מיטאַמאָל איז אונדזער מאַנאָליטער צענטער קלאַס זיך צעפאַלן אויף צוויי שטרײַטנדיקע גרופּעס: אין שפּיץ פון טאַיִסעס פּילצאָליקע אָב־

הענגערינס איז געשטאַנען ראַיסאַ טשערנעצקע, אין שפּיץ פון אירע קעגנערס — סימע גאַלאַנקאָווו.

4

ווער ווייסט, וויפל ס'וואָלט זיך געוועט געצויגן אָט דער „בלוטיקער" קאַמף, ווען עס וואָלט זיך ניט אַרײַנגעמישט סילוויאַ גאַלאַנקאָוואַ. סילוויאַ, סימעס מאַמעלע, איז געווען ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך אויף די נעגאַטיווע העלדנס פון די גוט באַקאַנטע שוואַרץ־ווײַס דאַזירטע דערציילונגען.

דער מאַן אירער האָט פאַרנומען גאָר אַ הויכן אַמט, און סילוויאַ אַליין אַ געוועזענע טועריןן פונעם פּיאָנערן־פּאַלאַץ, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מבין אין פּעדאַגאָגיק. אַלס אַזעלכע האָט זי גאָר אויף אַן אַנדער מין אויפן גענומען דערציִען איר איין־און־איינציקע טאָכטער.

סימע איז געווען ניט קיין נאַריש מיידל, דערצו אַ גאַנץ פייִקע. מער פון אַלע קעגנשטאַנדן האָט זי ליב געהאַט ליטעראַטור; האָבנדיק אַ שיינע דיקציע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ צינגל אויף שרויפן, האָט זי געקענט דערציילן עפּעקטפול די לעקציע אַפילו דעמאָלט, ווען זי האָט קוים אַרײַנגעקוקט אין לערנבוך. סימע פלעגט שטענדיק אַנפירן מיט די קינסטלערישע פּראָגראַמען אויף אונדזערע שול־אָוונטן. אויף די לעקציעס פון מאַטעמאַטיק און פיזיק, פלעגט זי שרײַבן לידער וועגן דער „ליבע, וועלכע האָט ענדלעך אָנגעקלאַפּט אין טיר, נאָכדעם ווי כ'האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויף איר...

ניט איין לערער פלעגט שטעלן סימען פירן אויף מאַטעמאַטיק און פיזיק, כּדי ניט קאַליע מאַכן „דאָס אַלעגמיינע בילד" און כּדי ניט האָבן צו טאָן מיט איר קאַפּריזנע מאַמע.

סילוויאַ גאַלאַנקאָווע האָט געטראָגן אַ מענערישע פריזור, גערייכערט אַראָמאַטנע סיגאַרעטן, געקענט אַלע לערער, אַפילו פון די אָנפאַנגס־קלאַסן, לויט זייער נאָמען און פאָטערס נאָמען. זי פלעגט יאָר־יערלעך אויסגעווײַלט ווערן אין עלטערן־קאָמיטעט. גאַלאַנקאָוואַ איז שטענדיק געווען אין שפּיץ פון עפּעס אַ קאָמיסיע. גאַנצע טעג פלעגט זי זיצן אין לערער־קאַבינעט, ווי אַן אייגענער מענטש, און ממש בעטן זיך בײַ יעדן לערער, ער זאָל זיך באַציִען שטרענג צו איר טאָכטער...

אַט די קאָמעדיע האָט אָנגעהאַלטן נאָר ביז דעם טעכטערלס ערשטער דריי. דעמלט פלעגט סילוויאַ אָנהייבן נערוועז צו רייכערן, דערנאָך גוט־ברודעריש אַ נעם טאָן דעם „פאַרזינדיקטן" לערער אונטערן אָרעם און ריידן, ריידן:

פאַרשטייט מיך ריכטיק. איך פאַראורטייל שטרענג די עלטערן, וועלכע באַשולדיקן אין אַלץ די לערער. נאָר ביי יעלענאַ אַנדרייעוונאַ איז מיט מיין סימעלען אַזעלכס ניט געשען. דאָס איז ערשטע מאָל...

און דער לערער, אויב ער האָט נאָך ניט געוווּסט וועגן דער מאַמעס קונצן, איז געקומען צום טרויעריקן אויספיר, אַז זיין פאָרגייער איז, וויזט אויס, געווען מער באַהאַוונט אין פעדאַגאָגיק, ווי ער...

ווען סימע האָט באַקומען די ערשטע צוויי אויף פיזיק, האָט, פאַר־שטייט זיך, די מאַמע גאַלאַנקאָוואַ אויף אַלע הפסקות שפּאַצירט אונטערן אָרעם מיט אונדזער טאַיִסען, אָבער דער שפּאַציר, ווי אויך דער אָפנהאַר־ציקער שמועס פון „אַ פרוי מיט אַ פרוי", האָט אויף אַ האָר ניט געהאָלפן. ווען סימע האָט באַקומען די צווייטע צוויי, האָט סילוויאַ גאַלאַנקאָוואַ גאַנץ „צופעליק" זיך געטראָפן מיט אונדזער טאַיִסען ביים אַרויסגאַנג פון דער שול און זי שוין באַגלייט ביז צו דער היים. זי האָט זיך געפּרוּווט איבערצייגן אונדזער פיזיקערין, אַז איר סימעלע איז אַ נערוועז קינד, איז מער געצייט צו הומאַניסטישע וויסנשאַפטן, כאָטש זי זיצט איצט איבער פיזיק גאַנצע נעכט.

— אייער סימע איז אַ פויליאַטשקע! אַ מורהדיקע פוילעבצערין! חוץ דעם, האָט זי אַ נאַרישן שטאָלץ אין זיך! וואָס זאָג איך שטאָלץ, אַ מין פוסטע גאַווה. אויף די צוגאָב־לימודים קומט זי ניט. פון הילף זאָגט זי זיך אָפּ. זי האָט נאָר איין ענטפער: „איר טשעפּעט זיך צו מיר". עס איז דאָך אַן אומדערהערטע זאַך! יאָ, יאָ, אומדערהערט.

ווען טאַיִסיאַ אַקימאָוונאַ איז געווען אויפגערעגט, האָט זי שטענדיק צוויי מאָל איבערגעחזרט דעם סוף פון זאַץ. און איצט האָט זיך אויף דער אָרעמער מאַמען נעבעך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל קליינע, קורצע, שאַרף־שפּיצעכיקע פראַזעלעך.

גאַלאַנקאָוואַ האָט באַשלאָסן אויספירן אירס אויף אַן אַנדער אופן.

צו דער צײַט, ווען איר טעכטערל האָט באַקומען די דריטע צוויי, איז זי שוין געווען אינפאָרמירט, אַז אונדזער פיזיקערין ווינט איינע אַליין („קלאָר ווי דער טאָג, ס׳איז אַ פאַרזעסענע מויד״) און אַז מיט די שכנים האָט זי קײַן פרײַנטשאַפט ניט אָנגעקניפּט („אָט אַ מרשעת״) און אַז אין דעם הויז ווי זי ווױנט, ספּראַוועט זי זיך אַליין מיט דער עלעקטריק און אַפילו אין קיך הערט זי ניט אויף צו פּלוידערן וועגן פיזיק („ס׳אַראַ פאַנאַטיזם״).

סילוויע האָט געוווּסט, ווו אַ טיר עפנט זיך, זי איז געגאַן צום דירעקטאָר פון דער שול, צו פּילצאַליקע אינספּעקטאָרן, און מיטאַמאָל האָבן די לעקציעס פון פיזיק גענומען באַזוכן כלערליי קאָמיסיעס. פאַרשטייט זיך, אַז מיר, שילערינס, זײַנען געווען אין טויט־שרעק, האָבן געשטאַמלט און געענטפערט ערגער ווי אַלעמאָל.

גאָר אינגיכן האָט זיך אין קלאַס צווישן די אָפּגעשטאַנענע באַוויזן נאָך אַ קרבן פון דער „אַכזריותדיקער פאַנאַטיקערין״. גאַלאָטשקע איז געווען אַ גראַציעזע, צאַרט מיידל מיט גרויסע, שיינע אויגן און מיט אַ שוואַך, דין קולכל, פון קלאַס צו קלאַס פלעגט זי ממש איבערפּויזן מיט אַ נאַכשלעפּעניש פון האַרבסט־עקזאַמענעס.

זי האָט זיך מיט קיינעם ניט געחברט און מיט קיינעם ניט געקריגט. אויף די לימודים — קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקט. אויף די הפסקות איז זי געווען שטענדיק פאַרנומען מיט אַ היפּשן פרישטיק און אַ שקאַרמיץ מיט שאָקאָלאַד־קאָנפעטן. דיק איז זי ניט געוואָרן, פאַרקערט, זי האָט שטענדיק געהאַט אַן אויסגעבלייכטן אויסזען.

ווען מ׳פלעגט זי אַרויסרופן ענטפערן, פלעגט זי אויפשפּרונגען אַ דער־שראָקענע, אַ כאַפּ טאָן דאָס לערנבוך, פּיבערדיק מישן די זײַטלעך און שפּאַנען מיט שוואַכע טריט צום טאָוול. אַרויסשטאַמלענדיק צוויי־דרײַ ווער־טער, פלעגט זי מיט אַ פּײַנלעכן אויסדרוק אויפן פּנים אויפהייבן אירע פאַרבענקטע אויגן צו דער סטעליע, דערנאָך פלעגט זי זיך אָנכאַפּן אין דעם לערערס אַ זאַץ און אים ציִען ווי אַ טייגל, אַלץ כּדי צו געווינען צײַט.

און אַזוי מיטן „אייבערשטנס הילף״ פלעגט זיך גאַלאָטשקע אומקערן מיט אַ דרײַ. אָבער נישט תּמיד פלעגן געשען ניסים. דעמלט פלעגט גאַ־

לאָטשקע מיט פאַרגלאָצטע אויגן און וואַקלענדיקע טריט זיך צושאַרן צו איר אָרט, אָנמעכטיק אַ פאַל טאָן אויף דער באַנק, מיט גרויס אָנשטרענגונג אויפהייבן די האַנט און מ'האָט קוים געהערט איר קול:

— מע מעג אַרויסגיין? מיר איז זייער ניט גוט...

אייניקע לערער פלעגן זיך דערשרעקן און אַפילו שיקן נאָך וואַסער. דאַרף אָבער טרעפן אַ מייַסע, אַז אונדזער היסטאָריקער זאָל אַרויסלאָזן גאַלאָטשקען פון קלאַס אין אַ האַלב פאַרחלשטן צושטאַנד און שפּעטער אַ ביסל אויך אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע. פון בופעט איז צו אים דערגאַנגען אַ באַקאַנטע שטימע; די פאַרחלשטע גאַלאָטשקע האָט, קײַענדיק אויף ביידע באַקן, דערציילט דער בופעטשיצע דעם אינהאַלט פונעם לעצטן פילם. פון דעמלט אָן איז געקומען אַ סוף צו די חלושתן אין קאָרידאָר און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די האַרץ־אַטאַקעס אין קלאַס.

אויך טאַיִסאַ האָט בײַם אָנהויב געגלייבט, נאָר גלײַך נאָך דער צווייטער אַטאַקע, האָט זי געראַטן גאַלאָטשקען — תיכף גיין צום דאָקטער:

— אויב איר זײַט קראַנק, היילט זיך. גייט אַהיים, רופט אַרויס דעם דאָקטער. רוט זיך אויס. יאָ, יאָ! איר וועט קומען אין פיר טעג אַרום.

און אַ ווונק טוענדיק כיטרע צום קלאַס האָט זי צוגעגעבן:

— איר וועט, פאַרשטייט זיך, ברענגען אַ מעדיצינישע צײַגעניש.

פון דעמלט אָן האָט גאַלאָטשקע זיך פאַרלאָזט אַ פּנים פון אַ מאַרטירערין, זי האָט זיך אָפּט געשושקעט מיט סימעלען און זי מכבד געווען מיט שאָקאָלאַד־קאָנפעטן...

— אָרעם קינד, זי איז לעצטנס נאָך בלייכער געוואָרן, — האָט זי באַנעבעכט סילוויאַ, וועלכע האָט איבערגעלעבט ניט נאָר פאַר איר קינד, נאָר אויך פאַר פרעמדע.

אין איינעם אַ טאָג, איז צו אונדז אַרײַן דער לערער פון געשיכטע זאָגן אַז טאַיִסאַ אַקומאָוונאַ איז קראַנק געוואָרן, און פיזיק האָט מען פאַרביטן מיט געשיכטע.

די געווינלעכע פריידיקע אויסגעשרייען, וואָס באַגלייטן אַלעמאָל די ידיעה וועגן אַ פרײַער שעה, האָט מען דאָס מאָל ניט געהערט. דער קלאַס האָט געשוויגן.

אויף דער הפסקה האָט דער קלאַס געקאָכט, ווי אַ קעסל. ראַיסאַ איז אַוועק צום דירעקטאָר זיך דערוויסן טאַיסיעס אַדרעס. און דער קלאַס האָט ניט אויפגעהערט צו ליאַרמען.

5

אין אָוונט האָבן מיר לאַנג און מיט אַ באַזונדער פּאַרכטיקייט געריבן די שיך לעבן אַ הויכער אָפּגעבליאַקעוועטער טיר. דאָס צימער איז געווען אַן ענגס, אַזוי אַז מיר, די צען דעלעגאַטקעס פון קלאַס, האָבן זיך קוים אויסגעזעצט. אונדזער טאַיסאַ אַקימאָוונאַ אין אַן אַלט קאָפּטעלע, מיט אַ צעפלאָכטן צעפּעלע האָט אויסגעזען אַ סאַך ייִנגער ווי תּמיד. זי איז עפּעס געווען אונדז אי היימישער, אי פרעמדער. זי איז האַלב געליגן, האַלב געזעסן אין בעט. דערזען די גאַנצע כאָפּטע, האָט זי זיך מאָדנע קינדיש צעשמייכלט:

— נו, נו, זעצט זיך.

אונדזערע בליקן האָבן אַביסל פאַרשעמט אַרומגעבלאָנקעט איבער אַלע ווינקעלעך. דאָס צימער, וווּ עס וווינט אַ לערער (באַזונדערס, טאַיסעס צי־מער) דאַרף זיך דאָך מיט עפּעס אויסטיילן, ניין! דאָ איז אַלץ געווען אַזוי, ווי אין פיל אַנדערע צימערן. ניט מער, אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ פּאָרטרעט פון אַ בחור.

— דאָס איז מײַן זון. ער איז אַ פיזיקער. דאָ אויפן פּאָרטרעט איז ער נאָך אַ סטודענט, איצט איז ער שוין אַ וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער. ער איז ווײַט פונדאַנען. — זי האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן.

— ער האָט אויך באַקומען צוויייען אויף פיזיק?

טאַיסאַ אַקימאָוונאַ האָט זיך צעלאַכט:

— ער איז געווען באַשאָטן מיט צוויייען און דרײַען.

מיר האָבן געגומען דערציילן די שול־נײַעסן, אַרײַנגעפאַלן איינע דער אַנדערער אין די רייד. אומבאַמערקט זײַנען מיר אַריבער אויף די באַליבסטע ביכער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס סאַמע אָנגעלייגטע בוך בײַ טאַיסאַ אַקומאָוונאַן איז ניט „פיזיק”, נאָר גאָר „צוועלף שטולן”.[1] דעם אָוונט

[1] „צוועלף שטולן” — אַ באַרימט סאַטיריש בוך, פון צוויי רוסישע שרײַבער, אילף און פעטראָוו.

האָט מען גערעדט וועגן אַלץ, מיר האָבן זיך אַפילו דערוווּסט, אַז אונדזער טאַיִסאַ האָט מער פון אַלע קאָנפעקטן ליב די ווײַניקע באַרבאַריסן און אַז מיט דער צײַט וועט פון גאַלאָטשקען ווערן אַ לײַט. מיר האָבן געפילט אַז מיר זײַנען זיך צופיל פאַרזעסן נאָר קיינער פון אונדז האָט זיך ניט געקליבן גיין אַהיים.

— נו, מיידלעך, צײַט אַהיים, עס איז שוין שפּעט, — האָט באַפוילן טאַיִסאַ אַקימאָוונאַ. — גיט איבער אין קלאַס, אַז מע זאָל צוגרייטן צו דער קאָנטראָל־אַרבעט דעם לעצטן טייל. איך גלייב, אַז איך וועל זיך אינגיכן אויפהייבן. נו, אין אַ פינף טעג אַרום, ווי נאָר דאָס האַרץ וועט אויפהערן וואָיוּוען, איך וועל קומען, און דעמלט וועלן מיר יעדן טאָג האָבן אַ לימוד אויף פיזיק. בײַ אַלע לערער וועל איך אָפּנעמען מײַנע שעהן. און ברענגט מיר ניט, איך בעט אײַך, אַזויפיל אײַנגעמאַכטס, ווײַל איך וועל עס אָנהייבן עסן מיט אַ פּאָלאָנעק.

טאַיִסאַ אַקימאָוונאַ האָט אַ מאַך געטאָן צו אונדז מיט דער האַנט און מיד אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן קישן.

לעבן דער טיר זײַנען, ווי טרײַע וועכטער, געשטאַנען דער באַלעבאָסטעס פּאַנטאָפל... זיי זײַנען געווען גרייט צו יאָגן שוואַליאָם יעדע מינוט.

6

ערשט אין זיבעצן טעג אַרום האָט זיך טאַיִסאַ אַקימאָוונאַ אומגעקערט אין שול. און עס איז באַנײַעס אַוועק אַ גאַנג: לימודים, צוגאָב־לימודים, קאָנטראָל־אַרבעטן און פריש־צאַפּלדיקע צ ו ו י י ע ן. מיר האָבן געאויקעט און געקרעכצט, זיך גערוגזט און געלערנט פיזיק. און ניט איינמאָל האָבן מיר אי געשאָלטן, אי געבענטשט אונדזער אומרו — טאַיִסאַ אַקימאָוונאַן, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז איר לימוד איז דער נאַפּל פון דער וועלט.

# די באָבעשי מאַריע

א.

...אַלע — סײַ די זין, סײַ די שניר, שוין אָפּגערעדט פון אונדז, די שכנים אירע פון דעם שפּיטאָל־צימער, — ווייסן, אַז אירע טעג זענען געציילטע, אפשר וועט זי נאָך דערציִען אַ חודש־אַנדעהאַלבן. נאָר זי אַליין, די באָבעשי מאַריע, ווייסט נישט פון דעם גזר.

די באָבעשי מאַריע האָט מען געבראַכט אין שפּיטאָל מיט דער „גיכער הילף" אין איינע פון די נעכט, ווען די כירורגישע אָפּטיילונג דערמאָנט אין אַ גענעראַל־שטאַב אין סאַמע ברען פון שלאַכט. און כאָטש אונדזער צימער איז שוין, אַזוי צו זאָגן, אַ נאָך־אָפּעראַציעדיקע צימער, און מיר, די ערשטע, קוים פאַרצירעוועטע, נייטיקן זיך אין פולקאָמער רו, איז דווקא אין אָט אַזעלכע „וואַכע" נעכט טרייסלט מיט אונדז און מיט דער גאַנצער אָפּטיילונג ווי אין אַ בייניאָריק קדחת. אַלץ גייט דאָ כאַדאָראָם!

אונטער די פענצטער וואָיען אימהדיק די אָנקומענדיקע אַוטאָ־מאַשינען, אין קאָרידאָרן ברענען אַלע לאָמפּן, שטרענגע און כמורנע זענען די געזיכטער פון די דאָקטוירים־דעזשורער — מע זאָל אונדז, די „אַלטינקע", כאָטשבי שענקען אַ בליק, — עס אײַלן זיך איבער די שפּיטאָל־צימערן די באַנאַכטיקע שוועסטער. עס הערן זיך כליפּערײַען. עמעצן טראָגט מען שוין אונטער וואַלעריאַן־טראָפּנס...

— אַהער, אַהער, — באַפעלן די סאַמע רוּיקסטע מענטשן אין דער וועלט — די וואַכע שוועסטער. אין דער פּאַלאַטע קײַקלט זיך אַרײַן דאָס פּורעלע, און אויף דעם בעטל לאָדט מען אויס אַ שוועך־אָטעמדיקן, אַ פאַר־טשאַדעטן פון „נאַרקאָז", אַן אָקאָרשט אָפּערירטן חולה. דער קראַנקער קרעכצט און אויקעט, רופט עמעצן, און איבער דעם צימער צעטראָגט זיך

דער סאַמע אומדערטרעגלעכסטער גערוך — דער גערוך פון עפיר, דער אַליאַרמירנדיקער ריח פון דער כירורגיע.

אינדערפרי וועט שוין דער קראַנקער ביסלעכווײַז קומען צו זיך, וועט אויפהערן צו קרעכצן, לאַנג און שווײַגנדיק באַטראַכטן זײַנע שכנים און קוים־קוים באַגרײַפן, וואָס אייגנטלעך, איז זיך פאַרלאָפן מיט אים, און פאַרוואָס איז ער דאָ. דערנאָך וועט צו דעם חולה קומען דער טויט־מידער דאָקטער, וועלכער איז די גאַנצע נאַכט נישט אַרויסגעגאַנגען פון דעם אָפּעראַציע־אָפּטייל, און וועט מיט אַ מונטערער שטימע אים פרעגן:

— נו, ווי אַזוי פילן מיר זיך עפּעס, האַ?

און דעמלט וועט דער קראַנקער צום ערשטן מאָל אַ שמייכל טאָן, ערשט איצט וועט צו אים אויף אַן אמתן דערגיין, אַז פונדעסטוועגן לעבט ער, און אַז ער געפינט זיך אין דעם סאַמע וווּנדערלעכסטן שבווּנדערלעכסטן צימער אין דער וועלט, ווו אין די פענצטער כוואַליעט ממש די זון, אויף די שאַפּקעלעך ווימלט מיט פאַרשידענערליי באַנקעלעך און סלאָיקלעך זאַפטן פון געטראַנקען, און סאַמע לעבן די בלייכע אויערן־לעפלעך פּישטשען שלאַבעריקע ראַדיאָ־טרײַבלעך. דעמלט וועט דער קראַנקער פון פרייד זיך פאַרגיין אין אַ קינדערישן געוויין, שפּירנדיק מיט אַלע זײַנע צעבראָכענע אברים די פרייד פון אומקערן זיך „פון דאָרטן" אַהער... און כאָטש ס'ווילט זיך נישט דעם חולה באַטריבן זײַנע נאָענטע, נאָר אָפּזאָגן זיך פון די גע־בענזנדיקע טרערן איז ער אויך נישט בכוח, ווײַל זיי, די טרערן, זענען ווי אַ גרוס פון די ווײַטע קינדער־יאָרן, ווען די קריוודע איז שוין לאַנג אַדורך, און דו כליפּעסט נאָך, ווי דו זאָלסט זיך פעסטען פאַר זיך אַליין. און ס'איז דיר ליב, ווען דער מאַמעס האַנט גלעט דיך חרטהדיק איבערן קאָפּ.

מיט דער באַבעשי מאַריע איז פאָרגעקומען גאָר אַנדערש. מ'האָט זי אויך געבראַכט אין אונדזער פאַלאַטע אין יענער „וואַכער נאַכט", מ'האָט איר אויך אויסגעהערט דאָס האַרץ, אָפּגעמאָסטן דעם בלוט־דרוק, נאָר אָפּערירן האָט מען זי נישט אָפּערירט. די באַבעשי מאַריע איז געלעגן אַן אײַנגע־שרומפּענע אויף דעם טראַג־בעטל און יעמערלעך געשעפּטשעט:

— דאָריע... אָף מע דאָאָריע...![1]

1 מאָלדאַוויש: ס'טוט ווײ. אוי, ווי ס'טוט ווײ...

און אויפֿן צווייטן טאָג גאַנצפֿרי האָט זי זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם בעט, פֿאַרפֿלאָכטן איר מאָגער גראָוו צעפּל און, נאָכשלעפּנדיק די שפּיטאָלענע מעשטעס (ביידע אויפֿן רעכטן פֿוס), האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכן „דעם סאַמע גלאַוונע דאָקטער". אומגעקערט האָט זי זיך אָבער מיט דער וואַך־שוועסטער — די מומע דוסיע.

די מומע דוסיע האָט אַ שאָק מיט יאָרן אָפּגעאַרבעט אין דער כירורגיע און איז דעריבער געווען אין דער אָפּטיילונג דאָס אייבערשטע פֿונעם שטייסל. זי האָט באַפֿעלעריש געהערשט נישט נאָר איבער די יונגיטשקע פּריש־צאַפּלדיקע סאַניטאַרינס, נאָר אויך איבער די דערפֿאַרענע מיטליאָריקע מעדשוועסטער; אַפֿילו די דאָקטוירים פֿלעגט זי געבן עצות, און פֿון די קראַנקע איז שוין אָפּגערעדט...

— געגנוג, געגנוג שוין זיך געצויגן אויף די בעטלעך, — הילכט פֿון אינדערפֿרי אָן איר באַפֿעלעריש קול — ווער ס'אַ גייענדיקע — איז זיי זשע מוחל, הייב זיך אויף! און ווער ס'איז אַ ליגנדיקע, איז ליג דיר געזונטערהייט! און דו, טײַערינקע, שוין דעם דריטן מעת־לעת ווי דו האָסט זיך געספּראַוועט מיט דײַן אַפּענדיציט, און ליגן ליגסטו עפּעס טאָקע נאָר ווי אַ קלאָץ. איך וועל דיר דעם נאָכט טאָפּ נישט געבן, בעט מיך נישט, ווײַל ס'זענען אַרויסגעוואַר־פּענע רייד. אַזאַ פֿאַרשוינטע ווי דו, וואָלט זיך שוין לאַנג געדאַרפֿט אויפֿהייבן, אַ ריר טאָן מיט די פֿיס, אַניט וועט זיך בײַ דיר אינעווייניק אַלץ מיטאַנאַנדער צונויפֿוואַקסן, עס וועט ווערן איין קנויל, און דעמלט, ליבינקע, וועסטו אַ גאַנץ לעבן נישט אויפֿהערן צו נאַיען...

די קראַנקע, אַן אָנגעשראָקענע, פֿון דער מומע דוסיעס מענה־לשון, קרעכצנדיק און אָכקענדיק, שלעפּט זיך פֿאַמעלעך אַראָפּ פֿונעם בעט.

— אַזוי, אַזוי, שפּאַן פּאַוואָלינקע, — גראַגערט די מומע דוסיע, אַרויפֿ־וואַלגערנדיק ממש די קראַנקע צו זיך אויף דער פּלייצע, — וועסט זען, שפּעטער ס'טו מיר דאַנקען דערפֿאַר, און דו וועסט האָבן וואָס צו דערציילן: אַזוי און אַזוי, געווען אין שפּיטאָל איינע אַ קליפּה אַזאַ, אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק, האָט מען זי צו די צרות נאָך גערופֿן — מומע דוסיע...

איז אָנשטאָט אויף דעם פֿאַרוואַלטער פֿון דער אָפּטיילונג, האָט די באָבעשי מאַריע גראָדע אָנגעטראָפֿן אויף אָט דער מומע דוסיע. און דאָ

איז קלאָר געוואָרן, אַז די מומע דוסיע פאַרשטייט מאָלדאַוויש אַ וואָרט איבער צען. און די באָבעשי מאַריע — רוסיש, אַפילו אַזויפיל אויך נישט. איז שוין מיר, ווי דער נאָענטסטער שכנה פון מאַריע גאַווריליאָוונאַ, אויסגעקומען צו ווערן איר דאָלמעטשערין.

— דו זאָג איר, כ׳בעט דיך, טײַערינקע, דער שיינער דאָקטערשע, אַז מען זאָל מיך אָטפּראַווען אַהיים, — איז באַשטאַנען די באָבעשי מאַריע. — זאָג איר, אַז דאָס בין איך געקומען פונעם דאָרף צוגאַסט אַהער צו מײַן זון. מײַן זון איז דאָ אַ נאַטשאַלניק אויפן סאַמע גרעסטן זאַוואָד. נו, בין איך עס טאַקע צו אים געקומען צו פאָרן. איך האָב מיך פאַרבענקט נאָך די אייניקלעך מײַנע, שוין זיי נישט געזען כּמעט אַ קײַלעכיק יאָר, — אין דער באָבעשי מאַריעס קול האָבן זיך געהערט טרערן, — זאָג איר, אַז כ׳האָב אָן מײַן מאַן דרײַ זין אויפגעכאָוועט, זיי געמאַכט פאַר מענטשן, זיי חתונה געמאַכט. אַזוי, אַז איצטער האָב איך שוין פאַרן טויט אויך קײַן מורא נישט. און איך דאַרף נישט און איך וויל נישט הערן פון קײַן אָפּעראַציע.

— גאָט מײַן גאָט, אָט אַ דאָקוטשליווע אַלטע, האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר, — האָט געוואָרטשעט די מומע דוסיע, — וואָס בין איך עס איר דער „גלאַוונע״ ?...

נאָר דער באָבעשי מאַריע איז נישט געפעלן געוואָרן דער מומע דוסיעס טאָן. פון איר קול זענען תּיכּף פאַרשוווּנדן די טרערן, און זי האָט אומגעריכט אַ סמאַליע געטאָן מיט אירע מיטאַמאָל יונג געוואָרענע אויגן:

— זאָג נאָר, איך בעט דיך, וואָס וואָרטשעט זי דאָרטן?

— באָבעשי מאַריע, זי איז נישט קײַן דאָקטער — זי איז נישט מער ווי אַ שוועסטער.

— ע,ע,ע, — האָט עפּעס ווי אַ זינג געטאָן די באָבעשי מאַריע, — וואָסזשע פאַרדרייט איר מיר אַלע דעם קאָפּ? איז זאָגט זשע אַזוי!

דעם דאָקטער, וואָס האָט זי געהיילט, האָט מאַריע גאַווריליאָוונע דערציילט, אַלץ פון סאַמע אָנהייב. זי האָט אים געבעטן, ער זאָל זי אָפּלאָזן אַהיים: „ווײַל אַלצאיינס לײַדט זי שוין לאַנג מיט דער לעבער — זי האָט אין דער היים פאַרשידענע קרײַטעכצער געטרונקען, זיך אָפּגעהיט פון עסן פעטס, נאָר וואָס אַ טאָג איז איר געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. און אויב

ס׳איז איר באַשערט צו שטאַרבן, איז שוין בעסער אין דער היים, און נישט אויף אַ פרעמד בעטל אין שפּיטאָל״.

— ניין, מאַריע גאַווריליאָוונע, שטאַרבן וועלן מיר אײַך נישט לאָזן, אָבער אין אַן אַנדער צימער וועלן מיר אײַך איבערפירן, ווײַל דאָס דאָזיקע צימער איז פאַר די שוין אָפּערירטע.

נאָר די באָבעשי מאַריע האָט זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּגעזאָגט אָוועקצוגיין פון אונדז. זי האָט געטענהט, אַז היילן קאָן מען זי ווי מען וויל און ווי מען דאַרף, אָבער פון דעם צימער וועט זי זיך נישט רירן, ווײַל דאָ איז פאַראַן אַ סך זון און די מענטשן זענען גוטע.

ב.

...דאָס בין איך, הייסט עס, דער גוטער מענטש. אַזוי האָט באַשלאָסן די באָבעשי מאַריע. און זי איז זיך נישט טועה געווען. קיינמאָל אין לעבן האָב איך זיך און די אַרומיקע אַזוי נישט ליב געהאַט, ווי אין די לעצטע זיבן טעג. און בִּכלל פון איצט אָן און אויף ווײַטער וועל איך ציילן מײַן עלטער פון דעם טאָג פון דער אָפּעראַציע. ביז דעם טאָג זענען געווען עטלעכע אימהדיקע חדשים, די איבערפאַלן זענען געוואָרן אַלץ אָפטערע און אָפטערע, און די געזיכטער בײַ די דאָקטוירים אַלץ פאַרזאָרגטערע.

— איר זאָלט זיך נאָר נישט אַרײַננעמען אין קאָפּ, אַז ס׳גייט בײַ אײַך צו ערגערן — האָבן זיי מיר אײַנגעשמועסט, און וואָס מער זיי האָבן מיר פאַררעדט די ציין, אַלץ מער האָב איך געטראַכט פון סאַמע ערגסטן. און „דאָס סאַמע ערגסטע״ איז געווען אַזוי חשכותדיק, אַז ס׳איז געווען גרויליק זיך צו דערטראַכטן ביז צום סוף. עפּעס טאַקע נאָר ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן ווען איך פלעג ווי די ייִנגלעך פון אונדזער הויף זיך אַראָפּלאָזן אין גרוב. די הענט איבערן קאָפּ האָבן שוין פאַרלוירן דעם אָנלען, בשעת די פיס האָבן נאָכנישט דערגרייכט דעם גרונט...

אַלץ דאַרף אַנטשיידן די אָפּעראַציע, ווײַל צו לאַנג איז „דאָס בילד פון די איבערפאַלן״ געווען „נישט קיין טיפּיש״.

עטלעכע שעה פאַר דער אָפּעראַציע האָב איך זיך געפילט ווי אַן ענג צונויפגעדריקטע פּרוזשינע, און ס׳איז אוממעגלעך געווען אָפּצושטעלן אויף

עפּעס וואָס די געדאַנקען: זיי האָבן צעבויטעטע אַרומגעהאַוועט אימפּעטיק אין אַלע זײַטן און זענען עפּעס טאַקע נאָר ווי אָפּגעבריטע אָפּגעשפּרונגען פֿון דער היים, פֿון די נאָענטע, פֿון די סאַמע נאָענטסטע... אויף אַ מינוטקעלע האָט דורכגעבליצט אַ געדאַנק וועגן די מוטיקע העלדן פֿון דער ליטעראַטור, אָבער צו מײַן צער האָבן די העלדן עקזיסטירט אַן און פֿאַר זיך, און איך — מיט מײַן ציטעריק לעבן אויך פֿאַר זיך. און אין אַלגעמיין האָבן די באַגריפֿן „העלדישקייט", „מוטיקייט" געפּלאָטערט ערגעץ־ווו אין די העכסטע הייכן איבער מײַן קאָפּ, עלעהיי לאָזונגען אויף אַ פּאַראַד, איך אָבער האָב געפּויזעט איבער די חשכותדיקע אונטערערדישע וועגן פֿון יאוש און פּחד.

און אָט איז שוין זיבן טעג, ווי די אָפּעראַציע איז פֿאַריבער. די פֿינצטערע השערות האָבן זיך נישט באַשטעטיקט — די דאָקטוירים רינגלען מיך אַרום צופֿרידענע און האָפֿערדיקע:

— איר זעט, מיר האָבן אײַך געזאָגט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום געפֿאַר.

איך בין אויף אַזויפֿיל אָפּגעשוואַכט, אַז כ'קאָן אַפֿילו נישט אַ ריר טאָן מיטן קלענסטן פֿינגערל, נאָר מיר איז גוט, וואָס גוט הייסט. דער געדאַנק, עלעהיי אַ ווירטיק, וועלכע האָט זיך נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג אומגעקערט אין איר ליבער היים, שפּאַצירט אַרום איבער דעם צימער, טוליעט זיך צערטלעך צו אַלע נאָענטע, צו דער וועסנעדיקער זון, צו דעם וווּנדערלעכן קליידל מײַנעם, וואָס פּאַסט מיר אַזוי שיין. פּאַמעלעכן, פּאַמעלעכל, זאָל זײַן אַפֿילו מיט אַ סקריפּל, צענעמט זיך די צונויפֿגעדריקטע פּרוזשינע. איצט דוכט זיך מיר גאָר, אַז ביז דער אָפּעראַציע האָב איך זיך געפֿירט ממש כוואַטסקע. ס'איז מיר אַפֿילו ליב זיך אײַנצווויגן, אַז דאָס האָבן מיך באַגײַסטערט די ליטעראַרישע העלדן. איך בין איצטער אַפֿילו אימשטאַנד יעטוועדיקן צו באַרויִקן אַלץ אין דעם באַוווסטן נוסח: „דאָס וועזנטלעכסטע — נישט מורא האָבן", אָדער „איר ט'זען, ס'וועט זײַן גוט", אָדער „דאָ אַרבעטן דאָך די באַרימטסטע ספּעציאַליסטן פֿון דער שטאָט".

דאַרף אַזוי פּאַסירן, אַז גראָד צו אָט דער צײַט זאָל מיר אונטערקומען אַזאַ שכנה ווי די באָבע מאַריע.

זעלטן ווער אין אונדזער צימער וואָס זאָל נישט פֿאַרשטיין קיין

מאָלדאַוויש, פונדעסטוועגן צווינגט מיך די באָבעשי מאַריע איבערצוזעצן אַלץ, וואָס זי ברענגט אַרויס פון מויל. באַזונדערס ווען ס׳גייט אַ רייד וועגן אירע זין. דרײַ זין פאַרמאָגט די באָבעשי מאַריע, און נאָר אײנער איז לעבן איר. אי דאָס אויך ווי עפּעס נישט אינגאַנצן. דער מיטלסטער, אַ מיליטערמאַן, וווינט מיט זײַן משפּחה אויפֿן ווײַטן צפֿון, דער מיזיניק — אין מאָסקווע, און נאָר דער בכור — דער, וואָס איז אַ נאַטשאַלניק אויפֿן סאַמע גרעסטן זאַוואָד, — וווינט אין קעשענעוו. איז אָט דעם האָט די באָבעשי מאַריע ליב מער פון אַלע, און צו אים טאַקע איז זי עס געקומען פון דאָרף צוגאַסט.

— אָט פּלוידערן זיי אַלץ אָפּעראַציע (די דאָקטוירים רופט אָן די באָבעשי מאַריע נאָר „זיי״), נו, און אַז די אָפּעראַציע זייערע וועט נישט העלפֿן? ווער וועט דעמלט צוקוקן נאָך דער שטוב, נאָכן גאָרטן, נאָך מײַנע בלומען? גאָטעניו, נאָך וואָס פאַראַ בלומען! איך האָב אַלץ געטראַכט, אַז כאָטש איינער פון מײַנע זין וועט פאַרבלײַבן אין דאָרף און וועט זײַן לעבן מיר. איך וואָלט דאָך אים איבערגעלאָזט די שטוב מיטן גאַנצן האָקל־באָקל, און דער שנור מײַנער וואָלט איך איבערגעלאָזט אַ ירושה — אַלע מײַנע בלומען־סודות.

— מונטיאַן מאַריע, גייט אַרײַן אין דער פּראָצעדורנע אויף אַן איניעקציע — שטעקט אַרײַן דעם קאָפּ אין דעם צימער אַ פאַרבײַשוועבנדיקע שוועסטער.

— אָף, דאָמניע,[1] — זיפֿצט די באָבעשי מאַריע, און אַ קרעכצנדיקע קריכט זי אַראָפּ פון בעטל.

אין אַ צען מינוט אַרום קערט זיך די באָבעשי מאַריע אום.

— דער רוח ווייסט עס. מ׳האָט מיר אַרײַנגעזעצט נישט קײַן נאָדל, נאָר אַ גאַנצן טשוואָק, — די באָבעשי מאַריע רײַבט זיך אײַן אַביסל נידעריקער פונעם גאַרטל — איצטער קאָן איך נאָר שטייען, זיצן אַזיאַסי, שוין נישטאָ אויף וואָס...

מיט דער לינקער האַנט הייבט זי אַביסל אונטער דעם עק פונעם כאַלאַט, און אָנכאַפּנדיק זיך מיט דער רעכטער בײַם בײַשטידל פון עמעצנס אַ בעטל,

1 אָף דאָמניע — מאָלדאַוויש: אוי, גאָט.

טאַנצט זי זיך אונטער, אונטערזינגענדיק אַ האָפּקענדיק מאָלדאַוויש פריי־לעכס. איצטער צעפריילעכט זיך שוין דאָס גאַנצע צימער.

— אָף דאָמניע, — כאַפּט זיך אָן די באָבעשי מאַריע ביַים האַרצן — וואָס־וואָס, נאָר אין „זשאָק"[1] וועט מען מיר שוין נישט נעמען, פאַרפאַלן.

נאָכשלעפּנדיק אירע ביידע רעכטע מעשטעס, לאָזט זי זיך שווער אַראָפּ אין בעט. אָפּדעכנדיק, טוט זי אויס פאַמעלעך דעם כאַלאַט, הענגט אים אויף אַקוראַטנע אויפן רוקן פונעם בעט, רוקט אָפּ ווי אַ שווערע משׂא די קאָלדרע און לייגט זיך אַוועק. דאָס שפּראָצל ראָזלעכקייט, וואָס האָט בלויז אויף אַ רגעלע זיך באַוויזן אויף איר פּנים נאָכן אונטערטענצלען, ווערט פאַרביטן אויף דער געוויינלעכער געלקייט. זי ליגט איצט, די באָבעשי מאַריע, אַזאַ אונטערטעניקע, אַ מידע, ווי זי וואָלט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן אין רשות פון איר קראַנקהייַט. באַזונדערס זענען הכנעהדיקע אירע הענט. גרויסע, מיט אויפגעלאָפּענע אָדערן, אַלץ נאָך שוואַרצע פון דער זון, ליגן זיי צעשפּרייטע אויף דער וויַסער אונטערשטער קאָלדרע, און אַזאַ אומבאַ־האָלפנקייט ווייעט איצט פון זיי. אין צימער ווערן מיטאַמאָל אַלע אַנטשוויגן.

— מונטיאַן, דער זון איז געקומען, — גייט אַריַין די שוועסטער אין דעם צימער. — איר קענט אַרויסגיין צו אים?

— ניין! זי קען נישט! זי איז מיד! — שריַיען מיר אַלע אויף אַ קול. — זאָל ער אַריַינקומען אַהער.

עמעצער שטייט אויף פון בעט, קריגט אַרויס פון אונטערן קישן אַ וויַסן כאַלאַט און גייט אַרויס אַנטקעגן דער באָבעשי מאַריעס זון און זי אַליין נעמט נישט אַראָפּ דאָס אויג פון דער טיר. איַי, איז די באָבעשי מאַריע איצט מקנא די גייענדיקע: ווי ס׳וואָלט זיך איר וועלן, איצט אויפשטיין, זיך אָנטאָן, אויסבינדן איר וויַסע היימישע קאָסינקע! נאָר גיי, אַז קיַין כוח איז נישטאָ. און ווען אין דער אָפענער טיר באַוויַזט זיך אַ פאַרשלייערטער אין דעם קורצינקן וויַסן כאַלאַט דער ברייטפּלייציקער, שטאַלטנער זון, וואָס איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך אויף דער מוטער, הייבט זיך דעמלט די באָבעשי מאַריע קוים־קוים אונטער פון די קישעלעך און באַגעגנט אים מיט אַ פריילעך־צעשטריַיטן שמייכל.

1 „זשאָק" — אַ מאָלדאַווישער טאַנץ־אַנסאַמבל.

— יע פעטשאָרול מיעאו.[1] — זאָגט די באָבעשי מאַריע, — עסטא... ניקו,[2] דאָס איז, — ציט זי שלאַבעריקלעך אויף רוסיש, — דאָס איז דער זון, מײַן זון, — די באָבעשי מאַריע קלאַפּט זיך מיט דער האַנט אין ברוסטקאַסטן, — מײַנער.

ניקאָלײַ זעצט זיך פאָרזיכטיק אַוועק אויפן בענקל נעבן דער מוטערס בעטל, און קוקט אויף אונדז פאַרגעבנדיק:

— מילא, מירן מוזן מיט אײַך מוחל זײַן דער אַלטיטשקער איר נישט באַשיידנקייט. וואָס קאָן מען טאָן, אַז איך בין פאָרט בײַ איר דער באַליבסטער זון? — דערנאָך שושקעט ער זיך עפּעס מיט דער מוטער און לייגט אַרויף אויפן שאַפּקעלע עפּל, זיסע קעזלעך און פלעשלעך מיט זויער־מילך.

— איך ווייס, פאַרוואָס ס׳טוט מיר ווײ די לעבער — שמייכלט די באָבעשי מאַריע, — דערפאַר, וואָס אַנשטאָט ווײַן טרינק איך זויערמילך, און אַנשטאָט הערינג פאַרבײַס איך מיט אָט דער קאַקעפּיציע, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, — טײַטלט זי אויף די „קינדערשע קעזלעך".

...דערפאַר איז ניקאָלײַ שוין טאַקע גאָרנישט קײַן באַריידעוודיקער.

— וויאַזוי פילן זיך די קינדער? — פאַרשיט אים די מוטער מיט פרעגעכישן.

— גוט... אַלע זענען געזונט.

— נו, און וואָס הערט זיך בײַ ווערען?

— אין אָרדנונג. זי אַרבעט.

— און וואָס הערט זיך אין דער היים? די קינדער בענקען נישט נאָך מיר?

— אין דער היים איז אַלץ ווי עס באַדאַרף צו זײַן. די קינדער בענקען.

ניקאָלײַ שווײַגט אַ ווײַלע און הייבט זיך אויף פונעם בענקל.

— נו, מאַמע, כ׳וועל שוין גיין. כ׳וועל אַ שמועס טאָן מיטן דאָקטער...

— גיי, זון, גיי.

ניקאָלײַ שפּאַנט פּאַמעלעך איבער דעם צימער, און די באָבעשי מאַריע

---

1 דאָס איז מײַן זון.
2 אָט דער ניקו...

נעמט נישט אַראָפּ דאָס אויג פון אים. נאָכדעם לייגט זי זיך אַוועק אַ מידע אויפן קישן. ס'איז ערשט קוים צוועלף אַזייגער, און עס גייט נאָך אַזאַ לאַנגער טאָג און אַזאַ לאַנגע, לאַנגע נאַכט, און נאָך אַ טאָג. וואָס יאָ, מאָרגן אין אָוונט וועט קומען איר שנור, און נאָר ערשט איבערמאָרגן אויפדערנאַכט וועט זי נאָכאַמאָל זען איר ניקו. אָט איצט וועט ער זיך שוין אַזוי, מיט איינס־צוויי נישט אַרויסדרייען. זי וועט אים וועגן אַלץ פרעגן, גאָרנישט וועט זי נישט פאַרגעסן, און צום דאָקטער האָט ער נישט וואָס צו לויפן. אַלצדינג איז ביַי גאָט אין די הענט. אַז גאָט וועט וועלן — וועט ער זי נאָך שטעלן אויף די פיס. זי וועט זיך אומקערן אין איר דאָרף, וועט באַלעבאַטעווען אין שטוב, דערנאָך וועט זי פאָרן צוגאַסט צום מיזיניק. יאָ, יאָ, זי וועט פליִען מיטן אַעראָפּלאַן. נאָר צוריקגערעדט, וואָס גאָר איַנמיצקעדריגען מיטן אַעראָ־פּלאַן? וואָסי, זי האָט קיַין צייַט נישט? ס'ברענט? נייַן, זי וועט טאַקע פאָרן מיטן צוג. די באָבעשי מאַריע גיט אַ טיפן קרעכץ: און וואָס איז עפּעס ניקו אירער געקומען הייַנט אַזוי פרי? פאַרוואָס נישט ווי שטענדיק — אָוונט־צייַט? און צו וואָס, מישטיינסגעזאָגט, דאַרף זי עס האָבן איצט, אָט דעם לאַנגן, לאַנגן פּלאַקסיוון טאָג?

### ג

...הייַנט גאַנץ פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ באַקאַנטן ריח — ס'האָט מיר פאַרשמעקט מיט פרישע אוגערקעס. פון איבערראַשונג האָב איך זיך אַזש אויפגעזעצט ביַים ראַנד פון בעט. דאָס ערשטע מאָל פאָרן לעצטן האַלבן יאָר האָב איך דערפילט אָט דעם גערוך, און אַזאַ מאָדנע פרייד האָט אַ כליניע געטאָן אויף מיר: זאָל זייַן, אַז איך קום שוין צו זיך?

...די באָבע און דער זיידע מיַינער האָבן אַ שאָק מיט יאָרן אָפּגעלעבט אין זגוריצע — אַ שטיל מאָלדאַוויש שטעטעלע. פון זגוריצע ביז צו דער נאָענטער איַיזנבאַן־סטאַנציע איז אַ צוואַנציק קילאָמעטער. די אַלטע לייַט מיַינע זענען זיך באַגאַנגען אָן דער איַיזנבאַן־ליניע. צו זייערע קרובים אין שכנותדיקן דאָרף האָבן זיי זיך דערקליבן מיט פערד־און־וואָגן. אין זגוריצע האָבן אָפּגעלעבט זייערע יאָרן מיַינע עלטערזיידעס און עלטערבאָבעס, און די באָבע און דער זיידע זענען דאָ געבוירן געוואָרן, דאָ אויסגעוואַקסן.

דאָ האָבן זיי געפּראַוועט זייער חתונה און אויך דאָ אויפגעצויגן זייערע קינדער.

נאָך גאָר אַ יונגיטשקע איז מײַן מאַמע אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן. אין איר היימשטעטל פלעגט זי קומען אַלץ זעלטענער און זעלטענער, נאָר אַ מאָדנע זאַך, ווען איך האָב געדאַרפט אויף דער וועלט קומען, האָט זי זיך נישט געוואָלט פאַרטרויען די שטאָטישע אַקושערינס. זאָל זײַן, אַז אויף דער שטעטלדיקער ערד האָט זי זיך געפילט זיכערער? אַזוי צי אַנדערש, נאָר מײַן געבורטס־מעטריקע האָט באַשײַנט דאָס שטעטעלע זגוריצע.

צו דער באָבען און צום זיידן האָט מען מיך געבראַכט אויפן זומער. און שוין דעם ערשטן שבת נאָך אונדזער קומען האָט די באָבע זיך פאַרפּוצט אין דער יום־טובדיקער שאַל און זיך אַוועקגעלאָזט מיט מיר צוגאַסט. זי האָט אינדערשטיל געקליבן נחת, ווען אירע גוטע שוועסטער, אַזעלכע עלטערע ייִדענעס ווי זי, האָבן נישט אויפגעהערט צו גאַפן און שטוינען, באַטראַכטנדיק איר רווח:

— האַ? וואָס זאָגט איר עפּעס אויף דעם אוצר? אָט וואָס עס הייסט לעבן אין שטאָט! גיט נאָר אויף אַ נאָווינע אַ קוק, ווי מען פּירט דאָרט קינדער. זי שײַנט דאָך אַרויס פון די באַנטן און קרוזשעוועס!...

— און אַז אַ קינד בײַ דרײַ יאָר זאָל האָבן אַזאַ זיכּרון, און אַזאַ לָשון, האָט איר שוין אַזוינס געזען? וואָס איז דאָ אַ סך צו ברײַען, קיין עין הרע אַ ליכטיק קעפּל. איר זאָלט דערלעבן זי נאָך פירן צו דער חופּה, טאַטע זיסער!

אָבער אַממערסטן האָבן זיי געשטוינט איבער מײַן קורנאָסע נעזל און מײַנע שמאָלע אייגעלעך, וועלכע כ׳האָב געירשנט ווער ווייסט פון וועמען. די זקינות האָבן זיך פילבאַדײַטנדיק איבערגעשמייכלט און אַלץ געפּרוווט זיך דערביוועזן צום עיקר: איז ווער זשע, אַ שטייגער, פון מײַנע עלטער־באָבעס האָט אונטערגעזינדיקט מיט אַ קורנאָסן און אַ שמאָל־אויגיקן?

— זעט אויס, אַז עמעצער פונעם פאָטערס צד. כאָטש צוריק גערעדט, — האָבן זיי אויסגעברײַעט, — זענען דען צווישן די זגוריצער ייִדן קײַן בעל־עבירהניקעס נישט געווען?...

אַהיים פלעגן מיר זיך אומקערן, ווען ס׳האָבן זיך שוין באַוויזן די שטערן

אויפֿן הימל. די גערימטע שטאָטישע סטענגעס און קרוזשעווּעלעך זענען געלעגן אין דער באָבעס טיפֿע קעשענעס, און איך מיט העגטלעך, פֿאַר־קלעפּטע פֿון זיסוואַרג, האָב געריבן מײַנע פֿאַרשלאָפֿענע אייגעלעך.

...און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. און גלײַך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען נישט קיין זיידע, נישט קיין באָבע, נישט קיין גאָפּנדיקע שכנהטעס, און אויך נישט דער באָבעס יום־טובדיקער שאַל. סאַראַ אויסטערלישער זיכּרון פֿון אַ קינד! — ס'זענען אינגאַנצן פֿאַר־ווישט געוואָרן די פּנימער און די שטימען פֿון די לעבעדיקע מענטשן, נאָר די שטוב, אָט די פֿאַרברענטע זיידע־באָבישע היים, פֿון וועלכער ס'איז אַפֿילו קיין סליד נישט פֿאַרבליבן און אין וועלכער איך בין געבוירן געוואָרן, אָט זי איז געבליבן אין מײַן גערעכעניש מיט אַלע אירע שטייגערישע זיבן חנען. אָט יענע גראַמע קילע צימערן, ווו אין די פּריפּעטיקן פֿלעגט שמעקן מיט פֿריש אויסגעוואַשענע דילן, מיט פּעכיקע קוילישטן און פֿרישע אוגער־קעס. און פֿון דעמלט אָן יאָוועט זיך דער געררך צו מיר אַלץ זעלטענער און זעלטענער: בלויז אין רגעס פֿון גרויסער פֿרייד, נאָר אין מינוטן פֿון זעלישער רו. די איינציקע ירושה וואָס איז מיר פֿאַרבליבן פֿון מײַן באָבען און זיידן.

...און אָט גראָד הײַנט האָט מיר פֿונסנײַ פֿאַרשמעקט מיט די באָביש־זיידישע אוגערקעס. ס'האָט זיך מיר פֿאַרוואָלט תּיכּף אַראָפּשפּרינגען פֿון בעט, אָפּוואַשן זיך מיט קאַלטער וואַסער און שנעל אַ יאָג טאָן אין גאַס, אין דער וועלט פֿון געזונטע מענטשן. און דאָ האָב איך מיטאַמאָל דערשפּירט אויף זיך דעם בליק פֿון מײַן שכנה: די באָבעשי מאַריע האָט געקוקט אויף מיר טרויעריקלעך און אַביסל שפּאָטיש, ווי עס קוקט אַ באַיאָרטער מענטש אויף אַ צעוווּיוועט זאַרגלאָז קינד.

— דו זעסט הײַנט אויס, טפֿו, מע זאָל דיר גאָר קײַן גוט־אויג נישט געבן. אינגאַנצן ווי אַ געזונטער מענטש. דו וועסט מן הסתּם אינגיכן גיין אַהיים, — האָט אַ זאָג געטאָן די באָבעשי מאַריע.

— וואָס רעדט איר, מומינקע מאַריע? איך פֿיל מיך הײַנט... נישט גאָר אַמבעסטן — האָב איך געענטפֿערט און דערפֿילט, אַז דאָס פּנים מײַנס האָט מיטאַמאָל זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט.

— דו האָב נישט קײַן מורא — בײַ מיר איז אַ גוט אויג. וועסט אינגיכן

גיין אַהיים. ווערסט זיך פּאָפּראַוועו, זיך אויספּוצן, און וועסט ווערן שענער נאָך ווי שיין. פאַרגעדענק, אַז אַ מאַן האָט ליב אַ געזונט ווייַב. אמת, אַ קראַנק ווייַב פּילט מען מיט, אָבער מיט דער צייַט הערט מען זי אויף ליב צו האָבן.

מיך האָבן איבערראַשט נישט אַזוי די רייד פון דער באָבעשי מאַריע, נאָר דער טאָן, מיט וועלכן זיי זענען געזאָגט געוואָרן, און כ'האָב מיטאַמאָל באַנומען איר חכמה: די חכמה פון אַ מוטער פון דרייַ זין, די חכמה פון אַן אַלטער פּויערטע, די חכמה פון אַ האָפּענוגגסלאָזן מענטשן. ווען אין שכנות מיט אים צוויטשערט אַ געזונט געוואָרן עופהלע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אין די נעכט דערמאָנט מיר אונדזער צימער אין אַ שוץ־קעלער: פּונקט אַזוי טונקל ברענט דאָס „דעזשורנע״ לעמפּעלע אין קאָרידאָר, אַקוראַט אַזוי רעדט מען זיך אַדורך שושקענדיק, פּונקט אַזוי אימהדיק און טריב, און אָקאָרשט אַזוי פּייַניקט דער אומגעדולד, ס'זאָל שוין אַמאָל אָנהייבן צו שאַריִען אויף טאָג.

דאָס פיבערן מייַנס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן נעכטן אין אָוונט... מען האָט מיך אייַנגעקוקעט אין צוויי קאָלדרעס, אָן אויפהער געלייגט וואַרעמע פלעשער צו די פיס, נאָר דער פיבער איז נישט אַוועק. איך האָב געפילט, אַז איך ברען ווי אַ העליש פייַער. דער וואָך דאָקטער האָט געהייסן, מען זאָל מיר מאַכן אַן איניעקציע. איך בין אַנטדרעמלט געוואָרן, נאָר אין אַ האַלבער שעה אַרום האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, און מער האָט מיך דער שלאָף שוין נישט גענומען.

...פאַרשטילט געוואָרן דער שפּיטאָל. אייַנגעדרעמלט האָט דאָס צימער, ס'כריפּעט אונטער די וואַכע שוועסטער, אָט אַזוי אַן אייַנגעמאָסטעטע אויפן בענקל, און נאָר די באָבעשי מאַריע זיצט אינדערשטיל לעבן מיר.

— אָף, דאָמניע.

— באָבעניו מאַריע, באַאומרואיקט זיך נישט, מיר איז שוין בעסער. גייט לייגט אייַך שלאָפן. זאָרגט זיך נישט, איך וועל אייַנדרעמלען, איך וועל זיך אייַנוואַרעמען און וועל אייַנשלאָפן.

— שוויַיג, שוויַיג, מען טאָר דיך איצט נישט לאָזן אַליין. די קראַנקהייט דיינע, אַקוראַט ביים סוף, פּרוּווט זיך נאָך דיר צו געבן אַ ביס. און דערנאָך וועט זי אַוועק אויף אַלע פּוסטע פעלדער און אויף אַלע פּוסטע וועלדער. זי וועט מיטאַמאָל אַנטרינען ווערן. אַט וועסטו זען.

— מומעניו מאַריע, איר דערמאָנט זיך אינדערפרי? כ׳האָב אייך געזאָגט, אַז ס׳איז מיר נישט וואָזשנע — אָבער ס׳איז נישט אמת. מיר איז גראָד געווען גוט... ס׳האָט מיר אַפילו פאַרשמעקט מיט פרישע אוגערקעס...

די באָבעשי מאַריע טאַפּט אָן מיין שטערן און קוקט מיט אומרו אין מיינע אויגן און מורמלט עפּעס. נאָר איך קאָן נישט פאַרשטיין וואָס, זעט אויס, ס׳דוכט זיך איר, אַז כ׳האָב היץ.

— באָבעשי מאַריע, כ׳לעבן, כ׳האָב נישט קיין היץ... נאָר די אוגערקעס האָב איך זייער ליב. זיי זענען דאָך פון מיין באָבעס גאָרטן...

און איך דערצייל איר לאַנג און מטושטשדיק וועגן מיין זגוריצע, וועגן דער באָבען מיטן זיידן, וועגן די קילע צימערן, וועגן דעם ריח פון די פרישע אוגערקעס, וועגן דעם שוידערלעכן טויט פון די זקינים מיינע, וועגן דער פאַרברענטער שטוב, פון וועלכער ס׳איז אַפילו קיין סליד נישט געבליבן.

— ליג שטיל, דערנאָך וועסטו אַלץ דערציילן, — בעט זיך ביי מיר די באָבעשי מאַריע, נאָר איך קען זיך נישט אָפּשטעלן. איך וויל אַנטשוויגן ווערן און קען נישט. און דאָ מיטאַמאָל פאַלט מיר די באָבעשי אַריין אין די רייד:

— אַקעגן וואָס דערציילסטו מיר דאָס אַלצדינג? כ׳האָב דאָך אַליין געוווינט אין זגוריצע. יאָ, יאָ, און דיין באָבען און דיין זיידן האָב איך אויך געקענט. איך געדענק אַפילו זייער חתונה. וואָס, דו גלייבסט מיר נישט? איך בין נאָך דעמלט געווען אַ קינד, נאָר איך האָב קיין איין חתונה נישט פאַרפעלט.

— און איר האָט טאַקע געקענט מיין באָבען און מיין זיידן?

— אַוודאי. איך קאָן דיר דערציילן וועגן זיי אַ טאָג מיט אַ נאַכט, נאָר כ׳בעט דיך, דו שוויַיג, רעד נישט.

בשום אופן קאָן איך נישט פאַרשטיין, צי איך שלאָף, צי איך בין וואַך. אַפּנים, פון היץ קלעפּן זיך מיר די אויגן, און מיט גרויס שוועריקייט עפן

איך זיי אויף. און די באָבעשי מאַריע דערציילט אַלץ און דערציילט... זי הערט גאָרנישט אויף צו דערציילן...

און איך פיל באַשײַמפּערלעך, ווי די היץ טרעט אָפּ פונעם קאָפּ, ווי ס'הייבן אָן וואַרעמער צו ווערן די הענט און די פיס. כ'וואַרף אַראָפּ פון זיך איין קאָלדרע, און מיטן פוס שטופּ איך אַוועק די פלאַש...

— און וואָס פאַראַ לידער מע פלעגט עס זינגען אויף אײַערע חתונות, — שפּינט אַלץ דאָס צויבער־מעשׂהלע די באָבעשי מאַריע, און אָנבייגנדיק זיך צו מיר, זינגט זי, ביין, זי פליסטערט אַרײַן אין מיר, אַן אַלטמאָדישן ייִדישן כּלה־ניגון, אַן אוראַלטער, ווי די וועלט אַליין, און אַן איינפאַכער, ווי אַ קינדערש שפּילעכל. אָט דעם ניגון פלעגט שטענדיק זינגען מײַן באָבע און איצטער זינגט איר מײַן מאַמע, און אַז זי זינגט אים, באַגיסט זי זיך מיט טרערן.

די באָבעשי מאַריע ציקלט אויס דעם כּלה־ניגון שטיל און עפּעס גאָר אַנדערשלעך, אַזוי אַז ס'איז שווער צו פאַרשטיין: צי ס'איז אַ ייִדיש עצבות־דיקס, צי אַ מאָלדאַוויש פריילעכס...

— די אַלטע איז שוין אינגאַנצן עובר בוטל: נאַדיר גאָר בײַנאַכט אַ זינגעניש, — וואָרטשעט עמיצער אין אַ ווינקל, און די באָבעשי מאַריע, כאָטש זי פאַרשטייט נישט, וואָס יענע זאָגט, נאָר אַ דערשראָקענע, פאַרמאַכט זי זיך מיט די הענט דאָס מויל.

— שלאָף, שלאָף, — דעקט זי מיך אײַן מיט דער קאָלדרע.

... איך דרעמל אײַן, און עס חלומען זיך מיר מײַן באָבעס פרישע אוגערקעס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ד.

...די זונטיקדיקע טעג דאַרף דער שפּיטאָל האָבן, ווי אַ לאָך אין קאָפּ. אַפילו די שבתדיקע טעג פאַרטראָגט ער קוים. די בײַנאַכטיקע קלאָגענישן און נאָגענישן טראָגסטו ווי אַ שווערע משׂא אויף זיך; דו וועסט זיי דאָך נישט פאַרטרויען דעם וואַך דאָקטער: ער איז פאַר דיר אַ צופעליקער מענטש... און זונטיק פילסטו זיך באַזונדערס קראַנק. נאָר ביטערער פון אַלץ

זײַנען די זונטיקדיקע באַזוכן. פרײַנט און באַקאַנטע הערן נישט אויף צו קומען פון אינדערפרי ביז אויפדערנאַכט. לכבוד זונטיק זענען זיי פאַרפוצט אין יום־טובדיקע מלבושים, די באַקן פלאַמען בײַ זיי, און זיי שמעקן מיט פרישן ווינטערדיקן פראָסט. זיי קוקן אויף דיר מיט מיטגעפיל און פאַרזיכערן, אַז דו זעסט אויס אַזוי גוט, וואָס בעסער קען גאָרנישט זײַן. און דו פילסט ממש מיט אַלע דײַנע אברים, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן זיי וועלן שלינגען די פרישע ווינטערדיקע לופט, אַז זיי וועלן זיך שוין זען פון יענער זײַט שפּיטאָל־טיר.

...דעם זונטיק איז צו דער באָבעשי מאַריע געקומען צוגאַסט איר שנור. זי האָט זיך אַרײַנגעריאָוועט אין שפּיטאָל גלײַך פון דער אויטאָבוסן־סטאַנציע מיט צוויי אָנגעפּאַקעוועטע קוישן. זי האָט ממש פאַרשאָטן דער באָבעשי מאַריעס שאַפקעלע מיט סלאָיִקלעך געזייערט קרויט, קנישעס און פרישע עפּל. דערנאָך האָט זי, אַ קליינינקע, אַ מאָגערינקע — אַזוי אַז זי האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון אירע לאַנגע קליידלעך און פאַרטעך מיט די אָנצאָליקע פרענדזעלעך און פליטערלעך, — גענומען שטיל און דערשראָקן באַטראַכטן דאָס צימער. בײַם באַוויַזן זיך פון עפּעס אַ געוויינלעכער קראַנקן־שוועסטער פלעגט זי זיך געבן אַזאַ ראַשיקן טראָג פון אָרט, גלײַך ווי זי וואָלט שוין גרייט געווען צו שטעלן פיס, כאָטש קיינעם איז אַפילו נישט אײַנגעפאַלן זי מטריח צו זײַן פונדאַנען.

אַ גאַנצן טאָג איז זי אָפּגעזעסן אין דעם צימער נישט אַרויסרײדנדיק כמעט קײַן איין וואָרט, און אין אָוונט האָט זי אַ קוש געטאָן די באָבעשי מאַריע, זיך צעכליפּעט, אויסווישנדיק די נאָז און די אויגן מיט אַ שפּיץ פאַרטעך; און דערנאָך האָט זי לאַנג, לאַנג צוגעווינטשעוועט אַלע קראַנקע אַ גיכע רפואה־שלימה.

אין דעם צימער איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל... אַלע באַזוכער זענען זיך צעגאַנגען. ענדלעך איז אַוועק אין זײַן רו דער לאַנגער זונטיקדיקער אויסמאַטערנדיקער טאָג. די באָבעשי מאַריע האָט פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט. די לעצטע צײַט איז זי כמעט נישט אויפגעשטאַנען פון איר יסורים־געלעגער. אויך איצט, באַשליסנדיק זיך, אַפּנים, אויפצוהייבן, האָט זי נאָך יעדן ריר געמוזט כאַפּן אַ דעך.

— ווו לאָזט איר זיך עס אַוועק, מומעשי מאַריע?

— איך גיי צוגאַסט, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן. — הײַנט איז זונטיק, און איך בין דעם גאַנצן טאָג אָפּגעזעסן אין דער היים. איז צוערשט וועל איך זיך אַרײַנכאַפּן אויף אַ ווײַלינקע צו דיר, דערנאָך וועל איך גיין צו זיי, און דערנאָך שוין צו איר... נו, און ביז איך וועל זיך צוגרייטן אין וועג, כאַפּ זיך דערווײַל אַראָפּ אין קעלער נאָך אַ קריגל ווײַן. טײַטש זיי איבער, — האָט זי מיר באַפוילן, — וואָס איך זאָג.

נאָר דאָס מאָל האָט מען דער באָבעשי מאַריעס רייד במילא שוין פאַר־שטאַנען אָן אַן איבערזעצער, און דאָס צימער האָט זיך אַ רודער געטאָן, טאַקע ווי מ׳וואָלט אויף אַן אמתן געוואַרט אויף געסט.

און די באָבעשי מאַריע האָט גענומען אַרומגיין אַלע חוליים לויט דער ריי, טיילנדיק כיבודים: עפּל, קנישעס, געזײַערט קרויט. און דערבײַ איז דאָס אַלץ געטאָן געוואָרן מיט דער חשיבותדיקער מינע פון אַ באַלעבאָסטע אַ מכניס־אורחטע, וועלכע נעמט אויף אירע געסט, אַזוי ווי ס׳פּירט זיך בײַ לײַטן.

— זע נאָר אַזעלכע קראַנקע! — האָט נאָר אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט די מומינקע דוסיע. — זע נאָר זע, ערשט נאָך אַן אָפּעראַציע!

— מומינקע דוסיע, דו ברענג בעסער אַ גלאָז טיי.

לאַנג האָבן די קראַנקע געאַכקעט און געאָכקעט, באַטראַכטנדיק דעם שיינעם כיבוד. דערנאָך האָבן זיי מיט אַ הפקרדיקער מינע (ווי איינער רעדט: צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט דער דיעטע) גענומען קײַען אויףביידע באַקן די קנישעס מיט ברינזע.

— אַך, וואָס פאַראַ געשמאַקע קנישעס, באַבקע מאַריע! — איז זיך אַזש פאַרגאַנגען די מומע דוסיע.

— וואָס, וואָס זאָגט זי דאָרטן? — האָט נאָכגעפרעגט זיך די באָבעשי מאַריע.

— זי זאָגט, אַז ס׳זײַנען קנישעס פון קנישענלאַנד.

— ע, ע, ווען זי געניסט פון די, וואָס איך באַק, וואָלט זי ערשט געזען, וואָס אמתע קנישעס הייסן, — האָט אַ קרעכץ געטאָן די באָבעשי מאַריע. — זאָגט איר, אַז כ׳על געזונט ווערן, זאָל זי קומען צו מיר צוגאַסט, איך

וועל זי מיט אַזעלכע קנישעס מכבד זײַן! איר וועט אַלע קומען צו מיר צוגאַסט, אַז... אַז כ׳על געזונט ווערן... אַלע!

די באַבעשי מאַריע כליפּעט אינדערשטיל, קוים, קוים, וואָס מען הערט זי, נאָר דער סיוווער קאָפּ אירער באַמבלט זיך אַהין און אַהער.

— נו, פאַרוואָס וויינסטו, באַבעשי? — באַרואיקט זי די מומע דוסיע.

— דו מיינסט, אַז כ׳על נישט קומען צו דיר? צוויי יאָר וועל איך נאָך אָפּאַרבעטן און דערנאָך — הײַדאַ אויף פּענסיע! אַ, דעמלט וועלן מיר עס מיט דיר אַוועקהוליען! מיר וועלן האָבן נאָר איין אַרבעט — ניאַנטשען די אייניקלעך, ווײַן טרינקען און קרויט שטעלן. איאָ, באַבעשי?

די באַבעשי מאַריע שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— מיר דאַרפן נאָך מיט דיר אַ לעב טאָן ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן. מיר וועלן זיך נאָך אויסזוכן מאַנדעלעך, אַזוינס ווי אַזעלכעדיקע. פאַרוואָס טאָקע נישט... וואָס, מיר זענען שפּעטנער פון אַנדערע? און דו וויינסט גאָר...

ה.

...פון אינדערפרי לויפט ניקאָלײַ פון איין דאָקטער צום אַנדערן — די באַבעשי מאַריע פירט מען אַריבער אין אַן אַנדער שפּיטאָל.

די דאָקטוירים האָבן טאָקע זיך נישט אַנטשלאָסן אויף אַן אָפּעראַציע, און איצטער באַרואיקן מיר אַלע די באַבעשי מאַריע, אַז אין יענעם שפּיטאָל זײַנען אי בעסערע באַדינגונגען, אי די דאָקטוירים מער דערפאַרענע, און דאָרטן וועט מען זי שטעלן אויף די פיס. אין דער מינוט גלייבן מיר אַלע אין דעם, וואָס מיר זאָגן איר צו. אָבער די באַבעשי מאַריע קוקט אויף אונדז מיט פאַרבענקטע אויגן, און איך פיל באַשײַמפּערלעך, אַז זי גלייבט אונדז נישט. זי זיצט אויפן בעט, אײַנגעקוטעט אין דער קאָלדרע ביז אונטער דער גאָמבע; דאָס ווײַסע העמד הענגט אַראָפּ פון איר מאָגערער פּלייצע, און אויפן העמד טונקלען זיך די אותיות „כאַ״ — דאָס הייסט כירורגישע אָפּטיילונג.

— מונטיאַן, קומט זיך אָנטאָן, — רופט די שוועסטער.

...אין עטלעכע מינוט אַרום קומט אַרײַן אין דעם צימער אַ הויכע מאָגערע פויערטע מיט אַ קרענקלעך, אָפּגעצערט געזיכט און טרויעריקע

אויגן. און אָט די פויערטע איז עס די באָבעשי מאַריע. זי געהערט שוין מער נישט צו אונדזער צימער: דאָס לאַנגע טונקל־בלויע קלייד, די ברוינע קאָפּטע, דער פאַרטעך, די פּאַטשיילע מאַכן זי עפּעס פרעמד. פון אונדזער באָבעשי מאַריע זיַינען נאָר געבליבן די אויגן, דאָס קול און די געוווינהייט אָפּצווישן די ליפּן מיט דער דלאָניע.

...שווער, זייער שווער געוווינט זיך צו דער מענטש צום שפּיטאָל. און די זאַכן זיַינען ווי די מענטשן — זיי איז אויך נישט איבעריק זיס אין דעם שפּיטאָלישן רומל. עס רוגזט זיך אָן אין די שטיפמאַמעדיקע באַדינ־גונגען דער גרויסאַרטיקער פּעלץ, אינדערשטיל מאַטערט זיך דאָס פּליושענע וועסטל. נאָר סע גייט פאַריבער אַ וואָך, צוויי וואָכן, אַ חודש, און סע וועפּן זי דאויס פונעם פּעלץ די דופּטיקע פאַרפומען, ווערבעדיק־טרויעריק הענגען אַראָפּ די אַקסלען פון דער ניילאָן־קורטקע, און סע מאַכט שלום מיט זיַין בידנע גורל דאָס פּליושענע וועסטל. אָפּבליאַקעווענדיק און פאַרלירנדיק זייער געררוך און זייער פּרצוף, ווערן די זאַכן פּאַמעלעך, פּאַמעלעך ענלעך אויף די מענטשן אין די שפּיטאָל־כאַלאַטן. און אויף גאַטס וועלט קריכן זיי אַרויס צעקנייטשטע, פאַרוועלקטע און פאַרשלאָפענע, אָפּגעוווינטע פון ליכט און פון לופט. נישט איין טאָג וועט פאַרביַי, ביזוואַנען די זאַכן וועלן באַקומען זייער אַמאָליקן פאַרשפּיטאָליקן אויסזען.

מיט אַ באַזונדער מין ניַיגיר וואַרטן די קראַנקע, אַז זייער שכנה פון דעם צימער זאָל זיך יאַוועןן אין אירע געוויינלעכע מענטשלעכע קליידער. אַזוי באַצירן אומגעדולדיק קינדער מיט פאַרביקע בליַיערס שוואַרץ־וויַיסע בילד־לעך. די באָבעשי מאַריע איז באַצירט מיט שוואַרצע בליַיערס, און דאָך זעט זי אויס אַ פאַרביקע. זאָלן נאָר אָנטרעפן אָט די גרעלע פאַרבן אויפן בלויען הימל, זאָלן זיי נאָר אַן אָטעם טאָן מיט דער היימישער לופט, זאָלן זיי נאָר אַ וואַרעם טאָן די פרילינגדיקע זון — און עס וועט זיך אומקערן צו זיי זייער בונטפאַרביקייט. אָבער דאָס קלייד און דאָס פאַרטעך פון דער באָבעשי מאַריע וועלן אין אַ שעה אַרום וויַיטער זיך וואַלגערן ערגעץ אין אַ סקלאַד, נאָר שוין פון אַן אַנדער שפּיטאָל.

— זאָל גאָט העלפן, איר זאָלט אַלע אַרויס פון דאַנען געזונטע, — ווינטשט צו די באָבעשי מאַריע — און וויַיל מיר זעען שוין מער נישט קיַין

טרערן אויף אירע ווײַעס — אַפּנים, זי האָט זיי שוין אַלע אויסגעוויינט — זעט אונדז אויס איר געזיכט אַנגסטיקער און פאַרכטיקער.

...גאָטעניו (אָדער אויב ס׳איז פאַראַן עמעץ אַנדערש דאָרטן), טו אַ נס, אַז די באָבעשי מאַריע זאָל אַרויסקומען פון יענעם, אַנדערן שפּיטאָל אַ געזונטע...



...זי איז געשטאָרבן אין זעקס וואָכן אַרום. וועגן דעם האָט מיר דערציילט ניקאָלײַ. איך האָב אים באַגעגנט אין שטאָט.

און אין מײַן זגוריצע איז די באָבעשי מאַריע קיינמאָל נישט געווען.

— זגוריצע געפינט זיך אין צפון־מאָלדאָוויע, און מײַן מאַמע איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין דרום, — האָט געזאָגט ניקאָלײַ.

דערנאָך האָט זי חתונה געהאַט אין שכינותדיקן דאָרף, און אַחוץ אין קעשענעוו, איז זי קיינמאָל אין ערגעץ נישט געווען.

# און ווידער אַ מאַרש

— טראַם־פּאַם, טראַם־פּאַם־פּאַם־פּאַם־פּאַם־פּאַם, — האָט זיך געטראָגן נאָך פונדערווײַטנס, און פּעניען האָט זיך תּיכּף אָפּגעגלוסט צו גיין צו די טיעפּלאָוס. פּעניע האָט נישט ליב געהאַט קײַן מאַרשן און זי האָט אַפילו מורא געהאַט פאַר זיי. זיי, אָט די מאַרשן, האָבן איר אַ גאַנץ לעבן געבראַכט נאָר אומגליקן. אין איינאונפערציקסטן האָט פּעניע באַגלייט אויף דער מלחמה צוערשט די ברידער, דערנאָך דעם מאַן, און אַלץ אונטער די קלאַנגען פון איין און דעם זעלביקן מאַרש — דער דאָרפישער אָרקעסטער האָט עפּעס אַנדערש נישט געקאָנט שפּילן.

צוריק מיט צוויי יאָר האָט פּעניע באַגלייט דעם מאַן אין זײַן לעצטן וועג: ער איז געשטאָרבן פון אַ לעבער קאַנסער. געשטאָרבן, אָפּגעאַרבעטנדיק גאַנצע צוואַנציק יאָר אויף איין זאַוואָד, און דער שלימסיטער זאַוואָדישער אָרקעסטער האָט געדונערט זײַנע גרויסאַרטיקע טרויער־מאַרשן (דאָס רופט אַזוי אָן טיעפּלאָוו זײַנע באַליבטע מאַרשן — „גרויסאַרטיקע”). אָבער פּעניען האָט די מוזיק נאָר געשטערט: זי האָט זי נישט געלאָזט אויסיעכצן און אויסוויינען זיך ווי סע באַדאַרף צו זײַן. פּעניעס שוועסטער, געקומענע פונעם דאָרף אויף דער לוויה, זענען דערשראָקענע געגאַנגען נאָך דער טרומנע, כאַפּנדיק פון דער זײַט אַ קאָסע קוק אויף די אינסטרומענטן. און דער אָרקעסטער איז געקראָכן פון די כּלים, גלייך ווי ער וואָלט וועלן מיט דעם געהילך פון זײַנע טרומייטערס פאַרגיטיקן דעם נפטר פאַר זײַנע צוואַנציק יאָר אומדערמידלעכער אַרבעט.

פון דעמלט אָן האָט פּעניע נישט געקענט הערן קײַן מאַרשן אַפילו אונטער אַ יום־טוב. אין די אויגן פלעגן איר תּיכּף אויפלויפן טרערן, און דער יום־טובדיקער טאָג איז שוין פאַרגרויט געוואָרן.

נאָכן מאַנס טויט האָט פּעניע פון דער שרעקלעכער בענקשאַפט, גע־

ראַטעוועט די אַרבעט, און נאָך די זאָרגן וועגן ליאָשקען. ביי זיינע זיבעצן יאָר איז ליאָשקע געווען אַ לאַנגער, אַ מאָגערער, מיט אַ קינדערישער פיזיאָ־נאָמיע און אַ נאָכגיביקן כאַראַקטער. מיט די יינגלעך אויפן הויף האָט ער שוין נישט אַרומגעיאָגט, נאָר ער האָט נאָך נישט געהויכערט, זיך נישט אינטערעסירט מיט קיין מיידלעך און מער פון אַלץ ליב געהאַט, אין די זונטיקדיקע פרימאָרגנס, זיצן אין די הוילע טרוסן אין קיך, „באַלאַקען" מיט דער מוטער און עסן הייסע לאַטקעס גלייך פונעם טאַוועלע.

דער זון איז געבוירן געוואָרן ביי פעניען, ווען זי איז שוין געווען אַריבער די דרייסיק. צו יענער צייט האָט זי שוין כמעט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז גאָט האָט איר קיין אייגענע קינדער נישט געגעבן און זי וועט מוזן נעמען אַ פרעמדס צו דערציִען. און אַפילו ווען פעניע האָט שוין געוווסט אויף זיכער, אַז ס'וועט זיין אַ קינד, האָט זי אַלץ נישט פאַרטרויעט איר גורל און האָט די גאַנצע צייט געוואַרט אויף פאַרשידענע אָנשיקענישן. אין די נעכט האָבן זיך איר געחלומט טויטע קינדער, קינדער קריפּלען, און ווען ס'איז געבוירן געוואָרן אַ קרעפּטיק, נאַרמאַל יינגעלע, האָט פעניע אַלע האַלבע שעה געבעטן די הייבאַם זי זאָל איר ברענגען דאָס קינד — אָנצוקוקן. אין געבורטס־הויז האָט פעניע געזאָגט אירע שכנות פונעם צימער, יונגע און לייכטזיניקע מיידלעך, וועלכע האָבן דערעסן די דאָקטוירים מיט זייערע נאַרישע פראַגן וועגן דער פיגור, אַז דאָס איז ביי איר דאָס צווייטע קינד, און אַז דאָס ערשטע איז געשטאָרבן. מיט דעם אויסגעטראַכטן אומגליק האָט פעניע געוואָלט פאַרווייכערן איר גורל, כּדי ער זאָל נישט אָנשיקן אויף איר אין דער צוקונפט, טאַקע אמתע גרוילן. די שכנות פונעם צימער האָבן פאַר־זאָרגטע אויסגעהערט פעניען און אויף אירע אויגן זענען זיי פון זאָרגלאָזע מיידלעך, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערנסטע מאַמעס; פעניען האָט אַזש וויי געטאָן דאָס האַרץ פאַר זיי.

מיטן זון האָבן פעניע און איר מאַן זיך נישט געקענט זאַט אָנליובען. ליאָשע איז געוואַקסן אַ רואיקער, געזונטער, צערטלעכער, נאָר אַ צו מאָ־גערער.

און אָט איז ער געבליבן אָנעם פאָטער. דאַנקען גאָט, דעם בחור איז שוין דאָס אַכצענטע, די שול געענדיקט, אַרבעט אויפן זאַוואָד, קיינער וועט

נישט זאָגן וועגן אים קיין קרום וואָרט. און פונדעסטוועגן איז פעניע אין שטענדיקער מורא: דער זון זאָל נישט פאַרקערעווען פונעם גלייכן וועג. און זי האַלט אַן אויג אויף זיינע חברים, אַ מינדסטער ריח פון ווײַן און זי איז שוין אַנגעצויגן, און זי וואַרט און קען זיך גאָרנישט דערוואַרטן, ווען איר ליאָשע וועט שוין גייען אין דער אַרמיי. כאָטש ס׳וועט זײַן שווער אַליין, דערפאַר איז אָבער אויפן האַרצן רואיקער.

האַרבסט, האָט פעניע באַגלייט איר זון אין דער אַרמיי. זי האָט אים אַרויסבאַגלייט מיט אַלע פּיטשעווקעס: אַלע אירע אָפּשפּאָרעבישן האָט זי אויסגעבראַכט, געשטעלט אַזאַ טיש, אַז אַלע האָבן נאָר געגאַפט.

פעניע האָט זיך שוין לאַנג געגרייט צו אָט דעם טאָג. זי האָט זיך נישט פאַרלאָזט נאָר אויף איר לוין, נאָר האָט אויך צונויפגעלייגט אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, אַז אַלץ זאָל זײַן ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, נישט ערגער ווי בײַ מענטשן. דעם זון האָט זי אַ נײַעם קאָסטיום צוגעגרייט, אים געקויפט אַ העמד אַ ווײַס, אַ ניילאָנעווע.

באַגלייטן ליאָשען איז געקומען אַ סך עולם, שיער נישט דער גאַנצער זאַוואָדישער צעך זײַנער, ליאָשקע האָט געשמייכלט, געשטאַנען אַ צופרי־דענער; ווען דער צוג האָט געריּרט, האָט ער אַרומגענומען די מוטער, בײַ אים אַליין האָבן געדונען טרערן.

שוין עטלעכע חדשים, אַז דער זון איז אַוועקגעפאָרן, און פעניע פילט אַלץ אויפן פּנים די טרערן. אמת, דעמלט, אויפן וואָקזאַל האָט זי קיינער, אַ חוץ איר, פעניען, נישט געזען און נישט געהערט — אויפן פּעראָן האָט דער אָרקעסטער געשפּילט אַ מאַרש...

געבליבן פעניע איינע אַליין. איצט איז זי פאַרנומען נאָר מיט דער אַרבעט. געקומען אַהיים פון דער וועשערײַ, רוט זי זיך אָפּ אַ שעה און נעמט זיך צו די שטוב אַרבעטן: קאַלעכט, פאַרבט, וואַשט, גרייט צו אויפן ווינטער אויבסט און גרינוואַרג. און אַלץ פאַר אים, פאַר ליאָשען. פונעם זון קומען אָן אָפטע בריוו. גוטע בריוו. און ס׳איז נישטאָ פאַר פעניען קיין בעסערס, ווי שבת אויפדערנאַכט, ווען אַלץ אין שטוב פעכלט פון ריינקייט, ווען אויף די פענצטער שימערירן די ערשט אויסגעפּרעסטע פאָרהענגלעך, ווען אויפן טיש איז אויסגעשפּרייט דאָס סקריפּענדיקע פון קראָכמאַל לייבנע טישטעך מיט

דער גרינער קאַנט, ווען פון די פריש אויסגעפוצטע סטעזשקעס אויפן דיל, טראָגט זיך נאָך דער ריח פון עסיק, און דער בוקעט סינטעטישע בלומען איז איַינגעוויקלט אין אַ נײַעם צעלאָפאַן. דעמלט איז פּאָר פעניען נישט פאַראַן קײַן בעסערס אין דער וועלט, ווי אַוועקזעצן זיך בײַם טיש און לייענען ליאָשעס בריוו. פּאַמעלעך לייענט זיי פעניע, אַן אותיעלע צו אַן אותיעלע. דערנאָך באַהאַלט זי זיי אין קאָנווערט, באַטראַכט דעם שטעמפּל, רעכנט אויס, וויפל טעג די בריוו איז געווען אין וועג. נאָך דעם שפּרייט אויף פעניע אַ צײַטונג אויפן טיש, נעמט אַרויס אַ הענטלפען און טינט, צוויי בייגעלעך פּאַפּיר און זעצט זיך ענטפערן. דאָס לעצטע זײַטל פון דער בריוו לאָזט פעניע איבער אַ נישט פאַרשריבנס, כּדי דער קלעי זאָל נישט צעשמירן די אותיות, און אין די צונויפגעלייגטע בייגעלעך באַהאַלט זי דרײַ רובל, אַ נײַ קנאַקנדיק דרײַערל. און כאָטש דער פּאָסטטרעגער האָט איר געזאָגט אַז מען טאָר נישט לייגן קיין געלט אין די בריוו, פונדעסטוועגן לייגט זי, פעניע. ס'איז גאָרנישט, קײַן איינמאָל נאָך נישט פאַרפאַלן געוואָרן.

ווען די בריוו איז שוין אָנגעשריבן, לעשט פעניע אויס צוויי לעמפּאָלעך פון דער ליוסטרע און נאָר דאָס דריטע, דאָס בלויע לעמפּעל לאָזט זי איבער. דעמאָלט באַגיסט זיך דאָס צימער מיט בלוי ליכט און עס זעט אויס נאָך היימישער. דאָס בלויע לעמפּאָלע האָט ליאָשע ערגעץ געקריגן און אַליין אַלץ אַוועקגעשטעלט. פון דעמאָלט אָן, ווען פעניען איז לינדער אויף דער נשמה, צינדט זי שטענדיק אָן דאָס בלויע ליכט. פעניע גייט אַרײַנוואַרפן די בריוו און ערשט דערנאָך זעצט זי זיך אַוועק אין איר גערטנדל אָפּרוען, פרישע לופט אַן אָטעם טאָן.

איר גאַנץ לעבן נאָך דער חתונה האָט פעניע פאַרבראַכט אין שטאָט, און האָט אַלץ נישט אויפגעהערט בענקען נאָכן דאָרף. צום גליק, האָבן זיי נישט געוווינט אין קײַן פּילעטאַזשענדיקער שטוב („גאָט מײַן גאָט, נאָר עפּעס טאַקע ווי בינען אין אַ בינשטאָק”), נאָר אין אַן אַלטער געגנט, וווּ די שטיבער זענען געווען איינשטאָקיקע. פעניע האָט פאַרזעצט אונטער די פענצטער צוויי ווײַנשלביימער און אַן אַבריקאָסן בוים, האָט פאַרזעצט בלומען, ס'האָט זיך באַקומען אַ קליין גערטנדל, האָט עס אַרומגעגרויזט מיט אַ פּלויט און דעם פּלויט אָפּגעפאַרבט מיט זילבער־פאַרב.

און אינערגעץ האָט זי מיטן מאַן און מיט ליאָשען נישט ליב געהאַט צו פאָרן, סײַדן נאָר צו די שוועסטער אין דאָרף. אונטער דעם ווײַנשל בוים האָט מען צונויפגעקלאַפּט אַ טישל מיט אַ באַנק און אַפילו הינער האָט זי אויך געהאַלטן. אמת, די שכנים האָבן אונטערגעוואָרטשעט, אַז אין די פרימאָרגנס לאָזט זיי דער האָן נישט שלאָפן, פעניע האָט נישט ליב געהאַט זיך קריגן מיט די שכנים, נאָר דעם האָן קוילען האָט זי זיך נישט געאײַלט.

— אָט מענטשן, — האָט זי זיך געקלאָגט פאַרן מאַן. — דער ראַדיאָ הילכט — שטערט ער נישט, בײַ די שטשעגלאָווס לאָזן די ייִנגלעך ביז שפּעט בײַנאַכט דעם מאַגניטאָפאָן — שטערט ער נישט, נאָר דער האָן, גאָטס באַ־שעפעניש, גיט זיי נישט קיין רו.

— מילא, פעניע, לאָז דיך אָפּ פון דעם — האָט זי באַרואיקט דער מאַן — מיר וועלן אים שעכטן אויף יום־טוב.

און פעניע, מיט אַ געבראָכן האַרץ, האָט געמאַכט אויף די ימים־טובים פונעם האָן אַן אויסגעצייכנטן כאָלאָדיעץ. נאָר ס'איז פאָריבער אַ שטיקל צײַט, און פעניען האָט אָנגעהויבן אויסצופעלן דער געקריי פונעם האָן, פון וועלכן זי פלעגט זיך שטענדיק אויפכאַפּן מיט אַ קלאָרן קאָפּ. זיך אויפ־געכאַפּט, נאָר נישט אויפגעשטאַנען תיכף. געליגן און אַרומגעטראַכט וואָס איז דאָ אָפּצוטוען פאַרן טאָג. און כאָטש די טועכצער האָבן זיך קיינמאָל נישט געענדיקט, האָט זיי פעניע אין איר געדאַנק צעלייגט אַקוראַטנע ווי אויף ראַפּטן. מעגלעך אַז ס'האָט זיך פעניען געטראַכט אַזוי גרינג, אויך דערפאַר, ווײַל דער געקריי פונעם האָן האָט איר דערמאָנט אין דאָרף, מיט זײַנע פרימאָרגנדיקע קלאַנגען און ריחות.

דעם וועקער האָט פעניע פאַרטראָגן נישט געקענט. ער האָט שלאַבעריק געדרינדזשעט ווי ער אַליין וואָלט געוועז פאַרשלאָפן זײַן צײַט, און פעניע איז אויפגעשפרונגען פונעם שלאָף ווי בשעת אַ שׂריפה און זיך געוואָרפן פאַרשטאָפן דעם וועקערס פיסק. אין די אויערן האָט איר נאָכדעם נאָך לאַנג געקלונגען, דאָס האַרץ האָט געטראָגן, און פעניע האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט שוין דעם ערשטן זונטיק קויפן אַ נײַעם האָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו די טיעפּלאָווס האָט פּעניע אָנגעהויבן צו גייען נאָך ביז ליאָשעס אָוועקפאָר. נאַטאַליע פּאַוולאָוונע טיעפּלאָוואַ האָט געאַרבעט אַלס דאָקטער אין דער סאַניטאַר־עפּידעמישער סטאַנציע. פון צײַט צו צײַט פלעגט זי קאָנטראָלירן די זאַוואָד־וועשערײַ ווו פּעניע האָט געאַרבעט. איינמאָל האָט זי די טיעפּלאָווע אָפּגערופן אין אַ זײַט:

— פּעניע וואַסילעוונאַ, ליובע מײַנע, העלפט מיר אַרויס. מיר האָבן שוין פאַרענדיקט דעם רעמאָנט, נאָר אויף ברענגען די שטוב אין אָרדנונג סטײַעט פּשוט קײַן כוחות נישט — פאַרגעסט נישט אַז איך מיט מײַן מאַן זענען שוין אַריבער הונדערט יאָר. זאָלן מיר וואַרטן אויף אײַך שבת נאָך דרײַ אַזייגער?

פון יענעם טאָג אָן האָט זיך פּעניע יעדן שבת נאָך דרײַ זיך אָוועקגעלאָזט צו די טיעפּלאָווס. כוח איז בײַ פּעניען געווען גענוג, אויפן געזונט — זיך נישט געקלאָגט, אָן איבעריקע פאָר רובל וועלן איר אָוואַדע נישט שאַטן, און די טיעפּלאָווס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאַנץ אָנשטענדיקע מענטשן. בײַ זיי אין שטוב איז פול געווען מיט ביכער, און פּעניע, אָפּווישנדיק זיי פונעם שטויב, האָט געחלומט, אַז איר ליאָשקע וועט אויך ווען ס'ניט איז ווערן אַ געלערנטער מענטש און בײַ אים וועט אויך זײַן ביכער, נישט ווייניקער ווי בײַ די טיעפּלאָווס.

— נו, פּעניע וואַסילעוונע, דער זון שרײַבט? — האָט ער געפרעגט אַזויזיכדיק טיעפּלאָוו און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף קײַן ענטפער, געזאָגט: אַזוי זענען שוין קינדער, אַלע אַלצאַיינס.

און אויב מיט אַ יאָר צוריק האָט פּעניען געריירט סערגיי קאָנסטאַנטי־נאָוויטשעס אויפמערקזאַמקייט, האָבן זי אַצינד זײַנע ווערטער אויפגעקאָכט, באַזונדערס די „אַלצאַיינע קינדער".

„וואָס פאַר אַן אַלצאַיינע" — האָט פּעניע זיך געפינען אין אירע מחשבות מיט טיעפּלאָוון — בײַ אייניקע — טרוקענע נשמהלעך, בײַ אַנדערע — ווי מײַן ליאָשע, אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן. פּעניען האָט זיך זייער געוואָלט כאַפּן אַ שמועס מיט טיעפּלאָוון וועגן איר זון, נאָר ס'האָט זיך עפּעס נישט באַקומען. און צי זי האָט געוואַשן די פענצטער, צי געריבן דעם פּאַרקעט, אָדער אָנגעקראָכמאַליעט אָדער געפּרעסט דאָס גרייט, האָט זי די גאַנצע צײַט געמוטשעט די באַדערפעניש צו רעדן וועגן איר זון.

איינמאָל האָט זי געגעבן טיעפּלאָוון לייענען ליאָשעס אַ בריוו. סערגיי קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט זי זייער גיך איבערגעלייענט און אַ זאָג געטאָן:

— ער שרײַבט גלאַטיק, מאָלאָדיעץ. און שוין.

אָבער בדרך כלל האָבן זי די טיעפּלאָווס נישט געקריוודעט. געצאָלט אַקוראַטנע, אונטער אַ יום־טוב געגעבן מתּנות. צום אַכטן מאַרט האָט נאַ־טאַליע פּאַוולאָוונע געגעבן פּעניען אַ שוואַרץ זײַדן קלייד. אַן אָנשטענדיק קלייד, כּמעט אַ נײַעס, מיט אַ בליאַסקענדיקער באַפּוצעכץ. אין דער היים האָט פּעניע די באַפּוצעכץ אָפּגעטרענט, צוגענייט אַ ווײַס געשטיקט קעלנערל, און אָנגעמאָסטן דאָס קלייד פאַרן שפּיגל.

„אָט וועלן זיך פרילינג צעבליִען די ווײַנשלביימער, וועל איך זיך פּאָטאָגראַפירן נעבן זיי אין אָט דעם קלייד און שיקן ליאָשען דאָס בילד", — האָט באַשלאָסן פּעניע. און דערווײַל ביז די ווײַנשל וועלן זיך צעבליִען, האָט פּעניע אויפגעהאַנגען דאָס קלייד אין שאַפע, אויף דעם אַן אַלט כאַלאַטל, בכדי דאָס שוואַרצע זײַד זאָל זיך נישט פאַרשטויבן און נישט אָפּבליאַקעווען.

אַלץ איז געווען גוט בײַ די טיעפּלאָווס, ווען נישט די מאַרשן. זיי האָבן אומאויפהערלעך געהילכט אין דער שטוב און סערגיי קאָנסטאַנטינאָוויטש אַ צופרידענער פלעגט אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב, אין טאַקט פונעם מאַרש האָט ער דיריזשירט און זיך באַגײַסטערט:

— נאַטאַשענקע, ווו ביסטו? דו הערסט, דאָס איז דאָך פון דער „הע־ראָישער סימפאָניע". דער גרויסער בעטהאָווען — ער איז איינער! פּעניע וואַסיליעוונע, הערט אײַך נאָר צו, ס'איז דאָך גרויסאַרטיק!

פּעניע פלעגט צוליב העפלעכקייט אָוועקלייגן די אַרבעט, נאָר אומבאַ־מערקט פאַר זיך אַליין האָט זי אָנגעהויבן זיך צוהערן. און איר נשמה איז פול געוואָרן מיט אַזויפיל בענקעניש און קלעמעניש.

„און ער איז דאָך עלטער פון מײַן... פאַרשטאַרבענעם, — האָט פּעניע אין אַזעלכע מינוטן געטראַכט וועגן טיעפּלאָוון. — און אַ לעבעדיקער, אַ גע־זונטער, און הערט נאָך מאַרשן. דער זון איז בײַ זיי אויך אַ באַרימטער מענטש, און פון ליאָשען גיי וואַרט, ביז ס'וועט זיך עפּעס באַקומען".

פּעניע האָט פאַרזיכטיק אָפּגעווישט דעם אַקוואַריום, איבערטראַגנדיק איר בענקעניש און נאָגעניש אַפילו אויף די פיש: „און עס דערעסט זיי נישט

אָן אַ סוף איינס און דאָס זעלבע: אָט זינקען זיי אַראָפּ, אָט שווימען זיי אַרויף. כאַפּן אַ דרויבל — און ווײַטער אַראָפּ. שוין איינמאָל אַ לעבן בײַ זיי, בײַ די פיש, אַזאַ סומנע״.

און זי אַליין נאַטאַליע פּאַוולאָוונע, צו וועלכער פעניע האָט זיך גע־ווײנלעך באַצויגן מיט אַכטונג, האָט איר אויפגעהערט צו געפעלן. פעניע האָט זיך דערמאָנט אינעם שמייכל, מיט וועלכער די טיעפּלאָוואַ פלעגט איר אונטערטראָגן די מתנות. עפּעס נישט קײן עכטער שמייכל; ס׳האָט זיך געדוכט, אַז מען האָט אים אָנגעטשעפּעט נאָר אויף דער צײַט, וועז מען דאַרף שענקען די מתנה; דערנאָך וועט מען דעם שמייכל אַראָפּנעמען פונעם פּנים און מען וועט אים באַהאַלטן ביזן קומענדיקן פאַל.

פעניע האָט זיך אָנגעהויבן מאַטערן פון אירע שלעכטע מחשבות, און... אין דער צײַט האָט סערגיי קאָנסטאַנטינאָוויטש געביטן די פּלאַטע. די שטוב האָט זיך אָנגעפילט מיט יום־טובדיקע מאַרשן. מען קען נישט זאָגן, אַז הערנדיק זיי האָט זיך פעניען פאַרוואָלט אַוועקלאָזן אין אַ טאַנץ, נאָר אויף דער נשמה האָט אָנגעהויבן וואַרעמער צו ווערן: דאָס אייגענע לעבן האָט שוין נישט אויסגעזען אַזוי טרייסטלאָז, פון ליאָשען וועט זיכער ווערן אַ מענטש, נאַטאַליע פּאַוולאָוונע שעצט זי, פעניען, און די פיש... נו, וואָס די פיש? ווי אַלדאָס לעבעדיקע, עסן, שלאָפן, וווּיוועו, און יעדער קען זײַן פּאָר, נאָך פרעמדע יאָגן זיי זיך נישט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— טראַם־פּאַם, פּאַם־פּאַם, — האָט זיך נאָך פונוויַטנס דערטראָגן, און פעניען האָט זיך תיכּף אָפּגעגלוסט צו גייען צו די טיעפּלאָווס. כאָטש דער מאַרש איז געווען דער זעלביקער, דער יום־טובדיקער. פעניען איז אויסגע־קומען טשיקאַווע, וואָס דער מאַרש האָט געטראָגן דעם נאָמען און די פאַמיליע — אַידאַ ווערדי. אין אַלגעמיין זענען די מאַרשן בײַ די טיעפּלאָווס געווען וויכטיקע און פײַערלעכע און האָבן דערמאָנט פעניען אין געלערנטע מענטשן: שעצן שעצסטו זיי, נאָר צוגיין נאָענט האָסטו מורא. פעניע האָט געוווּסט, אַז ס׳האָבן זיי פאַרפאַסט גרויסע מענטשן מיט קלינגענדיקע פאַמיליעס, וועל־כע טיעפּלאָוו האָט אַרויסגעבראַכט מיט אַ ניגונדל, באַגלייטנדיק זיי מיט זײַן

אומפאַרמײַדלעכן — „גראָס־אַר־טיק״. יאָ, די דאָזיקע מאַרשן האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט פון יענע פּשוטע מעלאָדיעס, וועלכע עס האָבן אויס־געשפּילט די כּלי־זמר פון פעניעס דאָרף. און דאָך איז געווען עפּעס גע־מיינזאַמעס צווישן זיי...

הײַנט האָט זיך פעניען באַזונדערס געוואָלט וואָס גיכער פאַרענדיקן די אַרבעט בײַ די טיעפּלאָווס: אינדערהיים האָבן געוואַרט אויף איר ליאָשעס צוויי בריוו. זיי זענען אָנגעקומעןביידע מיטאַמאָל גאַנצפרי, און פעניע האָט זיי נאָר אַזוי פון אויבן־אויף איבערגעקוקט. פאַרשטייט זיך, אַז די בריוו האָט מען געקענט נעמען מיט זיך אויף דער אַרבעט, נאָר דאָס וואָלט געווען אַלצאיינס, ווי זען זיך מיטן זון כאַפּנדיק און לאַפּנדיק. און פעניע האָט אָנגעשפּאַרט די בריוו נעבן דער וואַזע מיט די סינטעטישע בלומען און אַ גאַנצן טאָג געטרוימט אויף דער אַרבעט, ווי אַזוי זי וועט אויפדערנאַכט אָפּוואַשן די דילן, אויסשפּרייטן איר באַליבט טישטעך און זיך זעצן זיי לייענען. (דאָס דרײַערל איז שוין בײַ איר באַהאַלטן). כאָטש דאָס מאָל וועט זי שיקן אַ פינפערל. ניין, פונדעסטוועגן איז בעסער אַ דרײַערל. זיי אָט די דרײַערלעך, זענען גליקלעכע — קײַן איינס איז נאָך נישט פאַרפאַלן געוואָרן,א ון וואָס ס׳וועט זײַן מיט די פינפער רובלען, איז נאָך נישט באַוווּסט.

און פעניע איז גלײַך פון דער וועשערײַ, געלאָפן צו די טיעפּלאָווס. די אַרבעט האָט ממש געברענט בײַ איר אונטער די הענט. און נאָר ווי אומיסטן, האָט דווקא הײַנט נאַטאַליע פּאַוולאָוונע באַשלאָסן דעם געוויינלעכן אויפראַם צו פאַרבײַטן אויף אַ „כּמעט גענעראַלנעם״. און ווען דער „כּמעט גענעראַלנע״ איז שוין געווען פאַרענדיקט, איז צו די פרויען צוגעגאַן אַ שײַנענדיקער סערגיי קאָנסטאַנטינאָוויטש.

— נאַטאַשע, גיב נאָר אַ קוק, וואָס מ׳האָט מיר געבראַכט! אַ זעלטענע פּלאַטע — גאַנצע זעקס מאַרשן. אַי ווי לאַנג איך האָב זיי נאָכגעזוכט, נאָך ווי אַזוי געזוכט! פעניע וואַסיליעוונע, און איר דאַרפט זיי אויך הערן. דאָס איז דאָך גראָסאַרטיק! איר האָט שוין געענדיקט מיטן ראַמען? אויב אַזוי איז נאָך בעסער, נאָך בעסער.

און פונסנײַ האָבן זיך צעהילכט די מאַרשן. פעניע איז געזעסן, אַוועק־לייגנדיק די הענט אויף די קני, און האָט גאָרנישט געהערט. די מאַרשן האָבן

זי נישט גערירט. פעניע האָט זיך נאָר געזײַטלט אויפֿן זייגער און געטראַכט וועגן דעם, אַז זי וועט שוין נישט אויפֿראַמען הײַנט אויפֿדערנאַכט אין צימער, זי וועט שוין נישט אויסשפּרייטן דאָס טישטעכל מיטן גרינעם קענטעלע, זי וועט נישט ענטפֿערן ביזן מאָרגנדיקן טאָג אויף ליאָשעס בריוו. צומאָל האָבן פעניעס געדאַנקען איבערגעריסן דער שיפּענדיקער קלאַנג פֿון דער נאָדל, וועלכער איז אַריבערגעקראָכן פֿון איין מאַרש צום צווייטן. און — אַ מאָדנע זאַך — די מוזיק האָט פעניע כּמעט נישט געהערט און נאָר דעם שיפּענדיקן קלאַנג האָט זי געהערט. „איז אויף וואָס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט?" — האָט געטראַכט ווײַטער פעניע און זיך איבערגעקליבן פֿון די צימערן אין גערטנדל, ווו ס'האָבן זיך אין די אָוונטן צונויפֿגענומען די שכנהטעס און פעניע האָט זיי איבערדערציילט ליאָשעס בריוו. ניין, הײַנט אויפֿדערנאַכט וועט שוין דאָס אַלץ נישט זײַן.

און מיטאַמאָל האָט פעניע דערפֿילט אַ גרויסע מידקייט.

די נאָדל האָט זיך דערקליבן ערשט ביז צום פֿערטן מאַרש...

# מייַן באַקאַנטער הונט

צו מיר גריסן זיך אַלע, אַלע ייִנגעלעך פון אונדזער גאַס. ווי נאָר זיי דערזעען מיך גריסן זיי זיך, אויף אַ מייַל די ווייַט: „גוט מאָרגן טיאָטיע!" און אַלץ איבערן הונט.

מיר האָבן זיך באַקענט מיט אים אויפן וועג אַהיים. געוויינלעך איז ער געזעסן נישט ווייַט פונעם שפּייַז־מאַגאַזין אינאיינעם מיט אַנדערע הינט, וועלכע האָבן געוואַרט אויף זייערע באַלעבאָסטעס. ער האָט צוגעצויגן מייַן אויפמערקזאַמקייט ווייַל ער איז געווען שענער ווי אַלע אַנדערע, אַ גרויסער טונקל־ברוינער הויף־הונט, אַ געשפּרענקלטער מיט ווייַסע פלעקן, מיט אַ ברייטן ברוסט־קאַסטן און אַ מלכותדיקן עק. עפּעס איז געווען אין אים אַדלדיקס, און ער האָט זיך געהאַלטן מיט ווירדע: נישט באַשמעקט, ווי אַנדערע פון זייַנס גלייַכן, די פיס פון די פאַרבייַגייער, נישט געפּרוווט זיך דערביוועס אין קלייט און אויף דעם הור־האַדיקן געטומל פון זייַנע גוטע ברידער געקוקט גלייַכגילטיק. מיט איין וואָרט, דער הונט איז מיר געווען זייער צום האַרצן.

געוויינלעך, מאַך איך מייַנע אייַנקויפעכצער, גאַנץ פרי, נאָך ביז דער אַרבעט. הייבן, הייב איך אָן מיט די גרינוואַרגן, דערנאָך גיי איך אין מילך מאַגאַזין, שפּעטער נאָך ברויט און פאַרענדיק מיט דער קלייט פון וווּרשטן.

האָט זיך געדאַרפט אַזוי מאַכן, אַז גראָד אין דעם טאָג האָב איך זיך פאַרהאַלטן אין קלייט מער ווי אַלע תּמיד, און ווען איך האָב מיך אומ־געקערט אַהיים, איז שוין פון דער כאָפּטע הינט, קיין שפּור נישט געווען — זיי זענען זיך שוין געהאַט צוגאַנגען מיט זייערע באַלעבאָסטעס. און דאָ האָב איך אים דערזען, דעם הויף־הונט, דעם קראַסאַוויעץ מייַנעם, מיט די העלע פלעקן. ער האָט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, געשפּאַנט פאַר מיר, פון

צײַט צו צײַט זיך אָפּגעשטעלט, גלײַך ווי ער וואָלט האָבן זיך איבערלייגט, וווּאַהין זיך צו לאָזן ווײַטער גייען. איך האָב אים אָנגעיאָגט. דער הונט האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ קלוגן, באַדאַכטן בליק, איך האָב אַ נישטער געטאָן אין מײַן קײשל און אים אַ וואָרף געטאָן אַ רעפטל ווורשט. ער האָט עס תיכף אײַנגעשלונגען און האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר דער־וואַרטנדיקע בליקן. איך האָב אים אַ וואָרף געטאָן נאָך אַ רעפטל. דער הונט האָט עס אויפגעגעסן און זיך געגומען נאָך מיר.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט וואָס פאַר אַ געטומל די שכנים וועלן אויפהייבן, אַז איך וועל ברענגען דעם הונט אַהיים. קײַן הויף האָבן מיר נישט, האַלטן אַזאַ מין הונט אין שטוב, קאָן מען אויך נישט, ער איז צו אַ גרויסער. כאָטש וואָס נוגע מיר, פאַרטראָג איך נישט די שטוביקע הינטע־לעך, די קליינע, די געכאַליעטע, בייזע, מיט זייערע רשעותדיקע מאָרדעלעך און שׂנאה צו אַזעלכע גוטמוטיקע און היימלאָזע הינט.

און דער הונט איז אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען נאָך מיר; און ווען איך האָב פאַרפּאַמעלעכט מײַנע טריט, האָט ער זיך אויך אָפּגעשטעלט.

— „טײַערער, דו מײַנער, — האָב איך זיך געווענדעט צו אים אין מײַן מחשבה, — נו זאָג אַליין וואָס זאָל איך טוען מיט דיר? ווו וועל איך דיך אַהינטאָן? דו פאַרשטייסט? איך טויג דיר נישט, פאַר קײַן באַלעבאָסטע".

און כּדי איך זאָל אים אומזיסט נישט נאַרן, האָב איך ווי ווײַט מעגלעך צערטלעך אַ זאָג געטאָן:

— מאַרש פון דאַנען, הערסט? גיי דיר פון וואַנען דו ביסט געקומען.

דער הונט האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר אַ שטוינענדיקער. די ווערטער „מאַרש פון דאַנען" זענען אים געווען גוט באַקאַנט, נאָר געווייגלעך זענען זיי געזאָגט געוואָרן, גאָר אין אַן אַנדערן טאָן.

„זאָג נאָר, דו מיינסט עס טאַקע ערנסט?" האָט ער מיך ווי געפרעגט מיט די אויגן, נאָר איך האָב אים נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און אַ שווײַגנדיקע בין איך מיר געגאַנגען ווײַטער. ווען איך האָב מיך אין אַ צײַט אַרום אַרומגעקוקט, איז שוין דער הונט הינטער מיר נישט געווען: ער איז געלאָפן אויף דער צווייטער זײַט גאַס, און האָט געמאַכט אַ מינע, גלײַך ווי ער זעט מיך נישט.

איך האָב מיך אָפּגעשטעלט, ער האָט זיך אויך גענומען קוילערן אויפֿן אָרט און גאָר זאַכלעך גענומען עפּעס באַניוכען וואָס ער האָט דערטאַפּט אין וועג. נאָר אין מײַן זײַט האָט שוין דער הונט נישט געקוקט. איך בין צוגעגאַנגען צו דער שטוב. איך האָב אויפֿגעעפֿנט די פֿאָדערטיר — און דער הונט האָט מיך נאָכגעשפּירט פֿון דער קעגנאיבערדיקער זײַט גאַס.

צווישן די הינט וואָס האָבן אַרומגעסטאָמפּעוועט דעם שפּײַז־מאַגאַזין האָט זיך מײַן הונט געפּילט ווי אַ גלײַכער צווישן גלײַכע, אַזוי לאַנג ביזקל די באַלעבאָסטעס זענען נישט אַרויסגעקומען פֿון דער קלייט מיט פֿולע קיישלעך. אויגנבליקלעך איז די גלײַכקייט פֿאַרשוווּנדן: נאָך יעדן קוישל האָט זיך געטראָגן אַ הונט און פּריילעך אונטערגעבילט, פּלאָנטערנדיק זיך פֿאַר די פֿיס פֿון די באַלעבאָסטעס. סוף כּל סוף זענען פֿאַרבליבן נאָר מײַן קראַסאַוועץ און זײַן נאָענטער פֿרײַנד, אַ קליין אויסגעדייוועט הינטל, אַזאַ באַציפּטס און צעבאָרשטנס, גלײַך ווי ס׳איז ערשט פֿון דער וואַסער אַרויס, — ווען דאָס קליינוואַרג פֿון דער גאַנצער גאַס האָט געקרױנט מיטן נאָמען — דאָס פּיצל.

אי מײַנער, אי דאָס פּיצל זענען געווען איבערצײַגט, אַז די אָנגעפּיקע־וועטע קיישלעך מיט כּל טוב, זענען באַשטימט פֿאַר די הינט. ווען די כאַפּטע האַוועקענדיקע איז זיך צעגאַנגען און זיצן אײַנצוווייען נעבן מאַגאַזין, איז שוין פּשוט געווען נישט אַזוי באַקוועם, האָבן מײַנער און דאָס פּיצל זיך אַוועקגעלאָזט שלאָנדרעווען איבער די גאַסן.

אויפֿן צווייטן טאָג איז מײַן קראַסאַוועץ, ווי געוויינלעך, שוין געזעסן פֿון גאַנץ פֿרי אָן אויף זײַן באַשטענדיק אָרט און ערגעצווו האָט געטליעט אין אים, אַ האַלאַוועשקעלע פֿון האָפֿענונג אַז איך וועל מיך נאָכאַמאָל באַווײַזן; נאָר אַז איך האָב מיך באַוויזן, איז ער אויפֿגעשפּרונגען, און זיך מיר טשיקאַוועדיק געקנוידערט, עפּעס ווי קווענקלענדיק זיך צוצוגיין צו מיר. „מײַנעם" האָט זיך זייער געוואָלט באַווײַזן פֿאַר זײַנע פֿרײַנט, אַז ער פֿאַרמאָגט שוין אויך איצטער אַ שטיקל אייגנס אַ באַלעבאָסטע; און וויפֿל איך האָב מיך געזאָמט אין קלייט, האָט ער זיך אַן אומגעדולדיקער אַרומ־געדרייט נעבן סאַמע אַרײַנגאַנג און זיך געערגערט. און ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אויף דער שוועל, איז ער ווי פֿאַרשטאַרט געוואָרן. און כ׳האָב

נאָך אַפּילו נישט באַוויזן אים אַ רוף צו טאָן, ווי ער האָט זיך שוין געריבן נעבן מײַנע פּיס, און די איבעריקע הינט האָבן נישט אַראָפּגענומען דאָס אויג פון אונדז ביידע.

— מירן גייען, הונט־לעבן, מיר גייען, — האָב איך אים גערופן. „זאָל זײַן וואָס ס׳וועט זײַן. איך וועל אים, כאָטש אָנהאָדעווען צור זעט", — האָב איך באַשלאָסן בײַ זיך. דער הונט איז אַ צופרידענער געלאָפן נעבן מיר, און איך האָב שוין איצט נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז כ׳האָב אים נישט ווו אַהינצוטאָן, נאָר איך האָב אין מײַן געדאַנק איבערגעקליבן די געווייניגלעכע הינטישע צונעמען פון וועלכע קײַן איינער פון זיי איז אים נישט אונטער־געגאַנגען.

איצט האָט ער שוין יעדן אינדערפרי געוואַרט אויף מיר נעבן מאַגאַזין און דערנאָך איז ער געגאַנגען מיט מיר אַהיים. צומאָל האָט ער גרויסמוטיק גערופן צו זיך דאָס פּיצל. מײַנע שכנים האָבן שוין געוווּסט וועגן מײַן באַקאַנטן הונט און צי פון גרויס פרייד, וואָס איך פרווו אים נישט נעמען צו זיך אין שטוב אַרײַן, צי גלאַט אַזוי, נאָר זיי האָבן מיט גרויס אייפער צונויפגענומען פאַר אים פליישׁ, ביינער און אַנדערע הינטישע דעליקאַטעסן. מײַן „באַקאַנטער" האָט זיך ערלעך געטיילט מיטן פּיצל, און דערנאָך, ווען כ׳האָב מיך, שיר נישט ברעכנדיק רוק און לענד, זיך געטראָגן אימפּעטיק צו דער אַרבעט, פלעגן זיי מיך — ער מיטן פּיצל — באַגלייטן עס... עס... אַזש ביז דער סאַמע אויטאָבוסן סטאַנציע.

איינמאָל, ווען די שכנים זענען נישט געווען אינדערהיים, האָט זיך מיר פאַרוואָלט אָנהאָדעווען מײַן „באַקאַנטן" אין דער קיך, נאָר ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער טיר, סאַמעטן צערטלעך מיר אַ קוק געטאָן גלײַך אין די אויגן און ער האָט נאָר שיעור נישט געזאָגט:

— נישט באַקוועם. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אַרײַנגעגאַנגען, נאָר ס׳איז נישט באַקוועם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ווען איך בין אין יענעם פרימאָרגן צוגעקומען צום מאַגאַזין, איז נישט געווען צו זען קײַן סימן פון קײַן הונט. מיטאַמאָל האָב איך דערהערט

אַ פּילשטימיק הינטיש בילערײַ. נעבן מיר האָט זיך אַדורכגעטראָגן די פֿור פֿונעם הינט־שלעגער, פֿונעם היצל. אַ רגע האָט זיך מיר געדוכט אַז פֿון אונטער די גראָטעס, האָט אַ בלענד געטאָן די טונקל־ברוינע מאָרדע מיט די ליכטיקע שפּרענקעלעך.

פּאַר דער פֿור איז געלאָפֿן אַ כאָפּטע ייִנגלעך, און מיט געזעמלען: „דער היצל פּאָרט!" האָבן זיי צעטריבן פֿון זײַן וועג די אַלע הינט, וועלכע זענען ניצול געוואָרן פֿונעם געיעג נאָך זיי. דער הינט־שלעגער האָט געסטראָשעט די ייִנגלעך מיט זײַן בײַטש און האָט מיט אַלע כּוחות געשמיסן דאָס פֿערד, פּרוּוונדיק איבעריאָגן זיי. איך האָב האַסטיק אָנגעהויבן שפּאַנען נאָך דער פֿור, און דערנאָך, אַוועקלייגנדיק די בושה אין אַ זײַט, האָב איך מיך פּשוט און פּראָסט, געיאָגט נאָך איר. אין קיישל האָבן זיך בהלהדיק געקלאַפּט איינס אין אַנדערן די פּלעשלעך מיט זויער מילך.

די פֿור האָב איך אָנגעיאָגט אויפֿן סאַמע צוים. זי האָט זיך נאָכגעטעלע־בענדעט נאָך די אויטאָמאָבילן און איז געשטאַנען אײַנגאַנצן אַ באַקלעפּטע פֿון דער כאָפּטע ייִנגעלעך.

— פּעטער, אָ, פּעטערל, לאָזט אַרויס די הינט.

— נו כאַטש דאָס איינע פּיצל.

— פּעטער, אָ פּעטערל, לאָ־אָ־זט אַר־ו־ויס דאָס פּיצל — האָבן אונטער־געקרעכצט די בחורימלעך.

די הינט האָבן געבילט, נאָר נישט געקוויטשעט, נישט געקלאָגט זיך, זיי האָבן זיך גיכער פֿון אַלעמען אויפֿגערעגט.

אַרויסרוקנדיק די נאָז פֿון צווישן די אײַזערנע גראָטקעלעך, איז גע־שטאַנען אין שטײַג מײַן ...באַקאַנטער און האָט שטיל געהעשעט.

— הערט נאָר — האָב איך מיך אָנגעכאַפּט בײַם פֿורל. — הערט נאָר, לאָזט אָפּ מײַן הונט.

— וואָס, ס'איז אויף דער מאָרדע בײַ אים אָנגעשריבן, אַז ס'איז אײַערער?

— ער איז דאָך, אָבער, פּאָרט מײַנער. איר מעגט מיר הייליק גלייבן אַז ער איז מײַנער!...

— אנו, גייט אַלע אַוועק פֿון די רעדער! — האָט זיך צעשריִען דער הינט־שלעגער, דערפֿאַר ווײַל די פּאָדערשטע מאַשינען, האָבן זיך צעפּײַפֿט

און געריירט פון אָרט. און דאָ איז מיר מיטאַמאָל ווי עפּעס ליכטיקער געוואָרן אין קאָפּ: נישט אַוועקגייענדיק פון דער פור, האָב איך גענומען אײַליק נישטערן אין מײַן קיישל, זוכנדיק דאָס בײַטעלע.

— וואָס קומט דאָ פאַר? פאַרוואָס פאָרט איר נישט? איז אויסגעוואַקסן ווי פון דער ערד אַ מיליציאָנער.

דער הינט־שלעגער האָט זיך גאָר אויסגעטראָצלט און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט רוגזה:

— אָט, האָבן זיי זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר ווי זלידנע פליגן. גיב זיי אָפּ די הינט. איר דערלויבט פאָרן, חבר סטאַרשינאַ?

— פאָרט.

דער הינט־שלעגער האָט געגעבן אַ כוואָסטשע מיט דער בײַטש, און מיר האָבן זיך אַפילו נישט באַוויזן צו קומען צו זיך, ווו ער האָט שוין אַוועקגעיאָגט מיט דער פור.

— פאַרוואָס שטערט איר די אָרדנונג, בירגערין? האָט זיך דער מי־ליציאָנער גענומען „אויפקלערן די לאַגע".

— ה־ע־ע־ר־ט, דאָס איז אַ גע־ע־מייב־קק־ייט! (שטענדיק, פון ערגער־ניש הויב איך אָן צו שטאַמלען) מיר לערנען די קינדער זיי זאָלן זײַן אָנשטענדיקע מענטשן, און מיר אַליין... ווער האָבן געשטערט די הינט?

— רואיקער בירגערין, נאָר רואיקער. אַ באַלד וועלן מיר זיך פונאַנדער־קלײַבן. די יינגעלעך האָבן זיך צעשריִען אויף אַ קול:

— די טיאָטיע איז נישט שולדיק!

— פאַרוואָס נעמט ער אַוועק די הינט?

— ער איז אַ פאַסקודניאַק, אָט דער היצל, אָט אַ געמיינער מענטש!

פאַרבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אונדז אַרומגערינגלט. דוכט זיך, אַז עמיצער האָט זיך אַפילו געגריסט צו מיר. אַזוי איז עס שוין פון אַלע תמיד: אַ גאַנץ לעבן באַגעגן איך מײַנע באַקענטע, פּונקט דעמלט ווען איך וויל זיי אַמווייניקסטן זען. אגב, מיר איז שוין איצטער געוועז אַלצאיינס, אי דאָס וואָס עס זעען מיך מײַנע באַקענטע, אי דאָס וואָס כ'האָב שוין פאַרשפּעטיקט אויף דער אַרבעט, אי דאָס וואָס אין קיישל כליופּעט זיך אויס דער קעפיר פונעם צעבראָכענעם פלעשל.

איך האָב נאָך אַלץ געזען די אויגן פון מיין טונקל־ברוינעם הונט, און געהערט זיין שטיל העשען.

און דער מיליציאָנער, האָט מיר אַלץ געטיקעט אין קאָפּ אַריין וועגן קייטעלעך און נומערן, וועגן דער שעדלעכקייט פון היימלאָזע הינט און וועגן דער נוץ פון די „באַלעבאַטישע" פּירפּיסיקע... ער האָט זיך דערמאָנט וועגן אַ פאַל אויף דער גרענעץ, וועלכער איז אויך פאַרבינדן מיט הינט, און עצהנדיק מיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, איך זאָל שוין מער נישט „שטערן די אָרדנונג" האָט ער מיך אָפּגעלאָזט.

די ליאַרעמדיקע כאָפּטע ייִנגעלעך האָבן מיך באַגלייט ביז אַהיים: ס'האָט זיי אַ ביסל באַרואיקט דאָס, וואָס מ'האָט כאָטש ביי מיר קיין שטראָף־געלט נישט גענומען. זיי האָבן פונסניי באַקלאָגט דאָס פּיצל, געשאָלטן דעם היצל און צוגעזאָגט אַז זיי וועלן זיך ווען ס'איז ספּראַווען מיט אים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...איצט גריסן זיך מיט מיר, אַלע, אַלע ייִנגעלעך פון אונדזער גאַס.

# פינף פון איין „שויטל"

ווען ס'איז געשטאָרבן די „טיאָטיע סימע", האָט זיך אין דער צײַטונג באַוויזן די פאָלגענדע טרויער־מודעה: „דער קאָלעקטיוו פונעם שפיטאָל טרויערט אין שייכות מיטן פריצײַטיקן טויט פון דער סאַניטאַרין מיכאַילאָוונע קרוטאָווסקאַיאַ און דריקט אויס זײַן מיטגעפיל דער משפחה פון דער פאַר־שטאָרבענער".

די טרויער־מודעה אין דער צײַטונג דאָס איז געווען דער אייבציקער און לעצטער דאַנק דער טיאָטיע סימען פון אונדזער פאַלאַטע, אָבער עס קאָן דען אַנדערש געמאָלט זײַן אַז אין אונדזערס אַ צײַטונג זאָל מען אָפּדרוקן אַז אַזעלכע און אַזעלכע חולים לעבן איבער שווער דעם טויט פון דער געליבטער ניאַניע? און מיר האָבן באַשלאָסן צו גילטן פאַרן „קאָלעקטיוו פונעם שפיטאָל".

⁂

עפּעס איינער אַ שאַרפזינגלדיקער האָט געקריינט אונדזער שמאָלע מיט האַלבקײַלעכדיקע ווענט־פאַלאַטע מיטן נאָמען „שויטל" און פון דעמלט אָן רופן זי אַזוי סײַ די קראַנקע סײַ די דאָקטוירים. די לעצטע עטלעכע וואָכן פאַרנעמען דאָס „שויטל" פינף גענצלעך פאַרשיידענע „אַרבעסלעך"; ס'איי־ניקט אונדז אָבער נאָר איין זאַך — די קרענק.

אַנע אַלעקסייעוונע און טאָניע זענען שוין אַלטגעזעסענע תושבים פון דער פאַלאַטע. אַנע אַלעקסייעוונע איז אַ ציין־דאָקטער, נאָר אין דער פאַלאַטע איז זי געצווונגען זיך צו פאַרנעמען מיט אַלע מעדיצינישע פראַגן. קיינער פון אונדז ווייסט נישט איינבעמען קײַן פּיל, ביז וואַנען מ'וועט זיך נישט דערוויסן בײַם „שטוב"־דאָקטער, וועגן דעם פאַרוואָס און פאַרוועמן פון דער דאָזיקער פּיל.

אַ שטאַלטנע, אַפילו אין איר שפּיטאָליקן כאַלאַט, אַן אַלצאייִנס ליבלעכע מיט אַלע, קלאָגט זיך אַנע אַלעקסייעוונע קיינמאָל נישט און קיינעם נישט אויף גאָרנישט. ווען די קראַנקע פּלייצע הערט נישט אויף צו נאָיען, דרייט זי זיך אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט און ליגט אַ שווײַגנדיקע אַזוי לאַנג, ביז דער ווייטיק שטילט זיך אײַן. אַנע אַלעקסייעוונע דאָס איז דער האַמעוועודיקער כּוח פון אונדזער פּאַלאַטע. זעט איר אָבער טאָניע, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, — דער אָנהויב פון אַלע אונדזערע ערגערנישן.

טאָניע איז אַ יאָר פערציק אַלט, נאָר פונעם ערשטן קוק קאָן מען איר געבן אַלע פופציק. שווער צו זאָגן פון וואָס טאָניע האָט זיך אַזוי געעלטערט — צי פונעם שווערן לעבן צי פון דער קרענקלעכער דיקקײַט. דאָס אַמאָליקע סימפּאַטישע געזיכט איז איצטער צעפלאָסן געוואָרן, און אַלע שטריכן אירע זענען אויס איצטער זייער דרימונינקע; נאָר די גריבעלעך אין די באַקן און טאָניעס שמייכל, דערציילן וועגן איר אַמאָליקן חן. טאָניע עסט אַ סך און שלאָפט אַ סך, נאָר אין די הפסקות צווישן אַ שלאָף און אַן עס שעלט זי איר ביטערע דאָליע, די קרענק, די דאָקטוירים און איר מאַן.

שטאַמען שטאַמט זי, טאָניע, פונעם אוראַל, פון אַ קליין דערפעלע, נאָר די היימישע ערטער האָט זי פאַרלאָזט צוריק מיט צוואַנציק יאָר, און ס'איז איר פאַרבליבן נאָר אַ גרויסע בענקשאַפט און אַ ריידנסאַרט אַזאַ מין אָ־אָ־דיקע (די אָ־ען ביי טאָניען באַקומען זיך אַזעלכע קײַלעכיקע און פולבלעכע ווי קליאָצקעס). טאָניע וואָרטשעט אויף אַלץ און אויף אַלע, נאָר וואָרטשענדיק אַזוי גוטמוטיק, אויפן קינדערישן שטייגער, דערציילט זי וועגן זיך אַ סך און גערן, וואָלטן נאָר געווען אַזויפיל צוהערער.

— אָט וואָס איך וועל זאָגן, — הייבט שוין אָן טאָניע פון אינדערפרי — איך וועל אַזוי זאָגן: נעכטן אויפדערנאַכט האָט מען מיר געגעבן אַ רויט פילעכל? געגעבן. אָבער היינט גיט מען נישט און אייערנעכטן האָט מען אויך נישט געגעבן. זאָגט מיר פאַרוואָס, אַנע אַלעקסייעוונע? און אַז איך בין אַ פּראָסטער מענטש, און אַז איך האָב געענדיקט נאָר דריי קלאַסן, דאַרף מיר יעדער איינער טרעטן אויפן קאָפּ? האַ? איך בין אַזוי אויך אַ געקריוודע־טע, און איבער געקריוודעטע, אפשר בין איך גאָרנישט שולדיק, וואָס איך בין נישט אַזאַ געבילדעטע. אפשר האָט מיך די דאָליע מײַנע, אַזוי געבילדעט, אַז...

טאָניע גיט אַ כליפּע.

— וואָס נעמט איר זיך צום האַרצן, שוין פון סאַמע אינדערפרי — באַרואיקט זי אַנע אַלעקסייעוונע, — מען האָט אייך נישט געגעבן קיין פּיל, הייסט עס אַז מען וועט אייך שפּעטער געבן. אָט נערווירט איר, און דערנאָך וועט זיך ביי אייך אויפהייבן דער בלוט־דרוק. אַזוי אַ וועט קיין שום היילונג אייך נישט העלפן.

נאָר טאָניען איז נישט אַזוי גרינג צו באַרואיקן — זי דאַרף מען לאָזן זיך אויסריידן, און דאָס ווייסט שוין זייער גוט די גאַנצע פּאַלאַטע. אָט דערפאַר שווייגן מיר אַלע, און טאָניע כליפּענדיק, צעווישט די טרערן מיטן האַנטוך און אפשר שוין צום צענטן מאָל דערציילט זי פונסניי איר געשיכטע. און כאָטש זי טראַכט אַז עס הערט זי די גאַנצע פּאַלאַטע, אָבער ווענדן, ווענדעט זי זיך נאָר צו אַנע אַלעקסייעוונע, וועלכע זי שעצט זייער.

— דער טאַטע ביי אונדז איז געשטאָרבן פון טשעכאָטקע, די מאַמע האָט אים איבערגעלעבט נאָר מיט איין יאָר, און אַזוי זענען מיר פאַרבליבן פיר קינדער: איך — כ׳בין נאָך אַפילו קיין עלף נישט אַלט געווען — און נאָך דריי קלענערע פון מיר. מען האָט אונדז צעשטעלט צווישן די מומעס און ביי יעדער מומע האָבן קאַוווטשעט גאַנצע דריי פּיצלעך. ווילסטו — גלייב, ווילסטו גלייב נישט, איך האָב שוין געדאַרפט גיין אין פערטן קלאַס, און זי האַלט זיך ביי אירן: „וואָס, איך וועל אייך אַלע, כאָליערעס, אָנפּויען און אָנפּרעסן? און צו דערצו נאָך איינערע העמדער וואַשן?" און זי האָט מיך נישט געלאָזט אין שול אַריין גייען. האָב איך מיך געוואַלגערט ביי איר עטלעכע יאָר, און אַז כ׳האָב שוין אַריינגעשפּאַנט אין זעכצעטן, האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַריין. וועסט מיר גלייבן — איך בין דעמלט שיעור ניש אומגעקומען. די מלחמה. אָרום און אַרום וויסט און פינצטער, און איך בין איינע אַליין, ווי אַ שפּענדל אין ים... איך בין דורכגעגאַנגען קאַלטס און וואַרעמס, און אין צוויי יאָר אַרום באַקום איך פון מיינער אַ גוטע שוועסטער אַ בריוו „אַזוי און אַזוי, קום צו פאָרן. מירן אינאיינעם אַרבעטן, מירן גייען לערנען..." האָב איך מיר צונויפגעלייגט געלט אויף אַ בילעט — זי האָט אַזש געוווינט אין נאָוואָסיבירסק, ס׳האָט מיר נאָך גע־סטייעט אויף אַ טעלעגראַמע, זי זאָל מיך באַגעגענען. איך קום צו פאָרן,

אויפן וואָקזאַל — קיינער נישט. אָט וואָס פאַר אַ שלימזלניצע איך בין...

טאַניע זיפצט אָפּ. מיר ווייסן שוין, אַז איצטער וועט זיך אָנהייבן דאָס סאַמע טראַגישסטע בלעטל פון טאַניעס לעבן.

— שטיי איך מיר, אַזוי הייסט עס, אויפן וואָקזאַל אַ הונגעריקע, אַ פאַר־פרוירענע (אויף דעם אָרט קלינגען שטענדיק טאַניעס „קאָמעצן״ באַזונדערס הילכיק) — שטיי איך. ווילסטו גלייב, ווילסטו גלייב נישט און אויף די באַקן ריטשקעס טרערן. וווהין לאָזט מען זיך — ווייס איך נישט.

מיט אַמאָל דערזע איך: עפּעס איינער שלאָנדערט אַרום נעבן מיר. אַהין־אַהער, אַהער־אַהין, ער איז צוגעגאַנגען. „ווער, זאָגט ער, האָט געוואָגט צו באַליידיקן אַזאַ חנעוודיק מיידל?״ און איך בין טאַקע אין אַן אמת געוועזן דעמלט נישט אויף אַרויסצוװאָרפן: די נאָז, די אויגן, דער גאַנצער שטאַלט, — אַלץ אויפן אָרט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

טאַניע שמייכלט און רויטלט זיך.

— נו, און איך, אויפן האַרצן איז מיר געוועזן גוט אָנגעזאָליעט, האָב איך אויסגעלייגט די גאַנצע געשיכטע: אַזוי און אַזוי... דו וועסט מיר גלייבן, כ׳האָב גערעדט און געוויינט, געוויינט און גערעדט, און איך בין געגאַנגען צו אים ווי דער לעצטער נאַר, ווי עפּעס טאַקע נאַר אַ קליין קינד.

אָפּגעגעסן, זיך אָנגעוואַרעמט און אַנטשלאָפן געוואָרן. און דערנאָך... און ער, אַזאַ כאָליערע כאָטש אויף גאַנצע פופצן יאָר עלטער פון מיר, האָט ער זיך אַפילו נאָך נישט געוואָלט מיט מיר פאַרשרײַבן. מיר האָבן זיך ערשט צעשריבן, ווען מײַן פּעטקע איז געבוירן געוואָרן, און מײַן ליובקען איז שוין געגאַנגען דאָס דריטע יאָר.

— איז ווי אַזוי זשע טאַניע, האָט איר טאַקע קיינעם נישט ליב געהאַט? — פרעגט אַניע, אַ צוואַנציקיעריק מיידל, בײַ וועמען דער חתן איז אין דער אַרמיי. בײַ אַניען איז נאָך אַ געוויינלעכן גריפּ, נישט קײַן געוויינלעכע קאָפּ־שמערצן. זי גייט אַרום שטענדיק מיט אַ קאָמפּרעס אויפן קאָפּ, שרײַבט גאַנצע טעג בריוו צו איר חתן. די דאָקטוירים האָבן איר פאַרבאָטן סײַ לייענען, סײַ שרײַבן, נאָר אַניע האָט אונטערן קישן אַ גאַנצן פּאַק מיט פּאַפּירן, בריוו, ביכער „וועגן ליבע״ און אַ גאַנצן שטויס מיט אַרטיקלען אויף מאָראַלישע טעמעס, אויסגעשניטענע פון די צײַטונגען.

טאַניעס געשיכטע צו וועלכער מיר האָבן זיך שוין לאַנג צוגעוווינט, מאַכט נאָך אויף אַניען אַ שטאַרקן אײַנדרוק.

— נו ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אָן ליבע? — חזרט זי איבער איר פראַגע.

טאַניע באַליידיקט זיך:

— פאַרוואָס גאָר אָן ליבע? איך האָב אים ליב. אַזוי ווי איר זעט אים, איז ער בײַ מיר אַ גוטער. — טרינקען? טרינקט ער נישט, שלאָגן? שלאָגט ער מיך נישט. ווען מיר גלייבן, פאַר צוואַנציק יאָר האָט ער מיך אַפילו מיט קיין פינגער נישט אָנגערירט, נאָר וואָס מיר ווערטלען זיך אַמאָל דורך אַ ביסעלע געדיכטער, אָבער בײַ וועמען טרעפט זיך עס דען נישט? איאַ, איך רעד צו דער זאַך, אַנע אַלעקסייעווגע?

אַנע אַלעקסייעווגע שאָקלט צו מיטן קאָפּ און באַהאַלט אַ שמייכל אין קישן.

— דאָס געלט ברענגט ער אינגאַנצן אַהיים. „טאָניטשקע” רופט ער מיך נאָר, צו דערצו.

טאַניעס פּנים צעגייט זיך אַזש פון נחת.

— נאָך „טאָניעטשקע” זאָל ער מיך נישט רופן. גאַנצע פיר קינדער איס געבוירן, אויסגעהאָדעוועט זיי, און ער אַזאַ כאָליערע, שלײַעט זיך נאָך אַרום. ער קאָן זיך, דער זשערעבעץ, גאָרנישט אָנזעטן.

טאַניעס גריבעלעך פון די באַקן פאַרשווינדן און זי זעט שוין ווידער אויס ווי אַ געקריוודעטע.

— עס פלעגט זיך טרעפן, פעטקע איז בײַ מיר אָפּגעשיט מיט צווייטלעך. זינקע, די קלענערע מײַנע, איז פול אין היץ, און איך דריי מיך צווישן זיי נאָר ווי אַ דריידל. איצטער הוליעט ער שוין נישט, ער איז שוין אַלט געוואָרן — ער האָט זיך גענוג אָנגעהוליעט, איצטער מען זאָל נאָר אַזויפיל לעבן און לעבן... איך זאָל נאָר די צוויי קלענערע קאָנען שטעלן אויף די פיס, די גרויסע וועלן זיך שוין אַליין זייער שטעטל באַשטיין. כ'האָב מורא אָבער, אַז איך וועל זיי שוין נישט אַרויסשלעפּן.

די לעצטע ווערטער רעדט שוין טאַניע אויס מיט אַ ציטער אין קול.

— נאָכאַמאָל פונסניי? — מוסרט איר אַנע אַלעקסייעוונע.

— ווי אַזוי זשע זאָל איך נישט וויינען? די לעבער האָט מען מיר געהיילט און נישט אויסגעהיילט, און איצטער נאָך דאָס האַרץ און דער קאָפּ. ס׳איז שוין דוכט זיך מיר איבערגענוג?...

טאַניע, שנאָרכענדיק מיט דער נאָז, זוכט דעם האַנטוך. נעבן פענצטער אין ווינקל קרעכצט אונטער יעקאַטערינע איוואַנאָוונע, אַ דריוונע אַלטיטשקע, מיט אַ קרענק, אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט — בסך הכּל — ראַדיקוליט.

— טאַניע, פאַר הײַנט גענוג. דער קאָפּ האַקט שוין פון אײַערע תּחינות.

— דער קאָפּ טוט איך ווײ, יעקאַטערינע איוואַנאָוונע? — איז טאַניע אויף דער וואַך. — און אין מיר וויינט ס׳האַרץ און איך שווײַג, איך דערצייל קיינעם נישט וועגן דעם...

— און דאָס הייסט „קיינעם נישט״. אַז פון אינדערפרי אָן הערט מען נאָר אײַך — בלײַבט איר גאָרנישט שולדיק יעקאַטערינע איוואַנאָוונע.

יעקאַטערינע איוואַנאָוונע איז אַרײַן אין שפּיטאָל אויף צוויי טעג שפּע־טער פון טאַניען, און אירע געפילן צו טאַניען האָבן באַוויזן אין משך פון די עטלעכע וואָכן אַדורכצוגיין אַלע דרײַ מדרגות: פון מיטגעפיל צו גלײַכ־גילטיקייט און פון גלײַכגילטיקייט צו אויפרעגונג. ווען טאַניע איז צוגעקומען צו דעם אָרט ווי איר „כאַליערע האָט אַררומגעהוליעט, אַרומגעהוליעט און זיך גאָר נישט געקאָנט אָנהוליען״, האָבן זיך בײַ יעקאַטערינע איוואַנאָוונע פאַרשטאַרקט די ווייען אין גאָרטל. די דעליקאַטע אַלטיטשקע, וועלכע האָט אָפּגעאַרבעט אַ האַלבן יאָרהונדערט אין אַ ביבליאָטעק, האָט גערעדט נאָר וועגן ביכער. זי האָט קיינמאָל נישט ליב געהאַט קײַן מענטשן, וועלכע האָבן צו אָפּן אַרויסגעלייגט פאַר יעדן איינעם זייער לעבן. יעקאַטערינע איוואַ־נאָוונען איז אויסגעקומען נישט איינמאָל צו רעדן אויף די לייענער קאָנפע־רענצן וועגן ליבע, און אירע אַרויסטרעטונגען פלעגט זי שטענדיק פאַרענדיקן מיט אירן אָן אייגענעם אַפאָריזם:

„אַ מענטש — דאָס איז אַן אייביקער סוד״.

יעקאַטערינע איוואַנאָוונע האָט געהאַלטן פאַר איר פליכט, אונטער אַלע אומשטענדן, צו ריכטן די יוגנט אויפן וועג פון אמת. אפילו דאָ אין שפּיטאָל, האָט זי גענומען די השגחה אויף אַנען און האָט אָפט גערעדט מיט איר אויף געהויבענע טעמעס. טאַניעס געשיכטעס האָבן אַוועקגעהרגעט די גאַנצע דער־

הויבנקייט פון אָט די שמועסן און האָבן געשטערט יעקאַטערינע איוואַנאָווגען לייענען, טראַכטן און האָבן אַרויסגערופן בײַ איר קאָפּשמערצן.

אָט איצטער פּרוּווט זיך אויך יעקאַטערינע איוואַנאָווגע אָפּצושטעלן טאַניען, נאָר דאָס איז עלעהיי „צו גיסן בוימל צום פֿײַער".

— יענעמס יסורים וועגן אַ פּעדער. דער קאָפּ טוט נישט ווי פֿון זיי — הייבט אָן טאַניע, אַוועקזעצנדיק זיך גאַנץ ברייטלעך; נאָר אין דער צײַט, ווי געוווּנטשן, באַווײַזט זיך אין דער טיר די „טיאָטיע סימע".

— ווי אַזוי זענט איר געשלאָפן, קינדערלעך? פֿרעגט זי און די גאַנצע פּאַלאַטע דעכעט אָפּ פֿרײַ: די אָנגעשטרענגקייט איז אַוועק ווי מיט דער האַנט.

יעטווידער קראַנקער האָט זיך זײַנע מאָדנעקייטן, אָבער די פּונעם „שויטל", האָבן זיי מער מיט אַ ביסל. מיר האָבן אונדזערע באַליבטע און נישט באַליבטע דאָקטוירים, שוועסטער און ניאַניעס. פֿון די שוועסטער, האָבן מיר, צום בײַשפּיל, נישט ליב נינע מיכאַילאָווגע, כאָטש זי רעכנט זיך פֿאַר איינע פֿון די בעסטע און איר פּאָרטרעט שײַנט אַראָפּ פֿונעם „ערן־טאָוול". נינע מיכאַילאָווגע, באַלעוועט נישט קיין שום קראַנקן, אין דער אַרבעטס־צײַט שמייכלט זי קיינמאָל נישט און גייט אַרום מיט אַזאַ מינע, גלײַך ווי אָן איר וואָלט דער שפּיטאָל געגאַנגען צו גרונט. די „סטאַטיסטיקער" פֿון אונדזער פּאַלאַטע האָבן אויסגעחשבונט, אַז די גרעסטע צאָל אָנפֿאַלן, פֿאַר־לויפֿן זיך בשעת נינע מיכאַילאָווגע דעזשורעט. דאָס איז געווען גאַנץ געננוג: אַפֿילו די זאַכלעכע אָן „אַבערגלויבענישן" אַנע אַלעקסייעווגע איז אָפּגעקילט געוואָרן צו דער מוסטערהאַפֿטער קראַנקנשוועסטער.

די ניאַניעס, אין אונדזער שפּיטאָל לעבן, שפּילן דעם ערשטן פֿידל — זיי זענען דאָס בריקל צווישן די קראַנקע און די דאָקטוירים, און דעריבער באַציִען מיר זיך צו זיי כאָטש תּרעומתדיק, אָבער דאָך מיט אַכטונג. און די טיאָטיע סימע וואָלט זיך באַזונדערס נישט אויסגעטיילט ווען נישט איינע אַ וווּנדערלעכע אייגנשאַפֿט אירע: זי קען הערן.

די סאַמע צוריקגעהאַלטנסטע מענטשן ווערן אין שפּיטאָל פּלוידערזעק. דער קראַנקער שווײַגט פֿאַר די נאָענטע, כּדי ער זאָל זיי נישט ערגערן, ער שווײַגט פֿאַר זײַנע מיטאַרבעטנדיקע, כּדי ער זאָל נישט אויסזען נעבעכדיק, און נאָר פֿאַר דער פּאַלאַטע גיסט ער אויס זײַן ביטער האַרץ.

און אויב איר קענט שוין קליפּ און קלאָר זײַן ביאָגראַפיע, וועט ער אײַך דערציילן וועגן זײַן אַרבעט, און אויב דאָס איז אײַך שוין אויך באַוווּסט, וועט ער אײַך דערציילן וועגן די קינדער, וועגן די פרײַנט, וועגן די שכנים; נאָכדעם וועט ער אײַך באַשרײַבן די באַקוועמלעכקייטן פון זײַן קוואַרטיר און צום סוף וועט ער אײַך אויסלייגן מיט אַלע קליפּערלעך די געשיכטע פון זײַן קראַנקהייט.

עס מאַכט נישט אויס וואָס איר האָט עס שוין איין מאָל געהערט. וועט איר הערן נאָך אַ מאָל. עס טוט וויי דער קאָפּ? עס וויל זיך אײַנדרימלען נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט? טערפּעט צו. דערפאַר מאָרגן וועט דער זעלביקער קראַנקער זײַן געצוווּנגען אויסצוהערן אײַך (בײַ אײַך איז דאָך אויך די נשמה נישט קײַן שטיין: עס וויל זיך אַראָפּרעדן...) און אין נאָמען פון דעם קינפּטיקן צוהערער דולדעט איר און שווײַגט.

אַניע האָט זיך געיאַווועט אין „שויטל" שפּעטער פון אַלע. פון אַכטונג צו די עלטערע (און מעגלעך ס'האָבן איר נאָכנישט דערעסן אונדזערע געשיכטעס) הערט אַניע געדולדיק אויס יעדן איינעם און דערפאַר טויגן שוין אָבער די איבעריקע, ווי צוהערער, צו גאָרנישט — זיי ווייסן שוין אַלצדינגס פון פריִער. ווען טאַניע פאַרגעסט, אין וועלכער דאַטע איז איר סאַשקע געבוירן געוואָרן, דערמאָנט איר דאָס גאַנצע „שויטל" דעם טאָג, דעם חודש און דאָס יאָר.

די טיאָטיע סימע מיט איר ווונדערלעכן אויפן פון הערן — איז ממש אַ רעטונג פאַר די קראַנקע.

געוויינלעך פּוצן די ביאַניעס די דילן, וואַשן די פענצטער, ראַמען אויף די שאַפקעלעך און בענייביי הערן זיי אויך די שמועסן פון די קראַנקע, נישט באַהאַלטנדיק אַז דאָס גייט נישט אַרײַן אין זייער פּליכט. אָבער דערפאַר, איז די טיאָטיע סימע אי זי הערט, אי זי טוט זיך אָפּ שטיל איר אַרבעט. די טיאָטיע סימע כאַפּט זיך אַפילו אַרײַן אויף אַ מעשה. זי זעצט זיך געוויינלעך צו צו טאַניען אויפן בעטל מיט דער שוואַברע אָדער מיט דער שמאַטע אין דער האַנט, עס שמעקט פון איר מיט כלאָר, שטוב־זייף און באַרשטש. נישט קײַן יונגע, שוין דער זעקסטער צענדליק, איז, לויט דער אַלגעמיינער אָנערקענונג, פון דער גאַנצער פּאַלאַטע, „„האַלט זי זיך" גאַנץ

גוט: די שוואַרצע געדיכטע האָר זענען צונויפגענומען אין אַ קובליק אויף איר פּאַטיליצע; דער קובליק איז שטענדיק אונטער אַ ווײַס טיכל, און נאָר איין פּאַסמע באַמבלט זיך ווי אַן עקל אויף איר פּלייצע, די טיאָטיע סימע האָט אַ היפּשע נאָז, אַ גרויס מויל, ברייטע און געדיכטע צונויפגעוואַקסענע ברעמען, און אינגאַנצן גענומען — איז זי ווי אויסגעהאַקט מיט אַ האַק. זי קען זיך אַפילו נישט פאַררופן אויף איר יוגנט: ס׳הייסט, אַמאָל בין איך געווען אַ שיינע.

נאָר די אויגן, שוין גאָר נישט קיין יונגע, אַפּגעצוויטעטע, לאַשטשען מיט זייער שלווהדיקער זקנהשער גוטסקייט. אָט די דאָזיקע אויגן, פאַר־איידלען דאָס פאַרגרעבטע פּנים און פאַרגלעטן איר מגושמדיקייט.

מיר האָבן עפּעס נישט באַמערקט בײַ דער טיאָטיע סימע אַ בעסערע אָדער ערגערע שטימונג — זי איז שטענדיק בײַ איר אַן אַלצאייניקע. אויך הײַנט ווי נאָר זי באַווײַזט זיך ברענגט זי אַרײַן אַ באַרואיקונג אין דער פּאַלאַטע.

— וואָס זענט איר מיר עפּעס הײַנט אַזוי צעבאָרשטן, ווײַבער?

— וואָס פרעגסטו מומינקע סימע?

כ׳לעבן, ס׳איז נישטאָ מיט וואָס זיך צו פרייען. מ׳היילט און מ׳היילט און קײַן טאָלק זעט מען נישט.

טאָניע, שטילערהייט, צעלאָזט זיך ווידער.

— און אַז די פּרוּווסט זיך שוין קלאָגן, פאַר עפּעס אַ בעסערן מענטשן, הערט מען דיך ווי דעם קאָטער.

די טיאָטיע סימע קען שוין זייער גוט טאָניעס קלאָגעכצער און „די בעסערע מענטשן״, דעריבער באַמיט זי זיך איבערפירן טאָניען אויף אַנדערע „רעלסן״.

— זאָג נאָר בעסער, דײַן מאַן איז נעכטן געקומען?

— געקומען. ס׳האָט אים אָנגעטראָגן די כאָליערע מײַנע, שפּעטער ווי אַלע. פרעג איך אים, פאַרוואָס אַזוי שפּעט? לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט זיך נאָך דער אַרבעט צוגעלייגט אָפּרוען און האָט אָוועקגעכערעט. „איך — זאָגט ער — האָב אַ גאַנצע נאַכט קײַן אויג נישט צוגעמאַכט. כ׳האָב פאַר דיר געקאָכט אַ יאַכל, טאָניעטשקע״. דו זאָלסט פאַר אַ נאָווינע, געווען אָנקוקן

דאָס „שיינע" יאַכל זײַנס, טיאָטיע סימע: אַלדינגס צעקאָכט און איבערגע־קאָכט. ס'איז שוין נישט קײַן פלייש אַרויס, נאָר עפּעס אַ מין קאַשעפּאַניע.

— ע! טאָניע, דיר איז שווער צוצוטרעפן.

— וואָס דאַרפן מיר צוטרעפן? וואָס בין איך, אַ פּרינצעסין בין איך בײַ זיך? וועסט מיר גלייבן, איך האָב מיך נעכטן מיט אים פײַן צעווערטלט. איך דערמאָן זיך, גייט מיר נאָך איצטער אַדורך אַ דראָזש: אַכט טעג נאָך ביז דער מישטיינסגעזאַגטער זאַרפּלאַטע [1] און ער האָט שוין נישט קײַן פּירער. ווו וועל איך אים נעמען געלט? און די קינדער דאַרפן ווינטער אַ פּאַלטאָכל, אַ קליידעלע דאַרף מען. וואָס עפּעס, פּאַר זיך מאָן איך? איך דאַרף שוין גאָרנישט האָבן...

די טיאָטיע סימע גיט שוין באַצײַטנס טאָניען אַ האַנטוך און זאָגט איר עפּעס שטילערהייט. טאָניע קנייטשט דעם האַנטוך, פּאַרשקעט צו מיט דער נאָז און פּאַמעלעך באַרואיקט זי זיך.

— הערט אַ שיינע געשיכטע, — הייבט זיך אויף פונעם בעט אַניע. מיט איין האַנט, האַלט זי זיך בײַם קאָפּ, און אין דער צווייטער, אַ זײַטל פון אַ צײַטונג. — איך וועל אײַך דערציילן פונעם אָנהויב. עפּעס אַ מיידל האָט זיך באַקענט מיט אַ בחור אין אַן אָפּרו־הויז...

דערנאָך גייט שוין אַ געוויינלעכע געשיכטע, וועגן דעם, ווי זיי האָבן זיך באַפרײַנדעט, זיך פּאַרליבט; דערנאָך האָט ער זי אויפגעהערט ליב צו האָבן און איז אַוועקגעפאָרן. און בײַ דעם מיידל איז דאָס די ערשטע ליבע, און זי האָט זיך, נאַטירלעך תיכף געווענדעט נאָך אַן עצה צו דער יוגנט־צײַטונג. פּאַרשטייט זיך אַז די צײַטונג האָט זיך אָפּגערופן און איצטער אונטער דער רובריק „צי איז גערעכט ליודמילאַ נ.?" גייט אַ גאַנצע כוואַליע פון בריוו. פון שלאָסערס, פּעדאַגאָגן, שטוב־באַלעבאָסטעס און אַפילו פון איינעם אַ פּראָפעסאָר.

צי ליודמילא נ. וועט געהאָלפן ווערן, ווייסט מען נישט, נאָר פּאַר אונדזער אַניען איז די דיסקוסיע ממש אַ גענעזונג, אויף אַ האָר נישט ווייניקער, ווי די פּילן צום קאָפּווייטיק.

1 זאַרפּלאַטע — רוסיש: חודש לוין.

צוריק מיט צוויי וואָכן, ווען סלאַוויקס ז. מאַמע, האָט אָוועקגעוואָרפן אים און דעם פאָטער, האָט אַפילו אַניע געשיקט אַ בריוו אין רעדאַקציע, נאָר מ׳האָט אים עפּעס נישט געדרוקט. אַניע האָט זיך גענומען צום האַרצן, נאָר צו דער צײַט האָט אַנגעיאָגט די פּאַסירונג מיט „ליודמילע ב.״, איצטער וויל אַניע אַז די גאַנצע פּאַלאַטע זאָל זיך פאַרנעמען מיט „ליודמילע ב.״.

— דו וואָלסט אונדז בעסער לייענען, אַניוטע, וואָס ס׳שרײַבט דיר דײַן חתן? פרעגט די טיאָטיע סימע, נישט אָן אַ שפּליטער פון האָפענונג, אַז אפשר וועט איר ענדלעך געלונגען איבערצולייענען אין דער הויך די בריוו פון איר זון...

די שלווהדיקע אידיליע אין „שויטל״ ווערט איבערגעריסן פון דעם רעשיקן באַווײַזן זיך פון דער „צײַטונגס אַרבעטערין — סקוואָרצאָווע״.

טאַמאַרע סקוואָרצאָווע פון דער שכנותדיקער פּאַלאַטע איז אונדזער אָפטער גאַסט. איר געזונט צושטאַנד פאַרבעסערט זיך, און אַזוי ווי אַלע בײַ אונדז אין פּאַלאַטע זענען „ליגנדיקע״ שווערקראַנקע, קען זי, שוין די גייענדיקע, זיך דורכקומען צו אונדז.

אַרבעטן, אַרבעט זי, טאַמאַרע, ווי אַ סעקרעטערין־מאַשיניסטקע אין דער רעדאַקציע פון אַ צײַטונג און באַקענענדיק זיך, שטעלט זי זיך פאָר נישט אַנדערש ווי די „צײַטונגס־אַרבעטערין סקוואָרצאָווע״. אין אונדזער פּאַלאַטע האָט מען טאַמאַרען ליב, מ׳שעצט איר קענען דערציילן אַנעקדאָטן, און נאָר יעקאַטערינע איוואַנאָוונע רופט אָן סקוואָרצאָווען „פּלוידערקע״, כאָטש די אַנעקדאָטן אירע, הערט זי אויס מיט פאַרגעניגן.

— מיידלעך, אַ פרישע צאַפּלענדיקן אַנעקדאָט — פאַרדעכעט זיך אַזש טאַמאַרע, נאָך אויף דער שוועל — ...איז פאָרן אין צוג אַ מיידל מיט אַ יונגערמאַן... אַניע, דו הער נישט — דו ביסט נאָך גאָר אַ קליינינקע. טאַמאַרע לאָזט אַראָפּ דאָס קול, אָפּשפּילנדיק דעם אַנעקדאָט. דאָס „שויטל״ קײַכט אַזש פון געלעכטער, אַניע אַ פאַרשעמטע לאָזט אַראָפּ די אויגן, און מאַכט אַ פּנים, גלײַך ווי זי האָט גאָרנישט געהערט. יעקאַטערינע איוואַנאָוונע, טרייסלט זיך דריוונינקע, ווי אַ פורל אויף אַ שטיינערנעם שאָסיי, און אויסווישנדיק זיך די טרערן פון געלעכטער, בעט זי זיך מיט אַ רחמים־קול:

— טאַמאַראַטשקע זיסינקע, לאָז וועל איך אים פאַרשרײַבן. איך וועל

אַהיימקומען, וועל איך אים דערציילן מײַן אַלטיטשקן, ווײַל אַזוי פֿאַרגעדענק איך זיי זייער שלעכט. איך דערצייל אים און דערצייל אים, און ער? ער זאָל עס אַפּילו אַ שמייכל טאָן.

אַנע אַלעקסייעוונע שמייכלט אַביסל צוריקגעהאַלטן, איך קײַך פון געלעכטער, און נאָר טאַניע זיצט אַן אָנגעבלאָזענע, מיט פֿאַרשטשעמעטע ליפּן.

— איך פֿאַרשטיי נישט. וואָס הירזשעט איר אַלע אַזוי? וואָס איז דאָ אַזעלכעס קאָמישעס אין דעם, כ'לעבן איך פֿאַרשטיי נישט...

איצט קאָרטשעט מען זיך שוין ממש פֿאַר געלעכטער. (ווען עס כאַפּט איצטער אַ קוק אויף אונדז, אונדזער דאָקטאָר — וואָלט ער אָנגעטייעט) אַנע אַלעקסייעוונע הייבט אָן געדולדיק אויפסנײַ:

— איר פֿאַרשטייט טאַניע, אין אַ קופּע זענען געפּאָרן צוויי...

דער אַנעקדאָט איז פונאַנדערגענומען און אָרנטלעך פונאַנדערגעגלידערט אויף דעטאַלן, עלעהיי אַ מאַטעמאַטישע אויפגאַבע, מיר קײַכן אַזש פון געלעכטער און טאַניע, איר זאָלט זאָגן, זי זאָל עס אַפּילו געבן אַ שמייכל, זי מאַכט גאָר די סאַמע אומגעריכטע אויספירן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געלעכטער אויף אײַך? וואָס? אין די פּאָיעזדן קאָן זיך אַלץ פאַרלויפן, איר שפּילט זיך, בײַ אַזאַ ענגעניש. ס'איז דאָך אַפּילו נישטאָ ווי זיך אויסצודרייען...

נאָך דאָס האָט נאָר געפעלט. עק וועלט. איצטער, פּלאַצט שוין טאַקע אין אַן אמתן אונדזער „שויטל" פון געלעכטער. און טאַניע? טאַניע ברוגזט זיך אָן גאָרנישט אויף אַ קאַטאָוועס:

ווען איר „סטראַדײַעט" זיך אָן, אַזוי ווי איך, — וואָלט איר נישט גע־הירזשעט אַזוי. ווי איך האָב מיך געראַטשקעוועט מיט די פיר פּיצלעך קינדער, די קינדער האָב איך געלייגט שלאָפן, נישט געהאַט אַפּילו ווו זיך אָוועקצוזעצן. און מײַנער? נישט געדאַכט זאָל ער ווערן, שלײַעט זיך אַרום צווישן די ווײַבער...

צײַט שוין אויפצוהערן צו לאַכן, ווײַל אונדזער טאַניע, זוכט שוין עפּעס אַ האַנטעך.

— געגוג געקײַכט ווײַבער, — כאַפּט זיך צו דער שוואַברע, די טיאָטיע

סימע, — אָט באַלד וועלן דאָ דורכגיין די דאָקטוירים און דאָ איז אַן איבער־קערעניש.

— טיאָטיע סימעלע, איר זענט טאַקע עפּעס איינע פון די זיבן וווּנדער, — פאַרנייגט זיך אַדלדיק טאַמאַרע — איר ווילט איך זאָל אָנשרײַבן וועגן אײַך אין דער צײַטונג?

פון דער אומגעריכטער פראַגע, שטרעקט זיך עפּעס, די מומע סימע, אויס אין איר גאַנצער הייך... אַזוי אַז די שוואַכרע גיט אַ פאַל מיט אַ רעש אויפן דיל. פאַר צוואַנציק יאָר אַרבעט אין שפּיטאָל האָט מען שוין דער מומע סימען צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. אַ קראַנקער איז ווי אַ קינד: דאַרף ער דיך, וועט ער דיר אַפילו נישט זשאַלעווען דאָס טעלערל פונעם הימל. האָט ער אָבער זיך אויסגעשריבן — איז פאַרגעסן, אויף אַלע תמיד. גאָטעניו, וואָס האָט מען איר שוין נישט צוגעזאָגט? אַן אָפּרו־צעטל אין דער סאַמע בעסטער סאַנאַטאָריע, אַ קוואַרטיר אין אַ נײַער שטוב, שיך, גלײַך פון דער באַזע, אַ אײַז־קאַסטן אָן שום ריי... וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו אַ קאָנ־טראַמאַרקע אין טעאַטער. אָט די אַלע לאָקנדיקע פאָרשלאָגן פאַרענדיקן זיך מיט די אויף איין פוס אָנגעדראַקעטע ווערטער אין בוך פון „אָפּרופן און ווונטשן": „פון די סאַמע טיפענישן פון דער נשמה" אָדער „פונעם גאַנצן האַרצן" דאַנק איך דעם און דעם דאָקטאָר, די און די שוועסטער און דעם גאַנצן מעד־פּערסאָנאַל פאַר דער איידלער באַנעמונג... איז אָט צווישן „דעם גאַנצן פּערסאָנאַל" פאַלט אויך אַרײַן די טיאָטיע סימע... און פונדעסטוועגן איז אַנגענעם דער מומע סימען, וואָס די קראַנקע האָבן זי ליב מער ווי אַלע אַנדערע, און אויף די פאַרגעסענע צוזאָגן באַליידיקט זי זיך נישט, זי קאָן זיך באַגיין אָן זיי. זעט איר, אַרײַנפאַלן אין בלאַט... דאָס איז שוין גאָר אַנ׳אַנדער ענין. די מומע סימע מאַלט זיך שוין אויס אַפילו, ווי זי וועט אויסשנײַדן דאָס אָפּגעדרוקטע, און וועט עס צושיקן דעם זון: לאָז ער זען, וואָס מ׳שרײַבט וועגן זײַן מאַמען. איר פאַמיליע, איר נאָמען, דעם טאַטנס נאָמען, און צו דערצו נאָך איר בילד...

די מומע סימע גייט אַזש דורך אַ דראָזש איבערן לײַב, פון אָט דעם „זינדיקן" געדאַנק, און זי נעמט נישט אַראָפּ דאָס אויג פון טאַמאַרען, נאָר יענע פאַרגייט זיך אין געלעכטער:

— איר שטעלט זיך פאָר, אַזאַ פאַרצייכענונג „אונדזער באַליבסטע ניאַניע"? יאָ! כ'האָב מיך דערמאָנט אין אַ גוטן אַנעקדאָט. קומט איינער אַן אַלטער צום דאָקטער... די מומע סימע ווישט מיט אַלע כּוחות די פענצטער. זי איז אין כּעס, נישט אויף טאַמאַרען, נאָר אויף זיך אַליין, אַן אַלטע נאַרישע בהמה, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז עמיצן וועט זיין אינ־טערעסנע, אָנצושרייבן גראָד וועגן איר.

און כ'לעבן, וועגן וואָס איז דאָ צו שרייבן? די קינדער־יאָרן? נישט קיין גאָר זיסע, און די יינגע יאָרן, אויך גענוג ביטערע, און דערנאָך — אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט... חתונה האָבן, האָט פאַר איר קיינער נישט געוואָלט, געווען גאָר אַ קליינע קראַסאַוויצע. זי האָט שוין געהאַט צעביטן דאָס פערטע יאָרצענדליק, ווען ס'האָט זיך איר געמאַכט אַן אָנשטענדיקער מענטש. און אויפן פינף און פערציקסטן יאָר פון איר לעבן, האָט זי געבוירן דעם זון. ערגעץ אין חודש דעצעמבער פון דעם „שיינעם" איינאונפערציקסטן יאָר. אין צוויי חדשים אַרום, האָט זי באַגלייט דעם מאַן אויף דער מלחמה. בריוו פונעם מאַן, פלעגט זי דווקא באַקומען גאַנץ אָפט, נאָר אין אָנהויב פינף־אונפערציקסטן יאָר — אַ מעלדונג „געפאַלן מיט אַ העלדן טויט".

איז וואָס זשע טאַקע אין אַן אמתן קאָן מען שרייבן אין צייטונג וועגן איר? פאַראַן טויזנטער אַזעלכע ווייבער ווי זי, מיט איין און דעם זעלבן גורל. זי האָט געאַרבעט ווי אַ סאַניטאַרין אין שפּיטאָל, און דאָס קינד איז געגאַנגען אין קינדער־גאָרטן, געהאָרעוועט ווי אַ סאַניטאַרקע און דאָס זונעלע איז שוין געגאַנגען אין שול. אַלץ געאַרבעט סאַניטאַרקע, האָט ער געענדיקט די די שול און געגאַנגען אַרבעטן. פון די ערשטע פאַרדינסטן, האָט ער דער מאַמען געקויפט שיכלעך, מאָדנע אַזעלכע, אויף דינע, שפּיציקע אָבצאַסן אַז ס'איז אַזש אַ פּחד צו זיי זיך צורירן. נאָך ביז איצט ליגן זיי אין דער פּושקע, איינגעוויקל־טע אין צעלאָפאַן. איצטער פאַרענדיקט שוין דער זון די מיליטער־דינסט, און אין דריי חדשים אַרום, וועט ער זיך אומקערן אַהיים. ער שרייבט גאַנץ אָפט — און נאָר צו דער מאַמען; ער האָט זיך נאָך אַפילו קיין מיידל נישט געפונען, דער טיאָטיע סימען איז פון דעם אי טרויעריק, אי גוט. און נאָך וואָס פאַראַ בריוו ער שרייבט, אַזעלכע קולטורעלישע ווערטער, ווען זי האָט כאָטש עמיצן וועמען זיי איבערצולייענען... זי גיט אַ טיפן זיפץ און באַטראַכט די פּאַלאַטע:

דאַנקען גאָט וואָס די טאַמאַרע איז שוין אַוועקגעגנגען, אַ שאָד נאָר וואָס ס׳איז נישטאָ נישט אַניע, נישט אַנע אַלעקסייעוונע. מ׳דאַרף צוואַרטן. ל׳האָבן כאָטש אַלע הערן.

קוים נאָכשלעפנדיק די פיס נאָך דער שמערצלעכער אינזשעקציע, באַ־וויַיזט זיך אין דער טיר — אַנע אַלעקסייעוונע. קוים, קוים, שלעפּט זי זיך צו צום בעטל. די מומע סימע זוכט פאַר איר אַ פלאַש. דערנאָך לויפט זי נאָך הייסע וואַסער, וויקלט איַין די פלאַש אין אַ האַנטעך און לייגט זי איר אונטער, אַזוי, אַז עס זאָל איר זיַין ווייכער צוקאָפּנס און... פאַרגעסט אינגאַנצן אין דעם בריוו. זי דערמאָנט זיך ערשט אין אים דעמלט ווען אין דער פאַלאַטע גייט אַריַין אַ צעלויכטענע אַניע.

— כ׳האָב שוין נאָכאַמאָל אַ בריוו, און נעכטן, און איבערנעכטן, האָב איך אויך באַקומען. שוין — איצטער וועל איך ענטפערן. נו! לאָז זיַין אַביסל שטילער, געגנוג געבעבעט. — חברים־קראַנקע — בעט זי זיך אין אַ מינוט אַרום, וואַרפט מיר אונטער עטלעכע פריילעכע זאָגעלעך, אָבער וואָס מער וויציקערע.

די פאַלאַטע פאַרטראַכט זיך. מען זוכט עפּעס צו, וואָס מער קאַטאָוועסדיק. פון יענער זיַיט טיר קלימפּערן די לעפל. מען צעשטעלט די בענקלעך. עס דערנענטערט זיך די מיטאָג־שעה.



די טויטע שעה. שטיל. מיר באַמיִען זיך איַינצודרימלען. מיר געדענקען, אַז „דער רעש ווירקט שלעכט אויף דעם נערוון סיסטעם״ — אָט די לאָזונג הענגט ביַי יעקאַטערינע איוואַנאָוונע צוקאָפּנס, ביַי דעם רואיקסטן מענטשן פון דער פאַלאַטע.

נאָר גראָד איר, יעקאַטערינע איוואַנאָוונע, שלאָפט זיך איצטער נישט. זי האָט געכאַפּט אַ דרעמל ביז צום מיטאָג און איצטער קלאָגט זי זיך אויף אַ קול — אויף שלאָפלאָזיקייט. מיר רופן זיך נישט אָפּ, מיר שוויַיגן. יעקאַ־טערינע איוואַנאָוונע בעט מיך, איך זאָל געבן אַ טאָרע טאַניען, זי זאָל נישט כראָפּען אַזוי. איך טאָרקע זי, טאַניע דרייט זיך אויס אויף דער צווייטער זיַיט און כראָפּעט נאָך שטאַרקער. יעקאַטערינע איוואַנאָוונע שעפּטשעט אַנען,

זי זאָל עפענען דאָס פענצטער — ווײַל ס׳איז דושנע. אַניע עפנט אויף. און אין עטלעכע מינוט אַרום, פֿאַרמאַכט זי שוין אַליין קריק דאָס פענצטער ווײַל ס׳ציט אַ צוג־לופט.

אַ שטאַרקער בלאָז פונעם ווינט, פּראַלט אויף רעשיק סײַ די טיר, סײַ די פענצטער. מיר שפּרינגען אַלע אויף ווי אָפּגעבריטע. אַניע, וועלכע האָט קוים־קוים באַוויזן אײַנצודרעמלען, כאַפּט זיך אָן מיט אַ קרעכץ בײַם קאָפּ, און זיצנדיק אויפן בעטל שאָקלט זי זיך אַהין און אַהער.

מיר לויפן נאָך דער שוועסטער. נינאַ מיכאַילאָוונע קומט אַרײַן נישט אײַלנדיק זיך, אַ שטרענגע, אָן אָנגעקראָכמאַלעטע פון דעם טיכל ביז צו די ווייכע לעטשעלעך. דער כאַלאַט פּעכלט אויף איר ממש פון ריינקייט, דאָס פּנים איז בײַ איר ווי פֿאַרשטאַרט.

— רואיקער, נאָר אַ ביסעלע רואיקער, קראַנקע, נאָר אָן פּאַניק. הערט זיך אויף צו הוידען. אַ יונג מיידל, און קאָן זיך נישט האַלטן אין די הענט. טרינקט אויס אָט דאָס. טרינקט אויס אין איין אָטעם דעם רעצעפּט.

— און פֿאַרוואָס שלאָפט בײַ אײַך קיינער נישט? די סאַמע אומרואיקסטע פּאַלאַטע אין דעם אָפּטייל.

נינע מיכאַילאָוונע ציט זיך צוריק אָן אויסגעשטראָצלטע. אַניע קרעכצט אינדערשטיל. אין דער פּאַלאַטע זײַטלט זיך אַרײַן די מומע סימע, זי לייגט אַוועק אַניען אַ קאָמפּרעס אויפן שטערן, זעצט זיך צו נעבן איר און מיט אירע גרויסע וואַרעמע לאָדאָניעס גלעט זי אַניען דעם קאָפּ.

— אוי, איך קען שוין מער נישט, קרעכצט אַניע. — דער קאָפּ ווערט מיר ממש צעפּלאַצט. איך וועל שטאַרבן, מומע סימע, איך האָב מן הסתּם אַ ראַק.

— בײַס דיר אָפּ די צונג, נאַרעלע וואָס דו ביסט. ווען ס׳איז שוין עפּעס בײַ דיר, וואָלט דיר נישט ווײ געטאָן. „ער" אוי, ער טוט נישט ווײ. און אַז ס׳טוט ווײ איז אַ סימן, אַז דאָרטן איז גאָרנישט מיט נישט. דער מומע סימעס דערקלערונגען באַרואיקן אַניען. נאָר דאָ מישט זיך אַרײַן יעקאַטע־רינע איוואַנאָוונע, וועלכע האָט שוין לאַנג געוואַרט, זי זאָל נעמען אַ וואָרט אין מויל.

— איר זענט נאָך אַניע, אַ יונגע. ס׳איז נאָך צו פרי פֿאַר אײַך, איר זאָלט טראַכטן וועגן טויט. אַלע שלאָפקייטן וואַרטן ערשט אויף אײַך.

— טפו, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן. שוין איינמאָל באַרואיקט, וואָר־טשעט אונטער די מומע סימע, און גלעט, גלעט אַניעס קאָפּ.

„שיינע האָר ביַי איר — טראַכט די מומע סימע, און אַליין איז זי אַזאַ צערטלעכע. אָט אַזאַ שנירל פּאַר מיַין זון, וואָלט געווען ווי אָנגעמאָסטן, און כ׳וואָלט געהאַט שיינע אייניקלעך. דער זון איז אַ בלאָנדער און זי אַזאַ טונקעלע״.

די מומע סימע טאַפּט אָן איר בריוו אין קעשענע. טאַקע כּדאַי געווען אַ גאַנצן טאָג, זיך טאָסקען מיט דעם בריוו און אים קיינעם נישט איבער־לייענען...

⁂

...די פּאָעטן און די פאַרליבטע האָבן עס צוגעטראַכט, אַז די זומער־נעכט זענען קורצע. אונדזער פּאַלאַטע איז נישט מסכּים מיט דעם.

די נאַכט הייבט זיך אָן פּאַר אונדז זייער פרי און ציט זיך לאַנג און אומענדלעך. (אינטערעסאַנט, ווי אַזוי דערקלערט די מעדיצין, וואָס יעדער אָנשיקעניש וואָס מוטשעט דעם מענטשן, ווערט אויפדערנאַכט, געפער־לעכער?).

צו דער נאַכט גרייטן מיר זיך ווי צו אַ שלאַכט. נאָר ווי עפּעס אַ טשערעדע, וועלכע דערשפּירט דעם וואָלף, האַלטן מיר זיך אַלע אינאיינעם: מיר ווערן מיטאַמאָל אויפמערקזאַמער איינע צו דער אַנדערער, אַ גאַנצע פּאַלאַטע לאָזן מיר זיך אַרויס שעפּן פרישע לופט, מיר פאַרפולן אונדזערע רעזערוון מיט שלאָפגעטראַנקען און... לאָזן זיך אַוועק אין דער נאַכט. מיר שלאָפן איַין, גליַיך מיר וואָלטן אַריַינגעקראָכן אין קאַלטע וואַסער: מיר קרעכצן אונטער, זיפצן צו...

עס כראָפּעט שטאַרק טאָניע, און עפּעס רעדט פונעם שלאָף אַניע. — אוי, גאָטעניו, — שעפּטשעט צו יעקאַטערינע איוואַנאָוונע אירע כלערליי שפּרך־כערצער, פּאַר די, וועלכע שלאָפן נישט: ווי איינער זאָגט, ווער ס׳איז וואַך — רופט זיך אָן.

— איר שלאָפט נישט, יעקאַטערינע איוואַנאָוונע? — רוף איך מיך תיכּף אָפּ, און עס ווערט מיר עפּעס גרינגער, וואָס נישט נאָר איך איינע קוק מיך איַין מיט וואַכע אויגן אין דער פינצטערניש.

— ניין, איך קען בשום אופן נישט איינשלאָפן ווערן. בר און איר?

— שטילער, איר וועט אויפוועקן אַלע איבעריקע — הערט זיך אַנע אַלעקסייעוונעס קול.

איך ליג שטיל און רעכן אויס, צי ס'האָט געקאָנט, אָדער נאָך נישט געקאָנט ווירקן דער שלאָף־געטראַנק. איך באַמי מיך צו טראַכטן פון עפּעס גוטס, למשל, וועגן דעם, ווי זיס עס איז זיך געשלאָפן אין די קינדער־יאָרן. איך לייג זיך אונטער די האַנט אונטער דער באַק, די קני, כּמעט שיר נישט אונטערן בערדל, איך פאַרטראַכט זיך אויף עפּעס פריילעכס, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג, וועט מיר ברענגען — און איך שלאָף איין.

יעקאַטערינע איוואַנאָוונע שושקעט זיך נאָך אַלץ מיט אַנע אַלעקסייעוונע. איך דריי מיך פון איין זייַט אויף דער צווייטער. דער קאָפּ גיסט זיך אָן מיט בליי, עס שטערן די הענט און די פיס — עס דוכט זיך מיר אַז אין דער פּאַלאַטע אין דושנע, כאָטש די פענצטער זענען אָפן.

עמיצער פאַרריכט אויף מיר די קאָלדרע וועלכע איז אַראָפּגעפאָרן, דעקט מיר איַין די פּלייצע, די פיס. איך דריי מיך נישט אויס, איך ווייס אַז דאָס איז — טאָניע. הייסט עס, אַז ס'איז שוין דריַי אַזייגער. יעדע נאַכט כאַפּט זיך אויף טאָניע אין דער צייַט, טרינקט אויס אַ גלאָז וואַסער און פויזנדיק מיט די באָרוועסע פיס, גייט זי אַרום פון בעטל צו בעטל: דאָ רוקט זי אַרויף די קאָלדרע, דאָרט פאַרריכט זי דאָס קישן. מען קאָן גאָרנישט מאַכן — ס'אַ געוווינהייט („אויפגעכאָוועט גאַנצע פיר קינדער").

ענדלעך לייגט זיך טאָניע אַוועק מיט אַ גערודער אויף איר אָרט, און עס קרעכצן סקריפּען אונטער איר די פּרוזשינעס.

דער אינדערפרי זאָל זיך שוין וואָס גיכער דערנענטערן. עס וועט קומען די מומע סימע און וועט פרעגן ווי אַלע מאָל „בר, וויאַזוי זענט איר געשלאָפן, קינדערלעך?" און אַלע „קינדערלעך" וועלן אויסגיסן פאַר איר זייערע ביי־טערע הערצער. די מומע סימע וועט זיך דעמאָלט צוזעצן אויף טאָניעס בעטל און וועט הערן, געדולדיק הערן.

***

זעט אויס, אַז איך בין פונדעסטוועגן אַנטשלאָפן געוואָרן, ווייַל איך איך האָב מיך אויפגעכאַפּט ערשט אַרום נייַן אַזייגער פון עמיצנס לויפן,

קלאַפּן מיט די טירן און אויסטערלישן גערודער: גלײַך ס'וואָלטן געהודעט מיטאַמאָל פיל שטימען.

אין דער פּאַלאַטע האָט גיך און אַנגסטיק, דערציילט וועגן עפּעס, אַ יינגיטשקע סאַניטאַרין, וועלכע האָט דעזשורירט די נאַכט.

— מען דערציילט, זי איז געקומען אַהיים, זי איז אַביסל געזעסן בײַ די שכנים אַז זי האָט זיך געקלאָגט אַז ס'איז איר עפּעס נישט גוט — און שוין. זי האָט זיך געלייגט שלאָפן און איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען.

„וועגן וועמען רעדט זי?" — שפּרינג איך אויף פונעם בעט און באַשליס מיך, נישט צו פרעגן.

די טיאָטיע סימע איז געשטאָרבן די נאַכט, — זאָגט עפּעס צו רואיק אַנע אַלעקסייעוונע און קוקט צו מיר אַזוי, גלײַך ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער.

דער טאָג גייט זיך מיט זײַן גאַנג: דער אַדורכקוק פונעם דאָקטער, איניעקציעס, פּראָשיקעס, דער ערשטער און דער צווייטער פרישטיק. נאָר די נישט געוויינטלעכע שטילקייט אין דער פּאַלאַטע, דערמאָנט וועגן געשעעניש.

— אָט האָט איר אײַך, דאָס מענטשלעכע לעבן. אַ געזונטע פרוי, און נאַדיר: זיך געלייגט שלאָפן און שוין נישט אויפגעשטאַנען, — טראַכט אין דער הויך יעקאַטערינע איוואַנאָוונע, — וויפל יאָר איז זי אַלט געווען די סימע, אונדזערע?

קיינער ענטפערט נישט, וואָס פאַראַ אונטערשייד, וויפל יאָר די טיאָטיע סימע איז אַלט געווען? שוידערלעך, איז וואָס וועגן דעם מענטשן, וועלכער איז ערשט נעכטן געזעסן נעבן אונדז, זאָגט מען שוין הײַנט „ס'איז געווען", „זי איז געווען".

— און מ'וואָלט באַדאַרפט וועגן איר אָנשרײַבן אין צײַטונג, — זאָגט טאַמאַרע סקוואָרצאָווע, און מיר ווייסן שוין, אַז זי וועט וועגן איר גאָרנישט אָנשרײַבן. מיר קוקן אויף טאַמאַרען, און איינער און דער זעלבער געדאַנק, דוכט זיך, קומט אונדז אַלע אין קאָפּ אַרײַן.

⁂

„דער טיפער צער פונעם קאָלעקטיוו פונעם שפּיטאָל" דאָס איז געווען דער איינציקער דאַנק דער טיאָטיע סימען פון אונדזער „שויטל".

# אין אַ „שאָטנדיק ווינקל"

אַפילו ווען מישען וואָלט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע וועלט באַשטייט פון ליידיקגייער, וואָלט מען אים נישט באַדאַרפט באַשולדיקן, ווײַל אין גרונט, האָט מישע געהאַט צו טאָן, נאָר מיט מענטשן־אָפּרוענדיקע. ער איז געווען דער קולטור־אַרבעטער, פּינקטלעכער, — פּאַרוויילער, נאָך פּינקט־לעכער, — דער מאַסאָוויק פונעם קרימער סאַנאַטאָריע „אין שאָטנדיקן ווינקל". און כאָטש מישעס לוין איז געווען נישט קיין גרויסע, אפשר אַפילו צו אַ קליינע פאַרן הויפּט פון דער משפּחה, און „געזייפט" האָט מען אים כמעט אויף יעדער פאַרזאַמלונג פונעם קאָלעקטיוו (ווען זשע דען, אויב נישט דעם מאַסאָוויק?), איז פונדעסטוועגן מישע געווען צופרידן פון זײַן לעבן. ער האָט געשפּיגעלט אויף דעם קליי. דער סאַמע עיקר — מיט די אָפּרוענדיקע האָט ער געפינען אַ „גרויסאַרטיקן קאָנטאַקט".

די אָפּרוענדיקע פונעם „שאָטנדיקן ווינקל" האָבן זיך זעלטן ווען גע־קלאָגט אויף עפּעס: זיי האָבן געגנאָסן פון דעם ים, פון דער זון, לופט; זענען אַרומגעפּאָרן, ממש ביז אויסשעפּונג, אויף די עקסקורסיעס און מיט קינדע־רישע אויפמערקזאַמקייט, האָבן זיי אויסגעהערט די עקסקורסן־פירער און זיך אָפּגעפּאָרטרעטלט נעבן יעטווידן אויסגעצירטן סטולפּ.

אין סטאָלאָווע האָבן זיי אַלץ געשלונגען, שטענדיק געבעטן אַ צוגאָב און קיינמאָל נישט אויסגעחשבונט די צאָל פון די אָפּגעגעסענע קאָלאָריעס מיט דער סומע געלט וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן אויף זייער נאַרונג.

פאַרן אַוועקפאָרן האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז אַ חוץ דעם פּליאַזש און שפּאַצירן זענען נאָך פאַראַן היילונגס־פּראָצעדורן: אַלץ, וואָס מ'האָט גע־דאַרפט אײַננעמען פאַר דרײַ וואָכן, אין פערדישע דאָזעס איז אײַנגעטיילט געוואָרן אין די לעצטע עטלעכע טעג. זיי זענען אַוועקגעפאָרן נישט שטענדיק אויסגעהיילטע, נאָר אָפּגערועטע, איבערלאָזנדיק זייערע האַרציקע זאָגעכ־

צער, ענלעכע איינס אויף אַנדערע — און דאַנקבאַרקייטן אין אייביקן קוראָרט־פּנקס פון „קלאָגעכצער און פאַרשלאָגן".

אין די אָונטן האָבן זיי זיך געווייגלעך צונויפגענומען אויפן טאַנץ־פּלאַץ, ווו דער צוואָק פון דער פּראָגראַם איז געווען מישע. מישע האָט ראַשיק אויסגעטאַנצט „די „פּריצה"[1] און אויף אַ האָר נישט ערגער געטאַנצט דעם טוויסט; ער האָט געשפּילט אויף דער גיטאַרע און גאָרנישט שלעכט געזונגען; ער האָט אויסגעצייכנט געלייענט געדיכטן און האָט געקענט אָן אַ שיער עסטראַדע אַנעקדאָטן. די אָפּרוענדיקע האָט מישע גיך פאַרגעדענקט און מיט די מאַנצבילן איז ער תיכף געוואָרן אַ פּאַניבראַט, און מיט די פרויען האָט ער געשמועסט אין אַ לײַכטן, אַפּילו אין עטוואָס אַ פאַרשײַטן טאָן.

אַ קליינער אין דער וווקס, אויף אַזויפיל קליין, אַז די פרויען האָבן אים אַזש נישט גענומען ערנסט, אַ מאָגערער, אַפּילו עפּעס אַ באַנומענער, האָט מישע אויסגעזען ווי אַ יינגל; און נאָר די קנייטשן אויפן שטערן און דאָס קוים אָנזעעוודיקע פּליכל, האָבן אויסגעגעבן זײַן עלטער. אַגב, זײַנע איין און דרײַסיק יאָר האָט אים קיינער נישט געגעבן.

מישע איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אין שיך מיט שאַרף פאַרשניצטע שפּיצן, אויף קנאַפּל, ווי די אויסגעמושטרירטע טענצער טראָגן, און אין אַ בלויען סוועטער, מיט אַ הויכן קאָלנער. געטראָגן האָט ער דעם סוועטער מיטן גרויסן שטעל, גלײַך ווי אונטער אים וואָלטן זיך געפונען, געזונטע ברייטע פּלייצעס און שטאָלענע מוסקולן.

אין משך פונעם טאָג האָט מישע אָרגאַניזירט אויספלוגן, אויסגעלויבט דורכן ראַדיאָ־קנופּ, פון סאַנאַטאָריע, אַלע קרימער שיינקייטן; פאַרטיילט בילעטן אויף די קאָנצערטן, געמאָלדן די שאַכמאַט־פאַרוועטן, און צום אָוונט־ברויט זיך באַוויזן אין סטאָלאָווע.

— חברים, אַ מינוט אויפמערקזאַמקייט, זייער אַ וויכטיקע מעלדונג. די ריידערייען אין סטאָלאָווע האָבן אויפגעהערט, אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם נאָכקומענדיקן... וויץ.

— הײַנט איז אויפן זומער־פּלאַץ טענץ.

---

1 „די פּריצה" — אַן אַלטער רוסישער טאַנץ.

עס האָט זיך צעהילכט אַ געלעכטער, טענץ זענען געווען — יעדן אויפֿ־דערנאַכט.

— וואָס לאַכט איר? דאָס ערשטע מאָל אין דעם יאָר — טאַנצן מיר.

— מישע, נו און „די פּריצה״ וועסטו אויסטאַנצן מיט מיר?

— מיט אײַך, גינעטשקע, מיט פֿאַרגעניגן. אויפֿמערקזאַמקייט, חברים: איך בעט די דאַמע נישט אײַנלאַדן, זי טאַנצט דעם גאַנצן אָוונט מיט מיר. גינעטשקע, איך וואַרט אויף אײַך נאָכן אָוונט־ברויט אין דער סאַמע טונקעלסטער אַלייע.

אין סטאָלאָווע האָבן שוין אַלע געקײַכט אויף אַ קול.

— אַלזאָ, חברים, פֿאַרענדיקט דעם אָוונטברויט, פּוצט זיך אויס — דאַמען, דאָס זאָג איך אײַך — און איר וועט פֿאַרבעטן אויפֿן טאַנצפּלאַץ, הײַנט טאַנצן מיר נישט אונטער דער מוזיק פֿון די פּלאַטן, נאָר עס שפּילט אַן אָרקעסטער.

מישען איז זײַן אַרבעט געפֿעלן. פֿאַרשטייט זיך, אין די קינדער־יאָרן האָט ער געחלומט צו ווערן אַן אַרטיסט, און נישט קײַן מאַסאַוויק; מיט די יאָרן איז אָט דער טרוים געוואָרן אַלץ עקשנותדיקער און אין דער זעלבער צײַט אַלץ האָפֿנונגסלאָזער. ער האָט נישט פֿאַרמאָגט קײַן אויסערלעכע אייגנשאַפֿטן און אויך נישט קײַן מעגלעכקייטן אַוועקצופֿאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, אָפּפּרוּוון זײַן טאַלאַנט — געוואַקסן אָן אַ פֿאָטער, ער און צוויי קלענערע ברידערלעך. מישע איז אַרײַן אין טעכניקום פֿאַר קולטורעלע אויפֿקלערונג און דערציִונג. ער האָט אים פֿאַרענדיקט, עטלעכע יאָר האָט ער אָנגעפֿירט מיט קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט אין אַ קלוב, דערנאָך איז ער אַריבער אין אַ סאַנאַטאָריע און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער זיך געשפּירט ווי אַן אַרטיסט.

דער טרוים, זאָל זײַן טאַקע נישט ביז צום סוף, נאָר פֿונדעסטוועגן איז ער פֿאַרווירקלעכט געוואָרן: מישע האָט זיך יעדן אָוונט געפֿונען אויף דער סצענע און איז געבליבן אויף איר דער פֿירנדיקער פֿאָרלייענער, זינגער און טענצער. אויפֿן אָרט פֿונעם בלויען סוויטער, איז געקומען אַ שוואַרצער קאָסטיום און ווײַס העמד מיט אַ שוואַרץ באַנטיקל, און דער עולם האָט נישט געקאַרגט קײַן אַפּלאָדיסמענטן.

מישע האָט אָפּגעלאַכט פון די מאַסאָוויקן פון די שכינותדיקע סאַנאַ־טאָריעס, וועלכע האָבן מיט אַלע וועגן און אומוועגן קוים באַהופּטעט סאָליסטן פון דער שטאָטישער פּילהאַרמאָניע אָדער לעקטאָרן פון דער געזעלשאַפט „וויסן", נאָר כּדי זיי זאָלן אַליין זיך נישט באַווײַזן אויף דער סצענע. מישע האָט פּשוט און פּראָסט פאַרגעסן וועגן די אַלע פאַרדינסטפולע און באַרימטע אַקטיאָרן פון דער וועלט, ווען אין דער באַגלייטונג פון אַ גיטאַרע און אַן אַקאָרדעאָן האָט ער אַזוי טרויעריק — נשמהדיק פאַרצויגן „אַליאַ אוטיאָסאָוו".[1]

— עס גייט אויף איבער דער שטאָט
די לבנה, די לבנה,
און מיט אַ צאַרט ליכט באַזילבערט זי...

די געסט פון די שכינותדיקע סאַנאַטאָריעס זענען אַזש געשטאָרבן פון קינאה.

2

יעלענאַ טימאָפייעוונאַ האָט זיך געגרייט אין סאַנאַטאָריע מיטן פעסטן באַשלוס נישט נאָר זיך אונטערצוהיילן, נאָר אויך צו שאַנעווען איר נערוון־סיסטעם, זיך אויסצושליסן פון אַלץ: וועגן גאָרנישט נישט טראַכטן, פון גאָרנישט זיך אויפרעגן, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע — זיך נישט נעמען צום האַרצן. אגבֿ, דאָס לעצטע פלעגט געשען, טראָץ איר ווילן: זי האָט נישט געקאָנט רואיק פאַרבײַגיין דערנעבן אומאָרדנונג. נישט געקענט — און שוין. יעלענאַ טימאָפייעוונאַ האָט זיך אָפט געקלאָגט אויף אָט דער אייגנשאַפט אירער, זי האָט געזאָגט, אַז דאָס וועט זי, פאַר דער צײַט, טרײַבן אין קבֿר אַרײַן, אַז ס'קאָנען דאָך אַנדערע לעבן נאָר פאַר זיך און גאָרנישט, באַמערקן קײַן שלעכטס נישט אַרום זיך, און אָט זי — אַ נאַרישער מענטש — קאָן נישט בלײַבן גלײַכגילטיק, ווען... אַ.ז.וו. און אַ.ז.וו.

פרײַנט און באַקאַנטע האָבן זי אויסגעהערט מיט אַ טיפן מיטגעפיל און געזאָגט:

---

1 לעאָניד אוטיאָסאָוו — אַ פּאָפּולערער סאָוועטישער עסטראַדע אַרטיסט — אַ ייִד.

— לענאָטשקאַ, מען טאָר דאָך נישט אַזוי, מ'דאַרף וועגן זיך אויך אַ טראַכט טאָן. אָדער:

— יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ, ווען אַלע וואָלטן געווען אַזעלכע, ווי איר!

צען יאָר האָט יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ אָפּגעאַרבעט אין שול, און דערנאָך, ווען איר וווּנדערלעכע אייגנשאַפט — נישט פאַרבײַגיין דערנעבן אומאָרדע־נונגען — איז באַמערקט געוואָרן נישט נאָר פון דער שול־פאַרוואַלטונג, נאָר אויך פון דעם שטאָטישן אָפּטייל פאַר פאָלקס־בילדונג, איז יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ געוואָרן אַן אינספּעקטאָר. פאַר דרײַ יאָר אינספּעקציע האָט זי באַוויזן צו טאָן אַזויפיל גוטס, אַזויפיל לערער האָט זי אַרויפגעפירט אויפן וועג צום אמת, אַז זי האָט זיך פּשוט שוין געניטיקט אין רו.

בײַ אירע זיבן און דרײַסיק יאָר האָט יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ אויסגעזען גראָסאַרטיק, נאָר — אוי די נערוון, די נערוון! דערמאָנען זיך נאָר אין דער היסטאָריע מיט אָט דער יונגער לערערין פון ליטעראַטור, וועלכע יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ האָט קאָנטראָלירט אין פאַרגאַנגענעם לערנױאָר. דערציילט האָט דער פּעדאַגאָג די קינדער וועגן טשערנישעווסקין,[1] דערציילט אינטערעסאַנט, בײַ די קינדער האָבן שיעור זיך נישט געשטעלט טרערן אין די אויגן, אָבער דער פּלאַן פון דער לעקציע איז אַנגעוואָרפן אין אַלגעמיינע שטריכן. טאָ ווי זשע איז די דאָקומענטאַציע? ווו איז די געהעריקע צוגרייטונג? דאָס אַלץ האָט יעלענאַ טיימאָפּייעווונאַ געזאָגט דער לערערין, מוטערלעך און געעצהט — נישט פאַרגעסן אין די זאַכן. און וואָס־זשע? יענע האָט גאָר געענטפערט, אַז דאָס איז אותיות־פּרעסעריי און ביוראָקראַטיזם. נאַ, אָט האָסטו דיר, די מענטשלעכע דאַנקבאַרקייט: פּרווו מיט אַזעלכע גייען מיט גוטן. דעמלט האָט יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ אַרויסגעלייגט איר שטאַנדפּונקט שוין אויף דער סך־הכּלדיקער פּעדאַגאָגישער באַראַטונג, און די לערערין האָט מען געבעטן זיך אַנטשולדיקן פאַרן אינספּעקטאָר. אַגב, יעלענאַ טימאָפּייעווונאַ האָט איר תּיכּף מוחל געווען — זי האָט נישט געקענט לאַנג פאַרגעדענקען קײַן שלעכטס.

1 טשערנישעווסקי — אַ באַוווסטער רוסישער ליטעראַטור־קריטיקער און רעוואָלו־ציאָנערער טוער — געלעבט אין 19טן יאָרהונדערט.

יאָ, יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ זענען איצטער אָפּרו און היילונג פּשוט געוועזן נייטיק. זי האָט זיך מיט פאַרגעניגן געגרייט אין וועג אַרײַן און אויף גיך איבערגעמאַכט איר שוין צו פיל שטרענגע אינספּעקטאָרישע יום־טוב קליידער: האָט געקירצט די קליידלעך, אַראָפּגענומען די ווײַסע קעלנערלעך און לאַנג נאָכגעטראַכט, נעמען צי נישט נעמען מיט זיך איר שטרענגן שוואַרצן קאָסטיום. דער קאָסטיום איז געליגן אויף איר ווי אויסגעגאָסן, האָט בולטער געמאַכט איר פיגור און — ווי מאָדנע ס'זאָל נישט קלינגען — האָט ווי געצווונגען צו פילן זיך ווי אַן אינספּעקטאָר.

יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ האָט זייער ליב געהאַט דעם קאָסטיום און האָט געוווּסט, אַז קוים נעמט זי אים מיט זיך, וועט זי שוין עפּעס אַנדערש נישט טראָגן. דאָך איז דער קאָסטיום אַקוראַטנע אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין טשעמאָדאַן.

קיין קרים איז יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ געפאָרן צום ערשטן מאָל. און ווען זי האָט דערזען אין אָקטאָבער דעם אויף אַן אמתן בלויען ים און נאָכמער בלויען הימל, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אָפּלאַכן פון די בונטע פאַרבן פון די רעקלאַמע־פּלאַקאַטן האָט מען נישט באַדאַרפט: די פּלאַקאַטן האָבן אויס־געקוקט אַ סך גרויער אין פאַרגלײַך מיט דעם אמתן און עכטן קרים. אַ שטילע שלווהדיקע רו האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יעלענאַ טימאָפּייעוונאַן, און זי האָט געבעטן דעם הויפּט־דאָקטער פון סאַנאַטאָריע, דאָס ער זאָל זי באַזעצן אינאיינעם מיט אַ רואיקער, עלטערער פרוי. אַזוי אַרום האָט זיך יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ אויפגעכאַפּט אין איין צימער מיט קלאַווידיע סטיעפּאַנאָוונען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קלאַווידיע סטיעפּאַנאָוונע האָט געקערט צו דער קאַטעגאָריע פרויען, וועלכע צו פרי רעכנט מען זיי אַריין צווישן די באַיאָרטע. ריכטיקער, נישט מען רעכנט זיי אַרײַן, נאָר זיי אַליין שפּירן זיך אַלס אַזעלכע. צו אַכצן יאָר זענען זיי שוין מאַמעס, צו אַכט און דרײַסיק — באָבעס, און בײַ דרײַ און פערציק — „וואָס דאַרפן מיר שוין, עלטערע מענטשן, האָבן?״ און קנייטשן האָט קלאַווידיע סטיעפּאַנאָוונע נישט געהאַט קײַן סך, און גרויע האָר אויך נישט פיל, נישט מער אַן איבעריקע וואָג און אַ גאַנצע גרודע מיט שלאַפקייטן.

די דאָזיקע חולאותן האָבן זיך געמערט נישט אין איין יאָר, נאָר ס׳האָט קיינמאָל נישט געסטײַעט קײַן צײַט, ווען מיט זיי זיך צו פאַרנעמען: אָדער דער מאַן איז קראַנק, אָדער דער זון דאַרף אַרײַן אין טעכניקום, דאָ דאַרף מען די עלטערע טאָכטער אויסגעבן, דאָרטן איז נישטאָ ווו אַהינצוטאָן דאָס אייניקל. און אַזוי אַרום איז קלאַוודיע סטיפאַנאָוונע אינערגעץ נישט געפאָרן, און ווי נאָר זי האָט זיך אַרויסגערירט, האָט זי פאַרגעסן אין אַלע כאַלאַסן: אַזויפיל זון, טרויבן און פרוכטן האָט זי, פון זינט זי קען זיך, קיינמאָל נישט געזען. אָבער די זון און לופט קאָנסטו נישט אײַנפּאַקעווען אין קײַן פּעקלעך. דערפאַר האָט מען טרויבן געקענט שיקן וויפל ס׳ניט איז. נו און עפּל, וואָלט אויך נישט געשטערט צו שיקן אַהיים: זיי האָבן זיך אויך באַוויזן אין זייערע קאַנטן, נאָר דאָרט קאָסטן זיי טײַער. און קלאַוודיע סטיפאַנאָוונע האָט גאַנצע טעג אײַנגעקויפט און אַוועקגעשיקט פּעקלעך דער טאָכטער, דעם מאַן, דער שוועסטער, די פּלימעניקעס, גלײַך ווי זי וואָלט האָבן באַשלאָסן אין משך פון פיראונצוואַנציק טעג, אָנוויטאַמינעווען די גאַנצע מישפּחה. אין דער פרײַער צײַט פון פּעקלעך שיקן, האָט זי געשריבן בריוו, אָפּגענומען אין פּאָסט געלט פון דער היים, געשיקט דעפּעשן, און אין די נעכט פלעגט זי זיצן אויף דער טעלעפאָנען־סטאַציע: די שמועסן, האָט מען איר שטענדיק געגעבן, נאָך צוויי אַזייגער בײַנאַכט.

שיעור נישט פונעם ערשטן טאָג פון איר אָנקום, האָט זיך קלאַוודיע סטיפאַנאָוונע באַראַטן טעלעפאָניש מיט אירע אייגענע, מיט וואָס פאַראַ טראַנספּאָרט איז זיך בעסער צו דערקלויבן אַהיים. און אויב שבת בײַנאַכט, האָט דער מאַן דערזען אַז מיטן אַוויאָן איז אַ סך שנעלער, באַקוועמער און וויניקער קאָפּ־דולעניש, האָט אָבער די שוועסטער איבערצײַגט, אַז דינסטיק בײַנאַכט, מיטן צוג איז זיכערער און ביליקער.

קלאַוודיע סטיפאַנאָוונע האָט קוים, קוים אויסגעטעכערט די צײַט אויף פּראָצעדורן און איז אַפילו געווען אויף עטלעכע עקסקורסיעס, נאָר די עקס־קורסיעס האָבן זי פאַרמאַטערט און די פירער זייערע האָט זי געהאַלטן פאַר ליידיקגייער און געפאָרן אויף זיי איז זי נאָר צוליב דעם, כדי אינדערהיים זאָל זײַן וואָס צו דערציילן. דער אויטאָבוס האָט זיך געטראָגן אויף די בילד־שיינע וועגן, די אָפּרוער האָבן באַגײַסטערט געאַכקעט, און דער עקס־

קורסיע־פירער מיטן מיקראָפאָן אין די הענט האָט פלינק געמישט די טאַטאַרישע דעראָבערונגען מיט די גריכישע לעגענדעס, פּושקינס לידער מיט די גרויסע ציַיגערס פון דער טרויבן־גערעטעניש פאַרן לעצטן יאָר. און קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט די גאַנצע צײַט געטראַכט צו אירע שטויביקע זאַכן: וועגן אייניקל, וואָס האָט זיך פּונקט פאַרקילט פאַר איר אָפּפאָר („זיי וועלן עס שוין אויסהיילן אָן מיר״), וועגן זון, אויף וועלכן ס׳וואַרט שוין די אַרמיי אין אַ יאָר אַרום, („ס׳זאָל אים נאָר נישט אײַנפאַלן חתונה צו האָבן״), וועגן דער קלענסטער טאָכטער (אַך, ווי די צײַט לויפט — טאַטיאַנען גייט שוין אויך דאָס פערצנטע יאָר״), וועגן מאַן, נאָך וועלכן מ׳דאַרף נאָכקוקן (ער וועט פאַרלוירן גייען אָן זײַן דיעטע״) ; וועגן דעם, אַז שוואָמען האָט מען טאָקע נישט אײַנגעזײַערט הײַנטיקס יאָר און מ׳וועט שוין נישט זײַערן אָן איר: אַז די קיך צו דעם אָקטאָבער יום־טוב האָט מען נישט געקאַלעכט און אַזוי וועט זי שוין איצטער, דעם גאַנצן ווינטער, שטייען אַ נישט געקאַלעכטע.

אין אויטאָבוס האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן צו די פענצטער פון דער רעכטער זײַט, און קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע, ווי גלײַך פון שלאָף זיך אויפ־געכאַפּט, האָט זיך ספּאָמניעטעט, אַז זי איז פונדעסטוועגן אויף אַן עקס־קורסיע, מ׳האָט אַפילו פאַר דעם געלט באַצאָלט, און זי טרייסלט זיך, ווי אַ טיפּש, אויפן אונטערשטן זיץ און טראַכט, איין גאָט ווייסט וועגן וואָס. האָט זי זיך דעמלט אַ לאָז געטאָן פון דער רעכטער זײַט, נאָר אַלע... וווּנדער־לעכע שיינקייטן זענען שוין לאַנג געווען אַהינטער איר, און קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, — זי זאָל אויפמערקזאָם הערן דעם עקסקורסיע־פירער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זי שוין ווידער געטראַכט וועגן דעם, צי איז גוט דערגאַנגען דאָס פּעקל מיט די טרויבן, צי זענען זיי נישט קאַליע געוואָרן אין וועג; דערנאָך האָט זי באַטראַכט דאָס היטעלע אויף איר שכנה, וועמען ס׳האָט געפּאַסט ווי אַ חזיר אויערינג־לעך, אָט פאַר איר טאָנינקען וואָלט עס געווען ווי אָנגעמאָסטן.

— אינטערעסאַנט, — האָט אַ טראַכט געטאָן קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע, — צי האָט זי עס טאָקע דאָ געקויפט? פרעגן איצטער — איז עפּעס נישט באַקוועם. נו גוט, איך וועל דערנאָך פרעגן, איך זאָל נאָר נישט פאַרגעסן״.

ווען מען האָט דעם אויטאָבוס אָוועקגעפירט אין אַ זײַט פונעם וועג און אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אַ לאָז געטון צופוס אין די בערג אָדער צום ים, האָט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע, פאַררופנדיק זיך אויף איר קראַנק האַרץ, צוגעוואַרט אויף זיי דערנעבן אויטאָבוס. זי האָט זיך צוגעזעצט ערגעצווו אונטער אַ בוים, האָט אַראָפּגעוואָרפן די שיך, די זאָקן און האָט אירע אָנגעשוואָלענע, ברענענדיקע פיס, אָפּגעקילט אין ווייכן גראָז. אַרום איר איז געווען אַ קלינגענדיקע שטילקייט — נאָר די פייגל האָבן געזונגען אַרום איר קאָפּ. און — אַ מאָדנע זאַך — וועגן גאָרנישט האָט זיך איר נישט געטראַכט אין אָט די מינוטן, גלײַך ווי זי וואָלט אַראָפּגענומען דאָס געשפּאַן פון זיך, און ס'איז געבליבן נאָר דאָס געפיל פון אַזאַ רו, וועלכע איז אויף דער וועלט זיך אַפילו שווער פאָרצושטעלן.

אָוונט צײַט איז קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע געזעסן איבער אַ בריוו אַהיים און האָט געפרווּוט באַשרײַבן אירע אײַנדרוקן פון דער עקסקורסיע, נאָר עפּעס תּוכיקס איז איר נישט געקומען אין קאָפּ אַרײַן: נאָר דאָס קילע גראָז בײַ אירע הייסע טריט און דאָס היטעלע אויפן קאָפּ פון איר שכנה אין אויטאָבוס.

פּלאַטאַן — דאָס איז אין מזרח־נוסח — טשינאַר, האָבן מיטאַמאָל אַרויסגעשווימען די ווערטער פונעם עקסקורסיע־פירער.

— כאַפּט זיי דער רוח, — האָט זיך אַ זידל געטאָן קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע, ווער ווייסט אויף וועמענס אַדרעס, נאָר אין קאָפּ האָט עקשנותדיק זיך פאַרטשעפּעט: „פּלאַטאַן — דאָס איז אין מזרח־נוסח — אַ טשינאַר".

קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דעם הענטלפען, האָט עס אַ דריי געטאָן אין די הענט און — איז אָוועק אָנהאַקן טאַטיאַנען די גאַנצע מגילה, ווי אַזוי און מיט וואָס צו האָדעווען דעם פאָטער, ער זאָל נישט שטערן זײַן דיעטע.

3

זיי זענען זיך תּיכּף געפעלן איינס דאָס אַנדערע. קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט בדרך־כּלל נישט ליב געהאַט קיין פענטעפּליושקעס, און פון די איז אין סאַנאַטאָריע געווען איבער־געננג, זי האָט זייער געשעצט באַדאַכטע מענטשן; יעלענאַ טימאָפייעוונאַ, אַ שטרענגע, אַ שטאָלצע, אין שוואַרצן

קאָסטיום (ער איז זיך בישט לאַנג פאַרליגן אין דער וואַליזע), האָט זי ממש באַצויבערט. און ווען קלאַווידיע סטיעפּאַנאָווגע האָט זיך נאָך דערוווּסט, אַז איר שכנה איז אַ פּעדאַגאָגין, און צו דערצו נאָך אַן אינספּעקטאָרין, איז איר פּשוט ליכטיק געוואָרן אויף דער נשמה.

יעלענאַ טימאָפיעוונאַ האָט תיכּף באַמערקט די באַגײַסטערונג פון „אָט דער פּראָסטער נאָר ליבער פרוי", ווי זי האָט עס כאַראַקטעריזירט פאַר זיך קלאַווידיע סטיעפּאַנאָווגע און — ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ באַקאַנטשאַפט.

— איר האָט שוין גרויסע קינדער? האָט יעלענאַ טימאָפייעוונאַ געשטעלט די סאַמע פּאַסיקסטע פראַגע.

— וואָס הייסט ניין, — האָט זיך קלאַווידיע סטיעפּאַנאָווגע ממש געריסן צו דערציילן. — וואָס הייסט ניין — האָט זי שטאָלץ איבערגעחזרט. — מײַן אייניקל גייט שוין דאָס פינפטע יאָר, ס'איז דער עלטסטער טאָכטערס טאָכטער; דער זון פאַרענדיקט שוין דעם טעכניקום און נאָר די קלענערע — טאַטיאַנע...

— איר בענקט זיכער?

— וואָס הייסט ניין. פון זינט איך געדענק מיך בין איך אין ערגעץ נישט געפאָרן, און דאָ נאָך אויף אַ גאַנצן חודש. ווי אַזוי ספּראַווען זיי זיך אָן מיר? זיי שרײַבן אַז אַלץ איז אין אָרדנונג. טאַניטשקע שרײַבט אַזוי מיט טאָלק, קולטורעליש. איר ווילט, וועל איך אײַך לייענען?

און קלאַווידיע סטיעפּאַנאָווגע לייענט די בריוו פון דער טאָכטער, דערנאָך פונעם מאַן, דערנאָך רעכנט זי אויס, וועלכע פּעקלעך און מיט וואָס זי האָט זיי אָוועקגעשיקט אַהיים, דערנאָך צעלייגט זי אויפן בעט די אײַנגעקויפטע מתנות און רעדט, רעדט און רעדט.

— נו אָט, האָב איך געקויפט, הייסט עס, דעם זון בלוזע שווים־הייזעלעך, און דעם פלימעניק — רויטע, יאַפּאַנישע. געקומען אַהיים, זיי צעלייגט און אַ טראַכט געטאָן: מען האָט געדאַרפט נעמען איין פּאָרב. בחורים — פון איין עלטער, די פיגורן — אַלצאיינע, טאָ צו וואָס זשע טויג אָט די פאַרשידנ־פאַרביקייט? נו בין איך, הייסט עס, געגאַנגען צו דער פאַרקויפערין: בײַט, זאָג איך איר, די רויטע אויף בלויע. איך האָב זיך איבערגערעכנט. איז וואָס־זשע מיינט איר ענטפערט זי מיר...

אין אַ שעה אַרום, האָט שוין יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ געוווּסט, אַז די נאַרונג אין סאַנאַטאָריע איז בדרך כּלל אַזוי זיך, אַן אָנשטענדיקע, די היילונג — אויך נישקשה, נאָר אָט אָפּרוען וועסטו נישט, אַ גרויסער האַרמידער באַזונדערס אין די אָוונטן.

— ווי נאָר סע צעשפּילט זיך די מוזיק אויפן טאַנצפּלאַץ, האָסטו זיך נישט ווו אַהינצוטאָן. און גאָטעניו, וואָס פאַראַ מינע טענץ „חוויסט" צי „טוויסט" — דער גוטער יאָר ווייסט זיי. טפו! ס'איבלט אַזש צו קוקן! דרייען זיך, קרימען זיך, קידעווען זיך. איר מיינט, זיי זענען פון דער סאַנאַטאָריע? ניין, דאָס קומען די אָרטיקע יינגע חברה. ס'איז אַ פינצטערע בושה! בײַ אונדז אינדערהיים האָט מען אַזעלכע באַרישניעס תּיכּף אַרײַנגעזעצט אין קיטש, און די יינגען — זיי זאָלן לאָדן ווייץ. יאָ, יאָ, אַ שטעמפּל אויפן הינטערחיילעק, אָדער אָפּגעטשימכעט די שעוועליורע. מ'האָט אָפּגעגאָלט די בחורים ביז צום קאָפּ, און ס'טרעפט זיך, אַז די מיידלעך האָט מען די צעפּ אָפּגעשוירן אַ ביט גייען זיי אַרום... ווי אָט די רוחות, שרעקן מענטשן.

אויפדערנאַכט איז יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ איינאיינעם מיט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונען געזעסן אויפן טאַנץ־פּלאַץ, דאָרטן, ווו ס'האָט זיך געווײַנלעך אויסגעזעצט דער נישט טאַנצנדיקער עולם. פרעמדע זענען נישט געווען קיין סך, ס'האָבן געטאַנצט געווײַנלעך די פון דער סאַנאַטאָריע, און יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט עפּעס נאַריש און נישט באַקוועם, וואָס אַרום טאַנצן און פרייען זיך פּונקט אַזעלכע חשובע און סאָלידע מענטשן ווי זי; און איר קומט אויס צו זיצן דאָ צווישן די וואָרטשערס אויף די טענץ, אויף די מאָדעס, אויף דער מוזיק און אויפן גאַנצן מענטשלעכן מין.

זיך אויפהייבן און אַוועקגיין — איז נישט באַקוועם. וואַרטן, ביז עמיצער וועט אײַנלאַדן טאַנצן? נאָר אַהערצו, שמעקט קיינער פון די טאַנצנדיקע נישט צו. אויפשטיין און אַליין אַוועקגיין? וואָס־זשע וועט זײַן מיט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע, וועלכע קוקט מיט אַזאַ דרך ארץ אויף איר דעם גאַנצן אָוונט?

און קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט אין דער צײַט גערעדט:

— ...און הײַנט טאַנצט זי שוין מיט דעם. נו, זענען שוין הײַנטיקע צײַטן, מענטשן. אין דער היים האָט זי אַ מאַן מיט קינדער, אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט...

דאָס מויל האָט זיך איר נישט צוגעמאַכט קיין איין מינוט, און יעלענאַ טימאָפייעוונאַ, צושאָקלענדיק נישט דאָרט ווו מען דאַרף מיטן קאָפּ, האָט נאָר מיטן לעפּל פונעם אויער געכאַפּט אירע רייד און האָט זיך נאָך מער אויפגערעגט.

„און פאַרוואָס שטענדיק טרעף איך אָן נאָר אויף אַזעלכע? האָט זי שיעור נישט מיט טרערן געטראַכט. — פאַרשאָלטענע מיינע סאָלידקייט. שוין מאָרגן וועל איך באַהאַלטן דעם שוואַרצן קאָסטיום און וועל אָנטועו דאָס העל־בלויע קלייד, און באַלד שטיי איך אויף און גיי טאַנצן".

אין דער צייט איז די מוזיק אַנטשוויגן געוואָרן. אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן מישע.

— ער איז שוין געקומען. דער לץ, — האָט געזאָגט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע און האָט זיך באַקוועמער אַוועקגעזעצט.

מישע האָט אַ דריי געטאָן אין די הענט אַ גיטאַרע, האָט זי אָנגעסטרויעט, אַ פּיר געטאָן מיט דער לאַדאָניע איבער די סטרונעס און זיך צעזונגען. דאָס קול איז געווען ביי אים אַ שוואַכס, מיט אַ כריפּל, נאָר געזונגען האָט ער מיט נשמה, און ס׳האָט זיך געשפּירט, אַז ער האָט אַליין געהאַט אַ גרויסע הנאה. צופּאַסנדיק זיך גרינג צו דער מעלאָדיע, האָבן אַ שוועב געטאָן פּאָרלעך, אין ריטם פון אַ טאַנגאָ. ווען מישע האָט געענדיקט, האָבן זיך צעהילכט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

— מישע, גיב עפּעס אַ פריילעכעס!

— „דאָס מיידל אין סיטצען קלײדל"!

— „די לבנה"!

— איר זעט וואָס זיי דערלאַרבעטן, — האָט געשעפּטשעט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע. — פּשוט ווי קליינע קינדער. און וואָלט ער כאָטש געזונגען ווי אַ מענטש, נאָר ער סקריפּעט, ווי אַ נישט אָנגעשמירטע ראָד.

— חברים טאַנצנדיקע, אַ רגע שטילקייט. אַלזאָ, נישט קיין גרויסער קאָנקורס אויף דער סאַמע פריילעכסטער דערציילונג, משל אָדער ליד.

ביים אָנהייב האָט אַ גרויסער פעסטער מאַן, מיט אַ כמורנע פּנים, געלייענט צוויי משלים פון מיכאַלקאָוון,[1] לייגנדיק שטאַרק דעם טראָפּ אויף

1 מיכאַלקאָוו — אַ הײַנטצײַטיקער, פּאָפּולערער רוסישער שרײַבער.

דער מאָראַל; דערנאָך איז עמיצער אויפגעטרעטן מיט „הומאָריסטישער״ פּראָזע פון אַן אומבאַקאַנטן מחבר. נאָר בעסער פון אַלע איז געווען מישע. ער האָט מײַסטערהאַפט געלייענט פרייִלעכע לידער, און אויף „ביס״ דער־ציילט אַ „נײַעם אַנעקדאָט אויף דער אַלטער טעמע״ — וועגן דער שוויגער.

— אָט אַזוי האָבן זיי שטענדיק נאָר צו טוען מיט די שוויגערס — האָט זיך אויפגעקאָכט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונאַ, — און אַליין שינדן זיי אָפּ די זיבעטע הויט פון זיי.

צי יעלענע טימאָפייעוונע האָט געאַרט דער פאַרלוירענער אויפדערנאַכט, צי די רעפּליקעס פון די נישט טאַנצנדיקע האָבן געהאַט זייער אויסווירקונג, נאָר מישעס וויצן האָבן איר אויסגעזען צו פּלאַכע, די אַנעקדאָטן — ווולגאַרע און פון די לידער, האָט געזעצט דער רוח ווייסט וואָס.

„מיט דעם דאַרף מען זיך ערנסט פאַרנעמען, — האָט זי אַ טראַכט געטאָן יעלענאַ טימאָפייעוונאַ. — אויב זי, אַן אַנדערער אַ דריטער, וועלן בישט לייגן אויף דעם די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט, וועלן די אָפּרוענדיקע פון דעם „אין שאָטנדיקן ווינקל״, זיך אָנשעפּן מיט דער דופּטנדיקער קרימער לופט, אַ צוגעפּראַוועטע מיט געשמאַקלאָזיקייט״.

יעלענאַ טימאָפייעוונאַ האָט ליב געהאַט אירע רגילות צו טראַכטן מיט גלאַטע, שוין פאַרענדיקטע פראַזעס, גלײַך ווי די געדאַנקען וואָלטן אַרויס פונעם קאָפּ אַקוראַטנע אײַנגעפּאַקטע.

— שונד. גאָלע שונד — האָט זיך אַלץ מער אָנגעצונדן יעלענאַ טימאָפּיי־עוונאַ.

אויפן טאַנצפּלאַץ האָט מען פונסנײַ געקײַכט פון מישעס אַ וויץ, און מישע אַליין איז זיך פאַרגאַנגען אויף אַ דריבנע, ווי אַרבעסלעך, געלעכטער.

— עפּעס טאָקע נאָר ווי אַ לאָשיקל, — האָט געזאָגט קלאַוודיע סטיע־פּאַנאָוונע, און איר פּנים איז געוואָרן נאָך ערנסטער.

זאָל יעלענע טימאָפייעוונאַ האָבן פאַרגעסן אין איר באַשלוס צו היטן די נערוון און פון גאָרנישט זיך אויפרעגן, אָדער דער שוואַרצער שטרענגער קאָסטיום זאָל האָבן געהאַט אַזאַ שטאַרקע ממשלה איבער איר, נאָר איר האָט זיך מיט אַמאָל פײַער... פאַרוואָלט... אַ פאָרוואורף פאַר מישען.

## 4

די פרימאָרגנדיקע גימנאַסטישע איבונגען האָט יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ פאַרשלאָפן און האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען דער סאַנאַטאָרישער ראַדיאָ־קנופּ האָט מיט מישעס שטימע געמאָלדן, אַז נאָכן פרישטיק בײַם אַרײַנגאַנג אין עס־זאַל, וועט מען פאַרשרײַבן די וואָס ווילן מאַכן אַ שפּאַציר קײַן גורזוף.

— צופאָרנדיק קײַן גורזוף, אַנטפּלעקט זיך אַ ווונדערלעך שיין בילד אויפן בערן־באַרג, — האָט מישע באַגײַסטערט געשילדערט די פּראַכט פונעם גורזוף.

„צופאָרנדיק צו דער סטאַנציע, איז בײַ מיר אַראָפּגעפלויגן די הוט", — האָט זיך יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ דערמאָנט אין אַ נישט־ריכטיקן בײַשפּיל פון נוצן דעם בינדזאַץ.

— אין גורזוף זענען געווען פּושקין און גריבאָיעדאָוו, און דאָ נישט לאַנג איז דאָ געווען דער טשעמפּיאָן פון שאַכמאַט טיגראַן פּעטראָסיאַן. די אײַנדרוקן וועלן אויף לאַנג בלײַבן אין אײַער זיכּרון — האָט געזאָגט בײַם אָפּשייד מישע, און דער ראַדיאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן.

יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ האָט געקענט זיך דערשלאָגן אירס, און מישע האָט שיעור זיך נישט אויפגעכאַפּט טאַקע מיט אַ פאָרוווּרף, נאָר אומגעריכט פאַר זיך אַליין, האָט אים געראַטעוועט קלאַווּדיע סטיעפּאַנאָוונע. פאַר מיטאָג איז זי געזעסן אויפן ליידיקן טאַנצפּלאַץ, וואַרעמענדיק זיך די פיס אויף דער זון, ווען אַקוראַט אַנטקעגן איר האָבן זיך אויסגעזעצט מישע, אַ קליינע פרוי, ענלעך אויף אַ מיידעלע, און אַ קליינינקע שילערין אין אַ שול־אוניפאָרם מיט אַ טאַש אין די הענט. קלאַווּדיאַ סטיעפּאַנאָוונאַ האָט תּיכּף אָוועקגעלייגט דעם „אָגאָניאָק" [1] און אָנגעשטעלט די אויגן אויף זיי אָן שום צערעמאָניעס — זי האָט גאָרנישט געקענט טוען באַהאַלטענערהייט.

— פּאַפּע, קוק: אי אויף שרײַבן פינף, אי אויף חשבון פינף, — האָט געוויזן דאָס מיידעלע מישען די העפטן אין פילפאַרביקע טעוועלעך.

— דו וועסט קומען מיטאָגן? — האָט געפרעגט די פרוי־מיידעלע, — אָדער אפשר גאָר...

---

1 „אָגאָניאָק" — אַ רוסישער וועכנטלעכער אילוסטרירטער זשורנאַל.

די לעצטע ווערטער האָט זי אַרויסגעזאָגט אַזוי שטיל, אַז קלאַוודיע סטיעפּאַנאָווגע האָט זיי נישט דערהערט, נאָר מישע האָט זיך פונאַנדער־געלאַכט. געלאַכט האָט ער נישט געוויינלעך, נישט מיט דעם געלעכטער, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די אָפּרוענדיקע.

„זע נאָר זע, — האָט אַ טראַכט געטאָן קלאַוודיע סטיעפּאַנאָווגע. — אי אַ פרוי, אי אַ טאָכטער — אַ שילעריך. און אַליין זעט ער אויס ווי אַ יינגעלע.

און מיטאַמאָל האָט זי אים, אויפן ווייבערישן שטייגער באַקלאָגט: און אַליין הויט און ביין, און די פרוי אַ דרויבעלע, און די לוין איז ביי די מאַסאָוויקן אויך נישט אַזאַ אַי־אַיעדיקע, אין סאַנאַטאָריע ווערט ער פאַרפאַלן פון אינדערפרי ביז אויפדערנאַכט. זינגט, טאַנצט, לייענט, פאָרט אויף עקס־קורסיעס, און דאָ גרייט מען אים נאָך צו „אַזאַ באָד" אַ פאָרוווּרף. גאָט מיין גאָט, וואָס פאַר אַ פאָלק איז היינט...

און קלאַוודיע סטיעפּאַנאָווגע, האָט אַ דריי געטאָן די פּלאַטע אין דער פאַרקערטער ריכטונג. ביים מיטאָג האָט זי איבערציינגט יעלענאַ טימאָ־פייעוונען:

— איר נעמט אים גיכער, טימאָפייעוונאַ, מיטן וואָרט, מערער מיטן וואָרט. נו אָט — זאָגט אים — ס'טויג נישט זיך וויצלען אָן אַן עק, אויפן חשבון פון די שוויגערס.

די זון האָט באַלויכטן דעם עס־זאַל, דער שוואַרצער קאָסטיום האָט זיך געביטן אויף אַ העל־בלוי קלייד, די שטימונג ביי יעלענאַ טימאָפייעוונאַ איז געוואָרן אַ גוטע, און זי האָט מיטאַמאָל איינגעשטימט מיט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָווגען, אַז אַ פאָרוווּרף — דאָס איז דאָס שאַרפסטע מיטל, מען דאַרף בעסער אַ רייד טאָן מיטן מענטשן. נאָרמאַל האָבן זיך גרינגפעדערדיק אַ טראָג געטאָן אַקוראַטנע פאַרפאַקעוועטע געדאַנקען:

— מישע וועט זיין אַנגענעם איבעררעשט, מיט אים האָט נאָך קיינער אויף אַן אמתן נישט אַ שמועס געטאָן, איך וועל געפינען אַ שליסל צו זיין איבערדערציִונג.

ביים אָוונט־ברויט האָט יעלענע טימאָפייעוונאַ געזאָגט דעם מאַסאָוויק:

— מישע, איך דאַרף מיט אייך אַ שמועס טאָן.

— ביטע, איך וואַרט אויף אײַך נאָכן אָוונט־ברויט אין דער סאַמע טונקעלסטער אַלייע.

אין סטאַלאָווע האָט מען זיך צעשמייכלט. יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ האָט זיך אָנגעכמורעט: אויף מישעס קאָפּ האָט ווידער זיך אַ טראָג געטאָן דער שאָטן פון אַ פאָרוואורף.

— מישע — האָט געזאָגט אין אַ האַלבער שעה אַרום יעלענאַ טימאָ־פּייעוונאַ. — איר האָט מסתמא זייער ליב קונסט?

— יאָ, זייער, האָט געענטפערט מישע, אַ שטוינענדיקער און צופרידענער, פון דעם, ווי גיך די דאָזיקע פרוי האָט געכאַפּט דאָס, וואָס איז ביי אים דאָס סאַמע הייליקסטע. און ס׳האָט אַ ציִ געטאָן מישען אויסצולייגן פאַר איר אַלץ: איר דערציילן, ווי ער האָט געטרוימט צו ווערן אַן אַרטיסט, אויספּרווון זײַן מזל, ווי אַזוי ער האָט געאַרבעט אין קלוב, און לסוף, איז ער אַרײַנגעפאַלן אַהער אין סאַנאַטאָריע. אים געפעלט דאָ, ס׳איז אים ליב צו זינגען, שפּילן אויף דער גיטאַרע, לייענען לידער...

— נו, וואָס רעדט איר, מישע, — האָט אים צערטלעך איבערגעשלאָגן יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ, — מיר דוכט, אַז אײַך דאַרף זײַן זייער שווער. אָט די זיסלעכע לידער: „גייט אויף די לבנה איבער דער שטאָט״, אַזוי, מיר דוכט? אָט די ביליקע וויצן. דער עולם לאַכט, צי דען באַנעמט ער אָבער שטענדיק וואָס עכט איז? פאַרוואָס נישט אַדורכפירן עטלעכע אינטערעסאַנטע לעקציעס, נישט איינלאַדן עכטע אַקטיאָרן? איך שטעל מיר פאָר, ווי אײַך, נעבעך, איז שווער און דערנידערנדיק יעדן אָוונט...

— אַנטשולדיקט מיר, — האָט איר איבערגעשלאָגן מישע, און אַפילו בײַם ליכט פונעם לאַמטערן, האָט מען געזען, ווי בלייך עס איז געוואָרן זײַן געזיכט. — זײַט מיר מוחל, איך מוז גיין. איך האָב אײַך פאַרשטאַנען. אַ דאַנק. איך דאַרף גייען.

5

בײַם באַגעגענען זיך מיט יעלענאַ טימאָפּייעוונען, האָט מישע זיך העפ־לעך געגריסט. אויב אָבער ער האָט זי באַמערקט פונדערווײַטנס, האָט ער גיך פאַרקערעוועט אין אַן אַנדער זײַט.

אַרומגעגאַנגען איז ער איצטער אַ מרה־שחורהדיקער, אַן אײַנגעבויגע־נער, און די אָפּרוענדיקע האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז אַזוינס געשען מיט זייער מאַסאָוויק. דער בלויער סוויטער האָט אַראָפּגע־האַנגען פון אים אַזוי טריב, גלײַך ווי מישע וואָלט מיטאַמאָל אָפּגעצערט. אין סטאָלאָווע האָט ער זיך שוין איצט נישט געוויזן, ראַנדעוווען „אין דער סאַמע טונקעלסטער אַלייע״ האָט ער שוין מער קיינעם נישט באַשטימט און האָט נאָר אַרויסגעהאַנגען אַ מעלדונג: „אַ לעקציע — פּערזענלעכע היגיענע״ — לייענט דער דאָקטער פון דער שטאָטישער סאַן־עפּידעמישער סטאַנציע — בעליק ט.ד.״: „אַ שמועס וועגן געהעריקן רעזשים פון טאָג — וועט דורכפירן דער לערער פון מעדיצינישער פיזקולטור — זאַיצעוו וו.ס.״: „אַן אָוונט פונעם אַלטן ראָמאַנס״ — אויסגעפירט דורך דער סאָליסטין פון דער פילהאַרמאָניע — אַגנעסאַ פּיאַלקאָווסקאַיאַ.

און אַגנעסאַ פּיאַלקאָווסקאַיאַ, אַ פרוי מיט אַ פיגור פון אַ גרענאַדיר, פאַרצויגן אין טונקלען באַרכאַט, מיט אַ פּאָמס רויטער בליום אויף דער ברוסט, האָט געזונגען, צונויפפלייגנדיק די הענט ווי צו אַ תפילה:

— איך האָב אַן אַ־נ־נ־נדערן לליב,
שטאַרבנדיק אַ פּאַ־אַ־אַרליבטע...

און די בונטע רויז האָט זיך געוויגט צום טאַקט פונעם ראָמאַנס. און דער דאָקטער פון דער סאַנעפּידעמישער סטאַנציע האָט אַזוי דראָענדיק־שטרענג גערעדט וועגן דער פּערזענלעכער היגיענע, גלײַך ווי די אָפּרוענדיקע פונעם „אין שאָטנדיקן ווינקל״ וואָלטן נישט געהאַט קײַן שום פאַרשטעלונג וועגן זייף און צײַן־פּאַסטע. דערפאַר אָבער האָט זיך שוין זאַיצעוו וו.ס. געהאַלטן מיט דער אַאודיטאָריע אַפילו פּראָסטאַצקע און האָט מען געקלאַפּט אויף דער ווײַבערישער סטרונע:

— פיזישע אַרבעט: יעדער, דאַרטן געוועש, קאָכן, ראָמען, — דאָס איז איינס, אָבער פיזישע קולטור — דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. האַ, וואָס זאָגט איר, ריכטיק זאָג איך, מיידעלעך?

און איז אַנטשוויגן געוואָרן, וואַרטנדיק אַז די „מיידעלעך״ זאָלן זיך אָפּרופן. נאָר די פרויען האָבן געשוויגן, טראַכטנדיק בײַ זיך, אַז פון קאָכן,

וואַשן און רוימען וועסטו זיך אינערגעץ און קיינמאָל נישט אַרויסדרייען, זאָלסט אַפילו פאַרדינען הונדערט לעקציעס, און גימנאַסטיק, מאַסאַזשן און לײַכטע שפּאַצירן זענען נאָר מעגלעך אין איין אָרט — אין דער סאַנאַ־טאָריע.

— מען דאַרף קאָנען אונטערשיידן, חברים, גאַגאַלען פון געגעלן, — האָט אַ בליץ געטאָן דער פיזקולטורניק מיט אַ קאַלאַמבור. — בעסער געזאָגט, מאַכן אַן אונטערשייד צווישן פיזישער קולטור און פיזישער אַרבעט.

ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ נאַכלעסיקע, שלעכט פאַרצויגענע „ג" און גאַגאַל מיט געגעלן האָבן בײַ אים געקלונגען ווי „כאַכאַל מיט כעכעלן".

עס האָבן זיך גענומען לאַנגווײַליקן די אָפּרוענדיקע, אַפילו די, וועלכע האָבן פריִער געוואָרטשעט אויף דעם טאַנצן, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַ גאַנץ לעבן האָבן זיי נאָר געחלומט וועגן סאָלידע לעקציעס און אַמאָליקע ראָמאַנסן. יעלענע טימאָפּייעוונען איז אויסגעקומען זיך נאָכאַמאָל זיך פאַר־מונדירן אין שוואַרצן קאָסטיום: ער האָט דאָך אַזוי האַרמאָנירט מיט די אַלע פּראָגראַמען וואָס מ'האָט איצט אַדורכגעפירט אויף דעם זומערדיקן טאַנץ־פּלאַץ. אין דעם דאָזיקן אָנצוג האָט זי באַגלייט אויך איר שכנה.

קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע האָט פאַרלאָזט דעם סאַנאַטאָריע אַפילו אָן אַ שאָטנדל פון באַדויערונג; זי האָט געבענקט אַהיים, און איצטער אַ גליק־לעכע, האָט זי געזאָגט צו די באַגלייטערס:

— נו אָט, פאָר איך שוין טאַקע...

זי האָט זיך מיט אַלעמען וואַרעם געזעגנט, און ווען די רייע איז צוגע־קומען צו יעלענע טימאָפּייעוונען, האָט קלאַוודיע סטיעפּאַנאָוונע גאַנץ טרוקן איר אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ זאָג געטאָן, ווי אין דער וועלט אַרײַן:

— אַזאַ אויסגעדייוועטער, מען זעט, נישט קײַן געזונטער, און האָט נאָך צו דערצו אַ פרוי און אַ טאָכטער.

איר אַדרעס האָט זי יעלענע טימאָפעוונען אויך נישט געגעבן.

„אַ מאָדנע פרוי" — האָט אומקערנדיק זיך אין סאַנאַטאָריע, געטראַכט מיט ערגערניש יעלענאַ טימאָפּייעוונאַ — אַגב גאָרנישט אַזוי מאָדנע. פּשוט אַ נאַרישע און אָפּגעשטאַנענע. און טאַקע נייטיק געדאַרפט אַזויפיל צײַט פאַרברענגען אין איר געזעלשאַפט".

יעלענאַ טימאָפייעוונאַ האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אויך איר איז געבליבן זייער ווייניק ביז צום אָפּפאָר, און זי האָט נאָך נישט באַוויזן רעכט אָפּצורוען.

6

ווען מישע האָט זיך אין צײַט פון אָוונט־ברויט באַוויזן אין סטאָלאָווע, האָבן די אָפּרוענדיקע זיך פאַרוואונדערט און פריילעך צעשמייכלט, נאָר בײַ מישען אויפן פּנים איז געווען אָנגעשריבן: פרייט אײַך נישט אַזוי און וואונדערט זיך נישט, איך בין געקומען צוליב אַן ענין".

— חברים, די לעקציע „נערוון־קראַנקהייטן" אָנגעזאָגט אויף הײַנט, ווערט אָפּגעלייגט אויף דאָנערשטיק. צום באַדויערן האָב איך זיך ערשט איצט דערוווּסט, און האָב גאָרנישט פאַרפּלאַנירט. ווער ס'וויל קאָן גייען אין סאַנאַטאָריע „סלאַווא" דאָרטן ווײַזט מען הײַנט אַ קינאָ־קאָמעדיע „דער געשטרײַפּטער רײַס". פראַגן זענען דאָ? בײַ מיר — אַלץ.

און מישע האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

איך האָב אַ פראַגע! — האָט עמיץ אַ געשריי געטאָן אין סאַמע ווינקל. — וואָס איז זיך עפּעס פאַרלאָפן מיט אונדזער מישען?

— ריכטיק!

— אַ וועזנטלעכע פראַגע.

— היי, מישע, לייג אַרויס אַלץ אויפן טיש, האָט זיך דערהערט פון אַלע זײַטן.

— גאָרנישט, איז זיך נישט פאַרלאָפן. — האָט עפּעס ווי פאַרשעמט געענטפערט דער מאָסאָוויק.

— אויב אַזוי, איז הײַנט נאָכן אָוונט־ברויט — טענץ, האָט זיך געהערט פון דעם ווינקל. — אַזוי?

— פאַרשטייט זיך — האָט אומגעריכט פאַר זיך אַליין, זיך צעשײַנט מישע.

— מישע, איך לאַד אײַך אײַן פון פריִער, אויף אַ דאַמען וואַלס.

— מיט אײַך, וואַליטשקע, וועל איך מיט פאַרגעניגן אָפּטאַנצן, כאָטש דעם גאַנצן אָוונט. חברים, איך בעט די דאַמע נישט אײַנלאַדן אויף קײַן וואַלס, אַ נישט וועט איר האָבן צו טאָן מיט מיר.

אין סטאַלאָווע האָט מען געקײַכט. מ׳האָט געלאַכט אַפּילו מערער, ווײַל ס׳האָט פאַרדינט מישעס וויץ.

— וואַליטשקע, איז וואַרט איך אויף אײַך נאָכן אָוונטברויט, אין דער סאַמע טונקלסטער אַלייע, — האָט פײַערלעך צוגעזאָגט מישע און דערפילט אויף זיך דעם שטרענגן בליק פון יעלענע טימאָפּייעוונען. מישע איז בײַשט אַראָפּגעפּאַלן בײַ זיך, און האָט איר גלײַך אַ קוק געטאָן אין די אויגן. אין דער מינוט האָבן מישעס אויגן דערמאָנט יעלענע טימאָפּייעוונען אין די אויגן פון יענער ייִנגיטשקער לערערין, וועלכע האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר איר אויף דער פּעדאַגאָגישער באַראַטונג.

די טענץ אין דעם אויפדערנאַכט זענען געווען באַזונדערס לעבהאַפּטע, ווי נאָך אַ לאַנגן קאַראַנטין. בײַם אָנהייב האָט מישע ווידער געדרייט די מאַגניטאָפאָנע פּלאַטן; פּונקט אַזוי ווי אין אָנהייב פון קאָנצערט לאָזט מען צוערשט די שוואַכע נומערן, נאָר דער עולם אַפּלאָדירט געדולדיק, ווײַל ער ווייסט — דאָס סאַמע שטאַרקסטע וועט ערשט קומען. ענדלעך האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן טאַקע מישע אַליין, אין שוואַרצן אַנצוג מיטן באַנטיקל און מיט דער גיטאַרע אין די הענט אין דער באַגלייטונג פון אַקאָרדעאָניסט, אַ בחור אין ברילן, וועלכער האָט מיט אַ גלײַכגילטיקער מינע, וווּנדערלעך געשפּילט, אַלץ אין דער וועלט. הכנעהדיק, שטיל, גלײַך ווי זי זאָל האָבן אָפּגעפּרוווט אירע כּוחות, האָט זיך צעברומט די גיטאַרע; איר צו הילף האָט זיך אַנטשלאָסן אַ ריר געטאָן דער אַקאָרדעאָן; און מיט אַ שוואַך קול, צומאָל מיט אַ כריפּעלע, האָט מישע זיך צעזונגען, ווי גלײַך ער האָט זײַן האַרץ אויסגעגאָסן:

— עס גייט אויף איבער דער שטאָט,
די לבֿנה, די לבֿנה
און מיט אַ צאַרט ליכט
זילבערט זי, זילבערט זי...

# ווײַבערישע אינדערוואָכנס

...פּרײַטיק צוועלף אַ זייגער בײַטאָג זענען מיר — איך און אירינע — אַרויסגעטראָטן פֿאַר די אַרבעטערינס פֿון דעם מילך־זאַוואָד. „פֿאַר די אַרבעטערינס" זאָג איך, ווײַל חוץ דעם דירעקטאָר און צוויי פֿאַרוואַלטערס פֿון די צעכן, האָב איך דאָרט מער קיין מענער נישט געזען.

יאָ, שיער נישט פֿאַרגעסן אײַך צו זאָגן, אַז איך און אירינע זענען מיר — שרײַבערינס. אַ מאָדנע געפֿיל כאַפּט מיר אַרום, ווען איך ברענג אַרויס דאָס וואָרט — שרײַבערין, עלעהיי איך וואָלט זיך אַליין באַשאָנקען מיט אַן ערן־לוין. מען קען מיט שטאָלץ זאָגן וועגן זיך: „איך בין אַן אינזשעניער". „איך בין אַ פּעדאַגאָג", „איך בין אַן אינספּעקטאָר איבער די קאַדרען", נאָר אָט אַזוי זיך אַ זאָג טאָן: „איך בין אַ שריפטשטעלער" — איז גלײַך, ווי איך וואָלט אָנגעזאָגט אַלץ און אַלעמען, אַז איך בין אַ חכמה אײנע אין דער וועלט... איך ווייס נישט. מעגלעך, אַז אפשר מיט די יאָרן פֿאַרשווינדט אָט דאָס נישט איבעריק אָנגענעמע געפֿיל. מעגלעך.

און דערווײַל זיצן מיר עס, הייסט עס, איך און אירינע, אין סאַמע אויבנאָן, אויף דער בינע פֿונעם רויטן ווינקל, נעבן טיש, וועלכער איז באַדעקט מיט רויטן פּליוש, און בײַ אַכציק פֿרויען נעמען נישט אַראָפּ דאָס אויג פֿון אונדז. איך דאַרף נאָך צוגעבן, אַז מיר, איך און אירינע, געפֿינען זיך אין דעם עלטער, ווען פֿאַר אַ פֿרוי גילט דער העכסטער קאָמפּלימענט, ווען מען זאָגט איר: „אײַך קאָן מען קוים קוים געבן פֿינף און צוואַנציק יאָר, און נישט מער". פֿאַרשטייט זיך, אַז שרײַבערינס זענען מיר נאָך יונגע, נאָר דער יוגנט־עפּיטעט טשעפּעט זיך אָפּטמאָל אָן צו אַ שרײַבער, ווי אַ שלימיסטע קרענק, און אַזוי וועסטו שוין ביזן סאַמע גרויען צאָפּ אָנגיין פֿאַר אַ יונגן שרײַבער. איבעריקנס, דערווײַל עסן מיר זיך, סײַ איך, סײַ אירינע, נישט אָפּ דאָס האַרץ צוליב דעם.

און אַזוי זיצן מיר זיך אויף דער בינע פונעם רויטן ווינקל, און אין איין ריי מיט אונדז זיצט און הוסט אונטער דער אויך יונגער, שוין אָבער באַוווסטער קריטיקער וולאַד קאָוואַטש, אָדער נאָך פּשוטער סלאַוואַ קאָ־וואַטשעוו. דאָס וועט ער אין סאַמע אָנהייב דערציילן די פרויען פון מילך־זאַוואָד וועגן דער היינטצייטיקער ליטעראַטור בכלל, און וועגן דער ליטע־ראַטור פון אונדזער רעפּובליק בפרט. און דערנאָך וועט ער געבן דאָס וואָרט מיר און אירינען. בקיצור, סלאַוואַ איז היינט די פּייערלעכע אָפּטיילונג, און איך און אירינע — די צימבלדיקע.

עמעצער רודערט נאָך מיט די בענקלעך. עמעצער שמועסט זיך אַדורך, זעצט זיך איבער נעענטער. די פרויען זענען אַנטשוויגן געוואָרן, און זענען — ווי זאָגט מען עס: אויג און אויער.

— חברים! — קכעקעט אונטער דער דירעקטאָר — היינט זענען צו אונדז געקומען צוגאַסט לעבעדיקע שרייבער. זיי וועלן אונדז דערציילן וועגן זייער אַרבעט, וועגן זייערע ווערק און וועגן...

דער דירעקטאָר פאַרהיקעט זיך, זיין פּנים ווערט צונטער־רויט, און מיט אַ תחנונים־בליק דרייט ער זיך אויס צו אונדז — ס׳הייסט: העלפט אַרויס, טייערינקע פון די באַוווסטע דריי „וועגן", קען אַ מענטש, וואָס איז נישט געוווינט אַרויסצוטרעטן אַן אַ פּאַפּירל, אין בעסטן פאַל ביי־קומען נאָר צוויי.

— מירן דערציילן, מירן דערציילן! — הייבט זיך אויף אונדזער אָנפירער, און דער דירעקטאָר זעצט זיך אַוועק שוין מיט אַ גרינגערן געמיט.

ווי לאַנג סלאַוואַ רעדט וועגן ליטעראַרישע פּראָבלעמען, באַטראַכט איך דערווייל די פרויען. זיי זיצן — אַלע אין ווייסע כאַלאַטן און אין ווייסע קאָפּטיכלעך — און הערן. וועגן וואָס אַ שטייגער טראַכטן זיי? וועגן דער היינטיקער ליטעראַטור, צי וועגן דעם, אַז שרייבער זענען דאָס זעמל־מעל פון דער וועלט, נאָר אָפּצומיטיקן בלייבט שוין קוים אַ דרויבל צייט. און אפשר קוויקן זיי זיך גאָר מיט דער רו און מיט דער שטילקייט?

די ווענט פון רויטן ווינקל זענען פריש געווייסטע, די פאַנעלן נישט קיין בליאַסקענדיקע, די דיאַגראַמעס וועגן דעם וווקס פון דער מילך־אינדוסטריע, זענען אויך אויסגעהאַלטן אין רואיקע טענער, נישט צופיל צעשמירטע.

און עס שמעקט דאָ, ווי אין גאַנצן זאַוואָד, מיט מילך און זויגקינדער. נאָר פון דעם איינעם גערוך באַרואיקט זיך יעדעס קעמערל, און ס׳ווילט זיך נישט „אויפטרעטן״, נאָר פשוט און פראָסט דערציילן וועגן עפּעס. איך פאַרטשעפּע מיט מײַן בליק די פרויען פון די ערשטע רייען, און זיי ענטפערן מיר מיט די אויגן. דערנאָך קוקן זיי אויף אירינען. איך בין זיכער, אַז איך ווייס וועגן וואָס זיי טראַכטן אַצינד.

— סימפּאַטישע פרויען — טראַכטן זיי איצטער וועגן מיר און אירינען.

— זע נאָר, אַזעלכע יונגע און שוין שרײַבערינס. זעט אויס, אַן אינטערעסאַנט לעבן בײַ זיי, און די אַרבעט איז בײַ זיי קײַן נישט שטויביקע — ס׳איז דיר דאָ נישט אין צעך צו שטיין. פאַרהײַראַטע? זיי האַלטן זיך ווירדיק — מסתמא שוין חתונה געהאַטע.

און איך מיט אירינען זיצן, נײַמאָדיש־באַשיידן פאַרקעמטע און אין באַשיידענע נײַמאָדישע סוויטערס. און מיר קוקן זיך אויס אַזעלכענע, ווי סע זעען אונדז איצט די פרויען פונעם מילך־זאַוואָד.

אין „לעבן״ זעען מיר זיך מיט אירינען זייער זעלטן. עס סטײַעט אונדז פשוט נישט קײַן צײַט. סײַ איך, סיי אירינע זענען מיר — פּעדאַגאָגן. און ווייסט איר וואָס ס׳איז אַזעלכעס אַ פּעדאַגאָג? אַ פּעדאַגאָג דאָס איז אַ באַשעפעניש, וואָס איז פאַרנומען אַכט און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת, און שליסט זיך אויס מעכאַניש פון דער אַרבעט נאָר אין דער צײַט פון עסן, שלאָפן און עטלעכע שעה אין קרײַז פון דער משפחה („אַ גרויל נאָך דרײַ שטויסן מיט נישט־קאָנטראָלירטע שריפטלעכע אַרבעטן״).

אירינעס און מײַן מאַן זענען אינזשיניערן, די טעכטער — שילערינס. אַזוי אַרום צוויי משפחות, פון וועלכע יעטוועדע איינע גייט אַרונטער אונטער דער גרופּע — „מיטעלע״.

דאָס שרײַבערײַ איז פאַר אירינען און מיר שוין נישט קײַן האָבי, אָבער נאָך אויך נישט די גרונטיקע פּראָפעסיע. ס׳איז גיכער פון אַלץ אַ מין קאָנטראַבאַנדע, מיט וועלכער מיר פאַרנעמען זיך אין דער פרײַער פון אַרבעט און ווירטשאַפט־צײַט. אַ פולווערטיקער ווערט גערעכנט דער טאָג, ווען אונדז געלינגט כאָטש אַ שעה אָדער צוויי זיצן בײַם שרײַבטיש, ווײַל אַרומטראַכטן די קינפטיקע דערציילונג, אַ דעטאַל, אַ שטריכעלע, אַ שורה, קען מען

אומעטום: בײַם װאַשן דאָס געשיר, אין דער ריי נאָך גרינװאַרג, בײַ די לימודים, װען די קינדער שרײַבן אַ חיבור, און אַפילו אויפֿן פּעדאַגאָגישן ראַט, פֿאַרשטייט זיך, אַז מען נעמט דיך נישט אין דער... אַרבעט. דאָס סאַמע װיכטיקסטע — זיך נישט צעשטרײַען. האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ מומינקע אין דער ריי נאָך ציבעלעס — איז זאָל זי זיך נעמען געזונטערהייט. שטשעגלאָװו לייגט אַװעק צום דריטן מאָל זײַן שריפֿטלעכע אַרבעט און בעט זיך אין טואַלעט — איז זאָג אים צו, אַז דו װעסט אים פֿאַרקלענערן דעם באַל, נאָר האַלט פֿעסט דעם פֿאַרטראַכט בײַם עק, אַ נישט װעט ער אַנטלויפֿן. אויף דער פּעדאַגאָגישער באַראַטונג קוק גלײַך אין מויל אַרײַן דעם בעל־דרשן — נישט נאָר ס׳װעט דיר נישט שטערן, נאָר פֿאַרקערט — ס׳העלפֿט אַפילו טראַכטן, װי דאָס קלאַפּן פֿון די באַן־רעדער.

...איך מיט אירינען װוינען איינס פֿון דאָס אַנדערע היפּשלעך װײַט, זען זעען מיר זיך גאָר זעלטן, און דעמלט קומען אונדז צוהילף די טעלעפֿאָנען. ערגעץ בײַ עלף אַזייגער אינאָװנט, װען די טעכטער אונדזערע שלאָפֿן שוין, און די מענער דוכענען בײַ די טעלעװיזאָרן, דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ קלונג:

— סוועטע, דו שלאָפֿסט נאָך נישט?

אַ באַנאַלע פֿראַגע, נאָר דאָס איז יענע הרובע, פֿון װעלכער עס צעברענען זיך אַלע אונדזערע בײַנאַכטיקע שמועסן.

— איך שלאָף. װאָס־זשע, דו הערסט נישט מײַן כראָפּען?

— בײַ דיר איז הײַנט אַן אויסגעצייכנטע שטימונג. פֿון װאַנען האָט זי זיך צו דיר גענומען? — אינטערעסירט זיך אייפֿעריק אירינע.

— איך האָב פֿאַרענדיקט אַ דערציילונג. פֿאַרשטייט זיך, דערװײַל נאָך איז זי רוי.

— װאָס־זשע, דו ביסט נישט געװען אין שול?

— ניין, איך האָב הײַנט אַ פֿרײַען טאָג. נאָר דו זײַ מיך נישט מקנא, װײַל די גאַנצע װאָך װעל איך זײַן פֿאַרװאָרפֿן מיט אַרבעט ביז צום האַלדז.

— און איך גאַנצפֿרי... נו, װאָס?! דאָס רעד איך נישט צו דיר, סוועטע. עס ליגט אין שאַפֿקעלע. ניין, נישט דאָרטן, נאָר אויף דער אויבערשטער פּאָליצע. סוועטע, װאַרט אויס אַ מינוטקעלע אָט באַלד.

איך וואַרט. אין טרײַבל הערן זיך טריט, אַ קלאַפּעניש פון טירן, און אירינעס ברוגז קול: — שוין־זשע ווייסטו נישט, ווו עס ליגט די זאַלץ?"

— האַלאָ, סוועטקע, דו ביסט נאָך דאָ? מײַן טאַליען האָט אינמיצקע דרינען, אַרום צוועלף בײַנאַכט, זיך פאַרגלוסט... עסן. מען זעט נישט, אַז ער זאָל זײַן אַזוי באַזאָרגט וועגן זײַן... טאַליע.

אין שוין אין אַ מער געלאַסענעם טאָן:

— און איך בין גאַנצפרי געווען אין פּאַרק. סאַר אַ שײַנעניש און שיינעניש! אַן אמתער גאָלדענער האַרבסט, און זאָלסט זאָגן אַ לעבעדיק נפש אַרום און אַרום. שטיל, גוט; מיט איין וואָרט — פאַרגעסט אין אַלץ און אין אַלעמען.

אירינע שווײַגט, און אויך איך שווײַג צו — איך האָב מורא קאַליע צו מאַכן איר שטימונג.

— סוועטע, וואָס ביסטו מיר עפּעס מיטאַמאָל אַזוי זויער געוואָרן?

— און איך אָטעם אויך מיט דער האַרבסטיקער לופט פונעם פּאַרק.

אַ שטילשווײַגעניש, דערנאָך אירינע צעצויגן־צערטלעך:

— סוועט־ק־עע, ביסט אַ נאַרעלע.

אָט די כּמעט אויסגעזונגענע ווערטער, דאָס איז דער ראַנד פון אירקעס צערטלעכקייטן. און גיין גייט עס נישט אַזוי אין די ווערטער גופא, ווי אין די טענער און די בײַטענער זייערע. אָט זיי, די ווערטער, באַדײַטן, אַז מיר פאַרשטייען זייער גוט איינע די אַנדערע. נאָר צערטלעכקײַטן זענען אין אונדזער צײַט אַ באַנאַלער ענין, און דעריבער — אײַ, סוועטקעלע, ביסטו עס אַ נאַרעלע...

אירינע האָט זיך שוין אָנגעשטעלט אויף דער ליריש־פאַנטאַסטישער כוואַליע:

— היי, לאָמיר אָפּציִען פון דער היים, האַ? — לייגט זי פאָר.

— היידאַ! ווען? מאָרגן קען איך נישט, מאָרגן איז בײַ מיר אַ פּעדאַ־גאָגישע באַראַטונג.

— מען קען שוין מיט דיר רעכט אַנטלויפן. און איך, ווי דו זעסט מיך, וואָלט אַנטלאָפן, נאָר ס'איז מיר אַ שאָד גאַלאָטשקע, און טאַליע אויכעט אַ ביסעלע. זיי וועלן אָן מיר נישט קענען אויסקומען.

— ווייסט, אירע, אַ מענטש וויל אַ גאַנץ לעבן ערגעצווו אַנטלויפן. אמת? ביטער איז, ווען מען וויל שוין אינערגעץ נישט לויפן. איך האָב שטענדיק געחלומט וועגן אַ פּראָפעסיע, אַ פאַרבונדענע מיט רייַזעס — און דערפאַר זיץ איך מן הסתם אויף איין אָרט. איַי, וואָלט געווען גוט, ווען מען קען כאָטש אויף אַ חודש פאַרגעסן אין אַלע עסקים, און מיטן רוקזאַק אויף די פּלייצעס זיך אַוועקלאָזן אַהין, ווו די אויגן טראָגן, נאָר נישט ווי אַן אָרגאַניזירטער טוריסט, נאָר גלאַט אַזוי זיך. פאָרן אַזוי לאַנג, ביזוואַנען עס וועט זיך דיר אַליין נישט פאַרגלוסטן אַראָפּצוגיין פונעם צוג.

— נו, פאָר, ווער לאָזט דיך נישט — דערלויבט מיר גוטמוטיק אירקע.

— עס וועט קיינמאָל אַזעלכעס נישט געשען — פאַרענדיק איך סומנע.

— סוועטע, ווילסט, וועל איך דיך פריילעך מאַכן?

— ניין, איך וויל נישט. דו ווייסט, אין די נאָטיצן־ביכלעך פון מיכאַיל סוויעטלאָוו האָט מען נאָך זייַן טויט אַנטדעקט פאָלגנדיקע דערשיטערנדיקע שורות: „און אָט בין איך שוין געשטאָרבן. מיט וואָס זאָל איך זיך פאַר־נעמען?" דו הערסט, אירע?

— איך הער. יאָ, דאָ וועסטו שוין נישט זאָגן „גרויסאַרטיק" — דאָס וועט זייַן צו איינפאַך. עפּעס אַזעלכע אומענדלעכע שורות... נו, וועגן גאָרנישט!

— ברעכט אויס מיטאַמאָל אירקע. — דאָס רעד איך נישט צו דיר... דאָס אינטערעסירט זיך עס מייַן מאַן טאָליע, וועגן וואָס קען מען אַזויפיל פּלוידערן דורכן טעלעפאָן. ער באַאומרואיקט זיך, צי פאַרנעמען מיר נישט, חס־וחלילה, צופיל די ליניע. נו, געזונט, סוועטקע, אַ גוטע נאַכט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...צוערשט גיט קאָוואַטש דאָס וואָרט אירינען.

— די יונגע דיכטערין אירינע באַלאַשאָווע פאָרט אויף אַ געלונגענעם אופן צונויף איר ליטעראַרישע טעטיקייט מיט דער פּעדאַגאָגישער — מעלדעט ער פריידיק די אין זאָל בייַוועזנדיקע פרויען. אירקע שמייכלט מילד, ווי פאַרן אָביעקטיוו, נאָר „דער געלונגענער צונויפפּאָר פון ליטעראַרישער און פּעדאַגאָגישער טעטיקייט" וועט אַזוי גלאַט סלאַווען נישט אָפּגיין. אָט די פּריטשעפּקע טרעפט אָן אָדער צו מיר, אָדער צו אירינען — אָפּהענגיק פון

דעם, ווער ס׳טרעט אַרויס די ערשטע... גלײַך עס וועט ווערן אַ גרויסע שמחה צווישן די לייענער, אַז זיי וועלן געווירע ווערן, אַז מיר זענען פּעדאַגאָגן.

— טײַערער סלאַווע — האָב איך אים איינמאָל פאַרגעבן אַ געפּעפּערטע פראַגע: — וואָס וואָלט איר אַ שטייגער געטאָן, ווען איך בין, חלילה, נישט קיין לערער, נאָר אַ קוימענקערער? ווי אַזוי וואָלט איר מיך דעמאָלט „געפּאָרט״?

קאָוואַטש האָט זיך נישט באַליידיקט, נאָר פון דעמלט אָן האָט ער נאָר „געלונגען געפּאָרט״ אירען.

איצט שטייט זי בײַם סאַמע ראַנד פון דער בינע און לייענט לידער וועגן האַרבסטיקן פּאַרק. אירע באַשרײַבט נישט נאָר פּשוט די שיינקייט פונעם האַרבסט, דאָס האָבן ביז איר גלענצנדיק אָפּגעטאָן אַנדערע — זי זאָגט, אַז די נאַטור איז ווי אַ מאַמע, אין וועלכער מיר דערמאָנען זיך, ווען אונדז איז זייער שווער. די פרויען שאָקלען צו באַגיטינקדיק מיט די קעפּ, ס׳הייסט, ס׳איז וואָר — אַזוי איז עס טאַקע: ס׳טרעפט, אַז אין לעבן איז זייער ביטער, אוי, ווי ס׳טרעפט! פון סאַמע אָנהייב לייענט אירינע שטענדיק שלעכט. צו שיין. ווילנדיק אויסנעמען בײַם עולם. און דאָס פּנים איז בײַ איר אַזאַ מין געטלעכס, און דער שמייכל אַזאַ הימלישער, און אין אַלגעמיין זעט זי איצט אויס נישט ווי קיין פרוי, נאָר ווי אַ מלאך. נאָר אָט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אירעס באַליבטע לידער וועגן ליבע, וועגן דער מוטער, וועגן דער פאַר־גייענדיקער יוגנט — און איר קול האָט אָנגעהויבן צו קלינגען פאַרטרווילעכער, און ס׳איז פאַרשוווּנדן געוואָרן דער הימלישער שמייכל, און אירע האָט פאַרגעסן, אַז זי איז אויף דער בינע.

אין אַזעלכע מינוטן זעט מיר אויס אירע ווי אַן אַומבאַקאַנטע. איך ווייס נישט, וואָס זי לערנט אין שול. איך ווייס נישט, אַז איר טאָליע האָט ליב אַ סך און געשמאַק אָפּצועסן, און גאָרנישט נישט רופט נישט בײַ אים אַרויס קיין צווייפל. איך ווייס נישט, אַז אירע האָט קאָפּשמערצן מחמת איבער־געמאַטערטקייט, אַז איר קוואַרטיר בייטיקט זיך אין אַ גרויסן רעמאָנט, אַז גאַלקע איז שוין אַרויסגעוואַקסן פון אירע קליידער. פון דעם אַלעמען ווייס איך איצט גאָרנישט.

עס שטייט זיך אויף דער פּאָדערבינע אַ מענטש און לייענט זיך זײַנע לידער, און איך בין איינע פון די פּרויען־צוהערערינס.

*

פיר אַזייגער בײַטאָג. די טאַכטער איז אין שול, דער מאַן איז אויף דער אַרבעט. באַלד וועל איך דערוואַרעמען וואַסער און אָנהייבן צו וואַשן. און ביז דאָס וואַסער וואַרעמט זיך, קלינג איך צו אירען:

— אַלאָ?

— אַ מינוטקעלע, אָט באַלד... איך האָב פאַרדרייט דעם גאַז, בײַ מיר פּרעגלען זיך די קאָטלעטן. הער, איך בין הײַנט געווען אין פאַרלאַג. לאָזט זיך אויס, אַז זיי האָבן מײַן ביכל... — אירינע דערציילט לאַנג וועגן „זיי" און וועגן „איר ביכל", אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דאָס וואַסער צום גרעט וואַשן הייבט אָן זידן.

— אירע, בײַ מיר וועט דאָס וואַסער פאַרקילט ווערן. ווייסטו וואָס, לאָמיר זיך מאָרגן נאָך מיטאָג אַרויסכאַפּן כאָטש אויף אַ שעה אין פּאַרק. מיר וועלן אַ פּלוידער טאָן און זיך אָנשעפּן מיט לופט.

— מאָרגן בײַטאָג איז בײַ אונדז אין שול אַ באַראַטונג. ווייסטו וואָס, לאָמיר בעסער איבערמאָרגן גאַנצפרי. איך בין פרײַ ביז פיר אַזייגער.

— וואָס רעדסטו? איך וועל זיך ערשט באַפרײַען אַזייגער פיר...

— זאָג נאָר, כ׳בעט דיך, און ווו זענט איר עס געווען נעכטן אויפדער־נאַכט? — בײַט אירע די טעמע, ווײַל וועגן אַ געמיינזאַמען שפּאַציר וועלן מיר זיך אַלצאיינס נישט צונויפרעדן העט ביז צו דער סאַמע פּענסיע.

— מיר האָבן זיך פאַרווײַלט בײַ די שכנים אויף זייער געבורטסטאָג. צום אָנהייב האָבן זייערע וווּנדערקינדער... דעקלאַמירט, דערנאָך האָבן די עלטערע דעם גאַנצן אָוונט זיך אַמוזירט מיט אַנעקדאָטן וועגן פרויען אויף די קורערטער.

— האָט איר געהוליעט?... — איזדיעקעוועט זיך אירקע.

— דו ענטפער מיר בעסער: מיר וועלן זיך ווען ס׳איז אַרויסכאַפּן אין פּאַרק, צי ניין? עס ענדיקט זיך שוין דער אָקטאָבער, די וווּנדערלעכסטע טעג אין יאָר, און מיר...

— אוי, סוועטקע, וואַרט צו!

און אין אַ מינוט אַרום:

— בײַ מיר זענען די קאָטלעטן פֿאַרברענט געוואָרן, און דו האָסט זיך אָנגעזעצט אויף מיר מיט דײַן פּאַרק!

— אמת, אירקע, זיי זענען פֿאַרברענט געוואָרן. איך פֿיל עס אַפֿילו דורכן טעלעפֿאָן. נו גוט, איך גיי וואַשן.

— וואָס, דו האָסט זיך באַליידיקט?

— ניין, איך האָב מיך אַ ביסל צערודערט; עס טוט מיר וויי דאָס האַרץ פֿאַר דײַנע קאָטלעטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אירינען אַפּלאָדירט מען לאַנג. אַ צופֿרידענע, אַ צעלויכטענע, קומט ענדלעך אירע צו זיך און מיט אַ קעניגלעכן זשעסט לאַדט זי מיך אײַן אויף איר אָרט. איך האָב מיך צוגעגרייט צו לייענען אַ פֿראַגמענט פֿון אַ דערציילונג וועגן דער מלחמה, גענויער — וועגן דער קינדהייט אין דער מלחמה. אַ קאַפּיטל אַזאַ דערהויבנס, אַ רירנדיקס. די פֿרויען קוקן אויף מיר מיט דערוואַרטנדיקע בליקן, און איך קען בשום אופֿן נישט אָנהייבן. איך שטיי בײַם טיש, וועלכער איז באַדעקט מיט גרינעם פּליוש און פֿיל, אַז דאָס קליידל, וואָס איך טראָג, איז צו קורץ, און די קנאָפּל זענען צו הויכע; און דאָס אַלץ מיטאַנאַנד פּאַסט זיך נישט צו דעם קליינינקן זאַל, וועלכער שמעקט מיט מילך און מיט זויגקינדער.

— איך וועל אײַך איבערלייענען אַ קורצע דערציילונג וועגן אַ פֿרוי — זאָג איך גאַנץ אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין — וועגן אַ פֿרוי, וועלכע האָט נישט געקענט אַפּרוען.

איך לייען די דערציילונג, און נישט אויפֿהייבנדיק די אויגן פֿון די בלעטלעך, פֿיל איך, ווי אַזוי דאָס רויטע ווינקל קרעכצט דאָרטן, ווי מען דאַרף קרעכצן, און לאַכט דעמלט, ווען איך דערוואַרט אַ געלעכטער. און דעמלט ווערט מײַן קול זיכערער, און איך הער זיך פֿון דער זײַט, און מיר דוכט זיך, אַז איך בין איצט ווי אַ סאָליסט, וואָס פֿירט נאָך זיך אַ גאַנצן כאָר.

די פרויען באַגלייטן אונדז ביז צום טויער, בעטן אונדז מיר זאָלן קומען אָפטער, העלפן אונדז טראָגן די בלומען. מיר — אירע און איך — גייען אַרויס שײַנענדיקע און עפּעס שוין גאָר יומטובדיקע אויף דער גאַס. פּאַמעלעך גייען מיר אויף דער זוניקער זײַט, שאָרעווענדיק מיט די פיס די אַראָפּ־געפאַלענע בלעטער.

— אירקע, נו, מיר גייען אין פּאַרק?

— טאָליע קומט צוויי אַזייגער אויף מיטאָג און איצטער איז וויפל?

— האַלב צוויי — ענטפער איך אַ ברוגזע.

— סוועטקע, נו, זאָג אַליין, וואָס ביסטו אַזוי אָנגעדרודלט?

— ניין, איך רוגז זיך נישט. גלאַט איך דאַרף שוין אויך גיין.

מיר שטייען נאָך שווייגנדיקע עטלעכע מינוט. אין אונדזערע הענט — די בוקעטן מיט בלומען. דאָס האָבן זיי אונדז געשענקט די פרויען פונעם מילך־זאַוואָד. באַלד וועלן מיר זיך מיט אירקען צעגיין. זי וועט זיך אויפן וועג אַהיים אַרײַנכאַפּן אין שפּײַז־מאַגאַזין און איך אין דער מילכיקערײַ. וואָס אַן אמת, די בוקעטן וועלן אונדז אַביסל שטערן, נאָר מיר וועלן זיי שוין יאַקאָש אַקוראַטנע צונויפלייגן אין אונדזערע ווײַבערישע טעשלעך אינאיינעם מיט אַנדערע אײַנגעקויפטע זאַכן.

...נאָר דערווײַל בליִען נאָך אונדזערע בלומען.

— נו, אויף ווידערזען, אירע!

— אַלדאָס גוטס!

...און מיר צעגייען זיך אין פאַרשידענע זײַטן. ווער ווייסט ביז ווען?...

# מײַן סאַמע בעסטע דערציילונג

## אַ קליינע נישט אויטאָביאָגראַפֿיע געשיכטע

...„ווײַל באַשריבן פּאַפּיר ברענט נישט גערן"
(מ. בולגאַקאָוו)

### אין זיבעציק יאָר אַרום

...דעם צענטן סעפּטעמבער פֿונעם 2038 יאָר האָט זיך אין דער „ליטע־ראַרישער צײַטונג" באַוויזן אַ נאָטיץ אונטער אַ ראַשיק קעפּל: „אַ כּתב־יד, וועלכן מען האָט אַנטדעקט אין זיבעציק יאָר אַרום". אין איר איז געזאָגט געוואָרן פֿאָלגענדעס: „די ליטעראַטור פֿונעם פֿאָריקן יאָרהונדערט האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ גאַנצע רײ נישט באַשיידענע רעטענישן. די דער־ציילונגען און נאָוועלן פֿון אַריאַדנאַ סאָקאָל האָבן געלייענט אַ סך מענטשן, נאָר ס'איז אַ גרויסער ספֿק צי עמיצער פֿון די לייענער האָבן געלייגט אַכט אויפֿן פֿאָלגנדן פֿאַקט. אין איר נישט גרויסער נאָוועלע „מײַן בעסטע דער־ציילונג" באַשרײַבט אַריאַדנע סאָקאָל די געשיכטע ווי אַזוי ס'איז געבוירן געוואָרן איר דערציילונג „אין איינעם אַ מאַי טאָג". אָבער די דערציילונג איז קיינמאָל און אינערגעץ נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, און דער מאַנו־סקריפּט איז אויך ביז הײַנט צו טאָג נישט געפֿונען געוואָרן.

„מײַן בעסטע דערציילונג" — איז בדרך כּלל אַן אויטאָביאָגראַפֿישע געשיכטע (דאָס האָבן דערוויזן אַלע אונדזערע סאָקאָל פֿאָרשער), אַזוי אַרום, אַז ס'איז געבליבן נאָר זיך משער צו זײַן, אַז אויך די דערמאָנטע אין איר נאָוועלע „אין איינעם אַ מאַי טאָג" האָט ווירקלעך עקזיסטירט. נאָר וווּ־זשע איז זי? די נאָוועלע „מײַן בעסטע דערציילונג" איז דאַטירט פֿונעם 1968־טן יאָר. צו יענער צײַט איז שוין די דערציילונג „אין איינעם אַ מאַי טאָג" אָנגעשריבן, נאָר אָט דער כּתב־יד אירער איז ערשט געפֿונען געוואָרן...

מיט אַ חודש צוריק פֿון דער שרײַבערינס אור־אייניקל מ.וו. ראַדיטש.

מ.וו. ראַדיטש האָט פאַנאַנדערקליבן דעם פאַמיליען־אַרכיוו און צווישן אַנדערע בריוו און כּתבים פון איר עלטער־באָבע האָט זי אויך געפונען בלעטלעך פון אַ שילערישן העפט, צונויפגעלייגט אין פירן. אויפן ערשטן בלעטל איז מיט אַ געדיכטער קלאָרער האַנטשריפט געווען אָנגעשריבן „אין איינעם אַ מאַי־טאָג". די האַנטשריפט איז אָן ספק אַריאַדנע סאָקאָלס. די דערציילונג איז דאַטירט מיטן 1967־טן יאָר. אָנגעשריבן פון א. סאָקאָל צוריק מיט זיבעציק יאָר, וועט זי צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט ווערן אין קומענדיקן נומער פון אונדזער צײַטונג.

און אַזוי אַרום, איז געלייזט געוואָרן נאָך אַ רעטעניש פון דער ליטע־ראַטור פונעם פאָריקן יאָרהונדערט.

יורי סטרונער

## 1. דאָס געבורט פון אַ דערציילונג

אָנגעהויבן האָט זיך עס שבת אינדערפרי, דעם זעקסטן מאַי.

איך האָב שוין געהאַט אָנגעשריבן עטלעכע נאָוועלן און נישט ווייניקע דערציילונגען, נאָר קײַן איינע פון זיי איז מיר נישט אָנגעקומען מיט אַזויפיל גרימעניש ווי אָט די. די דערציילונג האָט זיך געצײַטיקט אין מיר עטלעכע יאָר. איך האָב מיך אָפט גענומען צו איר און אַלץ זי אַוועקגעלייגט, נישט אָנשרײַבנדיק אַפילו קײַן צוויי בלעטלעך. זי האָט מיך גערייצט, ווי אַ שעלמיש חיהלע: זי האָט זיך געמאַכט אַז זי איז שוין אינגאַנצן אַ פאַר־ענדיקטע; זי איז געווען ווונדערלעך אָנגעשריבן, נאָר ביז, ביזקל... איך האָב מיך נישט אַוועקגעזעצט צום שרײַבטיש. נאָר קוים האָט די דערציילונג דערזען אַ ריין בייגעלע פאַפיר, ווי זי האָט זיך עס מיר תּיכּף פאַרקליבן אין דער טיף פון איר נאָרע, און מיט קײַן שום לאַקעטקעס האָט מען זי נישט געקאָנט פון דאָרטן אַרויסמאַניען. גאָט מײַן גאָט! וואָס האָב איך איר נישט צוגעזאָגט: אי אַ שיין קעפל, אי אַ געקווייטלטן עפּיגראַף, אי אַן עפעקטפולע ענדע — גאָרנישט, גאָרנישט האָט נישט געהאָלפן. אַ צעקאָכטע, האָב איך מיט כּוח זי אַרויסגעשלעפּט, די עקשנטע, פאַר איר עק — נאָר מײַן דערציילונג האָט זיך אַרויסגעיאָוועט פון איר נאָרע אַזאַ אָפּגעג־

קראַכענע און אויסגעדייוועטע, אַז איך האָב זי תּיכּף אָפּגעלאָזט, און דער רייַנער, ציכטיקער בויגן פּאַפּיר איז באַדעקט געוואָרן מיט פֿלערליי נעזער און פּראָפֿילן.

דאָס איינציקע, וואָס איך קען מאָלן — איז נעזער. קורנאָסע, שפּיציכיקע, האָרבאָטע און גיריקע. דעם בויגן פּאַפּיר איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צו מאַכן אַ מינע, אַז ער האָט זיך באַוויזן נאָר צוליב דעם אויפֿן טיש, בכדי ער זאָל באַקומען אַ פֿילפֿאַרביקע קאָלעקציע נעזער, און אַז די דערציילונג מייַנע גייט אים אינגאַנצן נישט אָן.

אַזוי' האָט זיך עס געצויגן מער מיט אַ ביסל. איך האָב אויפֿגעהערט צו מאַטערן מייַן דערציילונג, און כאָטש זי האָט מיך ווי אַ פֿריִער אַלץ גערייצט און געלאָקט האָב איך באַשלאָסן זי נישט צו טשעפּען, ביזוואַנען זי וועט זיך אַליין נישט בעטן אויפֿן פּאַפּיר. נאָר איך האָב זיך אויף איין מינוט נישט פֿאַרגעסן. איך האָב אַלץ צונויפֿגענומען פֿאַר איר ראָזשינקעס, באַהאַלטן פֿאַר איר לאַקעטקעס איינע געשמאַקער פֿון דער צווייטער, צומאָל אַפֿילו צום שאָדן פֿון די אַנדערע דערציילונגען מייַנע.

און די אַנדערע דערציילונגען, וועלכע האָבן זיך הכנעהדיק אויסגעלייגט אויפֿן פּאַפּיר, האָבן געקוקט אויף מיר מיט פֿאַראיבל; און איך האָב מיך אַפֿילו צוביסלעך געשעמט פֿאַר זיי: ווייַל באַגנבֿענען די אייגענע דערציי־לונגען — איז אַקוראַט, ווי איך וואָלט האָבן באַגנבֿעט מייַנע אייגענע קינדער.

ענדלעך, ערגעץ סוף אַפּריל, האָט זיך מיר מייַן דערציילונג גאָר צע־ריויטעט. זי האָט מיך אַפֿילו קיין איין מינוט נישט געלאָזט צורו: איך האָב זי געזען אויף די פּנימער פֿון די פֿאַרבייַגייער, אויף די עקראַנען פֿון די הינעמאַטאָגראַפֿן, און אויף די בלעטער פֿון ביכער.

איבער איר האָט מיר ווי געטאָן דער קאָפּ, עס האָט מיך גענאָגט אונטערן לעפֿעלע, עס זענען מיר פֿאַרשטאַרט געוואָרן די פֿיס און עפּעס אַן אומגע־הויערער כּוח האָט געברויזט און געקאָכט בייַ מיר אינעווייניק. זי האָט מיך געצוווּנגען איבערצורייַסן יעטוועדע אַרבעט, אימפּעטיק אַ לאָז טאָן זיך צום טיש און אויף צופּעליקע שטיקלעך פּאַפּיר, אויף ראַנדן פֿון צייַטונגען (איר זאָלט זען, נאָר ווי אומיסטן, פֿינקטלעך ווען עס ברענט... איז קיין לייַטיש שטיקל פּאַפּיר נישטאָ) עפּעס שרייַבן, פֿאַרשרייַבן, פֿאַרשרייַבן.

ערשט שבת אינדערפרי, דעם זעקסטן מאַי, האָב איך דערפילט — יאָ, ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן. יאָ, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן יענער צושטאַנד, ווען דו ביסט פול און איבערפולט ביז צו די סאַמע האָר־וואָרצלען. וואָס גיכער צום שרײַבטיש. איצט, אָדער די דערציילונג וועט זיך באַווײַזן אויפן פּאַפּיר, אָדער ...זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט באַווײַזן.

עפּעס ענלעכעס לעבט איבער אַ פּרוי בײַם געבוירן. דער ווייטיק איז אַן אומגעהויערער, אַן אָפּגרונטיקער; דו זינקסט אַרײַן אין תּהום, נאָר נישט ביז צום גרונט, ווײַל די שמערצן זענען נישט קײַן האָפענונגסלאָזע, ווײַל די גאַנצע צײַט געדענקסטו: אָט, אָט נאָך אַ טשוטשאָלע, נאָך אַ ביסעלע, און עס וועט זיך אָקאָרשט, באַלד ענדיקן. נאָר אַפילו נישט האָפענונגסלאָזע ווייטיקן וואַרפן אויך אָן אויף דיר אַ פּחד, וועלכער איז אַלט, ווי דער מענטש אַליין.

איך האָב פאַרגעסן אין אַלע מײַנע באַוועלן און דערציילונגען — און ס׳איז געבליבן נאָר די שרעק. דערנאָך איז דאָס אויך פאַרבײַ, און איך האָב מיך שוין אַפילו אויף אַ מינוטקעלע נישט אויפגעהויבן פונעם טיש. שפּעט בײַנאַכט איז די דערציילונג געווען פאַרטיק. זי האָט זיך אַזוי גוט אויס־געלייגט אויפן פּאַפּיר, אַז ס׳האָט זיך מיר אַליין נישט געגלייבט. אַלע ווערטער האָבן געשפּילט, אַלע צייכנס זענען געווען — אויפן אָרט. קײַן איין געשמאַקער ביסן, וואָס איך האָב אים צוגעגרייט פון פריִער, איז נישט געגאַנגען לאיבוד. שוין לאַנג אַז איך האָב מיך נישט געשפּירט אַזאַ מידע און גליקלעכע. איך האָב אַפילו נישט געוואָלט איבערלייענען דאָס אָנגע־שריבענע, און איך האָב נאָר געקוקט מיט הנאה אויף די אָנגעפּיקעוועטע זײַטלעך און איך האָב געטראַכט וועגן דעם, אַז ווער ווייסט, צי איך וועל נאָך האָבן אין לעבן אַזאַ פרייד. אָנגערופן האָב איך מײַן דערציילונג פּשוט און פראָסט „אין איינעם אַ מאַי טאָג״.

## 2. פאַר מײַנע קומענדיקע ביאָגראַפן

„ער (זי) האָט פון קינדווײַז אָן געחלומט צו ווערן אַ פליִער (געלערנטער, אַרטיסט, פאָרשער, באַלערינע)״.

די פראַזע אַליין האָט זיך שוין לאַנג פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַמפּ, נאָר

דער זין אירער האָט נאָך פֿאַרט אַ ניצוץ פֿון אמת. פֿון װיפֿל פֿאַלן װײסט די געשיכטע, אַז מענטשן, װעלכע זענען מיט דער צײַט געװאָרן באַרימטע, און מענטשן פֿון װעלכע ס'איז מיט די יאָרן גאָרנישט געװאָרן, האָבן שױן פֿון פֿינפֿיאָריקן עלטער געמאַכט זייערע ערשטע שריט אַנטקעגן זייער באַרוף.

דאָס אַלץ האָט צו מיר קײַן שײַכות נישט. איך האָב פֿון פֿינף יאָר אָן, געװאָלט נאָר אײן זאַך — זיך אָנעסן צור זעט. אמת, דאָס האָבן געװאָלט אַלע מײַנע מיטצײַטלער — ס'איז דאָך געװען מלחמה אױף דער װעלט. די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און צו אַ העלפֿט פֿון אונדז האָבן זיך אומגעקערט די טאַטעס פֿון די פֿראָנטן, און די אַנדערע העלפֿט האָט זיך פֿאַװאָלינקע, פֿאַװאָלינקע צוגעװױנט צום װאָרט „יתום".

מיט דער צײַט, פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך, האָט מען זיך אָנגעגעסן, צו דער זעט און מ'האָט אָנגעהױבן חלומען װעגן פֿאַרגעניגנס, דהײנו: װעגן זיסװאַרג, שפּילעכלעך, ביכלעך און העפֿטן. נו, װיפֿל האָט מען עס געקענט שרײַבן אויף צונױפֿגעסטריגעװעטע בלאַנקנאָטן, װאָס די מאַמע מײַנע האָט אַזױ קונציק צונױפֿגענייט פֿון געלן פּאַפּיר, װאָס אײן גאָט װײסט נאָר װי זי האָט עס באַהופּטעט.

איך האָב מיך גערעכנט פֿאַר אײנער פֿון די בעסטע שילערינס אין מײַן קלאַס, נאָר אין דעם שלימיסטן בלאָקנאָט איז נישט געװען קײַן אײן „אױסגעצייכנט". די לערערין האָט פֿאַרשטאַנען: אַז ס'איז נישט מײַן שולד, און אַז אױף האָריק פּאַפּיר צעשװימט זיך די טינט; נאָר פֿונדעסטװעגן האָט איר האַנט זיך נישט אױפֿגעהױבן צו שטעלן אונטער די צעשװיבערטע אותיות אַ העכערן באַל.

און אַזױ אַרום, האָב איך אױפֿן צענטן יאָר פֿון מײַן לעבן געװאָלט נישט קײַן סך: קאָנפֿעקטן, שפּילעכלעך און טאַקע בפֿירוש אמתע העפֿטן — און נאָך האָב איך עפּעס געװאָלט, אַז ס'זאָל אָפּטער זײַן פֿעריען און כ'שעם זיך צו זאָגן — אַז די לערערין זאָל קראַנק װערן און זאָל אונדז אָפּלאָזן אַהײם. װאָס אָן אמתן אונדזער לערערין האָבן מיר ליב געהאַט און דעריבער האָבן מיר איר געװינטשעװעט אַ גאָרנישט שבגאָרנישט — אַ גרינגע פֿאַרקילונג.

און מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געענדיקט:

דער דריטער קלאַס „ב" האָט זיך געגרייט צום יום־טובדיקן פרימאָרגן. די עלטסטע פּיאָנערן־אָנפירערין האָט איַינגעלערנט מיט אונדז אַ „ליטע־ראַרישן מאָנטאַזש". אַלצדינג איז געגאַנגען ווי געשמירט, נאָר מ'האָט גע־דאַרפט האָבן אַ מין פירזאָגער, און אַזוי ווי אַ האַלבער קלאַס האָט זיך געשניטן אויף רעציטאַטאָרס, האָט אונדזער אָנפירערין בשום אופן נישט געקענט אויסגעפינען דעם סאַמע פּאַסקיסטן. איינמאָל, איבערקוקנדיק אונ־דזער נעמען־רייסטער, האָט זיך די אָנפירערין פאַרטשעפּעט אין מיַין פאַ־מיליע, און איבערחזרנדיק זי צוויי מאָל, האָט זי געזאָגט:

— סאָקאָל, אַריאַדנע סאָקאָל. ס'קלינגט! מיט אַזאַ קלינגענדיקער פאַמיליע איז אַפילו אַנגענעם אַרויסצוטרעטן. דו וועסט זיַין, אַדאַטשקע, אונדזער קאָנפעראַנסיע. אַזוי וועלן מיר טאַקע מעלדן, אַז מיט אונדזער פּראָגראַם פירט אָן די שילערין פונעם דריטן קלאַס „ב" — אַריאַדנע סאָקאָל.

שוין פון דער מינוט אָן בין איך געוואָרן אויף אַ גאַנצן קאָפּ העכער פון מיַינע מיטשילער. איך האָב זיך גוט געלערנט, נאָר גוט געלערנט האָבן זיך אַ סך; איך האָב אויסדריקלעך געלייענט געדיכטן, נאָר דאָס האָבן אויך געקאָנט פיל אַנדערע, נאָר אַז „מיט דעם „פּראָגראַם פירט אָן אַריאַדנע סאָקאָל", דאָס האָט שוין געהאַט אַ שייכות נאָר צו מיר איינע.

עד, ווען מיַין פּיאָנערן־אָנפירערין ווייסט, וואָס פאַראַ גורלדיקע פראַזע זי האָט אַרויסגעבראַכט — די חלומות וועגן ביכלעך, העפטן, קאָנפעקטן, וועגן דער לערערין, וואָס איז עפּעס טאַקע נאָר ווי אומישנע, פאַרן גאַנצן לערן־יאָר קיַין איין מאָל נישט קראַנק געוואָרן, — דאָס אַלץ איז שוין געוועזן פון גאָר אַ קליינער באַדיַיטונג. און ווי גרויליק דאָס זאָל נישט זיַין, נאָר פון איצט אָן האָט זיך מיר נאָר פאַרוואָלט איין זאַך, אַז „די פּראָגראַם פירט אַריאַדנע סאָקאָל".

פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב באַשלאָסן צו ווערן אַן אַרטיסטין (דער גרינגסטער, לויט דער מיינונג פון אַלע קינדער און אויך פון אַ סך עלטערע, — וועג צו רום). איצט פלעג איך גאַנצע טעג פאַרפאַלן ווערן אין שול: כ'האָב רעפּעטירט ראָלן, כ'האָב איַינגעלערנט געדיכטן, כ'האָב געמיַיסטרע־וועט קאָסטיומען, און אין די אָוונטן, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ נעבן טיש, פלעג איך גרייטן די שטוביקע אויפגאַבן.

דערנאָך האָב איך מיך גענומען זאַמלען פאָטאָגראַפיעס פון קינאָ־אַרטיסטן. איך האָב געשפּאָרט ווי איך האָב נאָר געקענט, כ׳האָב מיך אָפּגעזאָגט פון די פרישטיקן און פון די מחיהדיקע קאָנפעקטן־קישעלעך, כ׳האָב אָוועקגעגעבן מײַנע ווערטפולסטע צירונגען — דהיינו אָפּגעגילדעטע קאַרטלען און אַ פושקע פון פּאַרפומען — פאַר טאַמאַרע מאַקאַראָווען אין דעם פילם „פאַרשטיינערטע בלום" און „מאַסקאַראַד". נאָר היימישע קינאָ־אַרטיסטן זענען אין יענע יאָרן נישט געווען אַזוי פיל און וועגן די בילדער פון די אויסלענדישע האָט גאָר קײַן רייד נישט געקענט זײַן. כאָטש גיט אַ רענדל פאַר אַן אַרטיסט. אַלע נישט אונדזערע פילמען זענען גענומען געוואָרן ווי טראָפייען, זיי זענען געגאַנגען, ווי מ׳זאָגט אַן אַ טאַטן און אַן אַ מאַמען, און יענע קינאָ־אַרטיסטן זענען געבליבן באַמענלאָזע, מיטן אויסנאַם פון דינע דורבין. פון צײַט צו צײַט האָבן זיך בײַ אונדזערע מיידלעך באַוויזן בילדער פון פרויען מיט מיסטעריעזע אויגן און מענער מיט גלינצערנדיקע שע־וועליורעס, נאָר אַוועקגעבן דאָס בילד פון מאַקאַראָווע, וועגן וועלכער ס׳איז געווען באַוווּסט, ווי, ווען און אין וועלכע ראָלן זי האָט געשפּילט, פאַר עפּעס אַ באַמענלאָזער אומבאַקאַנטער, זאָל זײַן אַפילו מיט אויסטערלישע אויגן — וואָלט איך פאַר קײַן פאַל נישט מסכּים געווען.

און נאָר איינמאָל בין איך נישט בײַגעשטאַנען דעם נסיון. זאָיקאַ דיענקאָוואַ האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער באַנק אַ בילד פון אַ פרוי אַ שיינקייט — טאַקע נאָר ווי עפּעס פון די מעשׂהלעך — אַ פאַרפוצטע אין אַ לאַנגן ווײַסן קלייד.

— דו ווייסט, ווער דאָס איז?... זאָיקאַ האָט אַזש אָנגעהויבן צו שטאַמלען — דאָס איז לעאָנטינאַ קאַראַוועלאַ.

צוויי לאַדינעס און איין קאַדאָשניקאָוו[1] האָבן זיך אָפּגעטראָגן צו זאָיקען און די קראַסאַוויצע לעאָנטינע האָט זיך מטריח געווען צו מיר.

אין אַ וואָך אַרום האָב איך מיך צופעליק אַרײַנגעכאַפּט צו זאָיקען און בין ווי פאַרהילצערט געוואָרן: סאַמע אויבנאָן, איבער זאָיקעס בעט האָט געהאַנגען לעאָנטינעס פּאָרטרעט.

---

1 באַוווּסטע סאָוויעטישע קינאָ־אַרטיסטין.

— דאָס איז זאָיקעס באָבע אין דער יוגנט — האָט געזאָגט זאָיקעס מאַמע.
איך בין אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטע און בין אַרויס שוואַליאָם.
אינדערהיים האָבן מײַנע עלטערן צוערשט געלאַכט, דערנאָך האָט דער טאַטע געזאָגט: „אָט צו וואָס עס קאָן דערפירן „דאָס בוקן זיך פאַרן מעריב" און האָט זיך צעלאַכט עפּעס שוין גאָרנישט פריילעך.
ווען זאָיקע האָט זיך געיאַוועט אין שול, האָב איך זי אָנגערופן פּאַ־שיסטקע, כ'האָב איר אַרײַנגעהאַקט אַ קלעק אויף איר נײַעם העפט, איך האָב איר געזאָגט, אַז איר באָבע איז מיאוס — ווי אַ מכשפה, נאָר לאַדיבינע און קאַדאַטשניקאָוון האָב איך שוין קריק אין די אויגן נישט געזען.
זאָיקעס באָבע איז פונדעסטוועגן געבליבן אין אַלבאָם צווישן די אַר־טיסטן: גיי זיי אַ בעלן און זאָג זיך אָפּ פון אַזאַ קראַסאַוויצע ווי די „קאַ־ראַ־ווע־לאַ".
ווי נאָר מ'האָט אין שטאָט תיכף נאָך דער מלחמה, געעפנט די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק, האָב איך פאַרגעסן אין די אַקטיאָרן. איך פרעג אײַך אַליין: אַזויפיל אינטערעסאַנטע ביכער, און אַלע נאָך נישט געלייענטע. כ'האָב שוין אַפילו אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, אַז „די פראַגראַם פירט אַריאַדנע סאָקאָל". ס'האָט זיך דען געלוינט צו צעטאַכלעווען די צײַט אויף רעפעטיציעס און אויף „פרימאָרגנס" ווען אויף דער וועלט זענען פאַראַן ביכער. צוערשט האָב איך זיי געשלונגען אַלע ווי האַלעשקעס, נישט צעקײַענדיק זיי אַפילו, דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו באַנעמען, אַז ביכער שרײַבן שרײַבער און ס'איז פאַראַן צווישן זיי באַזונדערע באַליבטע. וואָס אַן אמת, זייערע בילדער האָט מען אין די קיאָסקן נישט פאַרקויפט. און בדרך כּלל האָט זיך מיר אין די קינדער־יאָרן אויסגעוויזן, אַז אַ שרײַבער — איז נאָר דער, וועלכער איז שוין געשטאָרבן. מיט די אַרטיסטן האָב איך מיך געפילט אַביסל היימלעכער — וואָס, וואָס נאָר זיי זענען לעבעדיקע מענטשן, אַפילו שוין געשטאָרבע־נערהייט.
אונדזער שטאָט איז נישט פון די גרויסע, לעבעדיקע שרײַבער האָבן נישט אַזוי אַרומגעשפּאַצירט דאָ און אויב אַפילו זיי האָבן שפּאַצירט, האָבן מיר פון דעם נישט געוווּסט. יאָ שפּאַצירט, נישט שפּאַצירט, נאָר צו אונדז אין שול האָבן זיי זיך נישט געוויזן.

פּראָנטאָוויקעס זענען געקומען, סטאַכאַנאָווצעס, נאָר שרײַבער — איר זאָלט זאָגן אַפילו שוואַכע אויף אַ רפואה, און אין אַלגעמיין איז בײַ אונדז געווען זייער ווייניק פאַרזאַמלונגען. אין פערטן קלאַס, צום בײַשפּיל, איז פאַרן גאַנצן לערניאָר — געווען סך־הכּל צוויי פאַרזאַמלונגען. די ערשטע — ווען וויטקע קאָסיצקי האָט באַקלערט דעם פאַרקויפער און באַקומען אין דער שול־סטאָלאָווע אויף איין טאַלאָן גאַנצע דרײַ בולקעלעך; און די צווייטע — ווען עמיצער האָט אויפן טאָוול אָנגעשפּיליעט אַ קאַריקאַטור פונעם „קראָקאָדיל"[1] און האָט אָנגעשריבן מיט קידוש־לבנהדיקע אותיות „דאָס איז אונדזער דיריק" דער דירעקטאָר הייסט עס.

אין זיבעטן קלאַס זענען נאָכאַמאָל אַרויסגעקראָכן די גורלדיקע ווערטער פון דער פּיאָנערן־אָנפירערין, און איך האָב מיך דערמאָנט אַז „מיט דער פּראָגראַם פירט אָן אַריאַדנע סאָקאָל". און אַזוי איז עס געשען. מען האָט אונדז פאַרגיבן אַ שריפטלעכע אַרבעט „מײַן בעסטער פרײַנד". מיר האָבן באַשריבן אונדזערע בעסטע פרײַנט אַז בעסער האָט שוין גאָר קײַן שיעור נישט. נאָר ווען די „רוסאַטשקע" האָט זיך גענומען פונאַנדערקלײַבן אונדזערע אַרבעטן, האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז כּמעט דער גאַנצער קלאַס האָט באַשריבן „אַ אינטערעסאַנטע געשעעניש" (אַ טעמע, וועלכע מען האָט שוין בײַ אונדז פון לאַנג געקײַעט און איבערגעקײַעט), צוטשעפּנדיק צו איר „דעם בעסטן פרײַנד". אַלע שריפטלעכע אַרבעטן האָבן זיך פאַרענדיקט בערך אין דעם נוסח: אָט וואָס פאַראַ אינטערעסאַנטער פאַל איז געשען מיט מײַן בעסטן פרײַנד", אָדער „נאָך אָט דעם פאַל בין איך מיט מײַן בעסטן פרײַנד געוואָרן די בעסטע חברים". איך ווייס נישט, וואָס פאַראַ מין מאַנקאָליע עס איז דעמלט אָנגעפאַלן אויף מיר, נאָר מיט מײַן „פרײַנד" איז געשען נישט קײַן אינטערעסאַנטער פאַל, נאָר אַן אומגליקלעכער. מײַן פרײַנד איז אומגעקומען. בײַם סוף פון מײַן שריפטלעכער אַרבעט איז ער „געליגן אין קבר אַ שטיל שווײַגנדיקער". איבער אונדז „האָט געלויכטן די זון". און איך, וואַרגנדיק זיך מיט די טרערן, האָב זיך צעשיידט מיט אים אויף אייביק".

דער קלאַס איז געווען דערשיטערט. די לערערין, כאָטש זי איז געווען

1 „קראָקאָדיל" — אַ סאָוויעטישער סאַטירישער זשורנאַל.

זייער צעקאָכט, פונוואַנען האָט זיך עס גענומען צו מיר אָט דער פּעסימיזם („גיב איבער דײַנע עלטערן, אַז איך וויל זיי זען״). נאָר אַ פּינטעל האָט זי מיר פונדעסטוועגן געשטעלט. אָבער דער רום וועגן מײַן ווערק האָט אַריבער־געשפּרײַזט די שוועל פון מײַן קלאַס, און גאָר אינגיכן האָט זיך די גאַנצע שול דערוווּסט, אַז אַדקע סאָקאָל, פּאַרפּאַסט, ווי אַן עכטער שרײַבער.

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר, און צוויי און אָט, אויף איינער פון די לעקציעס איבער „דער מעטאָדיק פון שטודירן ליטעראַטור״ האָב איך אָנגעשריבן מײַן ערשטע דערציילונג, אַ לאַנגע און אַן עמאָציאָנעלע, עלעהיי אַ שריפטלעכע אַרבעט אויף אַ פרײַער טעמע.

די דערציילונג האָט מען פּאַרעפנטלעכט אין דער יוגנטלעכער צײַטונג. מען האָט זי געלייענט, מען האָט זי געלויבט, און נאָכאַמאָל, שוין שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, אַלץ דאָס זעלבע לידל: „מיט דעם פּראָגראַם פּירט אָן אַריאַדנע סאָקאָל״.

### 3. צוויי סובסטאַנטיוון פון מענלעכן מין

מען דרוקט. מען דרוקט נישט.

מען לויבט. מען זידלט.

איך בין אַ פּאַרפּאַלענע טאַלאַנטלאָזיגקייט און וועל שוין מער קיינמאָל נישט אָנשרײַבן קיין איין שורה.

ניין, צו אַלדי רוחות, פונדעסטוועגן האָט זיך דוכט מיר, באַקומען אַן אָנשטענדיקע דערציילונג.

...און אַזוי אָן אַן עק און אָן אַ סוף. עס איז דערשינען מײַן ערשט בוך. ווער האָט עס געזאָגט, אַז דער מענטש קען קיינמאָל נישט זײַן גליקלעך? איך שפּאַן אַרום איבער די ביכער־קליטן און מיט אַ גלײַכגילטיקער מינע פרעג איך, צי עס זענען נישטאָ אין פּאַרקויף די ביכער פון אַריאַדנאַ סאָקאָל. מען שטרעקט מיר אויס דאָס בוך, און איך ווער פּאָמס רויט.

— געוועזן בײַ אונדז אַזאַ בוך — ענטפערט מען מיר אין אַ צווייטן מאַגאַ־זין, — נאָר הײַנט אינדערפרי האָבן מיר פּאַרקויפט די לעצטע עקזעמפּליאַרן.

אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מענטשן גייען אַזוי רואיק איבער די גאַסן? פאַרוואָס האָט זיך אינערגעץ גאָרנישט געביטן? ס׳איז דאָך דערשינען אַ בוך. דאָס בוך פון אַ. סאָקאָל, וועלכעס איז שוין אין מאַגאַזין נר. 5 נישט צום באַהויפטן. אַלץ אויספאַרקויפט.

איך שטעל מיך גערן אָפּ אין גאַס מיט אַ באַקאַנטער. געוויינלעך מײַד איך זי שטענדיק אויס, אָבער נישט הײַנט.

— נו, איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס מוז ער מיך אײַפערן אַפילו צו טאַליען? — קלאָגט זיך די באַקאַנטע מײַנע. נו גוט, לאָמיר דערלאָזן אַז טאַליע האָט מיר אַפילו געבראַכט בלומען, נאָר דאָס באַדײַט נאָך גאָרנישט! סוף־כּל־סוף...

נאָר וויאַזוי פאַרבינדט מען מײַן בוך מיט איר מאַן? אָדער מיט אירע פאַרערער? אָדער מיטן וועטער? אַלץ איינס, מיט וואָס ס׳זאָל נישט זײַן, אַבי פאַרבונדן.

— דו ווייסט, — פּאַל איך אַרײַן ווי אַ יון אין סוכּה, — בײַ מיר איז אַרויס אַ בוך.

די ערשטע אַרויסטרעטונג פאַר די לייענער. אַ באַרימטער שרײַבער (אין די קינדער־יאָרן האָב איך אים אויך געהאַלטן פאַר אַ יענוועלטיקן) שטעלט מיך פאָר אַזוי: — די יונגע פּראָזע־שרײַבערין

אַריאַדנאַ סאָקאָל,

דערנאָך גייט שוין אַלץ, ווי אין אַ מעשׂהלע. אַקטיווע לייענער. צעטעלעך פון זאַל. „אײַערע שעפערישע פּלענער?״ בלומען. איך מאַך אַזאַ מינע, גלײַך ווי בלומען זײַנען פאַר מיר — אַ פּראָסטער גוט־שבת: גלײַך איך בין צוגעווױנט צו זיי, נאָך פון די וויקעלעך.

נײַן, פונדעסטוועגן קען דאָך אַ מענטש זײַן גליקלעך ביז אַראָפּ. ס׳איז בײַ מיר אַ געפיל, גלײַך ווי איך וואָלט לאַנג זיך געקאַראַבקעט אויף אַ באַרג און ענדלעך האָב איך דערגרייכט זײַן שפּיץ. איך ווייס נאָך נישט, אַז גאָר גיך וועל איך שטייען צופוסנס פון אַן אַנדער באַרג. און גוט וועט זײַן, אַז אויף מײַן וועג וועל איך זיך אָנשטויסן נאָר אין בערג... און דערווײַל —

דערווײַל בין איך אַ כּלה, וואָס שטעלט זיך נאָך נישט פֿאָר די וואָכעדיקע משפּחה זאָרגן. איך בין אַ שרײַבער־פּראָזאַיִקער.

עס באַקומט זיך אינטערעסאַנט: אויב דאָס וואָרט „שרײַבער" קלינגט וואָגיק איז „שרײַבערין" — שוין גאָר נאָכגיביק, גלײַך ווי דער „שרײַבער" וואָלט זיך האָבן לאַנג געעקשנט, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו קלינגען אין זײַן ווײַבערישן גילגול. וואָס ווײַטער — איז ערגער. פֿון „פּאָעט", איז ווי פֿון אדמ׳ס ריפּ, האָט זיך אָפּגעטיילט די „פּאָעטעסע", און אַפֿילו פֿון „קריטיקער" — די „קריטיקעסע", כאָטש די דאָזיקע „קריטיקעסע" קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. און נאָר דער „פּראָזאַיִקער" האָט עקשנותדיק פֿאַרהיט זײַן מענלעכע אומאָפּהענגיקייט.

און אַזוי אַרום, האָט מען מיך געקרוינט מיטן טיטל — שריפֿטשטעלער — פּראָזאַיִקער. איצט וועל איך מיך שוין אַ גאַנץ לעבן אַרומטראָגן מיט אָט די צוויי סובסטאַנטיוון פֿון מענלעכן געשלעכט, ווי מיט אַן ערן־קייט אויפֿן האַלדז; טראָגן איז זי שווער, און אַראָפּוואַרפֿן זי — שוין אוממעגלעך.

## 4. דער ראַט פֿון די געטער

דער קריטיקער אַלעקסאַנדער ריבאַק און דער דערציילער מישע כאַזין — זענען מײַנע אַלטע פֿרײַנט. מיר האָבן זיך באַקענט קריק מיט צען יאָר, תּיכּף נאָכדעם, ווי עס איז דערשינען מײַן ערשטע דערציילונג. אַלעקסאַנדער ריבאַק האָט דעמלט געזאָגט וועגן דער דערציילונג: „זי איז ווערט אויפֿמערקזאַמקייט" און מישע כאַזין — אַ געניטער מײַסטער (ער האָט שוין צו יענער צײַט געהאַט צוויי פֿאַרעפֿנטלעכטע דערציילונגען) האָט מיר געגעבן אַ גאַנצע ריי וויכטיקע עצות. פֿון דעמלט אָן, דוכט זיך, האָב איך נישט געדרוקט קיין שורה, ביז זי איז נישט באַהאַנדלט געוואָרן אויף דעם „ראַט פֿון די געטער".

ריבאַק, דער סאַמע עלטסטער פֿון אונדז, קוקט אויס גאַנץ סאָליד. באַזונדערס פֿאַרמאָגט ער אַ סוגעסטיווע פּלייצע, וועלכע איז פּונקט אַזאַ חשיבותדיקע, ווי איר בעל־הבית. צו אַלץ און צו אַלעמען באַציט זיך ריבאַק סקעפּטיש — ער פֿאַרטראָגט נישט קיין שבחים. זײַנע אַרויסזאָגונגען ווילט

זיך צומאָל צומישן מיט וואַסער, אַניט זײַנען זײ געדיכט װי עסענץ. אַגב, אַלעקסאַנדער װײסט עס אַלײן זײער גוט און נוצט זיך מיט „נישט צעמישטער עסענץ" נאָר אין באַזונדערע פאַלן.

— אַ העלפאַנט באַלײדיקט נישט קײַן שװאַכע, — לאַכט ריבאַק — באַזונדערס פּרויען.

און אויב עס געפעלט אים נישט מײַן דערצײלונג, רעדט ער װעגן איר, קוקנדיק ערגעץ אין אַ זײַט: „נו, מילא, דרוקן מסתּמא װעט מען קאָנען" — און תּיכּף פּירט ער איבער דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

אמת, דער העכסטער לויב, קלינגט אויך געמעסיקט: „זקינה, דו האָסט אָנגעשריבן אַן אָנשטענדיקע זאַך". און שױן.

איך, פאַרשטײט זיך, בײזער מיך:

ערשטנס, אויב אַן „אָנשטענדיקע", דאַרף מען נישט אַזױ קאַרגן — מ'מעג אַ לויב טאָן; צװײטנס, איך פאַרטראָג נישט די װענדונג „זקינה". איך פאַרשטײ זײער גוט, אַז מיר זענען מענטשן הײַנטצײַטיקע, נאָר מײַן װײַבערישער אינגעװײד בונטעװעט זיך און װיל נישט זען אין דעם דאָזיקן װאָרט עפּעס גוטס.

מישע כאַזין איז אַ געפּוצטער און אימפּאָזאַנטער. בײַ זײַנע פינף און דרײַסיק יאָר, איז ער שױן היפּשלעך גרױ געװאָרן, נאָר זײַנע פריִע גרױע האָר פאַרבינדט ער, מישע, מיט זײַנע איבערלעבענישן, „אין װעלכע ס'איז בעסער זיך נישט צו דערמאָנען".

— קײַן שום איבערלעבענישן זענען נישט געװען, — מאַכט צוניש ריבאַק די גאַנצע סודותדיקײט. עס זענען געװען זײדעס און עלטער־זײדעס, װעלכע זענען גרױ געװאָרן בײַ דרײַסיק יאָר. פּשוט און פּראָסט — אַ ירושה זאַך.

און דאָך װירקט די דאָזיקע גרױקײט: כאַזינען רופט קײנער נישט מישע, נישט מיטיע, נאָר מיכאַיִל.

כאַזין דיסקוטירט שטורמיש, באַגײַסטערט זיך שטורמיש און קאָכט זיך אויף שטורמיש. זײַנע באַליבטע װערטער זענען — „קאָנסטרוקציע" און „קאָנצעפּציע". אין אַ געזעלשאַפט פון סימפּאַטישע פרויען גײט ער אַרײַן, מישע, אין אַזאַ מין טראַנס, אַז ער קלאַפּט אַזש מיטן פויסט אין טיש און

צעכראַסטעט זייַן אויסגעניייטע אוקראַיִנישע קאָסעוואָראָטקע, פאַרדעכנדיק זיך אַזש פון אויפרעגונג. ווען כאַזין אַנאַליזירט „מלחמה און שלום״ מיט דער הילף פון מאַטעמאַטישע קאָנסטרוקציעס, דערמאָן איך זיך אין דעם קרייַז מיט דער פּריזמע פון דער שול און מאָלט אייַך אַז ס'כאַפּט מיך אָן אַפילו אַ בענקעניש.

בדרך כלל וואָלט איך די מענטשן לויט זייער טעמפּעראַמענט פאַרטיילט אין דרייַ קאַטעגאָריעס. די ערשטע קאַטעגאָריע — סקעפּטיקער, וועלכע דו וועסט מיט גאָרנישט איבעררעשן; און זאָל פאַר זייערע אויגן נאָכאַמאָל פּאָרקומען די בהלה מיטן בבל־טורעם, וועלן זיי דיר זאָגן, אַז זיי האָבן עס שוין לאַנג פאָראויסגעזען. די צווייטע קאַטעגאָריע — „אַרטיסטן״ — יענע צעטאַכלעווען זייער קאָכיקן אייפער בייַ יעדער געלעגנהייט; קייַן גילדערנע מיט אַנערקענען זיי נישט: אָדער ביזן זיבעטן הימל, אָדער טיף אין דער ערד. די דריטע קאַטעגאָריע — דאָס זענען מענטשן באמת עמפּינד־לעכע, נאָר זיי באַהאַלטן זיך מיט דעם פאַר די „סקעפּטיקער״ איבער דער עקזיסטענץ פון די „אַרטיסטן״. געוויינלעך מענטשן פון דער דריטער קאַ־טעגאָריע באַהאַלטן זיך אויס, ווער מיט אַ וויץ, ווער מיט אַ גראָב וואָרט, ווער מיט אַ לייַכטזין, און נאָר זייער ווייניקע, פאַלן נישט אַראָפּ פאַר די סקעפּטיקער און באַהאַלטן זיך נישט אויס מיט גאָרנישט. איך, צום בייַשפּיל, פאַל יאָ אַראָפּ בייַ זיך.

פאַר צען יאָר באַקאַנטשאַפט האָב איך מיך שוין צוגעוווינט צו דעם, אַז סייַ ריבאַק, סייַ כאַזין באַציִען זיך צו מיר גוטמוטיק־מעכעטייסידיק: אָדער ווי צו אַ יונגערער ,אָדער ווי צו אַ פרוי, אָדער ווי צו אַ צאַפּל־פלאַטערדיקן פאָרשטייער פון דער דריטער קאַטעגאָריע, און נאָר, ווען סע גייט מיר דורך טיר און דורך טויער, שפּאַרן זיי זיך מיט מיר ווי מיט זייערס גלייַכן, און מישע קלאַפּט מיטן קולעק אין טיש און זאָגט ברוגז:

— איך וועל מיך נישט שפּאַרן, נישט שפּאַרן — די דערציילונג איז אינטערעסאַנט נאָר אין איר איז אַלץ אויפן ערשטן פּלאַץ דער מחבר, נאָכאַמאָל „פּירט אָן מיט דער פּראָגראַם אַריאַדנע סאָקאָל״! דו זאָג מיר נאָר, אַדעטשקע, פאַרוואָס האָסטו נאָך אין דריטן קלאַס נישט דערהרגעט דייַן פּיאָנערן־אָנפירערין ?!

און כאָטש ריבאַק קוקט אין דער צײַט אין אַ זײַט און פרעגט, צי עמיצער פון אונדז האָט געזען די נײַע פראַנצעזישע קינאָ קאָמעדיע, ווייס איך גאַנץ גוט, אַז ער איז אײַנשטימיק מיט מישען.

„אין איינעם אַ מאַי טאָג" לייען איך זיי אין איין אָטעם. דערנאָך לייג איך אַקוראַטנע צונויף די בלעטלעך און קוק מיט אומרו אויפן „ראָט פון די געטער". זיי שווײַגן, די רוצחים. נאָר ריבאַק קוקט אויף מיר עפּעס מאָדנע, גלײַך ווי ער וואָלט פון מיר אַזעלכעס נישט האָבן דערוואַרט.

— הער... נאָר — אַלעקסאַנדער — שלינגט ער אַראָפּ די "זקינה". — כ'לעבן ס'איז טאַקע עפּעס גאָר פֿײַן.

מענטשן ליבע, ווער פון אײַך האָט עס אַמאָל געזען ריבאַקן אַ באַגײַס־טערנדיקן? אַזאַ זעלטענע דערשײַנונג, אַז איך פאַרליר מיך אינגאַנצן.

— גרויסאַרטיק! אַ שאָס! צעלאָזט זיך כאַזין און צעכראַסטעט די קאָסע־וועראָטקע זײַנע, — זייער אַן אָריגינעלע קאָנסטרוקציע.

— יאָ, יאָ, — פאַרכלינעט זיך מיכאַיִל — און אויב איר ווילט, טאַקע באמת אַן אייגנאַרטיקע... (גאָט מײַן גאָט, שיקט זיך אַז באַלד וועט ער זאָגן „קאָנצעפּציע"?).

נאָר כאַזין כאַפּט דעם אויבנאַראָפּיקן קוק פון ריבאַקן, דערנאָך קוקט ער אויף מײַן צעטומלטער פיזיאָנאָמיע און, גלײַך מ'וואָלט אים האָבן איבערגע־פירט אויף אַן אַנדער כוואַליע, פאַרענדיקט ער אומדערוואַרטעט און שטיל:

— איר ווייסט, מיט וואָס ס'איז גוט די דערציילונג? זי איז אַ זעלבס־שטענדיקע — „אַריאַדנע סאָקאָל פירט אין אים נישט די פּראָגראַם".

## 5. גיט עפּעס צום „טאָג פונעם פישער"

וויטאַלי וואַסיליעוויטש וויעדיניעיעוו, דער נײַער פאַרוואַלטער מיט דער פּראָזע פונעם זשורנאַל „שאַפונג" איז זייער אַ ליבלעכער מענטש. אַ שוואַרצאויגיקער, אַ בלייך פּנים, מיט אַ לײַכטער ליסינע, געהערט וויטאַלי וואַסיליעוויטש צו די מענער וועלכע ביז פופציק יאָר, נעמט מען זיי נאָך אָן פאַר „בחורימליך". און דערנאָך, אויסמײַדנדיק די צײַט פון „מענלעכקייט", כאַפּן זיי זיך אויף „אַלטע לײַט".

ער איז אונטער פּערציק, ענערגיש און זעלבסטזיכעריש. וויעדיניעיעוו, וועט קיין איין פּרוי נישט פאַרזען מיט זיין אויפמערקזאַמקייט: זיינע קאָמפּלי־מענטן זענען אַלצאיינס איינגענעמענע סיי דעם רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל אַנע אַלעקסייעוונע, סיי דער אויפראַמערין, דער האַרבאַטינקער טיאָטיע — סאַשע. די פרויען מאַכן אַ מינע, דאָס זיי נעמען אים נישט ערנסט, מוסרן אים פאַר זיינע מעשׂי נערות, רופן אים אָן לאַשטשענדיק — וויטיע, און אינדערשטיל צעטאָפּיען זיי זיך ממש פון זיין אויפמערקזאַמקייט און פון זיינע קויל־שוואַרצע אויגן אויפן בלייכן פּנים. אַלץ אין דעם דאָזיקן מענטשן רופט אַרויס סימפּאַטיע, אַפילו זיין פאַמיליען נאָמען, וועלכער באַשטייט כּמעט פון סאַמע „יעען" דאָס סאַמע פרילינגדיקע אות אינעם אַלף־בית.

פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר, בין איך נישט געווען אין רעדאַקציע פונעם זשורנאַל און וויטאַליע וואַסיליעוויטשן זע איך היינט צום ערשטן מאָל.

— וואָס הייסט, וואָס הייסט, סאַראַ פראַגע, געהערט, נאָך וויאַזוי געהערט פון אַריאַדנע סאָקאָל, אַפילו געלייענט אין צענטן נומער איער דערציילונגל, — שיינט ממש פון נחת וויעדיניעיעוו.

„דערציילונגל". איך האָב, די דאָזיקע דערציילונג, הונדערט מאָל אַוועק־געוואָרפן און זי אָנגעהויבן פונסניי, איך האָב זי עטלעכע מאָל איבערגעשריבן, איך האָב מיך נאָר נישט געשלאָגן מיט איר קאָפּ אין דער וואַנט, ביזוואַנען איך האָב זי אַרויפגעבראַכט אויף אַ וועג. „דערציילונגל", כ'לעבן ס'וואָלט געווען כּדאי מ'זאָל פאַרבאַטן אין אייניקע ווערטער די מינערנדיקע סופיקסן, אַז אַ דערציילונג זאָל מען קיינמאָל נישט אָנרופן דערציילונגל, אַ נאָוועלע נאָוועלעכל, און אַ געדיכט „געדיכטעלע".

און חוץ אַלעמען שמייכלט ער מיר עפּעס צופיל, אָט דער דאָזיקער וויעדיניעיעוו.

— איך האָב מיך שוין לאַנג געוואָלט מיט אייך באַקענען. און דאָס דער־ציילונגל איַערס איז מיר טאַקע געפעלן. סע רירט.

און מיין „אין איינעם אַ מאַי טאָג" מוז איך נעבעך מטריח זיין אין טישקעסטל פון וויטאַליע וואַסיליעוויטשן.

אין אַ חודש אַרום באַגעגנט מיך וויעדיניעיעוו אַלץ אַזוי פריינטלעך, אַלץ אַזוי ווי פריער „סמאַליעט" ער מיך מיט זיינע שוואַרצע אויגן, לויבט

אַלץ מײַן דערציילונגל, וועלכעס איז פּאַרעפּנטלעכט געוואָרן אין צענטן נומער פונעם זשורנאַל, נאָר אָט די דערציילונג...

— פּאַרשטייט זיך, אַז זי איז אָנגעשריבן מײַסטעריש. נײַ, פּריש, ס׳לייענט זיך ס׳רירט. נאָר, נאָר ווי אַזוי זאָל איך אײַך זאָגן קלאָרער... פּינקטלעכער?...

— סאַלוט, וויטאַלי! — פּלאָטערט אַרײַן אין קאַבינעט אַ מיטאַרבעטערין פון אַ צווייטן אָפּטייל. דו האָסט נישט געזען אַנע אַלעקסייעוונע?

„דו דאַרפסט האָבן אַנע אַלעקסייעוונע אויף טויזנט כפּרות, — פּיקע איך זי אין געדאַנק, מײַסע... ייִדענע, — נישט מער, דו ווילסט כאַפּן אַן איבעריקן קוק אויף דײַן וויטיענקען...

אָבער דײַן זיסער וויטיענקע איז פאַרנומען; ער דאַרף וואָס איבער־צײַגעוודיקער דערווײַזן דעם מחבר, פאַרוואָס איר „מײַסטעריש אָנגעשריבענע דערציילונג טויג נישט פאַרן זשורנאַל".

וויעדיניעיעוו רעדט לאַנג און הייס, און דער עיקר — איבערצײַגעוודיק. די גאַנצע צײַט פאַררופט ער זיך אויף קאָזמאַ פּרוטקאָוו.[1] איך הער אויפ־מערקזאַם, נאָר וויטאַליע וואַסיליעוויטשעס מאָנאָלאָג דערווײַטערט זיך אַלץ מער און מער פון מײַן דערציילונג, און ווען וויעדעניעיעוו דערקלײַבט זיך צו די מנהיגים פון דרום־אַפריקאַנישע שבטים, פּיל איך אַז ס׳הייבט מיך אָזש אָן צו נאָגן אונטערן לעפעלע, און איך נעם אַראָפּ דאָס ציימל פון מײַן אויפמערקזאַמקייט, און לאָז עס אָפּ... צו אַלדי גוטע יאָר.

— יאָ, ער איז נישט קײַן שפּעטנער, וויטאַלי, שפּרינגט פרײַ מײַן געדאַנק — יאָ, אגב, פון וואַנען איז ער עס אַזאַ גרויסע שמעלקע מיט די אַפריקאַנער שבטים? און נאָך דערצו אַ גאַנצער בקי אין קאָזמאַ פּרוטקאָוו". ווי קלעפּט זיך אַהער קאָזמאַ פּרוטקאָוו? אַ! די דערציילונג מײַנע. פונדעסטוועגן נישט געדאַרפט אָנטוען די נײַע שיכלעך — דער רעכטער שוך, קוועטשט מיך, אַז איך עק מיך. ווען איך ווייס, אַז דער שמועס וועט גיין וועגן דרום אַפריקע, וואָלט איך געוועז געקומען אין די אַלטע סאַנדאַלן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

1 קאָזמאַ פּרוטקאָוו — אַ רוסישער באַוווסטער אַפּאָריזמען־שרײַבער.

אין דעם יאָר אין פאַרלאַג „דער פאַקעל״ דערשיינט אַ זאַמלונג פון מיינע דערציילונגען. די זאַמלונג איז שוין דערגענצט, אָפּגערעדאַקטירט, נאָר ס׳ווילט זיך מיר זייער, אַז ס׳זאָל אין איר אַריין אויך מיין נייע דערציילונג.

מיין רעדאַקטאָר ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש האָט מיר געזאָגט אויפן טעלע־פאָן, אַז „אין איינעם אַ מאַי טאָג״ האָט ער איבערגעלייענט, און מיך געבעטן אַריינקומען אין פאַרלאַג.

ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש אַרבעט שוין דרייסיק יאָר אַלס רעדאַקטאָר. אַ געשמאַק האָט ער אַ געשליפענעם, קיין דיפּלאָמאַטישע גענגלעך האָט ער נישט ליב, און געוויינלעך נעמט ער דעם אָקס פאַר די הערנער. מיך ווי אַ מחבר האָט ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש זייער גערן, כאָטש ער קען זיין צומאָל אויך זייער שטרענג. אָבער היינט פירט זיך מיר עפּעס מיין רעדאַקטאָר זייער מאָדנע.

— איאָ, ס׳איז הייס? — פרעגט ער.

— יאָ, בין איך שוין עפּעס שוין אַ ביסל צו גיך מיט אים מסכּים — פאַר אָנהייב יוני איז עס נאָך צו הייס.

— איר פאָרט ערגעץ ווו?

איך דערצייל לאַנג און נודנעוואַטע וועגן מיינע זומער־פּלענער (וואָס איז עס היינט מיט דעם ניקאָלאַיעוון?)

— כ׳האָב געזען די טעג אייער טאָכטער. נו, האָט זי אַ יאָג געטאָן. וויפל יאָר איז זי אַלט?

— זי האָט שוין אַריינגעשפּאַנט אין צענטן יאָר (אַז די דערציילונג איז ניקאָלאַיעוון נישט געפעלן — דאָס איז שוין קלאָר).

דערנאָך ריידן מיר נאָכאַמאָל וועגן וועטער, וועגן ריבאַקס נייעם אַרטיקל, וועגן יאַפּאַנישע טראַנזיסטאָרס. די טעמע וועגן די טראַנזיסטאָרס דערפירט נישט ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש ביז צום סוף און, אויפפּעפּענדיק אַ ניי פּעקל ציגאַרן, זאָגט ער אומדערוואַרט און שטרענג:

— געלייענט אייער דערציילונג. ביי מיר אין בויך האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן, נאָר אויסערלעך בין איך אינגאַנצן רואיק; ס׳הייסט, ווילט איר — וועלן מיר רעדן וועגן דער דערציילונג, ווילט איר, וועלן מיר זיך אומקערן צו די יאַפּאַנישע טראַנזיסטאָרס.

— די דערציילונג איז אַ גוטע — זעצט פאָר ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש.
— ס'איז עפּעס גאָר אַ נײַעס אין אײַער שאַפן, נאָר ווי אַזוי זי אײַנשליסן, גראָד אין אָט דער זאַמלונג? איר פאַרשטייט, זי אונטערשיידט זיך געוואַלדיק פון די איבעריקע דערציילונגען אײַערע, און דאָס איז נישט אין אײַער טובה. יענע דערציילונגען זענען גוטע, נאָר זיי זענען ווי הינדעלעך פון איין קוואָטשקע, און דאָס איז — אַ געוואַלד, און אויף איין לאָנקע קאָנען זיי זיך נישט פּאַשען.
ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש פאַרציט אַ סיגאַרעטל.

— נו, הייסט עס, אַ הון וואָס האָט געבוירן אַ געוואַלד! — מעלדעט פּײַערלעך ריבאַק. — ווענדע זיך אין ראַדיאָ, לאָז מען דײַן דערציילונג כאָטש דאָרטן... אָפּגאָרגלען.
כאַזין שמייכלט כמורנעוואַטע. די טעג איז מיט אים געשען אַ קאָמישע און טרויעריקע געשיכטע. מיכאַיל האָט הייס אַרײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ אַרײַן, אײנער אַ דאַמע צו וועלכער ער איז נישט געווען גלײַכגילטיק די אייגנטימ־לעכקייטן פון דער קאָנסטרוקציע פון טאָמאַס מאַנס ראָמאַנען. ווען כאַזין האָט שוין דערגרייכט צום אַפּאָגיי און האָט זיך שוין געגרייט דערלאַנגען מיטן קולעק אין טיש, האָט די דאַמע פלוצים אָנגעהויבן צו קײַכן און אויס־געשריען: „אַך, מישענקע, איר זענט אַזאַ הומאָריסט"... דער טיף־באַליידיקטער כאַזין, איז אין דער מינוט געוואָרן אַ דם־שונא פונעם גאַנצן ווײַבערישן געשלעכט, און פאַרשטייט זיך אַז איך בין אויך אַרײַן אין קאָן. אָט פאַרוואָס כאַזין איז גלײַכגילטיק צום גורל פון מײַן דערציילונג, און איך, פאַרבייגנדיק מײַן שטאָלץ, לאָז מיך אַוועק אין „ראַדיאָ".

ווילע מענטשן אַרבעטן אין ראַדיאָ. מען האָט מיך באַגעגנט שיין און מײַן דערציילונג האָט מען געלייענט אויפמערקזאַם, זי באַשיט ממש מיט שבחים. עס, ערשט צו ענדע, האָט מען זיך אַזוי אַ זאָג געטאָן:
— איר זעט, דער חודש יוני איז שוין צו ענדע, אַ יאָ? די פּראָגראַם אויף אים איז שוין צונויפגעשטעלט, אַזוי? איצט פּלאַנירן מיר שוין אויפן חודש יולי. אײַער דערציילונג הייסט „אין איינעם אַ מאַי טאָג"? אַזוי,

זאָגט נאָר בעסער, נישטאָ ביַי איַיך עפּעס יולידיקס — צום „טאָג פון די פּישערס״?

## 6. „...וויַיל פאַרשריבן פּאַפּיר ברענט נישט גערן״

אינדערהיים האָב איך ווידער איבערגעלייענט די דערציילונג. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פאַר די צוויי חדשים ציַיט איר געבורט איז זי אויסגעוואַקסן, געוואָרן קרעפּטיקער, זיך אַליין דערפילט אַ גענדזל צווישן הינדעלעך און ביז גאָר הנאה געהאַט פון דעם. ס׳איז איר נישט אָנגעגאַנגען, נישט דער זיס־לוילעכער וויטאַלי וואַסיליעוויטש, נישט דער שטרענגער ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש, נישט דער שיינער „פּישער־טאָג״.

ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געזעסן ביַי מיַין שריַיב־טיש. איך האָב איבערגעלייענט אַלץ וואָס כ׳האָב ווען ס׳איז אָנגעשריבן, דאָס געדרוקטע און נישט געדרוקטע, דאָס געלונגענע און נישט געלונגענע: דערציילונגען געראָטענע, דערציילונגען מאָפּעלעך, דערציילונגען פאַרעוועט. יאָ, „אין איינעם אַ מאַי טאָג״ איז געווען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט. אַ גענדזל. ס׳איז געבליבן נאָר צו וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז ס׳וועט זיך צונויפנעמען אַ גאַנצע סטאַדע גענדז... וועט זי זיך טאַקע צונויפנעמען? ניסים טרעפן זיך זייער זעלטן, און אַ הון וואָס האָט אויסגעוואַרעמט אַ גענדזל, איז שווער צו גלייבן אַז ס׳וועט זיך איבער׳חזרן דער נס. הייסט עס, אַז דאָס „גענדזל״ בליַיבט אַן אַליין־אַלייניקס און אַ גאַנץ לעבן וועט עס זיַין ווי אַ דאָרן אין אויג, פאַר אַלע מיַינע איבעריקע דערציילונגען, די „הינדעלעך״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין פאַר היימישע, שטוב־באַקוועמלעכקייטן. איך בין פאַר צענטראַלער־באַהייצונג. נאָר זעט איר, די קאַמינען וואָלט איך געלאָזט, באַזונדערס ביַי די שפּעטערישע מענטשן, — וויַיל, פאַרשטייט איר מיך, פאַרברענען אַ כתב־יד אין אַ קאַמין — דאָס איז, צו אַלדי רוחות, טראַגיש און שיין. אַפילו שוואַכינקע דערציילונגען האָבן געברענט אין קאַמינען זייער איַינדרוקספול. מיר איז אָבער אויסגעקומען אָנצינדן אין קיך די גאַז־פּליטע...

„באַשריבן פּאַפּיר ברענט נישט גערן", ווײַל דאָס זענען לעבעדיקע אותיות — דערפֿאַר אָבער אָפּגעקלאַפּטע אויף דער מאַשינקע ברענען אויסגעצייכנט, טאַקע ממש ווי ריינע, ווײַס זויבערע, נישט אָנגערירטע בייגעלעך פּאַפּיר. נאָר פֿאַר די פֿינגער איז ווייטיקלעך. דער פֿלאַם וואַרפֿט זיך תּיכּף אַרויף אויפֿן בויגן און פֿאַרסאַרפֿענדיק אים, דערביוועט ער זיך צו דער האַנט. נישט אַזוי די ווייטיקן אין די פֿינגער — ווי ס'ווילט זיך אַ יעכץ טאָן פֿון נשמה שמערצן. נאָר איר זאָלט עס זאָגן אַ טרער אויף אַ רפֿואה, אַלע טרערן האָבן אויסגעטריקנט, נאָר אין דער האַנט האַלט איך איצט אַ הילצערנעם קלעמער פֿון גרייט, אָט דער קלעמער האַלט עס דעם בויגן פּאַפּיר אויף דער פּליטע, אָט דעם קלעמער לעקט איצט דער פֿלאַם.

נאָר רואיק. נאָר אָן טראַגעדיעס. מיר זענען ניכטערע מענטשן פֿון אַ ניכטערן יאָרהונדערט. מיר זענען ראַציאָנאַליזאַטאָרס אַפֿילו ווען מיר קענען פֿיזיק נישט מער ווי אויף אַ דריטל; איז זעט איר: האַלטן אַ קלעמער אויפֿן פֿײַער, אָנשטאָט זיך אַליין, דאָס קענען מיר שטענדיק.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז די פּליטע אינגאַנצן פֿאַרפּראַשעט מיט אַש, און אויפֿן דיל אין קיך וואַלגערט זיך דער אַביסל צוגעסמאַליעטער אָבער ניצול־געבליבענער קלעמער.

איצט איז די רייע פֿונעם כּתב־יד. איך האָב איבערגעקערט די גאַנצע שטוב, איך האָב אַדורכגענישטערט אַלע שופֿלעדלעך, נאָר דער כּתב־יד איז פֿאַרשוווּנדן, עפּעס טאַקע נאָר ווי דער שרײַב־טיש וואָלט אים האָבן אײַנגעשלונגען. אפֿשר וואָלט איך אים נישט געוווען פֿאַרברענט, דעם מאַנוסקריפּט, ווײַל די אותיות אויף אים זענען לעבעדיקע, „ווײַל פֿאַרשריבן פּאַפּיר ברענט נישט גערן".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## אין איין און זיבעציק יאָר אַרום

דעם 10־טן סעפּטעמבער פֿונעם 2039־טן יאָר האָט זיך אין דער „ליטעראַרישער צײַטונג" אין דער רובריק „ביכער נײַעסן" באַוויזן גאָר נישט קײַן גרויסע נאָטיץ: „צוריק מיט אַ יאָר האָט דער סאָקאָל פֿאַרשער, יורי סטרובער

**אַנטדעקט דעם מאַנוסקריפּט פון אַריאַדנע סאָקאָלס דערציילונג „אין איינעם אַ מאַי טאָג" אָנגעשריבן צוריק מיט העכער זיבעציק יאָר. די דערציילונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונדזער צײַטונג.**

**יורי סטרונער האָט צונויפגעזאַמלט אַ גאַנצע ריי מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און בילדער, וועלכע האָבן אַ שײַכות צו דער דערציילונג.**

**מיר האָפן, אַז די דאָקומענטאַלע געשיכטע פון יורי סטרונער „דער גורל פון אַ דערציילונג" וועט אויפגענומען ווערן מיט אינטערעס פון אונדזערע לייענער, ווײַל זי איז אָנגעשריבן וואָרהאַפטיק און ערלעך.**

**און דער עיקר: די דערציילונג רעגט און צווינגט דיך צו פאַרטראַכטן.**

**יורי סטרונער. „דער גורל פון אַ דערציילונג", אַ דאָקומענטאַלע געשיכטע. פאַרלאַג „די יורשים וועגן די אָבות", 300 זײַטן**

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ לויב צו דיר
איין און צוואַנציקסטער יאָרהונדערט!
אַ לויב צו דיר
יוראָטשקאַ סטרונער!

# מיר קינדער פון הינטערלאַנד

— מאַמע, זאָג „סירענע"
קומט פונעם וואָרט „סירען" ? [1]
— ניין טאָכטער.
— און זי שמעקט, די סירענע?
— יאָ, זי שמעקט מיט מלחמה.
(פון אַ שמועס מיט דער טאָכטער)

**אָנשטאָט אַ פאָררעדע**

מ'האָט מיך אָפּגענאַרט. פון דער פריילעכער, גרינער שטאָט, וועגן וועלכער די מאַמע האָט נישט אויפגעהערט צו דערציילן, פיר יאָר דורכ־אַנאַנד, איז קיין שפור נישט געבליבן. ס'איז נישט געווען נישט קיין רויטע טראַמווייען, נישט קיין פילשטאָקיקע הײַזער, נישט קיין סקווערן, נישט קיין בלומען, נישט קיין אײַזקרעם אין קאַרטאָנענע גלעזעלעך, נישט קיין קאַרוסעל מיט פילפאַרביקע בענקעלעך — גאָרנישט, גאָרנישט איז נישט געווען. נאָר גרודעס צעפּיצלטע ציגל, וועגט מיט אויסגעהוילטע אויגנלעכער אָנשטאָט פענצטער, טראַמווײַ רעלסן, פאַרוואַקסענע מיט געלע בלימעלעך, און אומעטום פרישע אויפשריפטן: „קאָנטראָלירט. קיין מינעס נישטאָ".

מן הסתם, זענען נאָך ערגעץ פאַראַן מינעס, ווײַל די מאַמע האָט מיר שטרענג פאַרזאָגט נישט אַרויסצוגיין פונעם טויער. מיר זענען ערשט צוויי טעג דאָ, צוויי טעג אַז מיר זענען געקומען, נאָר איך האָב שוין באַוויזן אַדורכצונישטערן אַלע ווינקעלעך פון אונדזער הויף און איך האָב דאָרט קיין שום עפּעס אַזוינס אויסטערלישעס נישט געפונען. עפּעס צוויי קליינע מיידעלעך שפּרינגען אַ גאַנצן טאָג נעבן טירל, איבער אַן אַלט גאָרטעלע פון

1 „סירען" — בעז (אין רוסיש).

אַ קליידל, און אין דער אַקעגנאיבערדיקער טיר וואַזגיעט זיך מיט אַ העמערל אין די הענט אַ ייִנגעלע ,אַריינשטעלנדיק אָנשטאָט די אויסגעהאַקטע שויבן פון די טירן, גרויען קאַרטאָן. די טיר הייבט אַזש אָן טונקלען אין די אויגן, און דאָס ייִנגעלע, שפּיַיענדיק זיך עפּעס גאָר וואַזשנע אין די לאַדאָניעס פרעגט מיך:

— ערשט אָנגעקומענע?

— יאָ, נאָר ביז דער מלחמה האָבן מיר אויך געוווינט אין דער שטאָט.

— קלאָר. און מיר זענען אינגאַנצן נישט אַוועקגעפאָרן.

— נו און די דיַיטשן?

— וואָס, „דיַיטשן”?

— נו, דאָ זענען זיך געווען די פאַשיסטן?

— אַוודאי, זענען טאַקע געווען. אָט דאָרט אין אייער קוואַרטיר האָט געוווינט זייערער אַן אָפיציר.

— ווי אַזוי זשע, זענען זיי טאַקע?

— וואָס הייסט ווי אַזוי „זיי” זענען? פאַשיסטן ווי פאַשיסטן. אַבעיטעך, דו ביסט פון דער לבנה אַראָפּגעפאַלן?

— ניין, נישט וועגן דעם... נאָר ווי אַזוי זענען ביַי זיי די פּענעמער?

— די פּענעמער? — דאָס ייִנגעלע לאַכט. — צוויי הענט, צוויי פיס, אַ נאָז, צוויי אויערן, אַזוי זענען זיי ענלעך אויף מענטשן, נאָר אין דער אמתן...

ער זיפצט טאַקע שוין גאָר ווי עפּעס אַ גרויסער, און איך פרעג שוין מער נישט וועגן גאָרנישט נישט. און איך באַטראַכט אים פונעם קאָפּ ביז די פיס, גליַיך ווי איך וויל זוכן עפּעס דאָס אומגעוויינלעכע, וואָס עס דאַרף אין אים אומבאַדינגט זיַין. איין קלייניקייט: עס שטייט אַ געוויינלעך ייִנגעלע, מיט לאַטעס אויף די הויזן, אַ טשוטעלע עלטער פון מיר — און ער האָט עס געזען לעבעדיקע פאַשיסטן. און נישט נאָר וואָס ער האָט זיי געזען — ער האָט געוווינט מיט זיי אין איין הויז, געגאַנגען מיט זיי אויף איינע און די זעלבע גאַסן, און גאַנצע דריַי יאָר געהערט זייער נישט פאַרשטענדלעכע שפּראַך.

— און איך האָב זיי קיינמאָל נישט געזען לעבעדיקע — נאָר ווי געפאַנ־גענע — שעפּטשע איך אַן איבערגעראַשטע. — מיר מיט דער מאַמען זענען אַוועקגעפאָרן, ווען די מלחמה האָט זיך נאָר אָנגעהויבן.

— נו כאַטש די באַמביאַזשקעס געדענקסטו?

— איך געדענק, נאָר קוים, קוים.

— קלאָר, זענט איר הייסט עס, פונעם הינטערלאַנד, — זאָגט דאָס ייִנגעלע מיט גרינגשעצונג.

— יאָ, הינטערלענדישע — גיב איך אַ זיפֿץ.

— מילא, דו נעם דיר נישט צום האַרצן. יענע זענען אויך געקומען פונעם הינטערלאַנד, פונעם אוראַל.

ער האָט אַ פּאָכע געגעבן מיטן העמערל אין דער זײַט פון די מיידעלעך פון נעבן טירל.

— יענע געדענקען טאַקע גאָרנישט. זיי זענען נאָך געלעגן אין די וויגעלעך, ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

איך טרייסט מיך צוביסלעך: לאָזט זיך אויס, אַז עס זענען נאָך פֿאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע מענטשן וואָס געדענקען די מלחמה נאָך ווייניקער פון מיר.

— איר זענט דאָך נישט שולדיק, וואָס מ׳האָט אײַך אַרויסגעפירט פון דאַנען. עס טרעפט זיך.

און דאָס ייִנגעלע דערלויבט מיר גרויסמוטיק אינאיינעם מיט אים פאַרשטאָפּן די טירן מיט קאַרטאָן.

**מלחמה ריחות**

מען זאָגט, אַז אין יעדן מענטשן זענען פֿאַראַן נאַטירלעכע פעיִקייטן, — מ׳דאַרף זיי נאָר קענען אויסגעפונען צור צײַט.

דאָס ייִנגעלע פון דער אַקעגנאיבערדיקער שטוב, האָט גאַנצע טעג, מיט אַ פאַרקילט קעלעכל, אויסגעציקלט אַזעלכע טשיקאַווע טרעלן — און אַלעמען איז געווען קלאָר: דאָס איז אַ קינפטיקער מוזיקאַנט.

און אָט דאָס שכנותדיקע מיידעלע האָט געקאָנט פלינק אין געלויף איבערשפרינגען אַדורכן פענצטער און איז זייער גראַציעז פאַרשטאַרט געוואָרן ווי אַ „שוועלבעלע״ — און די איבערגעראַשטע קרובים אירע האָבן שוין געזען אין זייער טרוים אַ באַרימטע גימנאַסטין, אַקראָבאַטקע אָדער עפּעס ענלעכס צו דעם. מיט איין וואָרט, צווישן סאַמע „וווּנדערקינדער״

האָב איך מיך, אויפן זעקסטן יאָר פון מײַן לעבן, מיט גאָרנישט נישט אויסגעטיילט: אַ גרוי קורנאָסע ווערן מיט אַ נישט קײַן געוויינלעך אַנט־וויקלטן חוש הריח. מײַנע עלטערן האָבן אַפילו נישט געהאַט מיט וואָס זיך אַ לויב צו טאָן — פּרווו אויף אַ טשיקאַוועסט זאָגן: „מײַן קינד — איז אַ קינפּטיק יאַגד־הינטל", און מײַנע אייגענע האָבן געדולדיק געוואָרט, ווען אין מיר וועלן זיך אויסצײַטיקן נײַע, מער מענטשלעכע אייגנשאַפטן.

די מלחמה האָט זיך מיר אויך פאַרגעדענקט לויט די ריחות.

בײַם סאַמע אָנהייב האָט דער זונטיקדיקער אינדערפרי פונעם 22־טן יוני 1941־טן יאָר, געבראַכט מיט זיך אַ גערוך פון צײַטיקע ווײַנשל, וועלכע מײַן מאַמע האָט נאָך אויפדערנאַכט איבערגעוואַשן, כדי צו פּרעגלען אײַנ־געמאַכטס. דערנאָך האָט אַרום און געגומען קנאַקן און דונערן און די נאָכקומענדיקע פורכטלעכע שטילקייט האָט געבראַכט מיט זיך די גרויל פון די איבערגעראַשטע שכנותדיקע שטימען:

— אַן ערדציטערניש?!

— מיליטערישע איבונגען.

— וואָס הייסט דאָס?

— מאַנעוורעס, מסתמא...

— וואָס־זשע איז פאָרט געשען?!

...מלחמה... ס'האָט אַ שמעק געטאָן מיטן שריפה־טשאַד פון דער שכנות־דיקער גאָס און מיט עפּעס נאָך אַזעלכעס נישט געאָנטס און אויסטערלישעס. נאָר אָפּטער פון אַלעמען האָט געשמעקט מיט פּײַכטער קילקייט און מיט טוכלעקייט פון קעלערן. אָט דער גערוך האָט אַלץ און אַלעמען אַדורכגע־נומען: די בענק, אויף וועלכע עס האָבן זיך קוים אויסגעזעצט אין ענגעניש די שכנים, די בעטלעך, אויף וועלכע מ'האָט אונדז קליינוואַרג געלייגט שלאָפן, און אַפילו די קולות פון די רעדנדיקע, וועלכע האָבן אין קעלער געקלינגען סודותדיק און פאַרדומפּן.

דערנאָך האָט זיך געיאַוועט דער ריח פון טשעמאָדאַנעס, דער גערוך פון נאַפטאַלין, און פון לאַנג געטראָגענע קליידער. די טשעמאָדאַנעס זענען געבליבן ליגן אָפענע, און נאָר איינער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט — מ'ווייסט נישט פאַרוואָס, — מיט נאָזטיכלעך; גרויסע און קליינע, מענערישע

און ווײַבערישע, שמעקנדיקע נאָך קראָכמאַל און מיט לאַנג שוין אויסגע־וועפּטע פּאַרפומען, — די לעצטע ריחות פונעם פרידלעכן לעבן האָט די איבערגעראַשטע מאַמע מײַנע אַרײַנגעשטופּט אין אַן איין־און איינציקן טשעמאָדאַן, וועלכער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט אונדז, איין גאָט ווייסט וואַהין. זאַכן, מער נויטיקע ווי די נאָז־טיכלעך, האָבן זיך געוואַלגערט אַרום און אַרום, און האָבן עפּעס ווי תּרעומותדיק געקוקט אויף זייער איבער־געשראָקענער באַלעבאָסטע.

...אין וואַגאָן האָט געשמעקט מיט איבערגעברענט האָלץ, שטויב און שווייס. פון יענער זײַט פענצטער, אויפן פּעראָן, האָט געשפּאַנט דער טאַטע און מיט זײַן גאַנצן אויסזען האָט ער געפּרוווט דערווײַזן, אַז אַלץ וועט זײַן אין אָרדנונג. (דערנאָך אין די מלחמה יאָרן, האָט זיך מיר מײַן טאַטע פאַרגעדענקט נישט קײַן שמייכלענדיקער און נישט קײַן כמורנער, — דער זכּרון האָט נאָר פאַרהיט דעם אויסדרוק פון צעשטרײַטער מונטערקייט, וועל־כע האָט זיך פיבערדיק געוואָרפן אַהין און אַהער נעבן פענצטער פון וואַגאָן...)

דער ריח פון וואַגאָנען און וואָקזאַלן האָט אויף לאַנג, לאַנג אַרויסגע־שטויסן אַלץ איבעריקע.

די פּאַסאַזשיר אָדער סחורה־צוגן, איבערגעפּולטע מיטן אויג, זענען פּאָרט געווען בעסער ווי די וואָקזאַלן. די באַנען האָבן ערגעצוווּ אַוועקגעפירט, אָבער די וואָקזאַלן זענען געשטאַנען אויפן אָרט. אין יענער צײַט, האָבן זיי אַלע געהאַט איין אויסזען — אַ ים פון איבערגעראַשטע מענטשן, האָבן אין ריזיקע כוואַליעס פאַרפלייצט יעטוועדן אַוועקגייענדיקן צוג און האָבן זיך נישט אויף לאַנג באַרואיקט, כּדי אין אַ קורצער צײַט אַרום נאָך ברויזנ־דיקער כליבען כוואַליעסווײַז צום פּעראָן. און צווישן די שטראָמען פון צופלוסן האָבן זיך אויף דעם פּוסטגעוואָרענעם פּעראָן, ווי מויל־אויערן אויפן זאַמד, געוואַלגערט פאַרלוירענע אינעם געזעמל זאַכן, עמיצנס אַ געשטרײַפּ־טער שאַרף און אַן אַלטער שוך, וואָס האָט נישט געוואָלט אַוועקפאָרן אינ־איינעם מיט זײַן באַלעבאָס.

לאַנג, זייער לאַנג איז אויסגעקומען צו זיצן אַן איין־אַלייניקע און וואַרטן, געדולדיק וואַרטן, ביז די מאַמע וועט זיך אומקערן מיט די בילעטן, ברויט אָדער מיט אַ פלעשל וואַסער.

זעט אויס, אַז פון דעמלט אָן האָב איך נישט ליב און האָב אַפילו מורא פאַר די וואָקזאַלן.

דער איינציקער פרידלעכער גערוך איז אין יענע טעג געווען דער ריח פון עטוואָס צוגעברענטער קאַשע, מיט וועלכער עס פלעגן אונדז האָדעווען די סאָלדאַטן פון די באַנען, וואָס זענען אונדז געקומען אַקעגן. איך דערמאָן מיך, ווי איינער אַ דריווינקער סאָלדאַט מיט וואָנציעס האָט צום ערשטן מאָל אויסגעשטרעקט מײַן מאַמען דאָס קעסעלע. די מאַמע האָט עפּעס קווענקלדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און דעמלט האָט זיך אונדזער סאָלדאַט צעכעסט.

— צו ווּעמען רעד איך? ניט דיר. איר גיב, — האָט ער אַ ווײַז געטאָן אין מײַן זײַט. — איך האָב אויך געלאָזט אינדערהיים אַזאַ קורנאָסינקע ווי דײַנע.

און מיר, ברײַענדיק זיך אַזש, האָבן אַ גאַנצע כאָפּטע צוריכט געמאַכט די קאַשע — דאָס קעסעלע האָט מען געדאַרפט אומקערן.

די מאַמע האָט געזאָגט, אַז ס'איז נישט אָנשטענדיק צו קוקן אַ מענטשן אין מויל אַרײַן, ווען ער עסט. נאָר דער סאָלדאַט מיט די וואָנציעס האָט נישט אַראָפּגענומען פון מיר דאָס אויג, ביז וואַנען איך האָב זיך נישט געספּראַוועט מיט דער קאַשע, טאַקע עפּעס נאָר ווי ער וואָלט עס געוואָלט אויף שטענדיק פאַרגעדענקען.

...צו די באָמביאָזשקעס אין וועג איז אוממעגלעך זיך צוצוגעוווינען. זיי זענען יעדעס מאָל גרויליק ווי בײַם סאַמע אָנהייב. צוערשט דערטראָגט זיך פון ערגעץ ווײַט אַן אימהדיק וואָיען. אַלע זענען אויג און אויער. אין וואַגאָן ווערט מיטאַמאָל שטיל, עפּעס רעדט מען שוין מיר גאָר שושקענדיק — און די מינוטן פאַר דער באָמביאָזשקע זענען די סאַמע שרעקלעכסטע.

— ער פליט שוין, דער פאַרשאָלטענער.

— שטילער, אפשר האָט זיך נאָר אויסגעדוכט...

דער צוג שטעלט זיך אָפּ, און דורך די אָפענע, ווי חיה'שע פּיסקעס, פון די פראַכט־וואַגאָנען שפּרינגען מענטשן און לויפן, לויפן, אַלץ ווייטער פונעם צוג, אין די גראָזן, אין די ווייצן.

די מאַמע פאַרדעקט מיך שטענדיק מיט איר קערפּער. איך הער דעם געקנאַל, עס איז מיר דושנע, שרעקלעך, די זאַנגען קיצלען מיר דאָס פּנים,

עס שמעקט מיט וואַרעמער ערד. דערנאָך ווערט שטיל, די פּאַסאַזשירן, עלעהיי גראָז, וואָס איז צעקלאַפּט געוואָרן פונעם האָגל, הייבן זיך פּאַמעלעך אויף, גלײַכן זיך אויס, און אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן, קערן זיך אום צום צוג. נעבן די וואַגאָנען, שלײַכן זיך אַדורך עפּעס מענטשן מיט טראָג־בעטלעך. מיט אַ פרעמד פאַרכריפּעט קול שרײַט אונדזער שכנה פון וואַגאָן.

— מײַן נאַטאַשע!! ווו איז מײַן נאַטאַשע?! ווו איז מײַן נאַטאַשענקאַ?... איר האָט נישט געזען מײַן נאַטאַשע?!

אויף די טעלעגראַפן דראָטן איז געבליבן הענגען נאַטאַשעס העל־גרינע סטענגע...

דער צוג, אָנבלאָזנדיק זיך, שפּאַנט ווײַטער אין הינטערלאַנד.

---

איצטער וועל איך שוין מער נישט הערן דאָס אימהדיקע וואָיען, און נאָר אויפן גאַנצן לעבן וועט מיר בלײַבן אין זיכּרון די גרינע סטענגע אויף די טעלעגראַפנע דראָטן און די ערד, וועלכע האָט געשמעקט מיט גראָז, מיט פעלד־בלימעלעך, מיט אויסגעצײַטיקטע זאַנגען און גרויל.

## די אָנהויזן־קאָמאַנדע

איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס האָט מען אונדז אַ נאָמען געגעבן די „אָנהויזן־קאָמאַנדע". מען קען נישט זאָגן, אַז מיר זענען זייער גוט אָנגעטאָן, נאָר אָן הויזן שפּאַנט נאָר אַרום איין דימקאַ קלימאָוו. וואָס, וואָס, נאָר דימקען קאָן מען מוחל זײַן: ער איז ערשט אַלט פיר יאָר. די עלטערע שוועסטער זײַנע, נאַדיע, שלעפּט אַרויף אויף אים אַ פּאָר הייזלעך, פאַרבינדט זיי מיט אַ שטריקל, און ווי נאָר דימקע כאַפּט די פּיסלעך — בלײַבט טאַקע נאָר דאָס שטריקל. דערפאַר אָבער גייט דימקע אַרום דאָס גאַנצע קײַלעכיקע יאָר אין פּיסלעס, קײַן אַנדערע שיך האָט ער נישט. די פּיסלעס זענען אַלטע, מיט אונטערגענייטע זוילן און מיט שטאָלץ פאַרריסענע נעז. דימקע האָט זיך עפּעס אַמאָל צעשניטן דעם פוס מיט די שפּליטער פון אַ קריגעלע, פון דעמלט אָן האָט אים קיינער נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן פון זײַנע פּיסלעס.

און פונדעסטוועגן איז עס אַן אומגערעכטיקייט איבער איין דימקען אַנרופן אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע „אַנהויזן־קאָמאַנדע". מיר זענען אויפ־געקאָכט און וועלן זיך ווען ס'איז אָפּנויקעמען פאַר אָט דעם מיאוסן צונאָמען. מיר — דאָס זענען ליאָנקע, נאַדקע און דימקע קלימאָוו, דאָס איז אָסיק פּאָלאָנסקי און איך.

מײַן מאַמע זאָגט, אַז אונדזער ישוב — דאָס איז עק וועלט, אַהער איז שווער געווען זיך צו דערקליבן, נאָר אַרויס פון דאַנען איז אויף אַ האָר נישט גרינגער. צוערשט זענען מיר אַן אַ שיעור טעג געפאָרן מיטן צוג, דערנאָך זענען מיר געשווימען מיט דער שיף, און אין יישוב זענען מיר געקומען מיט אַן אַרבע, דאָס איז אַ מין געזונטער צווייִרעדערדיקער וואָגן אײַנגעשפּאַנט מיט קעמלען. אַפּילו מײַן מאַמע האָט זיך דערשראָקן פאַר די קעמלען, נאָר דער אוזבעק דער פורמאַן האָט מילד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: ווי איינער זאָגט, האָט קײַן מורא נישט, דאָס זענען פרידלעכע באַשע־פענישן — און האָט אונדז און דער מאַמען געהאָלפן אַרויפקריכן אויף דער אַרבע. אַהינטער אונדז זענען אויך אויף אַזעלכע קאָמישע וועגענער געפאָרן די אַנדערע היימלאָזע.

אַן אַלט הויז, אַ געוועזענע שול, האָט מען איבערגעצאַמט מיט דינינקע שטאַכעטלעך און מ'האָט באַזעצט דאָרטן די אָנגעפאָרענע. מיר, די קלימאָווס און די פּאָלאָנסקיס זענען געוואָרן שכנים.

די קלימאָווס — דאָס איז די סאַמע גרעסטע משפחה אין אונדזער שטוב. אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, זענען די צוויי עלטסטע ברידער אַוועק אויפן פראָנט, און אין צוויי וואָכן אַרום איז אין אַ באָמבאַרדירונג אומגעקומען די מוטער.

— האָב איך דעמלט צונויפגענומען מײַן כאָפּטע און כ'האָב מיך אַוועק־געלאָזט וווהין די אויגן טראָגן, — דערציילט דער פעטער סטיעפּאַן.

די קלימאָווס זענען אַלע באַשעפטיקטע מענטשן. דער פעטער סטיעפּאַן אַליין — איז אַן אַגראָנאָם — פון קאַיאָר ביז אין דער שפּעטער נאַכט, וועדט ער פאַרפאַלן אויף די פעלדער, די עלטערע טעכטער — וואַליע און אַסיע — אַרבעטן ווי קראַנקן־שוועסטער אין אָרטיקן שפּיטאָל, און ליאָניע, נאַדיע און דימע, — פאַרנעמען זיך מיט דער ווירטשאַפט. זי איז בײַ זיי נישט אַזאַ

שווערע: אויסקערן דעם דיל, אָנטראָגן וואַסער פונעם אַריק,[1] אָוונט־צײַט אָפּקאָכן דאָס ביסל זופּעכץ און אויך פון צײַט צו צײַט, אונטערבינדן דימקען די הייזלעך.

ליאָניען גייט שוין דאָס צוועלפטע יאָר, באַדיע איז אַלט נײַן יאָר, און דעריבער גילט דער רואיקער און באַדאַכטער ליאָניע אַ גאַנצן טאָג פאַרן עלטסטן. אַלע קלימאַווס זענען העלע, קלײַנדיקע און בלויאויגינקע, נאָר איין דימקע איז ענלעך אויף אַ ציגײַנערל. אויב ליאָניע און באַדיע נעמען זיך איבער שטענדיק מיט די באַרימטע עפּל פון אַהינטער ווינניצע („יעדער עפּל ווי אַ קאָפּ די גרייס״), איז אָסיק פּאָלאָנסקי האָט אַ פול מויל מיט אָדעס, ווו ער איז כּמעט נישט געווען (די עוואַקואַציע ווערט נישט גענומען אין חשבון). אַליין זענען זיי פון אַ שטאָט מיט זייער אַ געקווייטלטן נאָמען: אָ־ווידי־אָ־פּאָל.

די סאַמע באַשיידנסטע פון אַלע זענען איך און דימקע. מיר, די סאַמע קלענסטע אין אונדזער קאָמפּאַניע, געדענקען נישט נישט די היימישע ערטער, נישט די צײַט, וועלכע מען רופט אָן קורץ און פּראָסט — „ביז דער מלחמה״.

מײַן מאַמע אַרבעט ווי אַ דערציִערין אין קינדער־גאָרטן, ווו איך פאַר־ברענג דעם ערשטן האַלבן־טאָג, נאָר דערנאָך האַלט איך נישט אויס און אַנטלויף פון דעם קליינוואַרג. די גאַנצע קאָמפּאַניע וואַרטן שוין אויף מיר נעבן דער שטוב, און איך נעם זיך זייער איבער, וואָס איך האָב שוין אַזעלכע גרויסע עלטערע חברים.

דער סאַמע פרײַער פויגל צווישן אונדז — דאָס איז יאָסקע. זײַן מאַמע ליובאָוו סאָלאָמאָנאָוונאַ, נאָך יעטוועדע צוויי ווערטער שטעלט זי אַרײַן אָדער „ענטשולדיקט״, אָדער „ביטע״, און יאָסקע האָט אַפילו קײַן טראָפּעלע נישט מורא פאַר איר. דוכט זיך אַז זי אַרבעט ווי אַ קאַסיר אָדער ווי אַ בוכהאַלטער אין דעם אָרטיקן קינאָ־טעאַטער, אָדער טאַקע אפשר ביידע אינאיינעם. פון דער אַרבעט קערט זי זיך אום געבוג שפּעט און תּיכּף נעמט זי זיך גרייטן פאַר זיך און פאַר אָסיקן „אַ פרעכטיקן זומערדיקן זופּ, פון גאָלע וויטאַמינען״. פון די דאָזיקע שיינע „וויטאַמינעוואַטע״ זופּן איז סײַ

1 אַריק: אוזבעקיש — וואַסער־קאַנאַל.

בײַ אָסיקן סײַ בײַ דער מומע ליובען אַ גרינער קאָליר פּנים, און ווען נישט אָסיקס שפּאַצירן... איבער די פרעמדע גערטנער. וועגן וועלכע ס׳פאַלט אַפילו נישט אײַן ליובאָוו סאָלאָמאָנאָווען, וואָלטן זיי די „וויטאַמינעווע״ מאכלים... שוין לאַנג זיי געוואָרפן פון די פיס.

און אַזוי, איז דעם ערשטן האַלבן טאָג יעדער פאַרנומען מיט זײַן אַרבעט, דערפאַר אָבער, אין דער צווייטער העלפט, נוצן מיר אויס די פרײַע צײַט פאַר אונדזערע פאַרגעניגנס.

מיר שפּילן זיך אין „כאַפּערלעך״, „בלינדזעקײַט״, „קלאַסן״, נאָר נישט אין מלחמה.

מיר — זענען קינדער פון הינטערלאַנד. מיר פאַרדערן מיט שרעק די קעפּ, ווען דער „שוואַרצער טעלער״ זאָגט הויך און אַליאַרמירנדיק: „פונעם סאָוויעטישן אינפאָרמביוראָ!״ מיר קוקן זיך אײַן אין די פאַרזאָרגטע פּנימער פון די עלטערע, און אויב ליאָניע, נאַדיע און אָסיק זיפּצן, איז מיר מיט דימקען זיפּצן אויך נאָך. מיר ווילן איצט נישט שפּילן אין „מלחמה״, מיר שפּילן זיך אין „סטאָלאָווע״.

אין אַ נעפּל אין אַ גרויסן
איז אַרויס אַ דײַטש אינדרויסן
מיט אַ מעסער, מיט אַ שרויט
דו גייַ בלינדזען, בײַ דעם פּלויט.

נאַד׳קע צעציט בײַם סוף די ווערטער, כּדי דער לעצטער זילב זאָל אַרײַנפאַלן צו איר.

— דו נאַד׳קע, ביסט אַ כיטרע! אָסיקן וועסטו נישט אונטערפירן, — לאָז מיך.

— וונימאַניע! וונימאַניע![1]
אויף אונדז גייט גערמאַניע!
גערמאַניע פאַרוואָס?
— מיט אַ ציגל איבערן נאָז!!

---

1 וונימאַניע — ייִדיש, — אַכטונג.

שרײַען מיר אַלע אין כאָר, ווײַל די לעצטע שורה איז אונדז באַזונדערס צום האַרצן.

— נאָכאַמאָל איז אויסגעפאַלן אויף מיר, נאָכאַמאָל איך! — פרייט זיך נאַדיע.

— איך בין דער הויפּט־קעכער!

די שפּיל איז זייער אַ פּשוטע און עס האָט זי אויסגעטראַכט די זייער געניטע ווירטנע נאַדיע. יעטוועדער אַנטיילנעמער דאַרף ברענגען אין דער „סטאָלאָווע" פּראָדוקטן, פון וועלכע דער „גלאַוונע קיכער" גרייט צו פאַר־שידענע געקעכצן. די שערבלעך פון די צעבראָכענע פּיאַלעס, נוצן אונדז פאַר טעלער אין וועלכע „דער קיכער" גיט יעדן איינעם „זייער געשמאַקע ערשטע, צווייטע און דריטע". נאָך אַ „זעטיקן מאָלצײַט" פאַרבאַהאַלט דער קיכער דאָס געשיר, און די „סטאָלאָווע" פאַרמאַכט זיך. געוויינלעך ברענגען מיר פּראָדוקטן די עקן פון די גרינע ציבעלעס און נאָר אין זעלטענע פאַלן — אַן עפּל, אָדער אַפילו אַ סעכער. די עקן פון די ציבעלעס אָבער, קילן גיך אָפּ דעם אינטערעס אונדזערן צום שפּיל.

איך גיי רופן פּולאַטן — לייגט דעמלט פאַר אָסיק און אויגנבליקלעך פאַרשווונדט ער פון יענער זײַט הויכן פּלויט.

פּולאַט האָט אַ טאַטן, — עפּעס גאָר אַ געהויבענער נאַטשאַלניק; זיי האָבן זייער אייגענעם גאָרטן, און פּולאַטס מאַמע, אַ מאָגערע און שרײַענדיקע, האַנדלט צו מיט פּרוכטן אויפן מאַרק. פּולאַט אַליין — איז אַ גראָבטשיק גוטמוטיק יינגעלע, אַביסעלע עלטער פון דימקען. מען דערלויבט אים נישט אַרויסצוגיין אין גאַס, נאָר פּולאַט ציט צו אונדז, און מיר לאַדן אים אָפּט איין צו שפּילן אין „סטאָלאָווע". פּולאַטן נעמען מיר נישט אויף אין שפּיל מיט גרינע ציבעלעס. ניין, ער ברענגט אָדער אַ גרויס שטיק לעפּיאָשקע אָדער אַ שטיק האָניק. אָט דעמלט צעקאָטשעט זיך עס אַ מלכותדיקע סעודה: פּולאַט שלינגט מיט אַפּעטיט דעם „סאַלאַט" פון עקן פון ציבעלעס אָדער אַ „באָרשט" פון די זעלבע ציבעלעס, און מיר לעקן לויט דער ריי דעם האָניק: צוערשט לעקט ליאָניע, דערנאָך אָסיק, דערנאָך נאַדיע, דערנאָך איך, דער־נאָך דימקע — נו, ער איז בײַ אונדז דער מיזיניק — לעקט ער דעריבער צוויי מאָל. און ווידער — ליאָניע, אָסיק, נאַדיע און איך, און דימקע — מיט

אַ פון פּריִער אַרויסגעשטעקטע צונג — אַזש צוויי מאָל. אַרום אונדז אַ גאַנצע כאָפּטע פליגן און עטלעכע בינען: כיטרע, זיי ווילן זיך אויך צוקלעפּן צום האָניק, ס׳איז זיי נישט גענוג זייער אייגענעם וואָס זיי האָבן, ענדלעך פאַר־ענדיקן מיר מיטן האָניק.

— פּולאַט־דזשאַן! — רופט פּולאַטן זײַן מאַמע און פאַר יעדן פאַל דראָט זי אונדז מיטן קולעק. פּולאַט שטעלט אַוועק בישט גערן זײַן „טעלערל״ מיטן „סאַלאַט״ און מיט באַדויער פאַרלאָזט ער אונדזער קאָמפּאַניע.

אויף דער פּאָסט וואַרטן מיר אַ גאַנצן טאָג. די עלטערע זענען נאָך אויף דער אַרבעט, און די בריוו גיט מען אָפּ אונדז.

אויסראַטיענדיק זיך נעבן דער טיר פון דער שטוב נאָך לאַנג ביז צום קומען פונעם פּאָסט־טרעגער, רעדן מיר וועגן די, וועמענס בריוו עס קומען אָן אַהער פונעם פראָנט.

— אונדזער יעגאָר איז ביז דער מלחמה געשווימען בעסער פון אַלע אין ראַיאָן. ביי אונדז האָט וואָווקע שטשעגלאָוו אין סאַמע אינמיטן טײַך זיך אָנגעהויבן צו טרענקען. ער האָט שוין דעם אָטעם נישט געקאָנט כאַפּן... און אַ שטראָם וואָס־פאַראַ איז דאָרטן, — אַהאַ, נאָך אַזעלכער! און וואָווקע אָט־אָט און ער איז שוין אַ דערטראָנקענער — נו טאַקע שוין אינגאַנצן אונטערן וואַסער, מ׳האָט אים שוין אַפילו נישט אַרויסגעזען... אונדזער ליאָנקע אַז ער הייבט אָן עפּעס צו דערציילן, רעדט ער אַ האַלבע שעה, ביז ער דערקלייבט זיך צום סאַמע עיקר, — קיין שום געדולד האַלט נישט אויס.

— נו איז וואָס? — שלאָגט אים איבער אָסיק.

— דערטרונקען? — פרעגט דימקע.

— נע־ע, ער איז נישט דערטראָנקען געוואָרן.

דימקע זיפצט אָנטוישנדיק און נעמט זיך ווידער לעקן די אויסגעשמירטע פינגער מיט האָניק. די געשיכטע האָט שוין פאַרלוירן פאַר אים יעדן איבערעס.

— אונדזער יעגאָר ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעטאָן, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן, און אַ שווים געטאָן...

— אר־וואַ, מײַן טאַטע שווימט נאָך בעסער.

אָסיק איז נישט פון די וואָס טרעטן אָפּ פּריִיוויליק עמיצן דאָס ערשטע פּלאַץ. — ער האָט פון אָווידיאָפּאָל געקאָנט אין איין מאָל דערשוווימען ביז... אָדעס.

— פּסס, אַ מסוכּנע זאַך...

מיר גלייבן נישט זייער אָסיקן און מיר וווּנדערן זיך נישט, ווייל מיר ווייסן נישט, ווו עס געפינט זיך אָווידיאָפּאָל און צי קאָן מען פונדאָרטן דער־שווימען ביז קיין אָדעס. נאָר דערפאַר ווייסן מיר אָבער, אַז אונדזער אָסיק האָט ליב איבערצוּלויבן און ער איז זיך שוין טאַקע צעגאַנגען.

— טרעפט דריי ווערטער אויף אָ!

— אָרט, אָרעמע, אַרבוז.

— אָליע, אוצר, אויוון.

— איר האָט נישט געטראָפן. אָסיק, אָדעס, אָווידיאָפּאָל! אַהאַ? דאָס האָב איך אַליין צוגעטראַכט.

— די פּאָסט גייט! — שרייט דימקע און מיר לאָזן זיך אַלע צום פּאָסט־טרעגער.

— קלימאָוו סטיעפאַן גאַווריל אָוויטש.

— דאָס איז אונדז!

— פאַר די פּאַלאָנסקיס איז גאָרנישטאָ?

נאָר דער פּאָסט־טרעגער יאָגט שוין ווייטער.

באַדיע, ליאָניע און דימקע דרייען די בריוו אין אַלע זייטן, איידער זיי עפענען זי אויף. ניין, קיין שום שרעקלעכס איז דאָרט נישטאָ.

„...און נאָך קאָן איך אייך שרייבן, אַז ס'וועט קומען די צייט... און מיר וועלן פאַרטרייבן דעם פריץ. עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז די פאַשיסטן זאָלן טאָפּטשען אונדזער ערד", — שרייבט זיי זשעניע, זייער ברודער. צום ענדע בריוו גרוסט זשעניע באַזונדערס וואַליען, אָסיען, באַדיען, לעאָנידן און דימיטרין. אַזוי שרייבט ער טאַקע — „דימיטרין". גלייך ווי דימקע וואָלט אַלט געוואָרן אַ יאָר צוואַנציק, נישט ווייניקער. און יענער שטייט עס אַזאַ וויכטיקער, פאַרגעסנדיק אין די איבערגעבליבענע נישט אָפּגעלעקטע, ברו־דיקע האָניק פינגער.

נאָך זשעניעס בריוו איז ביי אַלע אַ גוטע שטימונג: מיר זענען זיכער, אַז

די פאַשיסטן וועט מען גאָר אינגיכן פאַרטרײַבן, און אַפילו די סוואָדקעס[1] פונעם שוואַרצן טעלער[2] ווײַזן זיך אונדז אויס אין דעם טאָג ווייניקער באַאומרואיקנדיקע.

מיר לייענען איבער עטלעכע מאָל די בריוו פון נאַדיעס ברודער און מיט זאַך־קענטעניש, רעדן מיר אַרום דעם נומער פון דער פעלד־פּאָסט.

גליקלעכע מענטשן די קלימאָווס. איצט קענען זיי שוין וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן פעטער סטיעפּאַן און די שוועסטער. ליאָניע און נאַדיע וועלן זיי לויפן אַקעגן און וועלן פאָכען מיטן בריוו, און אַהינטער זיי, אין די פּיסלעס, וועט שפּאַנען דימקע, און וועלנדיק אויסכאַפּן די בשורה, וועט ער שרײַען אויף אַ קול:

— פון זשעניען, פון זשעניען! אַ בריוו פון זשעניען!

גליקלעכע נאַדיע, ליאָניע און דימקע.

קריק מיט צוויי וואָכן בין איך אויך געלאָפן דער מאַמען אַקעגן, און אַלע האָבן מיך מקנא געווען און האָבן געקוקט אויף מיר. און דימקע, פאַר־לירנדיק די פּיסלעס, איז געלאָפן הינטער מיר און געשריגן:

— פון אייער פּאַפּע אַ בריוו!

דימקע לויפט נאָך אַלע, ער האָט זייער ליב אָנצוזאָגן דער ערשטער וועגן די בריוו.

אָט דעמלט האָט עס געכאַפּט די מאַמע די בריוו. זי האָט דערזען דעם טאַטנס „דריידלקעס", אַז זי האָט עס אַ כאַפּ געטאָן דימקען קושן און מיט אַ זינגעלע:

— חכם מײַנער, טײַערע נשמה, און ווי קער דאָ דימקע, אַז דער בריוו איז גאָר פון מײַן פּאַפּען?

נאָר אָסיקן איז דימקע שוין לאַנג נישט נאָכגעלאָפן — נישטאָ פאַר זיי קיין בריוו און נישטאָ. אָסיק פרעגט שוין אַפילו נישט דעם פּאָסט־טרעגער, נאָר ער קוקט אָן אונדזערע בריוו מיט גרויסע ברוינע אויגן און שווײַגט.

— אוי ווי מיר האָבן נישט ליב, ווען אָסיק שווײַגט.

1 סוואָדקע — קריגס־באַריכט.

2 שוואַרצער טעלער — שוואַרצער ראַדיאָ־רעפּראָדוקטאָר.

— אָסיק, דו ערגער זיך נישט, — זאָגט נאַדיע (אַ! זי קאָן זייער גוט באַרואיקן). טוסטו זען — איר וועט אויך באַקומען. דו געדענקסט, ביַי דער טיאָטיע זינע? נישט געווען, נישט געווען קיין בריוו, און דערנאָך גאַנצע דריַי. דו געדענקסט?

— איך געדענק — איז מספּים הכנעהדיק אָסיק און מער זאָגט ער שוין גאָרנישט. די אויגן ווערן ביַי אים נאָך ברוינער און מיר זעען אַלע, אַז ער געדענקט איצט גאָרנישט.

אַך האָבן מיר נישט ליב, ווען אָסיק שוויַיגט.

און אויפדערנאַכט איינער נאָכן אַנדערן קומען אָן די גרויסע. און ליאָניע מיט נאַדיען ווי די היַינטיקע העלדן לויפן זיי אַקעגן, און אַהינטער זיי, ווי שטענדיק, שפּאַנט דימקע און שריַיט קולי־קולות:

— פון זשעניען אַ ברי־י־יוו!

און דער הינקענדיקער דיאַדיע סטיעפּאַן הייבט אָן נאָך שטאַרקער צו הינקען. אָבער וואַליע און אַסיע וויינען פון פרייד. די טיאָטיע ליובע קוקט אַריַין אָסיקן אין פּנים אַריַין, און ער, ווי אַ שולדיקער, לאָזט אַראָפּ די אויגן...

נאָך דער וועטשערע, וואָס ווערט אָנגערופן וואַרעמעס, נעמען זיך אַלע צונויף ביַי די קלימאָווס. זשעניעס בריוו לייענט פאַר מיַין מאַמע, זי לייענט אויסדריקלעך, עלעהיי אַ געדיכט. דער דיאַדיע סטיעפּאַן זיצט — אַ ריר נישט, דאָס מויל אַ ביסל אָפן, גרייט איַינצושלונגען יעדעס וואָרט פונעם זון. נאַדיע, ליאָניע, אָסיק, דימקע און איך האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן דיל. אויף דער טיר שטייט די טיאָטיע ליובע, אין די באַקן אירע שפּילט אַ גרינע ראָזלעכקייט פון די „וויטאַמינעווע זופּן".

ס'איז קיל. דער טאָג קילט זיך אָפּ פון דער היץ. אַ מזלדיקער טאָג: פון ליאָנקע — נאַדקע און דימקעס ברודער אַ בריוו; די פּאַשיסטן וועט מען זיכער, גאָר אין גיכן צעגעריקן; און אַ גאַנץ שטיק האָניק האָבן מיר היַינט געפּאַקט.

אַ געוויינלעכער גראָטענער טאָג פונעם יאָר טויזנט נײַן הונדערט צוויי און פערציק, גייט צו ענדע.

## יולקע — דזשוליקע — דזשוליעטע

אויפן וועג, אונטער די פענצטער פון אונדזער שטוב, נאָך יעדער פאַרבײַסקריפּענדיקער אַרבע, העגנגט נאָך לאַנג אַ זײַל פון געלן שטויב, ער זעצט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, אָפּ אויף די דעכער, אויף דעם אַלטן אַזשינעס־בוים, אויף עמיצנס גרייט וואָס איז איבערגעטרוקנט געוואָרן פון דעם פריסיקן ווינט, און אויף מײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער ערשטן קאָליר, לעטשעלעך.

געוויינלעך לייגן מיר אויף אָט דעם שטויב קײַן שום אַכט נישט, נאָר הײַנט שטערט ער מיר — ער שטערט מיר צו אָטעמען, ער שטערט מיר צו זען וואָס ס'טוט זיך אויף יענער זײַט גאַס. ס'איז סקוטשנע און הייס.

נעכטן האָט זיך ליאָנקע איבערגעבראָטן אויף דער זון. ס'האָט זיך אים געלאָזט בלוט פון דער נאָז און אויפדערנאַכט האָט זיך אויפגעהויבן די טעמפּעראַטור. ווי אַ שטראָף האָט דער דיאַדיע סטיעפּאַן פאַרמאַכט אויפן שלאָס אַלע דרײַ. און עפּעס נאָר ווי אומיסטן, איז דאָס פענצטער פון זייער צימער אַזוי געמאַכט, אַז ס'איז אומעגלעך עס אויפצועפענען סײַ ווינטער, סײַ זומער: קומט אויס צוויי שעה צו רעדן אַדורך דער שויב, אַזוי אַז בײַ מיר הייבט אַזש אָן דער האַלדז מיך וויי צו טאָן.

אָסקיע איז אויך ערגעצווו פאַרשוווּנדן. מיטאַמאָל וואַקסט אויס, ווי פון אונטער דער ערד, עפּעס אַן אומבאַקאַנט מיידעלע.

— דו וווינסט אָט אָ דאָ? — פרעגט זי מיך, קוקנדיק פון אונטן אַרויף, און, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף קײַן ענטפער, זעצט זי פאָר:

— און מיר וווינען דאָרטן, אַקעגן, בײַ אַ באָבעשי — אַן אוזבעטשקע. און ווער וווינט נאָך דאָ אין דער שטוב?

— איך, מײַן מאַמע, נאַד'קע, ליאָניע...

— ווער איז בײַ אײַך פאַרן עלטסטן?

— די מאַמע.

— ניין, ווער פון די קינדער?

— ליאָניע איז שוין אַ צוועלפער. ער איז דער סאַמע עלטסטער — ענטפער איך מיט שטאָלץ.

— אַ קליינינקייט. און איך בין שוין אויך אַן עלפּיעריקע. ס׳האָט זיך צונויפגענומען סאַמע קליינוואַרג און פרייען זיך.

אַ באַליידיקטע בלאָז איך אָן די ליפּן.

נאָר דאָס מיידעלע לייגט נישט קיין שום אַכט אויף מײַן באַליידיקטן אויסזען.

— איך וועל בײַ אײַך זײַן פאַר דעם עלטסטן.

— בײַ אונדז איז ליאָנקע...

— אָבער דײַן ליאָנקע קאָן זאָגן אין איין אָטעם: אויפן הויף — אַביימל — אַ ברויזל נעבען אַ ברויזל — בליט אַ רויזל.

דאָס מיידעלע פּאַליעט עס אַרויס אַזוי גיך און געשווינדיק, אַז ליאָניע וועט קיינמאָל אַזוי נישט קאָנען, נאָר איך, כּדי נישט מינערן ליאָנקעס אויטאָריטעט, ענטפער:

— מעגלעך, אַז ער קאָן.

דאָס מיידעלע גיט זיך נישט אונטער:

— און וועגן די דרײַ „יאַפּאָנצעס” האָסטו אַמאָל געהערט?

איך שווײַג.

— עך דו, הער: / געווען אַמאָל זענען דרײַ יאַפּאָנצעס: / יאַק, יאַק־צעדראַק, יאַק־צעדראַק־צעדראַק־צעדראַני. / געווען אַמאָל זענען דרײַ יאַ־פּאָנקעס: / ציפּאַ, ציפּאַ־ריפּאַ, ציפּאַ־ריפּאַ־לאָמפּאַמפּאַני. / האָט חתונה גע־האָט יאַק פאַר ציפּען, / יאַק־צעדראַק פאַר ציפּע־ריפּען, / יאַק־צעדראַק־צעדראַק־צעדראַני / פאַר /ציפּע־ריפּע־לאָמפּאַמפּאַני. /

דאָס אַלץ ווערט אַרויסגעזאָגט זינגענדיק און מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז איך עפּן אַזש אויף מויל און אויערן פון שטוינונג.

ערגעצווו איז פאַרשווונדן דער שטויב, און די זון סמאַליעט שוין נישט אַזוי אומרחמנותדיק ווי פריִער.

— און ווי אַזוי רופט מען דיך? — פרעג איך מיט אָפּשיי.

— דזשוליעטאַ, — אַזוי איז אין דער מעטריקע, נאָר אין אַלגעמיין, דזשוליאַ, — מ׳קאָן נאָך פּשוטער — יוליאַ.

— דזשוליאַ־אַ! — הערט זיך אַ פרויעריש קול. — דזשוליע, ווו ביסטו ערגעץ?

— איך גיי־יי! נו גוט, כ׳וועל נאָך אויפדערנאַכט קומען צו אײַך.

יולקע אַנטלויפֿט, און איך, טאַנצנדיק אויף איין פוס, טראָג מיך צו די קלימאָווס און מיט אַלע כּוחות נעם איך מיך פּויקען אין דער שויב, וועלכע עפֿנט זיך נישט אויף ווינטער, נישט זומער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אום ווינטער האָט יעוודאָקיע מאַטווייעוונע, אָדער פּראָסטער די טיאָטיע דוסיע, באַקומען אַ „קבורהלע״: מיט אַ העלדן טויט איז אומגעקומען איר מאַן. די טיאָטיע דוסיע האָט דעמלט אַזוי געוויינט, אַז סע האָט זיך געהערט אויף דער גאַנצער גאַס. זי איז געזעסן נעבן טיש, האַלטנדיק דעם קאָפּ צווישן די הענט, און וויגנדיק זיך, האָט זי שלוכצענדיק געיאָמערט. אונדזערע מאַמעס האָבן אויך געווישט די אויגן, נאָר זיי האָבן נישט באַ־רואיקט די טיאָטיע דוסיע. ליובאָוו סאָלאָמאָנאָוונע האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט געגאָסן איר די גלאָז, און צעכליפּענדיק דאָס וואַסער, געבעטן:

— טרינקט. נו, איך בעט אײַך, טרינקט.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט די טיאָטיע דוסיע מיט שרעק געוואַרט אויפֿן פּאָסט־טרעגער און דערזעענדיק אים פֿונדערווײַטנס, איז זי פֿאַרשטאַרט געוואָרן, גלײַך ווי זי וואָלט זיך מורא געהאַט צו רירן פֿונעם אָרט: דער טיאָטיע דוסיעס זון האָט פֿאַרגעזעצט זיך שלאָגן.

איין מאָל האָט דימקע, פּלאָנטערנדיק זיך פֿאַר די פֿיס פֿונעם פּאָסט־טרעגער, געקומען צולויפֿן מיט אַ געשרײַ:

— טיאָטיע דוסיע, איר האָט אַ בריוו! איר האָט אַ בריוו!

די טיאָטיע דוסיע האָט אויפֿגעעפֿנט דעם בריוו און, עפּעס מאָדנע דריקנ־דיק אים אין דער האַנט, האָט זי זיך פּאַוואָליע גענומען אַראָפּלאָזן צו דער ערד.

— און איר זאָלט זאָגן, זי זאָל עס געוועןן לאָזן אַ טרער, — האָט שפּעטער דערציילט דער פּאָסט־טרעגער. — זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, קוקט אַ שטאַרע אויפֿן פּאַפּיר און הערט נישט אויף צו שאָקלען מיטן קאָפּ. אָט וואָס צרות מאַכן פֿון אַ מענטשן.

פֿון דעמלט אָן האָט די טיאָטיע דוסיע געוואַכט פֿון מענטשן: זי איז צו קיינעם נישט אַרײַנגעגאַנגען און האָט קיינעם צו זיך נישט גערופֿן.

נאָר שפּעט אין אָוונט איז זי אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, און, אַוועק־זעצנדיק זיך אויף דער שוועל, האָט זי אַלץ געקוקט אין איין פּינטל און האָט האַסטיק־האַסטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די טיאָטיע דוסיע וויל עמיצן זאָגן „ניין־ניין־ניין״. נאָר באַין אופן באַקומט זיך עפּעס ביי איר נישט — נאָר דער קאָפּ, הוידעט זיך אַהין און אַהער: „ניין־ניין״.

מיר האָבן אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר דער טיאָטיע דוסיע און מיר האָבן אויסגעמיידט איר שטוב. אַזוי האָט עס זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ביז אין שכנות מיט דער טיאָטיע דוסיע האָט זיך באַזעצט יולקע.

אַ שלאַנקע, מיט לאַנגע צעדראַפּעטע פיס, איז יולקע אונדז אַלעמען געפעלן. זי האָט געהאַט גרינע, נישט קיין גרויסע, אויגן, אָבער זייער טיפע. האַרטע, געדיכטע האָר, פון נישט אַ באַשטימטן קאָליר, זענען געווען קורץ געשוירענע און האָבן בערשטלדיק געשטאַרצט אין אַלע זייטן.

יולקען האָט נישט געסטייעט קיין געדולד זיך צו באַקענען מיט יעדן איינעם באַזונדער: זי האָט קיינעם נישט געקענט קיין סך אויסהערן און האָט די גאַנצע צייט אַליין גערעדט.

— איר ווייסט וואָס מיין טאַטע איז געווען ביז דער מלחמה? אַ די־רי־גענט. ער האָט דיריזשירט מיט אַ גאַנצן סימפאָנישן אָרקעסטער. ער האָט אַפילו אַליין פאַרפאַסט מוזיק. מיין ברודער רופט מען ראָמעאָ, און מיך — דזשוליעטאַ. אַ נאַרישער נאָמען, אמת? דאָס האָט די מאַמע אַזוי באַשלאָסן אונדז אָנצורופן. אָבער איר ווייסט, ווער עס זענען געווען ראָמעאָ און דזשוליעטע?

מיר ווייסן גאָרנישט מיט גאָרנישט: נישט וואָס איז אַזוינס אַ „דיריזשאָר״ און נישט וואָס ס׳איז אַזעלכעס אַ „סימפאָנישער אָרקעסטער״. וועגן ראָמעאָ און דזשוליעטע האָבן מיר אויך קיינמאָל, קיינמאָל נישט געהערט. יולקע איז זייער צופרידן פון אונדזערע איבערגעראַשטע פּנימער און איר זאָלט זאָגן אַז דאָס מויל זאָל זיך איר צומאַכן כאָטש אויף אַ מינוט.

— ראָמעאָ און דזשוליעטאַ האָבן זיך זייער און זייער ליב געהאַט.

ליאָניע, וועלכער פאַרטראָגט נישט קיין ביכער און פילמען וועגן ליבע, וואָרטשעט אָפּלאַכעריש.

יולקע צינדט זיך אָן ווי אַ שוועבעלע:

— וואָס לאַכסטו? ס׳איז דאָ קיין קאָמישעס נישטאָ. דזשוליעט האָט אַפילו געוואָלט חתונה האָבן פאַר אים, נאָר אירע עלטערן האָבן נישט דערלויבט און אים אויך נישט, דעמלט זענען זיי ביידע געשטאָרבן.

— זייערע עלטערן זענען מסתמא געווען פאַשיסטן — דערטראַכט זיך אָסיק.

— מנהסתם. און מײַן מאַמע האָט פאַרשריבן דעם ברודער — ראָמעאָ און אַלע רופן אים ראָמקע. ער איז בײַ אונדז אַ געזונטער זינגער. ער לערנט זיך אין קאָנסערוואַטאָריע... ער האָט זיך געלערנט ביז דער מלחמה. איר ווייסט וואָס פאַראַ שיינער ער איז. מײַן מאַמע זאָגט אַז ער האָט אַ גאָלדענע נשמה, און איך האָב אַ הילצערנע. ראָמקע איז בײַ אונדז אַן איידעלער, אַ העפלעכער און בכלל... און איך — נישט. בײַ אונדז האָט קיינער נישט געוווּסט, אין וועמען איך בין געראָטן וואָס איך בין אַזעלכע, און איך ווייס. אין דער באָבען. מײַן באָבע, דאָס הייסט דער מאַמעס מאַמע, האָט אַפילו זיך געשלאָגן אינאייינעם מיטן זיידן אינעם בירגערקריג.

יולקע רעדט אַזוי גיך, גלײַך זי שיסט פון אַ פּולעמיאָט. מיר באַווײַזן נישט אַפילו אַרײַנצושטעלן אַ וואָרט, ווי זי קאָמאַנדעוועט שוין:

— קומט לאָמיר אויפדערנאַכט גייען אין קינאָ. ס׳איז פאַראַן דאָ עפּעס אַ קינאָ?

— יאָ, פאַראַן אַ זומערדיקער קינאָ. אָבער קײַן קינדער לאָזט מען אַהין נישט אַרײַן.

— נאָר דער קינאָ איז דאָך אַן אָפּענער?

— אונדז פאַרטרײַבט מען אַפילו פונעם פּלויט.

— נישקשה, מיר וועלן זיך יאַקאָש אַדורכשלאָגן.

— מיר האָבן דאָ אַפילו אַ טאַנץ־פּלאַץ, — לויבט זיך נאַד׳קע.

— ווו?

— נעבן קינאָ. שבת און זונטיק שפּילט דאָרט וואַדיע אויפן באַיאַן.

— איז דאָך הײַנט פּונקט שבת.

— דאָרט לאָזט מען אָבער אַרײַן נאָר דערוואַקסענע.

— ווייסט איר וואָס, אַז איר זענט שוין יאָ אַזעלכע, וועל איך אַליין גייען. איר ווײַזט מיר נאָר דעם וועג.

מיר קוקן זיך איבער און אַלע אינאײנעם גײען מיר איר ווײַזן דעם וועג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער טאַנץ־פּלאַץ — דאָס איז אַ ריין אויסגעקערטער קרײַז, אַרומגעצ־גרויזט מיט אַ פּלויט. אויף די בענקלעך וועלכע זענען צעשטעלט אינעווייניק, נעבן פּלויט, זיצן מיידלעך, און צווישן זיי וואַדים־דער־באַיאַניסט, אָדער פּשוטער וואַדיע.

אויב מיר וועלן נישט אַדורכקריכן, זיצן מיר פון דער זײַט, מיר וועלן הערן לידער, — וואָרנט יולקע. — איך גיי אין אויסשפּיר, און איר גייט נישט אַוועק אינערגעץ.

אין עטלעכע מינוט אַרום קערט זיך יולקע אום אַ צופרידענע.

— אָט דאָרטן, ווו די ביימלעך זענען, נעבן סאַמע פּלויט איז דאָ אַ גרויסער לאָך, קומט.

נישט זיכערע זעצן מיר זיך צו אויף די בענקלעך און וואַרטן, ווען מ׳וועט אונדז אַרויסטרײַבן. נאָר אָדער מען באַמערקט אונדז נישט, אָדער פּשוט מען קלייבט זיך נישט מטריח צו זײַן אונדז.

וואַדיע צעשפּילט זיך אויפן באַיאַן. „אַ בלוי איינפאַך טיכעלע" — זינגען די מיידלעך און דרייען זיך איינס מיט דאָס אַנדערע, אויפהייבנדיק אַ שטויב און זייערע פּנימער זענען עפּעס גאָרנישט אַזעלכע פריילעכע.

— דאַמען־טאַנגאָ! — מעלדעט וויציק איינע פון זיי, און פאַרנייגנדיק זיך פאַר די אויסגעטראַכטע קאַוואַלירן, זעצן פאָר די מיידלעך ווירדיק און פּײַערלעך צו טאַנצן, און וואַדיע זינגט מיט געפיל.

„און וויפל אַדורכן נעפּל
האָט דאָס בחורל זען געקענט —
אויף דעם מיידלעשן פענצטערל
האָט אַ פּײַערל געברענט".

און אַזוי זעסטו טאָקע בעשײַמפּערלעך, ווי אַזוי דאָס בחורל גייט אַוועק מלחמה האַלטן, ער גייט און קוקט אַלץ אויף צוריק — צום פּײַערל, וועלכעס דאָס מיידל לעשט נישט אויס. זי ווייגט מן הסתם, נעבען פּײַערל — זי וועט

דאָך נישט ווייִנען אין דער פינצטער. ווען דאָס בחורל וואָלט זיך נישט באַדאַרפט שלאָגן מיט די פאַשיסטן, וואָלטן זיי חתונה געהאַט.

אַלץ, אַלץ איז איבער די פאַשיסטן. די פאַשיסטן זענען אַפילו ערגער, פון די שלעכטע עלטערן פון די... (שיר פאַרגעסן) ראָמעאָס און דזשוליעטעס, איבער די פאַשיסטן שאָקלט די גאַנצע צײַט, די טיאָטיע דוסיע מיטן קאָפּ, איבער זיי שרײַבט נישט אָסקיעס פּאַפּע, איבער זיי...

איך מאַסטע זיך גאָר באַקוועם אײַן נעבן נאַדיעס אַקסל, און איך הער שוין אַפילו נישט, ווי וואַדיע איבעררייסנדיק די מעלאָדיע, זאָגט:

— אַנו, מיידלעך, אַ פריילעכס!

און ער צעזינגט זיך דער ערשטער:

„זײַט־זשע מיר געזונט,
שטעט און כאַטעס
אונדז רופט דער ווײַטער, ווײַטער וועג...

עמיצער טראָגט מיך אויף די הענט, ווי מ׳וואָלט מיך אײַנגעוויגט, און שוין אין בעט הער איך דער מאַמעס קול, נאָר וואָס זי זאָגט דערגייט שוין צו מיר נישט.

## עד, ווײַבער, ווײַבער...

אין די אָוונטן נעמט מען זיך אָפּטער צונויף בײַ די קלימאָווס. הײַנט דערציילט די טיאָטיע ליובע. די גרויסע קריגן זיך נישט, אַזוי ווי מיר, „ווער ס׳איז די ערשטע״ און זיי שלאָגן נישט איבער איינס דאָס אַנדערע מיטן געשרײַ „זאַמרי״! דאָס הייסט „ווער פאַרשטאַרצט וויאַזוי ס׳האָט דיך פאַר־כאַפּט״.

ניין, די עלטערע פירן זיך גאָר, גאָר אַנדערש. זיי דערעסט נישט צו הערן יעדעס מאָל איינס און דאָס זעלבע. אָט די מומע זינע, צום ביישפּיל, שטענדיק דערציילט זי, ווי אַזוי זי האָט זיך עס באַקענט מיט איר מאַן, און זי הייבט אָן פון איינע און די זעלבע רייד: „אַלץ איז געווען זייער ראָמאַנטיש, אַזוי ווי אין קינאָ״.

די מומע זינע דערמאָנט זיך אין אַלץ נײַע און נײַע אייניצלהייטן, און סוף כּל סוף איז די געשיכטע פון איר חתונה האָבן קוקט טאַקע אין אַן אמתן אויס „ווי אין קינאָ".

מײַן מאַמע קאָן נישט פאַרגעסן דעם ערשטן מלחמה־טאָג, און די מומע ליובע — די עוואַקואַציע. אינצווישן דערמאָנט מען די אייגענע, באַקאַנטע, מ'שלעפּט אַרויס פון די אָפּגעפּאַרענע טעשלעך און מ'לייענט איבער בריוו פונעם פראָנט און, לסוף, דעררעדט מען זיך צום סאַמע באַאומרואיקסטן: ווען־זשע וועט מען שוין אָפּשטעלן דעם פאַשיסט? מיט דער פראַגע ווענדעט מען זיך צום דיאַדיע סטיעפּאַן, וועלכער פאַרמאָגט זײַן אייגנס אַ געאָגראַפישע מאַפּע פון אַ שול־לערנבוך.

— איר פאַרשטייט, אַקעגן ברענט אַ שטוב, דאָס שכינותדיקע הויז ברענט אויך, און איך האַלט אָסקיען בײַ דער האַנט און ווייס נישט, וואָס איך זאָל ווײַטער טאָן — דערציילט די מומע ליובע, און אויף איר גרינעם געזיכט, שײַנען טרויעריק אירע גרויסע, ברוינע, ווי בײַ אָסקיען, — אויגן.

— גאָט מײַן גאָט, וואָס איז דעמלט געווען! אַ היץ, און מיר האָבן אָנגעטאָן די פּאַלטנס און זענען אַוועק פון דער שטוב אַלע דרײַ: איך, אָסיק און מײַן מאַמע. מיר זענען אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און מיר האָבן געזוכט דעם פאָטער. ער איז געווען אַ שנײַדער. איך וואָלט נישט געזאָגט אַזאַ גוטער — נאָר אַזוי זיך. איך מיט מײַן מאַן האָבן זייער גוט פאַרדינט, און דער פאָטער האָט באַקומען פּענסיע. ווען איר זעט, ווי ער האָט זיך עס איבערגענומען מיט דער פּענסיע זײַנער! נאָר ער האָט נישט געקאָנט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט: ער האָט איבערגעניצעוועט מאַנזשעטן, איבערגעמאַכט קעשענעס און שטענדיק איז ער אַרומגעגאַנגען מיטן סאַנטימעטער אויפן האַלדז. מײַן פאָטער... ער האָט געזאָגט, אַז די מלחמה וועט זיך אין עטלעכע חדשים אַרום ענדיקן, אַז מיט די דײַטשן איז שטענדיק אַזוי: בײַם אָנהייב גרײַפן זיי אָן, נאָר דערנאָך צענעריקט מען זיי אַזוי, אַז עס בלײַבט פון זיי נאָר אַ פּײַכט אָרט. אין יענעם טאָג איז ער געגאַנגען אָפּטראָגן די הויזן אַ באַשטעלער, ער האָט אַזוי געזאָגט: „נו, און אַז ס'איז אַ מלחמה אויף דער וועלט — איז וואָס — דאַרף מען צונעמען פרעמדע הויזן? עס קאָן זײַן אַז דער מענטש נייטיקט זיך אין זיי" — און איז אַוועקגעגאַנגען.

דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער שטוב, ווו עס האָט געוווינט דער באַשטעלער, איז אַראָפּגעפאַלן אַ באָמבע.

די מומע ליובע ווערט מיטאַמאָל אַנטשוויגן און קוקט שוין נישט אויף די צוהערער. אירע געדאַנקען זענען איצטער ווײַט־ווײַט. און אַלע שווײַגן: די גרויסע זענען געדולדיקע, זיי קאָנען וואַרטן.

— מיר האָבן זיך דערקליבן ביז קײַן אָדעס, און ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערקליבן — איז בעסער אין דעם זיך נישט צו דערמאָנען. און אָט זענען מיר אין פּאָרט. דאָרט איז געווען סדום: קינדער, ווײַבער, אַלטע לײַט און לופט־אַלאַרמען אָן אַ סוף און אָן אַן עק. מיטאַמאָל באַווײַזט זיך מײַן טאַטע, אין אַ סערדעטל, און פון דער קעשענע שטאַרצט אַרויס דער עק פון עם סאַנטימעטער. און גיי זאָג, אַז ס׳געשען נישט קײַן ניסים. אַ, נאָך אַזעלכע ניסים. מײַן מאַמע האָט נישט געקענט אויסריידן קײַן וואָרט און מײַן טאַטע האָט געשריִען: „זעט נאָר, מענטשן גוטע, איך האָב געפונען מײַן אַלטיטשקע. זי איז אַנטלאָפן פון מיר. אַכט און פערציק יאָר האָט זי אָפּגעוווינט מיט מיר און איז אַנטלאָפן, און איך האָב זי אַפילו אין דעם גהינום געפונען...״ אַרום און אַרום זענען געשטאַנען מענטשן און האָבן געלאַכט. זיי האָבן געקוקט אויף דעם דאָזיקן גליקלעכן, אַזוי משוגע געוואָרענעם פּאָר פרייד — אַלטיטשקן, און האָבן געלאַכט. מ׳האָט געדאַרפט קענען מײַן טאַטן. ער האָט געקאָנט צווינגען מ׳זאָל לאַכן, זייער גוט געקאָנט.

אין צווײ טעג אַרום, אינדערפרי, זענען מיר אָפּגעשווימען פון אָדעס, און דעם צווייטן טאָג האָט מען די שיף דערטרינקען. מיר האָבן געהערט דעם געוואָי פון די אַוויאָנען פונדערווײַטנס. מײַן טאַטע איז נישט געווען פון די דערשראָקענע, נאָר דאָ איז ער בלייך געוואָרן, ער האָט מיך אַרומ־גענומען און געזאָגט:

— נו, טאָכטער, באַהיט גאָט, נאָר געדענק, — דו מיט אָסינקען דאַרפט איר נאָך לעבן, נאָך אַ סך לעבן... גרישע וועט זיך אומקערן פון דער מלחמה וועט ער פרעגן, ווו איז דער זון. וואָס וועל איך אים זאָגן, האַ? — און ער האָט זיך צעוויינט, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זיך צעוויינט...

די מומע זינגע ווישט שוין לאַנג נישט אָפּ די טרערן, מײַן מאַמע האָט פאַרדעכטיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און דער דיאַדיע סטיעפּאַן וואָרטשעט:

— עך, וויַיבער, וויַיבער...

און נאָר ביַי דער מומע ליובען זענען די אויגן האַרטע, טרוקענע, טרערנ־לאָזע, ביז צום סאַמע דנאָ.

די שיף האָט געברענט, און אונדז האָט מען שוין נישט אַרויסגעזעצט נאָר אַרויסגעשליַידערט אין רעטונגס שיפלעך. דער דיַיטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק און האָט אונדז גענומען באַשיסן, ער האָט געקנאַקט גליַיך אין די שיפלעך. מער האָב איך מיַינע אַלטע נישט געזען.

וויַיטער דערציילט שוין נישט די מומע ליובע — וויַיטער איז שוין נישטאָ וועגן וואָס צו ריידן: מ׳איז געפאָרן, ווי אַלע אַנדערע, און מ׳איז דערפאָרן, ווי אַלע אַנדערע. איצטער וועט אַוועקגיין אַ וואָך אָדער אַ חודש, ביז די מומע ליובע וועט נאָכאַמאָל אָנהייבן איר געשיכטע. און נאָכאַמאָל וועט אַ כליפּע טאָן די מומע זינע, און די מאַמע וועט עפּעס אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, און דער דיאַדיע סטיעפּאַן וועט אַ וואָרטשע טאָן:

— עך, וויַיבער, וויַיבער...

די גרויסע קענען הערן, זיי קאָנען אָן אַ סוף דערמאָנען איינס און דאָס זעלבע — זיי זענען געדולדיקע.

## אַ געהיימע באַראַטונג

ביַי דימקען האָט געפּלאַצט דאָס געדולד, אַלע זענען אַנטלאָפן פון אים, אַלע האָבן סודות. אמת, נאַדיע האָט אים היַינט פאַרטרויעט אַ וויכטיקע אַרבעט, און דימקע פאַרגעטערט פּשוט וויכטיקע אויפגאַבן.

גאַנצפרי האָבן די מומע ליובע און אָסיע אונטערגענומען אַ געוועש. זיי האָבן צעהאַנגען דאָס גרייט און פאַרן אַוועקגיין, אָנגעזאָגט אָסיקען מיט נאַדיען זיי זאָלן עס היטן. נאָר יענע זענען געווען פאַרטועט מיט עפּעס זייער דרינגענדע ענינים, און דימקע, באַקומענדיק אַ מתנה פון זיַין שוועסטער עפּעס אַ לאַנג אויסגעבעטן בלוי שטיקל גלאָז, האָט זיך אַוועקגעזעצט ווי אַ וועכטער ביַי די שטריק — „אינגאַנצן נאָר אויף אַ האַלבער שעה", ווי ס׳האָט אים צוגעזאָגט נאַדיע. דימקע האָט פלייסיק געמאָלן מיטן פינגער מענטשעלעך אויפן זאַמד און צומאָל זיך דערמאָנט אין גרייט. דערנאָך האָט

זיך אים אויסגעוויזן, אַז נאָענט האָט זיך דאָ עמיצער דורכגעשלײַכט: דימקע איז אויפגעשפּרינגען, האָט זיך אַרומגעקוקט — אַרום און אַרום קײַן נפש. נאָר עס פּענכערט זיך אויפן ווינט אָסקיעס העמדל, עס בליאַסקען מיט אָפּגעצוויטעטע פאַרבן די צוויי „יום־טובדיקע״ קליידלעך פון די שוועסטער און עס פּאָכעט כוואַסטקע מיט די אַרבל דאָס איינציקע צווישן די „פּרויען״ און „קינדער״ מענלעכע העמד פונעם פאָטער, אַ בלאָווס, מיט אַ דריוונע שטרײַפּעלע, פּירט זיך אָט דאָס העמד אומרואיקער פון אַלע: אָט פאַרברעכט עס אין פאַרצווייפלונג די הענט, און אָט מיט ברייטע באַוועגונגען וואַרפט עס מיט זיי אין אַלע זײַטן, קלאַפּנדיק גוטברודעריש די שכנים פונעם שטריק.

דימקען האָבן שוין דערעסן די געמעלן אויפן זאַמד. ער הייבט אָן צו פאַרשטיין, אַז נישט אומזיסט האָט אים נאַדיע אַזוי גרינג אָפּגעגעבן דאָס בלויע שטיקל גלאָז: די האַלבע שעה ציט זיך עפּעס פאַרדעכטיק לאַנג. און ווי האָבן זיי עס געקאָנט אַלע אַהינקומען? דימקע טראַכט אָנגעשטרענגט, און די פאַריסענע, אין דער הייך, נעז פון זײַנע פּיסלעס קוקן עפּעס שטוי־נענדיקע איןביידע זײַטן.

און אין דער צײַט אין הויף פון דער מומינקע ראַכימע, אונטער דעם אַלטן אָזשינע ביימל, קומט פאָר אַ געהיימע באַראַטונג. אַ געהיימע איז זי נאָר פאַר דימקען, ווײַל עס גייט דאָ די רייד וועגן זײַן קומענדיקן געבורטס־טאָג. אין אַ וואָך אַרום ווערט דימקע פינף יאָר, און לויט יולקעס קלוגע עצה איז באַשלאָסן אים צוצוגרייטן אַ מתנה.

דימקע איז בײַ אונדז דער סאַמע קלענסטער און אין אַלגעמיין... קאָכט זיך יולקע. (יולקעס באַרימטע „אין אַלגעמיין״. וויפל אומגעדולדיקע, נישט דערזאָגטע געדאַנקען זענען פאַרבאָרגן אין אָט דעם וואָרט!) — נו חברה, לאָמיר עס מאַכן טאַקע ווי אַן אמתע „אימענינע״ — היצט זיך אַלץ מער און מער יוליע. — איר ווייסט וואָס פאַראַ אימענינעס מ׳האָט געמאַכט מיר מיט ראַמקען ביז דער מלחמה? מיט אײַנלאַדונגס־קאַרטן, אָפּגעדרוקטע, אין אַ רעמעלע.

— און בײַ אונדז האָט די מאַמע אויף ליאָניעס געבוירן־טאָג אָפּגעבאַקן פּירעשקעס מיט ווײַנשל, — רעדט אַרויס פאַרטרוימט נאַדיע. דו געדענקסט

ליאָניע? דו האָסט נאָך נישט ליב געהאַט קײַן צוגעברוינטע, דאָס אָנגעפּילטע האָסטו אויפגעגעסן, און דאָס איבעריקע האָסטו געגעבן באָביקן.

— אָט בין איך געווען אַ טיפּש — באַדויערט ליאָניע. — איך וואָלט איצטער אַ גאַנצן פּוד צוגעברענטס און איבערגעברענטס אויפגעגעסן, אַפילו אָן אַ ביסל געפילעכטס.

— און מײַן געבוירן־טאָג איז פּונקט צום נײַעם יאָר, אײַנאײנעם מיט דעם טענענביימל, בײַ אונדז פלעגט זיך שטענדיק צונויפקומען אַ פולע שטוב. מיר, איך מיט דער מאַמען האָבן באַפּוצט די יאָלקע, און די באָבע האָט צוגעגרייט פאַרשידענע עסנוואַרגן. אַלע האָבן געגעסן, געגעסן, געגעסן — און אַלצ־איינס איז געבליבן אַ פולער טיש. הײַנט וויפל ברויט... — אָסקע צעשפּרייט אין דער ברייט די הענט, נאָר אים דוכט זיך אַלץ, אַז מיר וועלן נישט פאַרשטיין, וויפל ברויט עס איז בײַ זיי געווען. ער מאַכט אַן ענטגילטיקן שטריך אין שטויב און טרעט אָפּ צוויי טריט אויף קריק.

— ברויט ווי פונדאַנען ביז דאַנען. קיינער האָט זיך אויף דעם אַפילו נישט אומגעקוקט: עס וויפל דו ווילסט. אָט דאָס איז געווען אַ געבוירן־טאָג.

— וואָס האָט איר זיך אַלע עפּעס אַזוי צעלאָזט! — „ביז דער מלחמה, ביז דער מלחמה"... שרײַט יולקע — מיר'ן קויפן דימקען אַ מתנה צי ניין?

— „קויפן". נו און געלט? און ווו וועסטו קויפן?

— קויפן קאָן מען נאָר זונטיק אויפן מאַרק. און געלט וועלן מיר קריגן.

— פון וואַנען?

— מיר וועלן אַלע בעטן געלט אויף קינאָ. נו, מיר'ן זאָגן, אַז מיר ווילן, אַז מיר ווילן זייער שטאַרק גיין אין קינאָ, ווען ס'איז פאַר קינדער, און אַליין — גלייך אין מאַרק.

— מיר וועלן האָבן זייער ווייניק געלט — אויסחשבונדיק אין געדאַנק, זאָגט ליאָניע.

— סע גאָרנישט, — פאַרלירט זיך נישט יוליע. — איך האָב אַ ביכל מיט באָטן, וועלן מיר עס אויך אויסבײַטן.

— מיט וואָס איז דאָס ביכל דײַנס?

— מיט מוזיקאַלישע איבונגען. דאָס איז פאַר די, וואָס ווילן זיך לערנען שפּילן אויפן פאָרטעפּיאַן.

— גוט, באַשליסן מיר, — נעמען מיר דאָס „מוזיקאַלישע״ ביכל אויך.

— און וואָס וועלען מיר קויפן דימען? אינטערעסירט זיך מעשה באַלע־באָסטע נאַדיע. אפשר אַ העמדל.

— ווילסט דווקא! פאַר פופצן רובל — אַ העמדל.

— איז אויב אַזוי אַ שפּילעכל, אָבער אַן אמתדיקס, ווי ביז דער מלחמה.

— שוין געגוג... יולקע האָט נישט ליב קיין פּוסטע שמועסן.

— מירן שוין זען זונטיק, איצט הערט: לכבוד דעם געבוירן־טאָג דאַרף מען מאַכן אַ פייערלעכן קאָנצערט. מירן איינלאַדן אַלע, אַלע, כּדי ס׳זאָלן זיין אַ סך צושויער.

— און ווער וועט אַרויסטרעטן?

— ווער?! — צעקאָכט זיך יוליע, — וואָס הייסט ווער? מיר.

— ווייסטו וואָס, יולקע, איך וועל נישט אַרויסטרעטן. ל׳האָבן די מייד־לעך, לייגט פאַר אָסקיע.

— אַלע וועלן אַרויסטרעטן.

— איך וועל בעסער אָנגנבענען עטלעכע עפּל פון פּולאָטס גאָרטן.

— עפּל וועסטו ברענגען און אַרויסטרעטן וועסטו אויך.

— איך קען נישט זינגען!

— און אַ לידל אויף אויסנווייניק?

— אַהאַ, קיין איינס אַפילו נישט, — פריידט זיך אָסקיע.

נאָר יוליע לאָזט זיך נישט אָפּ, אינגיכן ווערט קלאָר, אַז יעדער איינער פון אונדז קאָן אַנטייל נעמען אין קאָנצערט.

אויפן אַנדערן טאָג, אונטערן אַלטן אָזשינעביימל גייט די ערשטע רע־פּעטיציע. עס גרייט זיך אַ גאָר רייכער פּראָגראַם. יוליע אַליין כּמעט נישט וויניקער פון פינף געדיכטן. נאַדיע, מיט אַ דינטשיק קעלעכל, זינגט „דאָס בלויע איינפאַכע טיכעלע״ און איר קול רייסט זיך, די גאַנצע צייט, איבער אויף איינעם און דעם זעלבן אָרט. אָסיק, צו אונדזער שטוינונג, קאָן מאַכן אַ „בריקל״ און גייען אויף די הענט, און יולקע קלעבט אים צו: „דעם באַרימטן אַקראָבאַטישן עטיוד״. איך זאָג אַ משל „די גריל און די מערעשקע״, און באַזונדערס באַקומט זיך ביי מיר גוט די לעצטע צוויי שורות:

האָסט געזונגען — זייער פײַן,
איצט טאַנץ אַרויס און טאַנץ אַרײַן!

ליאָניע קאָן נישט גאָרנישט, דעריבער באַטייליקט ער זיך נאָר אין כאָר (דיריגענט און אָנפירער יוליע) און, לסוף, אונדזער קרוין־נומער — די פיעסע „בים און באָם" (רעזשיסער און אויספירער פון דער הויפּט־ראָל אַלץ די זעלבע יולקע).

אויפן דריטן טאָג פון דער רעפּעטיציע באַווײַזט זיך נעבן פּלויט אַ טונקל מיידעלע מיט אַ פּילפּאַרביק קליידעלע, אין ברייטע הויזן, מיט אַ סך דינענקע, ווי שלענגעלעך, צעפּעלעך.

— אַגולדזשאַן, — דערפרייט זיך יוליע, — קום צו אונדז.

אַגולדזשאַן טראַכט אַ ווײַלינקע און פּאָכעט צו עמיצן מיט דער האַנט. נעבן פּלויט באַווײַזן זיך נאָך עטלעכע מיידעלעך. יוליע שמועסט זיך נישט לאַנג אַדורך מיט זיי אין אַ געמיש פון רוסישע און אוזבעקישע ווערטער.

— יאַקשי, יאַקשי[1] שרײַען אין כאָר די מיידעלעך.

— זיי וועלן אויך אַרויסטרעטן אויפן קאָנצערט, — מעלדעט אונדז אַ גליקלעכע יוליע.

— מײַנע אויך זײַן, קאָנצערט זײַן, — פרייען זיך די מיידעלעך.

אַגולדזשאַן און אירע חברטעס אינטערעסירן זיך אַפילו נישט, צוליב וועלכער געלעגנהייט ווערט אונטערגענומען אָט דער „קאָנצערט זײַן".

אגבֿ, און מיר טראַכטן איצטער אַמווייניקסטן וועגן דעם הויפּט שולדיקן פון דער פײַערונג. פּשוט און פּראָסט — עס געפעלן אונדז די רעפּעטיציעס. פּשוט — מיר ווילן אַביסל פריילעך מאַכן די עלטערע. פּשוט — ס'וויל זיך אַמאָל זינגען און זאָגן עפּעס אויף אויסנווייניק, און זיך דורכשפּאַצירן אויף די הענט, אַפילו אַז ס'וואַרט אויף אונדז נישט טאָקע אַזאַ אמתער „געבורטס־טאָג"...

---

1 יאַקשי — אוזבעקיש — גוט.

## דער געבורטס־טאָג

דאָס קעמל איז אַ גענוג שאַלקהאַפטיקע חיה. כאָטש מען רופט אים אָן די שיף פון דעם מדבר, שפּײַט ער ווי אַ גאַסן־ייִנגל, ניין, ווי גאַנצע צוויי הונדערט גאַסן־ייִנגלעך, אינאיינעם גענומען.

אָסקיען איז נמאס געוואָרן זיך צו שלעפּן מיט אונדז אויפן מאַרק: בײַם אָנהייב האָט ער זיך פאַרהאַלטן בײַ די רייען מיט די פרוכטן און, מאַכנדיק אַ מינע פון אַ „דערוואַקסענעם״ האָט ער זיך געדיכט געלאָזט פאַר־זוכן פון דער סחורה. נאָר ס׳איז אים נישט געגאַנגען: די פאַרקויפערינס האָבן גאַנץ געניט אונטערשיידט „די פאַרזוכערס״ — און זיי זענען געווען די מערהייט — פון די אָנשטענדיקע קויפערס.

אָסקיע, באַטראַכטנדיק מיט בענקעניש די נישט צוטריטלעכע געשמאַקע נאַשערײַען, האָט זיך פון קלעמעניש גענומען רייצן דעם אַלטן, אָפּגעקראַ־כענעם קעמל, וואָס האָט אָפּגערוט נעבן דער אַרבע. דאָס קעמל האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף אָסקיען, נאָר, עס זעט אויס, אַז סוף כל סוף, האָט בײַ אים אויך געפּלאַצט דאָס קעמלישע געדולד: ער האָט אַ שפּײַ געטאָן, אויסגיסנדיק דערמיט זײַן צאָרן אויף אַלע געוויסנלאָזע מענטשן. אָסקיע האָט באַוויזן אָפּצושפּרינגען, און דער קרבן איז געפאַלן אַ קליינינקע אַל־טיטשקע, וועלכע איז אַדורכגעגאַנגען דערנעבן. די אַלטע האָט זיך נישט פאַרלוירן און איז אָנגעפאַלן אויף אָסקיען, אויסשיטנדיק אויף אים די תּוכחה האַלב רוסיש — האַלב אוזבעקיש.

עס איז געוואָרן אַ רעש. אַרום דעם צעטומלטן אָסקיען און דעם צעבור־שעוועטן קרבן פונעם קעמל האָט זיך צונויפגענומען אַ גאַנץ געזעמל. אין דער צײַט האָבן מיר אויך באַמערקט אָסקיען נעלם ווערן, און מיר האָבן זיך אים גענומען זוכן, האָבן מיר דערזען אַ המון מענטשן אַרומרינגלען עפּעס אַ פאַרלויף.

די זשוואַווע יולקע איז תּיכּף אויסגעוואַקסן צווישן עולם, אַ ווײַלינקע געשטאַנען, זיך צוגעהערט וואָס דאָ קומט פאָר, און נישט אַרײַנלאָזנדיק זיך אין איבעריקע פּרעגענישן, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אָסקיען בײַ דער האַנט און איז פאַרשוווּנדן מיט אים.

לאָמיר שטעלן פיס — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן צו אונדז.

מיר האָבן אָפּגעדעכעט ערשט אויפן צווייטן עק מאַרק, נעבן די „אַלט־וואַרג קרעמלעך”, ווו מ'האָט געהאַנדלט מיט אַלץ, נאָר נישט מיט קיין עסנוואַרג.

— ס'איז גוט צו גיין מיט אײַך, — האָט געוואָרטשעט יולקע.

— מירן זיך שוין אומקערן אַהיים אָן אַ מתנה. זאָג נאָר, וואָס פּלוצים האָט עס דיך פאַרטראָגן אַזש אַהין? — איז זי אָנגעפאַלן אויף אָסקיען.

— ווו אַהין, ווו? מיר האַלטן אין איין גייען, און קויפן, קויפן מיר במילא גאָרנישט.

אָסקיע אַ פאַרקלעמטער פון דעם נישט געראָטענעם אָנגריף זייַנעם אויף די פּרוכטן־רייען, האָט זיך געהיצט בײַ יעדן וואָרט.

די זון האָט אַזוי געסמאַליעט אונדזערע קעפּ, אַז ס'האָט געבריט די הענט זיך צוצורירן צו זיי. די אָנגעגליטע ערד האָט געבראָטן אונדזערע באָרוועסע פיס. מיר זענען געגאַנגען טרויעריקע און מיט בענקשאַפט באַטראַכט די פּאַטעפאָנען מיט די פּלאַטן, אָפּגעריבענע שיכלעך אויף זייער הויכע קנאָפּעלעך, פאַרשידנפאַרביקע קליידלעך, רעמעלעך, געשטרײַפטע היטעלעך און אַנדערע קלייניקייטן, וועלכע זענען אַדורך פאַרשידענע וועגן אָנגעקומען אויף דעם דרויבל אוזבעקישער ערד, וועלכע הייסט „באַראַ־כאָלקאָ”.[1]

— זע נאָר, יולקע, זע נאָר! — האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט נאַדיע. — סאַמע נעבן אונדזערע פיס איז געלעגן אַ פּושקע מיט קוביקעס, עכטע, נאָך ביז מלחמהדיקע. מיר האָבן זיך אַלע אַראָפּגעלאָזט אויף די טרינעשקעס.

— דאָס איז דאָס מײַסעלע וועגן „רויטן היטעלע”, — יוליע האָט נישט געטראַכט קיין סך און אַרויסגעצויגן אַ קאָרטינקעלע,[2] ווו דאָס רויטע היטעלע גייט אַליין אין וואַלד, און האָט זיך צונויפגעשטעלט טאָקע אַזעלכעס פון די קוביקעס. און אָט האָט דאָס היטעלע באַגעגנט דעם וואָלף. יולקע האָט פלינק איבערגעדרייט די קוביקעס — ס'האָט זיך צונויפגעשטעלט אַ נײַע קאָרטינקע.

— און ווו איז דעם וואָלפס עק? — האָט באַמערקט ליאָניע. טאָקע אין

1 „באַראַכאָלקאָ” — רוסיש: אַ פּלאַץ ווו מ'פאַרקויפט אַלטוואַרג.

2 „קאָרטינקעלע” — יידיש: אַ בילדעלע.

אַן אמתן. איינס פון די קוביקעס האָט פאַרשעמט באַהאַלטן אַ הילצערן זיפּטעלע: דער וואָלף איז נעבעך געבליבן אָן אַן עק.

— געווגט געבויבלט זיך דאָרטן, — איז ברוגז געוואָרן די באַלעבאָסטע פון דעם גאַנצן „גוטס". — אָדער איר קויפט, אָדער נישט?

— מיר קויפן! מיר קויפן! — האָבן מיר געענטפערט אַלע אין כאָר — וויפל קאָסט עס?

— דרייַסיק רובל.

— אַהאַ!

— איר גייט אַוועק אין אַ זייַט, — האָט זיך יוליע נישט פאַרלוירן, — און איך מיט נאַדיען וועלן רעדן.

— טיאָטיע, מיר פאַרמאָגן אינגאַנצן נאָר פופצן רובל, — האָט תחנונים־דיק זיך צעלאָזט נאַדיע, נאָר יוליע האָט איר שטיל אַ שטורכע געטאָן אין דער זייַט.

— ווי קערן דאָ אַהער פופצן רובל? פּשוט די קוביקעס זענען אַלטע, אָט יענער האָט אַפילו קיין עק נישט.

— צוואַנציק. און פאַרדולט מיר מער נישט דעם קאָפּ.

— מומע, איר דאַרפט האָבן אַ ביכל מיט מוזיקע? זייער אַן אינטע־רעסנע.

— אַזעלכע פּריטשעפּקעס. נו, ווייַז שוין די מוזיקע דייַנע.

יוליע האָט אויסגעשטרעקט די פופצן רובל און דאָס בוך „מוזיקאַלישע איבונגען פאַר פאָרטעפּיאַן".

— גוט, גאָט וועט שוין דערגעבן, נעמט.

יוליע האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּושקע מיט די קוביקעס און אינאיינעם מיט נאַדיען זיך געלאָזט לויפן.

— היי, מיידלעך, מיידלעך! האָט זיך דערטראָגן צו זיי דאָס קול פון דער פרוי.

— נאַדיע זי האָט זיך שוין ווידער איבערגערעכנט.

— קום לאָמיר גיין ווייַטער גלייַך ווי מיר הערן נישט.

— ס'פּאַסט נישט, זי זעט דאָך אונדז.

די מיידעלעך האָבן זיך אומעטיקע אומגעקערט צוריק.

— נעם, טאָכטער דײַן בוך. מיר פעלט נישט אויס דײַן מוזיקע, און דיר וועט זי נאָך צונוץ קומען. נו, וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? גייט געזונטערהייט.

— אַי, מומע טײַערע, אַ גרויסן דאַנק.

מיר זענען פריילעך געוואָרן. די קוביקעס האָבן מיר געטראָגן אַהיים לויט דער ריי, קיינער זאָל נישט זײַן געקריוודעט.

דעם עק פון דעם וואָלף קאָן מען צומאָלן — האָט פאַרגעלייגט ליאָניע.

— ווייסט איר וואָס, לאָמיר בעסער אויפן אָרט פונעם עק אָנמאָלן אַ פאַשיסטישן צייכן. עס שטייט אַ וואָלף און פאַכעט מיטן האַקנקרײַץ. ס׳עט זײַן טשאַקנדיק.

וואָס, וואָס, נאָר אָסיק טראַכט שטענדיק צו עפּעס, נײַעס.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט אויפדערנאַכט צונויפצוקומען בײַ יוליען רעפּעטירן און אַלע אינאיינעם באַגריסן דימען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַדיע האָט זיך געיאָוועט צו יוליען אַן אויפגערעגטע ביז טרערן: לאָזט זיך אויס אַז די עלטערע שוועסטער האָבן זי שיעור נישט מיט געוואַלט אַוועקגעשיקט פון דער שטוב און איר געהייסן קומען ערשט אויפדערנאַכט אינאיינעם מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע. זיי, ווי ס׳זעט אויס, גרייטן צו עפּעס אַ סיורפּריז און האָבן מורא, אַז באַדיע זאָל זיך נישט צעפּלוידערן וועגן דעם.

— אַ קלייניקייט, סודות, — וואָרטשעט באַדיע, — ס׳אינטערעסירט מיך אַפילו נישט. ט׳וועט איר זען, איך וועל אינגאַנצן נישט קומען אַהיים, איך וועל שלאָפן אין גאַס אָדער אַנטלויפן אין שטאָט אַרײַן — און ל׳האָבן זיי מיך דעמלט גייען זוכן. זיי וועלן זיך נעמען באַאומרואיקן, לויפן אין מיליציע, און איך וועל שוין האָבן לאַנג געשטאָרבן. אַך, וואָס וועט דעמלט זײַן! אַלע וויינען, וואַליע מיט אָסקיען העכער פון אַלע: „און פאַרוואָס האָבן מיר זי, אָרעם קינד, באַליידיקט? וואָס פאַר אַ גוטע און צערטלעכע זי איז געווען?“ און איך ליג אין קאַסטן און הער...

— דו ביסט דאָך אַ טויטע, — שלאָגט איר איבער אָסיק, — דו הערסט גאָרנישט.

— נו, לאָמיר זאָגן, אַז איך הער.

— גוט נאַדיע, מיר האָבן זיך אויך אונדזערע סודות, באַרואיקט זי יוליע. ל'האָבן מיר בעסער אַ טראַכט טאָן, ווער וועט באַגריסן דימקען?

מיר באַשליסן, אַז בעסער פון אַלע וועט עס קאָנען טאָן יוליע. מיר וועלן קומען אַלע אינאײנעם, דערנאָך וועט יוליע אונטערטראָגן דימען די קוביקעס, זי וועט אים באַגריסן, ווינטשן אים פון הערן און געדענקען (זאָל זי שוין בעסער אַליין צוטראַכטן, וואָס צו זאָגן דעם בעל־יובל), און דערנאָך וועט זיך אָנהייבן אונדזער קאָנצערט.

די לעצטע רעפעטיציע — און מיר לאָזן זיך אין אַ פײַערלעכער פּראָצעסיע גלײַך צו די קלימאָװוס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געשען דאָס סאַמע שרעקלעכסטע: יולקע, האָט ווי אַ בלינדע, אַרײַנגעשטופּט דעם בעל־יובל די מתּנה און האָט אים נישט געזאָגט קײַן איין וואָרט. זי האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אין בעל־יובל. זי איז די ערשטע אַרײַן אין צימער, האָט אַ קוק געטאָן אויפן טיש — און איז פאַרהילצערט געוואָרן.

די פּייע פון דעם מײַסעלע וועגן דעם „שלומפּערל" וואָס האָט פאַרוואַנדלט אַ קאַבאַק אין אַ קאַרעטע, און שטשורעס — אין פערד, איז פּשוט אַ שלאַבעריקע, אַלטיטשקע אין פאַרגלײַך מיט דימקעס שוועסטער.

אויפן טיש אינאײנעם מיט דעם מעליקן זופּעכץ פון אָזשינעס, אינאײנעם מיט די פאַרדאַרטע און פאַרקוואַרטע, ווי שפּענדלעך, לעפּיאָשקעס פון דזשוגאַראַ,[1] זענען געשטאַנען שיסעלעך מיט אמתע צוגעברוינטע, סאַמע סאַמעדיקסטע אין דער וועלט — קנישיקלעך.

צום אונטערשייד פון דעם שלומפּערל האָבן מיר נישט געשטוינט פון אָט דעם וווּנדער. מיר האָבן פּשוט און פּראָסט זיך תּיכּף צוגעזעצט צום טיש: עס האָט אונדז נישט געקלעקט קײַן כּוח און געדולד, לאַנג זיך צו באַגײַסטערן. און ס'איז אונדז גאָרנישט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען, אַז ליאָניעס שוועסטער

1 דזשוגאַראַ — אין אוזבעקיסטאַן אַזאַ ווײַס פּאַפּשוימעל.

האָבן אַ גאַנצן חודש נישט גענומען אויף זייערע קאַרטן קיין ברויט, כּדי צו דימקעס געבוירן־טאָג, באַקומען אויף זיי מעל.

נישט געפערלעך. וואָס איז דאָ אַזוינס באַזונדערס? נישט מער וואָס פאַר דעם חודש, זענען די דיבינקע וואַליע און אַסיע געוואָרן נאָך דינער.

און מיר פאַרגעסנדיק זיך צו פירן כאָטש אַ ביסעלע אָנשטענדיק, האָבן געריבן אויף ביידע באַקן. מיר האָבן געקייַכט אָן אַ שום סיבה, מיר האָבן פריילעך געשטויסן איינס דאָס אַנדערע מיט די עלנבויגנס, מיר האָבן גע־קלאַפּט מיט די פיס אונטערן טיש — מיר זענען פּשוט שיכּור געוואָרן פון די קנישיקלעך.

דער בעל־יובל האָט אַליין גענומען דערמאָנען וועגן זיך. ער איז פאַר־זיכטיק אַרויסגעקראָכן פון אַ הינטערן טיש און גענומען אַרומגיין אַלע געסט. דאָס מויל איז געווען בייַ אים אָנגעשטאָפּט מיט קנישיקלעך, און דערפאַר האָט ער שווייַגנדיק ממש נישט גערוקט, יעדן איינעם, שיעור נישט אין דער נאָז אַרייַן, זייַנע פיסלעך, אָנגעטאָענע, ס'האָט געדאַרפט הייסן, אין בייַע סאַנדאַלן. אַפּנים, איבער די פּיסלעס אין וועלכע דימע האָט אַרומגעשפּאַנט דעם גאַנצן זומער, זענען די פיס בייַ אים געווען ווי אָפּגעפאַרבטע אין צוויי פאַרבן: פונעם טריט ביז צו דער קני — ווייַסע, און העכער פון די קני — ברוינע און צעביסענע פון די קאָמאַרן. ער איז געווען „פאַרפּוצט" אין אַ נייַ העמדל, איבערגעבלייבן פון דער מומע ליובעס אַן אַלט קליידל. מיט איין וואָרט, דימקע האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער בעל־יובל.

---

די ערשטע איז געקומען צו זיך יוליע.

— געוואוג געקייַעט, — האָט זי אונדז אַ שושקע געטאָן. — מ'דאַרף די גרויסע אויך עפּעס איבערלאָזן. נו און אין קאָנצערט האָט איר שוין פאַר־געסן?

מיר האָבן זיך פאַרשעמטע גענומען אַרויסקריכן פון נעבן טיש, און יוליע האָט ווידער גענומען אויספּילן אירע פליכטן פון אַ קאָמאַנדיר.

— אַ דאַנק — האָט זי זיך אַ בייג געטאָן צו וואַליען און אַסיען — מיר וועלן הייַנט האָבן אַ פייערלעכן קאָנצערט. קומט אַלע.

— מירן קומען, מירן קומען, אַרטיסטן, — האָט זיך צעלאַכט דער פעטער סטיעפּאַן. — מיר וועלן אומבאַדינגט קומען.

דער עולם האָט זיך געשטופּט, טאַקע ווי אין אַן אמתן טעאַטער. חוץ אונדזערע מאַמעס און די קלימאָווס, זענען געקומען אויך שכנים פון אַנדערע שטיבער. מ׳האָט געשלעפּט מיט זיך בענק און בענקלעך, און מ׳האָט זיך צעזעצט ראַשיק, אַזוי ווי סע פּאַסט טאַקע פאַר אַ טעאַטער. ס׳איז פּשוט געווען אומפאַרשטענדלעך, פון וואַנען האָבן זיך עס אַלע דערוווּסט וועגן קאָנצערט.

צוויי בענקלעך און אַ לײַלעך וועלכעס האָט געהאָנגען צווישן זיי, האָבן איינצײַטיק פאַרביטן אי דעם פאָרהאַנג, אי די קוליסן, אונטער וועלכע מיר, זיצנדיק אויף די טרינישקעס, כּדי אונדזערע קעפּ זאָלן זיך נישט אַרויסזען, האָבן געהערט די לעצטע אָנווײַזונגען פונעם „רעזשיסאָר”.

— איך קאָן שוין מער נישט זיצן מיט אײַנגעבויגענע קניִעס, האָט געקרעכצט דער לאַנגער ליאָניע.

— נו גוט, שטיי אויף, שטיי אויף! — האָט אָפּלאַכעריש אים געענטפערט יוליע. ל׳האָבן דיך אַלע זען. וועסט איינער אַרויסשטאַרצן פון אונטערן פאָרהאַנג.

— איך וועל נישט אַרויסשטאַרצן, איך וועל אַוועקגיין.

— ליאָנקע, ווייסט וואָס... האָט ממש געפּינעט פון צאָרן יוליע.

— און דער כאָר ווו איז?? דו ביסט זיך אין כאָר. מירן אָפּזינגען צוויי לידער — און וועסט דיר גייען.

— יוליע, זע נאָר וויפל עולם, — האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ נאַדיע, אַרויסקוקנדיק פון אונטערן לײַלעך אין „זאַל”. — אוי, עפּעס גראָבלט מיך אין האַלדז, איך וועל אַפּנים נישט קאָנען זינגען... לאָמיך בעסער שפּילן מיט דיר אין דער פּיעסע.

— עפּעס אַ נײַע טיאָטיע... איז געקומען, — האָב איך באַמערקט אַ נאָר וואָס אָנגעקומענע הויכע פרוי.

יולקע האָט געכאַפּט אַ קוק און איז פאַרשטאַרט געוואָרן:

— דאָס איז דאָך מײַן מאַמע... און ראָמקע איז אויך געקומען. ווי אַזוי האָבן זיי זיך דערוווּסט?

יולקע איז אַפילו בלייך געוואָרן פון אויפרעגונג. און דאָ, בין איך מיטאַמאָל געוואָרן דער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפולט דעם בעכער פון איר געדולד.

— יוליע, — האָב איך אַ פּישטשע געטאָן, דערזעענדיק אַזויפיל עולם — דוכט זיך, כ׳האָב פאַרגעסן דעם אָנהייב פונעם משל.

יוליע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַזאַ מין עקל, גלייַך ווי זי זאָל האָבן דערזען אַ צעטרעטן פּרעשל, — און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן.

דעמלט, פאַרגעסנדיק אין אַלע וואָרענונגען („וועסט אַליין אַרויס־שטאַרצן פון אונטערן פאָרהאַנג״) האָט זיך אויפגעהויבן דער שטענדיק געלאַסענער ליאָניע און האָט אַ רעווע געטאָן:

— וואָס האָט איר זיך עס אַזוי צעקאַווטשעט אַלע! לאָז יעדער טאָן, וואָס מ׳האָט אים געהייסן, אַנישט... ליאָניע האָט אונדז אַלע לויט דער ריי, געגעבן אַ שמעק טאָן זייַן קולעק.

— איר האָט פאַרשטאַנען?

ס׳איז שוין געווען צייַט אָנצוהייבן דעם קאָנצערט.

אונדזער שרעק איז געווען אָן אומזיסטיקע. דער קאָנצערט איז געגאַנגען מיט אַ גרויסן דערפאָלג. יולקע האָט אָפּגעזאָגט די געדיכטן ווי אַן אמתע אַרטיסטין, דאַקעגן איך האָב די ערשטע העלפט פונעם משל אָפּגעקנאַקט, ווי פון אַ פּולעמיאָט, נאָר דערנאָך האָב איך מיטאַמאָל דערהערט יוליעס שעפּטשע: „אייַל דיך נישט״ — און האָב אַזוי לאַנגזאַם אויסגעצויגן „דר האָסט געזונגען שוועסטערקע, — דייַן עסק, איצט זיי מוחל טאַנץ״ אַז אַלע אַרומיקע האָבן זיך צעלאַכט.

דערנאָך איז אַרויסגעטראָטן נאַדיע. אַ בלייכע, אַ דערשראָקענע, האָט זי אַלץ געכאַפּט אַ קוק צום לייַלעך, פון וועלכן ס׳האָט זיך דערטראָגן:

— האָב נישט קייַן מורא, נאַדיע, נו, הייב שוין אַמאָל אָן.

נאַדיע האָט אַ הוסטע געטאָן און זיך צעזונגען:

„אַ בלויאינק, באַשיידן טיכל
גליטשעט זיך פון די אַראָפּגעלאָזטע אַקסל...״

אויף דעם אָרט, האָט לויט יוליעס פּאַרטראַכט, נאַדיע געדאַרפט אַראָפּוואַרפן פון די אַקסל דאָס טיכל, כּדי עס זאָל טאַקע אין אַן אמתן אַראָפּפאַלן. נאַדיע האָט נישט פאַרגעסן אין דער אָנווייַזונג פונעם רעזשיסער, נאָר, פאַרהילצערט ווערנדיק פון שרעק, האָט זי אַזוי שלימיסטע אַ שלעפּ געטאָן דעם עק פונעם טיכל, אַז ס׳האָט בשום אופן זיך נישט געוואָלט אַראָפּגליטשן... דאָס שווערע אַלטע טיכל (קיין בלויס באַשיידנס און לייַכטס האָט מען נישט געפינען) ווי אַ לעבעדיקס האָט זיך עס אָנגעטשעפּעט אין נאַדיעס אַקסלען.

צווישן די צושויערס האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער. און דעמלט האָט זיך נאַדיע צעכעסט: זי האָט אַזש אַראָפּגעריסן דאָס שלימזלדיקע טיכל, עס אַ שלייַדער געטאָן אונטער די „קוליסן", אָנגעהויבן דאָס ליד פון אָנהייב און עס בשלום דערזינגען ביז צום סוף.

דער סאַמע גרעסטער דערפאָלג איז אויסגעפאַלן דעם „אַקראָבאַטישן עטיוד" אין דער אויספירונג פון אָסיע פּאָלאָנסקי. אָסקיע האָט זיך אַזוי צעלאָזט, אַז ער איז אַזש אַראָפּ פון דער „בינע" אויף די הענט. אויך אָגיולדזשאַן האָט נישט אונטערגעפירט. זי האָט אײַנאײַנעם מיט די מיידעלעך אויסגעפירט אַן אוזבעקישן טאַנץ, און דערנאָך האָט זי נאָך אָפּגעזונגען אַ שפּאַסיק לידעלע.

ענדלעך איז אויף דער „בינע" אַרויסגעקראָכן „דער כאָר". מיר האָבן לאַנג זיך אויסגעהוסט און פאַרזיכטיק איבערגעטרעטן מיט די — פון זיצן אַזויפיל אויף די טרינישקעס — פאַרשטאַרטע פיס. נאָר ערשט איצט האָבן מיר דעזען יולקעס ברודער. אַ בלוי־אויגיקער, אַ ליכטיק־האָריקער, איז ער געווען שיין, ווי אַ פּרינץ פון די מעשהלעך, און איז גאָרנישט ענלעך געווען אויף זייַן שוועסטער. ראָמאַן האָט אונדז מונטערנדיק אַ ווינק געטאָן, נאָר אַלצאײַנס האָבן מיר געזונגען שלעכט, כאָטש יוליע האָט דיריזשירט מיט אַלע כּוחות. און דעמלט איז ראָמאַן (לויט יולקען — ראָמקע) צוגעגאַנגען צו אונדז און האָט געפרעגט:

— וואָס איז בײַ אײַך ווײַטער אין דער פּראָגראַם?

— „די הייליקע מלחמה".

— אָ, אַזאַ ליד דאַרף מען זינגען אָדער ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, אָדער שוין בעסער גאָרנישט זינגען. נו, ווי מיינט איר?

— מירן זינגען ווי ס'באַדאַרף צו זיין.
און מיר האָבן עס אַ זינג געטאָן:

שטיי אויף, מעכטיק לאַנד!
שטיי אויף, צום גרויסן שלאַכט.

עמיצער פון די צוהערער האָט אונטערגעכאַפּט דאָס ליד, דערנאָך אַ צווייטער, אַ דריטער, און עס האָט זיך צעהילכט מיט אַזאַ קראַפט, אַז אונדזערע שטימען זענען דערטרונקען געוואָרן אין אַלגעמיינעם כאָר פון די עלטערע. און ווען דאָס ליד האָט זיך געענדיקט איז געוואָרן אַזאַ שטילקייט, אַז מ'האָט אַפילו געהערט, אַ דיבינקן זשומען פון אַ קאָמאַר לעבן אויער. קיין אַפּלאָדיסמענטן זענען שוין דאָסמאָל נישט געווען — זיי וועלן זיך נישט נעמען, די עלטערע, פּליעסקען זיך אַליין. אַ טשיקאַווע פאָלק אָט די דערוואַקסענע. זיי זיצן עפּעס און שווייגן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך צו עפּעס צוגעהערט. אינטערעסאַנט: צו וואָס? אפשר צום ליד, וועלכעס, כאָטש ס'האָט זיך שוין געענדיקט, זעצט עס פאָר נאָך ערגעץ פאָרט צו קלינגען אינעווייניק ביי יעטוועדן איינעם פון זיי? גאַנץ מעגלעך.

מיר האָבן אַפילו נישט באַמערקט, ווהין און ווען ראָמאַן איז פאַרשווינדן. ער האָט זיך באַוויזן מיטן פידל אין די הענט: ער האָט עס אַ דריי געטאָן, אַ קערעווע געטאָן באַקוועם עס זיך צוגעלייגט צו דעם בערדעלע און אָנגעהויבן שפּילן.

אָט אַ גליקלעכע די יולקע — אַ קלייניקייט פאַרמאָגן אַזאַ ברודער! ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס פידעלע איז אין זיינע הענט אַ כישופדיקס און ס'ברענגט אַליין אַרויס אַזעלכע ווונדערלעכע טענער.

אונדזער „כאָר" האָט זיך שוין לאַנג צעשיט, און די „סאָליסטן" האָט עפּעס מיטאַמאָל אַ צי געטאָן צו די מאַמעס. נאָר ליאָניע און אָסיק זענען געזעסן גלייך אויף דער ערד, אונטערן פידל, ביי די פיס פון יולקעס ברודער. יוליע אַליין האָט זיך צוגעדריקט צו דער מוטער און האָט מיט באַגייסטערונג געקוקט אויף ראָמאַנען. און דאָס פידעלע האָט געזונגען וועגן דער שטאָט, ווו פרילינג שמעקט מיט ליפּע־צוויט און טאַקע ממש נעבן די פיס פון די פאַרבייגייער שלאָגן זיך די שוועלבעלעך און ווו דער טאַטע פלעגט מיך אַלע

זונטיק פירן אין פּופּן־טעאַטער און מיר קויפן אײַזקרעם און לימאָנאַד. דערנאָך האָט דאָס פידעלע דערציילט וועגן דעם, ווי אַזוי דער קריג איז געקומען, און וועגן דעם, ווי אַזוי דער טאַטע האָט געשפּאַנט פאַר די פענצטער פון וואַגאָן, און וועגן דעם מיידעלע נאַטאַשע, וועלכע איז ערגעצווו פאַרפאַלן געוואָרן, און נאָר די סטענגע פון אירע צעפּעלעך איז געבליבן הענגען אויף די טעלעגראַפנע דראָטן.

די מאַמע האָט געהערט, אונטערשפּאַרנדיק די באַק מיט דער האַנט, די טיאָטיע זינע האָט פאַרדעקט די אויגן מיטן שאַלעכל, און נאָר אָסקיעס מאַמע האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם פידלער. און זיי די אָנטרערנ־דיקע גרויסע אויגן אירע האָבן עס ווי געפּרווט דערקלערן אָט די נישט פאַרשטענדלעכע שווערע רעטעניש. דער פעטער סטיעפּאַן האָט אָנגעכמורעט די ברעמען — ער האָט מן־הסתם, געוואָרטשעט פאַר זיך: „עך, ווײַבער, ווײַבער". נאַדיעס שוועסטער אַסיע האָט מיט אַזאַ באַגײַסטערונג געקוקט אויף ראָמאַנען, גלײַך ווי פאַר איר וואָלט טאַקע אין אַן אמתן געשטאַנען אַ מעשׂה־דיקער פּרינץ.

נאָר דער בעל־יובל אַליין האָט גאָרנישט נישט געהערט. דימקע איז געשמאַק געשלאָפן אין צימער אונטערן טיש, און אין דער פינצטערניש האָבן ווי שימערירט זײַנע, נישט אָפּגעברענטע פון די טריט ביז צו די קני, פיס. אַרום אים האָבן זיך אין אומאָרדנונג געוואַלגערט די קוביקעס, און דאָס רויטע היטעלע האָט נאָך נישט געהאַט באַגעגנט דעם וואָלף מיטן פאַשיסטישן צייכן אויפן אָרט פון דעם עק.

## אונדזער באַראָמעטער — „דער טעלער"

איך האָב נישט ליב צו גייען אין קינדער־גאָרטן, כאָטש דאָרטן גיט מען עסן דרײַ מאָל אין טאָג. כ'האָב נישט ליב קײַן רעגנדיק וועטער, כ'האָב נישט ליב קײַן וויטאַמינעווע זופּן, וועלכע מײַן מאַמע האָט זיך אויסגעלערנט צו קאָכן לויטן רעצעפּט פון דער מומע ליובע, נאָר מער פון אַלץ האָב איך נישט ליב דעם שוואַרצן, ווי אַ קראָ, ראַדיאָ־„טעלער".

בײַ די קלימאָווס הענגט ער איבערן בעטל פון פעטער סטיעפּאַן, און

אין די אָוונטן, די דערוואַקסענע, פאַרדעכבנדיק זיך פון מידקייט און פון דער היץ, קוקן אויפן „טעלער״ מיט אומגעדולד. און „ער״, אַרויסוואַרפנדיק קלאָר יעדעס וואָרט, מעלדעט מיט אַן אײַזערנע שטימע:

„...נאָך אָנגעשטרענגטע שלאַכטן האָבן אונדזערע חיילות פאַרלאָזט... לויטן באַפעל פון אונדזער שטאַב־קאָמאַנדע האָבן אונדזערע חיילות פאַר־לאָזט... נאָך פאַרביטערטע שלאַכטן, האָבן אונדזערע חיילות פאַרלאָזט...״

און אין צימער נאָך די דאָזיקע מעלדונגען, ווערט אַ שווערע, דער־דריקנדיקע שטילקייט. פלעגט טרעפן, אַז די טיאָטיע זינע, פלעגט זיך אַ כאַפּ טאָן מיט די הענט בײַם קאָפּ און פרעגן:

— סטיעפּאַן גאַווריליאָוויטש, וואָס הייסט דאָס?

דער פעטער סטיעפּאַן פלעגט אַרויסשלעפּן אַן אַלטע אָפּגעריבענע מאַפּע און עפּעס דערקלערן, מאַכנדיק צייכנס מיטן בלײַשטיפט, לויט זײַנע רייד איז אַרויסגעקומען, אַז גאָר־גאָר אינגיכן וועלן זיך די פאַשיסטן ספּאָטיקעווען אויף עפּעס אַ שטיין, און דערנאָך וועט מען זיי אַזוי טרײַבן, אַז עס וועלן פליִען פונקען פון זייערע פּיאַטעס.

איך, למשל, האָב מיר זייער קלאָר פאָרגעשטעלט, אָט דעם געזונטן, ווי אַ באַרג, שטיין, וועגן וועלכן עס האָט אַזוי אָפט גערעדט דער פעטער סטיעפּאַן. נאָר, זעט איר די מומע זינע, האָט זייער שווער געכאַפּט דעם ווי אַן און ווי אויס, און דעריבער האָט זי טאַקע אין פאָלגנדיקן אויפדערנאַכט ווידער זיך געכאַפּט מיט די הענט בײַם קאָפּ און געפרעגט איינס און דאָס זעלבע.

אָבער די לעצטע צײַט איז שוין דער פעטער סטיעפּאַן נישט מטריח זײַן מאַפּע, און דערקלערט שוין גאָרנישט, און די מומע זינע פרעגט שוין אויך אויף קיינעם נישט און אויך גאָרנישט.

אָסקיע, ליאָנקע און יוליע שווײַגן אויך: זיי איז אַלץ קלאָר, וועגן וואָס עס רעדט דער „טעלער״. נאַדיע זיצט שטיל, קוקנדיק אויף יוליען: זי מאַכט איר בכלל אין אַלץ נאָך. און מיר, דאָס הייסט איך מיט דימקען, שווײַגן, ווײַל מיר האָבן מורא פאַר די גרויסע. ווען דער טעלער מעלדעט, אַז „אויף די פראָנטן זענען קיין וועזנטלעכע ענדערונגען נישט פאָרגעקומען״, דעמלט איז נאָך גאָרנישט — קאָן מען נאָך רעדן. פאַרשטייט זיך נישט שרײַען,

נישט לאַכן, נאָר רעדן קאָן מען: עס זאָל נאָר נישט זײַן דאָס ביטערע וואָרט „איבערגעלאָזט".

איך מיט דימקען זענען, אפשר, נישט אַזעלכע פעיִקע קינדער, נאָר די כּללים פון אויפפירונג בײַם „ראַדיאָ־טעלער" האָבן מיר גוט אויסגעלערנט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער חודש אויגוסט איז שוין באַלד צו ענדע, נאָר די היץ איז אַן אומדערטרעגלעכע. ס'איז שוין שווער צו אָטעמען, צו גייען און אַפילו צו רעדן. ס'דוכט זיך אויס, אַז די ווערטער בלײַבן הענגען אין דער אָנגעגליטער געדיכטער לופט און זיי דערגייען נישט צו קיינעמס אויערן.

אַן אײַזערנע שטימע האָט נעכטן צום ערשטן מאָל דערמאָנט אַ נײַ וואָרט — סטאַלינגראַד.

ביז צו די לימודים אין שול זענען נאָך געבליבן געציילטע טעג, נאָר וועגן דעם געדענקט נאָר יוליע און נאַדיע. פון עפּעס אַ שמאַטע האָבן זיי זיך אויפגענייט צוויי אַלצאײנע זעקלעך־טעשלעך און אַפילו אויסגעבייט אויף זיי: יולקע אַ זומער־פייגעלע און נאַדיע אַ שוועמל. די מומע ליובע האָט געבראַכט פונעם אַלטוואַרג־מערקל צוויי צעפליקטע לערנביכער פאַרן ערשטן קלאַס און האָט אַוועקגעגעבן פאַר זיי אַ פּאָר נײַע זײַדענע זאָקן. די מומע ליובע איז שטאַרק צופרידן פון איר מציאה, גלײַכגילטיקע צו די פאַרשטייענדיקע לימודים זענען נאָר ליאָניע און אָסיקע. בכלל האַלטן זיך די ביידע, די לעצטע צײַט, אָפּגעזונדערט און פירן שמועסן טאַקע עפּעס נאָר ווי דערוואַקסענע. נאָר מ'הערט: „ראָסטאָוו", „קראַסנאָדאַר", „די פראָנט ליניע", „אונדזערע חיילות" — מיט איין וואָרט זיי סטרויען פון זיך „פאַרשטייער". ליאָניע האָט געמאָלדן, אַז ער שפּײַט אויף דער שול, און אָסיקע — „ל'האָבן די נאַראָנים גייען איצטער אין שקאָלע".

לאַנג, זייער לאַנג, נאָך ביז דער מלחמה, פלעג איך מקנא זײַן די שילער, באַזונדערס פון די ערשטע קלאַסן. דאָס זענען דאָך בײַ זיי געווען די סאַמע נייעסטע סקריפּנדיקע פאָרטפעלן, די סאַמע זויבערסטע, מיט דער מאַמעס האַנט אויפגעשריבענע העפטן, די סאַמע שענסטע פענאַלן, מיט האָזעלעך, פּיקסלעך אָדער בלימעלעך אויף די דעקעלעך, גאַנצע גרודעס מיט בלײַערס,

פּענעך און מעקערס און, לסוף פּילקאָלירטע מעטאַלענע טעשלעך פּאַר די איבערבײַסן. ס׳איז געווען מיט וואָס מקנא צו זײַן. שמאַטענע טעשלעך און אַלטע לערנביכער פונעם מאַרק, רופן נישט אַרויס קײַן קנאה — ס׳איז שוין בעסער מיט דימקען אַרומצויאָגן איבער די גאַסן.

אָבער דערווײַל שלעפּן מיר זיך אַרום פויל נעבן די שטיבער און צום צענטן מאָל באַקוקן מיר נאַדיעס טעשל מיט די שוואָמען אין סאַמע ווינקל טאַש. יוליע וואַקסט אויס, ווי שטענדיק אומגעריכט. זי פּאַרדעכעט זיך, אָטעמט שווער, נאָר, מען זעט, אַז זי איז אַזוי פול מיט דער וויכטיקער בײַעס, אַז זי קאָן אַזש דעם אָטעם נישט כאַפּן.

— הערט נאָר הערט... ראָמע... ווערט אין שול אַ לערער... אויף זינגען.

— צו אונדז אין שקאָלע אַרײַן? אויף זינגען? — פרעגט איבער פריידיק נאַדיע. — ליאָנקע־ע, אָסקיע־ע, קומט אַהע־ער!

אויגנבליקלעך רינגלט אַרום די גאַנצע כאָפּטע — יוליען.

פונדעסטוועגן איז פּאָרט גוט צו זײַן אַ שילערין, זאָל זײַן אַפילו מיט אַ שמאַטעדיקן טעשל.

— הער נאָר יוליע, איצטער קאָן מען אים שוין נישט רופן אַזוי פשוט ראָמקע, אמת? איצטער נאָר — ראָמאַן וואַסיליעוויטש.

— אַהאַ, נאָר אין שול. אינדערהיים מעג מען, ווי מ׳וויל. נו, איך לויף, ווײַל איך האָב נאָך אַזויפיל צו טאָן, איר ווייסט וויפל...

יולקע וויל זיך מאַכן וויכטיק: אַ קליניקייט, וואָס זי האָט עס דאָרטן צו טאָן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האָט זיך שוין פאַרענדיקט דער אויגוסט: דער זומער איז שוין אויך פאַרבײַ, נאָר ס׳האָט זיך גאָרנישט געביטן, נישט מער וואָס דער קאַלענדאַר איז אָפּגעצערט געוואָרן. ווי פריִער סמאַליעט די זון, ווי פריִער זעגען זייער נישט באַרעדעוודיק די גרויסע, און די אײַזערנע שטימע פונעם ראַדיאָ מעלדעט ווי פריִער, אַז „אונדזערע חיילות פירן שלאַכטן מיטן שונא צפונדיק־מערבדיק פון סטאַלינגראַד... אויף די אַנדערע פראָנטן זענען קײַן וועזנטלעכע ענדערונגען נישט פאָרגעקומען”.

## שול ענינים

דימיטרי קלימאָװ איז זײער אַ רואיקער און אויסגעהאַלטענער מענטש. אַלע טאָג באַגלײט ער אין שול אַרײַן דעם ברודער און די שװעסטער, נאָר ער איז זײ אַפֿילו אַ טשוטעלע נישט מקנא, פּאַרקערט: ערשט איצטער פֿילט זיך דימקע טאַקע אויף אַן אמתן װי אַ פֿרײַער פֿויגל. אויסשפּירנדיק די שכנותדיקע געסלעך, האָט ער אַנטדעקט אַ גאַנצע כאַפּטע מיט קלײנװאַרג. דימקע האָט זײ געגומען אונטער זײַן שוץ און האָט גרױסמוטיק אויך מיך אײַנגעלאַדן צו זײ. נאָך דאָס האָט מיר געפֿעלט: איך, שוין באַלד אַ שילערין, װעמען ביז צו די זיבן יאָר האָט נאָך אויסגעפֿעלט אַזעלכע פּאָר חדשים, זאָל זיך פֿירן מיט די קלײנע חברה! איך װאָרט מיט געדולד אויפֿן אַהײמ־קומען פֿון אונדזערע שילער און איך שלינג ממש די אַלע געשיכטעס, װעלכע זענען שטענדיק אָן אַ סוף.

סאָלידער פֿון אַלע האַלט זיך ליאָניע, דער אײנציקער פֿינפֿטער קלאַסניק צװישן אונדז. ער האָט נישט ליב קײַן סך צו רעדן, און אַז ער הײבט שוין אָן עפּעס צו דערצײלן, איז אַזוי פּאַמעלעך און װיכטיק, אַז ס׳קומט אויס די גאַנצע צײַט אים אונטערצוטרײַבן.

— אונדזער קלאַסן־אָנפֿירערין איז אַ מאָלאָדיעץ, אַ װוילע טיאָטקע, — הײבט ער אָן און שטעלט זיך אָפּ.

— פֿאַרװאָס אַ מאָלאָדיעץ?

— װײַל זי איז אַ גוטע, מ׳האָט בײַ אונדז יעדן אײנעם געגעבן צו אַ העפֿט...

— און בײַ אונדז אויך, און בײַ אונדז אויך!! שרײַען אַלע מיטאַמאָל, אָסקיע, יוליע און נאַדיע.

— אַלעמען האָט מען געגעבן צו אַ העפֿט, — זעצט פֿאָר ליאָניע, נישט לײגנדיק קײַן אַכט אויף די געשרײען. — און סאָשקע, פֿאַראַן בײַ אונדז אַזעלכער, קומט און שרײַבט נישט. ער זיצט זיך גלאַט אַזוי און שוין. אַלע שרײַבן, נאָר ער אײנער נישט.

ליאָניען האָט װידער עפּעס געשטערט, און ער איז שטײן געבליבן.

— נו און װאָס?

— די קלאַסן־אָנפירערין פרעגט סאַשען: „זאָג נאָר, דו, פאַרוואָס שרײַבסטו נישט? ווו איז דײַן העפט?" און ער שטייט אויף און שווייגט. שטייט און שווייגט, ער וויינט שיעור נישט.

— ע, אויך מיר אַ געשיכטע, זאָלסט הערן וואָס בײַ אונדז איז הײַנט געווען! — האַלט נישט אויס יוליע.

— וואַרט אויס דו, — זעצט פּאָר קאַלטבלוטיק ליאָניע. — נו, הייסט עס, האָט ער געשוויגן, געשוויגן, און דערנאָך אַ זאָג געטאָן: „איך האָב זיי אויפגעגעסן".

— וואָס הייסט אויפגעגעסן? אויפגעגעסן די העפטן?

— אָט טיפּשים וואָס איר זענט. ער האָט זיי אויסגעביטן אין מאַרק אויף לעפּיאָשקעס, און די לעפּיאָשקעס אויפגעגעסן. אונדזער נאַדיעזשדאַ טימאָ־פּיעיוונע האָט גאָרנישט נישט געזאָגט, זי האָט נאָר אָפּגעזיפצט און איז אַוועק. דערנאָך האָט זי אַרויסגענומען פונעם טעשל אַ נײַעם העפט און געזאָגט סאַשען: „דו סאַשע, היט אָפּ דעם העפט, ווײַל מער האָב איך שוין נישט, ער איז בײַ מיר דער לעצטער". אָן אַנדערע אויף איר אָרט, ווייסט וואָס זי וואָלט געטאָן, אַהאַ־אַ!

— אַ קלייניקייט, זאָלסט הערן וואָס בײַ אונדז אין קלאַס איז געווען, — רײַסט זיך יוליע צו דערציילן, נאָר אָסקיע שלאָגט איר איבער:

— דו וועגן וואָס? וועגן די מתנות?

— אַהאַ, איז אָט, הייסט עס בײַ אונדז אין קלאַס...

— יולקע, ווייסט וואָס, הײַנט איז מײַן ריי, — שלאָגט איר ווידער איבער אָסקיע.

אָסקיע האָט אויך זייער ליב מיטצוטיילן נײַעסן. נאָר זעלטן ווען אַז סע געלינגט אים. ער מיט יוליען לערנען זיך אין איין קלאַס, און יולקע לויפט פײַל אויסן בויגן פון דער שול אַהיים, נאָר כּדי צו באַוויַזן אויסצושיסן דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע.

אָסקיע האָט דערשמעקט די דאָזיקע כיטרעקייט, און דעמלט האָבן זיי ביידע גענומען יאָגן פון דער שול, ווי אין אַ פאַרוועט. און ווען די דאָזיקע מעשׂה האָט זיך איינמאָל שיעור נישט געענדיקט מיט אַ באַגראָב, האָבן מיר באַשלאָסן: אַלע מאָנטיק דערציילט יוליע, און אין די דינסטיקן — אָסקיע,

און אַזוי ווײַטער. פֿון דעמלט אָן איז בײַ אונדז אַוועק אַ גאַנג: יולקעס טאָג, אָסקיעס טאָג, און זונטיק — איז קיינעמס נישט. און עפּעס טאָקע נאָר ווי אומיסטן, איז אויסערגעווייגלעכע געשעענישן אויסגעפֿאַלן פּינקט אין יוליעס טאָג. אָסקיע האָט זיך גענומען צום האַרצן, נאָר ער האָט געשוויגן. איז אָט הײַנט, ווען ענדלעך עפּעס אינטערעסאַנטס איז אויסגעפֿאַלן אויף אָסקיעס דאָליע, פּרוווט זיך יוליע איבערכאַפּן די ריי, נאָר אָסקיע לאָזט זיך נישט.

— אָסינקיע, טײַערינקער, נו ווילסט, דערנאָך וועסטו גאַנצע דרײַ טעג בײַ מיר דערציילן? דו ווילסט? — בעט זיך יוליע.

— און אַז ס׳וועט אין די טעג גאָרנישט נישט געשען? ניין, איך וויל נישט.

— אָסיקל, דו ווילסט יענץ קאָרטל מיט אַלערליי קאָלירן? דו האָסט מיר געוואָלט פֿאַר דעם געבן אַ בלײַער. ווילסט, שענק איך דיר עס אַזוי אַוועק.

אָסקיע פֿאַרטראַכט זיך, גיט אַ קנייטש דעם שטערן און דערנאָך גיט ער נאָך:

— נו גוט, דערצייל.

און יוליע הייבט אָן צו שיסן:

— בײַ אונדז אין קלאַס נעמט מען צונויף מתנות פֿאַרן פּראַנט. מ׳האָט שוין אַ סך צונויפֿגעזאַמלט, גאַנצע צוויי...

— און בײַ אונדז אויך! פֿרייט זיך נאַדיע.

יולקע קוקט אָן אומצופֿרידענע אויף איר חברטע, נאָר זי האָט נישט קיין צײַט זיך אָפּצושטעלן, כּדי צו געבן אַ גאָב נאַדיען: ביז וואַנען זי האָט זיך נישט דערקליבן צום סאַמע אינטערעסאַנטסטן, קאָן זיך חס־וחלילה אָסקיע איבערלייגן און דעריבער אײַלט זי זיך, יוליע.

— איין מיידעלע האָט אויסגעהאַקלט הענטשעס, נישט זי האָט אויסגע־האַקלט, נאָר איר באָבע, נאָר זי זאָגט אַז זי... אָן אַנדערע האָט אויסגענייט אַ טיכעלע, אַכט טוטון־זעקעלעך האָט מען צונויפֿגעזאַמלט און ביכלל... און טאַמאַראַ האָט הײַנט געבראַכט אַ געזונט שטיק זייף, נישט קיין שמעקנ־דיקע, נאָר אַזעלכע וואָס מען וואַשט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די לעקציע און מיטאַמאָל קלאַפּט מען.

יולקע פאַרקײַלעכט די אויגן און מאַכט אַ „סודותדיק פנים" כּדי מיר זאָלן אַלע „איבערלעבן".

— מיטאַמאָל רײַסט זיך אַרײַן טאַמאַרעס מאַמע, פליט צו גלײַך צו פּאָלינע מיכאַילאָוונען אַז זי האָט עס אָנגעהויבן צו שרײַען, טאָמער שרײַט זי נאָך: „פאַרוואָס צווינגט איר די קינדער אַרויסצוטראָגן דאָס לעצטע?! וואָס לערנט איר זיי? אַז זיי זאָלן טאָסקען די לערערס זייף!" און בּיכלל... זי האָט געשרי:ען און געשרי:ען...

— אונדזער פּאָלינע האָט שיעור נישט געוויינט — האָט נישט אויס־געהאַלטן אָסקיע.

— אָסקיע, דו שווייג! איך וועל אַליין! פּאָלינע מיכאַילאָוונע האָט זי באַרואיקט, האָט איר אָפּגעגעבן די זייף און געזאָגט, אַז מיר נעמען דאָס אַלצדינגס צונויף פאַרן פראָנט. טאַמאַרעס מאַמע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַוועק. פּלוצים דערזעען מיר — מ׳קלאַפּט שוין ווידער. זי האָט זיך אומגעקערט און האָט אָנגעהויבן פונסנײַ: „וואָס בין איך עפּעס ערגער פון אַנדערע? ווען איר דערקלערט תּיכּף, וואָס און ווען, וואָס־זשע, איך פאַרשטיי נישט..."

— און טראַך! די זייף אויפן טיש, — האַלט ווייטער אַמאָל נישט זײַן וואָרט אָסקיע.

— אָסקיע! נו הייסט עס אַזוי, האָט זי אַוועקגעלייגט די זייף און זאָגט, אַז זי האָט אויך צוויי וואָס זענען אויף דער מלחמה. דער מאַן און דער זון, טאַמאַרעס ברודער, און אַז שוין לאַנג אַז זי האָט פון זיי קײַן בריוו נישט, און דערנאָך, אַז זי האָט זיך עס צעוויינט! אונדזער פּאָלינושקע ווישט אויך די אויגן און טאַמאַרקע, און בכלל, ס׳איז אַזוינס געווען! די גאַנצע לעקציע איז איבערגעגאַנגען, אָט אַזוי אַ.

יוליע ווערט ענדלעך אַנטשוויגן און ערשט נאָכדעם דעכעט זי אָפּ רואיק.

— און בײַ אונדז האָט הײַנט אַנטאָנינאַ גריגאָריעוונאַ אַלעמען געשטעלט פינפטלעך און איז געווען פריילעך־איבערפריילעך — באַרימט זיך נאַדיע.

— מיר ווייסן פאַרוואָס. זי האָט באַקומען אַ בריוו פונעם פראָנט. און אַז ס׳איז לאַנג נישטאָ קײַן בריוו, באַשיט זי אונדז מיט צווייטלעך.

גליקלעכע שילער... איך שווײַג, און פון קנאה ווערט בײַ מיר קאַליע

די שטימונג, און ווען די חברה הייבן אָן נאָכאַנאַנד לויבן די לעקציעס פון געזאַנג און דערציילן וועגן יוליעס ברודער, קאָן איך שוין מער נישט אויס־האַלטן און מיט פולע אויגן מיט טרערן יאָג איך אַהיים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צי יולקע האָט איינגעבעטן איר ברודער, צי די גאַנצע כאָפּטע אונדזערע — די לערערין פונעם ערשטן קלאַס, נאָר אונדז, דאָס הייסט מיר מיט דימקען, האָט מען דערלויבט צו גייען אויף די שעהן פון זינגען פונעם ערשטן קלאַס. געזאַנג — איז אויך אַ וויכטיקער לימוד, און איך מיט דימקען רעכענען זיך שוין אויף דער העלפט ערשטעקלאַסניקעס. ענדלעך קאָנען מיר אויך שוין זאָגן „און ביי אונדז אין קלאַס"... איך האָב עפּעס נישט פאַר וועמען זיך אויסצולויבן. נאָר דימקע, גלייך פונעם געזאַנג יאָגט אין שכנותדיקן געסל, ווו עס וואַרט אויף אים מיט אומגעדולד דאָס קליינוואַרג.

און כאָטש אַזוי און דאָך אַזוי זענען מיר נישט קיין אמתע שילער. דאָס געבן אונדז צו פילן די ערשטע־קלאַסניקעס, וועלכע קוקן אויף אונדז מיט פאַראַכטונג.

— אָבער דערפאַר איז ראָמאַן וואַסיליעוויטש — אונדזער שכן — זאָג איך נישט קוקנדיק אין קיינעמס זייט.

— אַלצאיינס איר שרייבט אַפילו נישט קיין שטעקעלעך, — שיט זיך אויף אונדזער אַדרעס.

— און דערפאַר איז ראָמאַן וואַסיליעוויטש, ביי דימקען אויפן געבורטס־טאָג אַרויסגעטרעטן אויפן פידל.

— זי זאָגט ליגנס.

דו זאָגסט אַליין ליגנס, האָסט פאַרשטאַנען! — און דימקע מיט אַ דראָענדיקן אויסזען שטעלט זיך אַוועק נעבן מיר.

און אָט אין אַזאַ מין פּאַזע — צוויי קעגן דריי און צוואַנציק — טרעפט אונדז ראָמאַן וואַסיליעוויטש.

— חברה, וואָס קומט דאָ פאָר ביי אייך.

— און זיי טאַקע, — הילכט דער גאַנצער קלאַס, — זאָגן, אַז איר זענט ביי אים אַרויסגעטרעטן אויפן געבורטס־טאָג!

— און אַז איר האָט אַ פידל.

— און אַז איר זענט זייער שכן.

און אַך איז דאָס שוין אַ מאָלאַדיעץ יוליעס ברודער! ער דערציילט דעם גאַנצן קלאַס, וואָס פאַראַ אויסגעצייכנטן קאָנצערט מיר האָבן צוגעגרייט דעם זומער, און דערנאָך באַשטעטיקט ער, אַז יאָ, ס'איז אמת, ער איז טאַקע אונדזער שכן און ס'איז אמת אַז ער האָט געשפּילט בײַ דימקען אויפן געבורטס־טאָג און אַ פידל האָט ער אויך. איך און דימקע קוקן זיגעריש אויפן קלאַס, און דימקע פאַר יעדן פאַל, ווײַזט נאָך אַ קולעק.

ראָמאַן וואַסיליעוויטש מעלדעט, אַז הײַנט וועלן מיר אײַנלערנען אַ לידעלע וועגן גרויען ציגעלע. און דאָ הייבן אָן די חברה זיך צו בונטעווען:

— מיר קענען עס!

— דאָס איז פאַר די קליינע!

— לאָמיר בעסער אַ לידל פאַר דערוואַקסענע, וועגן מלחמה.

אונדזער לערער ברוגזט זיך נישט. ער שטייט און שמייכלט, ער וואַרט, ביז ס'וועט ווערן שטיל.

— איר הערט צום ערשטן אויס: ס'וועט אײַך נישט געפעלן — וועט איר נישט זינגען.

ראָמאַן וואַסיליעוויטש זינגט אַ לידעלע וועגן ציגעלע — ריכטיקער, נישט ער זינגט, נאָר ער ווײַזט אַ גאַנצן ספּעקטאַקל. ער קנוידערט זיך מיטאַמאָל אײַן, הויקערט זיך, פאַרציט אונטער דער סאַמע גאָמבע אַ שלייף פון אַן אומזעבאַרן שאַלעכל — און פאַרשווינדט... אויף זײַן אָרט באַווײַזט זיך אַן אַלטיטשקע, אַ גוטע, אַן אומבאַהאָלפענע, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אין אַ שטעקן. זי האָט נישט קיינעם אויף דער וועלט, אַחוץ דעם ציגעלע, דאָס נאַרישע, וואָס ווייסט נאָר איינס, שפּרינגען, און זיך בעטן אין וואַלד.

ווען ראָמאַן וואַסיליעוויטש חזרט איבער די ווערטער פונעם רעפריין, קאָן שוין קיינער נישט אײַנזיצן אויפן אָרט.

— אָט אַזוי, אָט אַזוי — שטרעקט אויס ראָמאַן וואַסיליעוויטש ביידע הענט אין דער רעכטער זײַט, גיט אַ טרייסל מיט דער היטשקע גאָלדענע האָר און שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלינקע:

...ס׳גרויענקע ציגעלע,
אַט אַזוי, אַט אַזוי,
...ס׳גרויענקע ציגעלע.

די הענט פונעם לערער גיבן אַ פּלי אין דער לינקער זײַט און אַ רגע ווערן זיי נאָכאַמאָל פאַרשטאַרט, דערוואַרטנדיק זיך אויף אונדזער הילף:

...ס׳גרויענקע ציגעלע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן אַז אונדזערע חיילות פירן שלאַכטן מיטן שונא הינטער באָוואָראָסיסק, האָט די מומע זינע אַ יעכץ געטאָן און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט, און אויפן צווייטן טאָג ווען אַן אַלאַרמירנדיק קול פונעם הילכער האָט גענומען רעדן וועגן די גאַסן־שלאַכטן פון נאָוואָראָסיסק, איז די מומע זינע אויפגעשטאַנען, און, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער.

קיינער פון אונדז איז נישט געווען אין נאָוואָראָסיסק, נאָר די מומע זינע האָט אַזוי אָפט דערציילט וועגן איר שטאָט, אַז מיר האָבן זי ליב געקריגן אַן דעם מיר זאָלן זי קענען.

דאָס איז טאַקע אינדעראמתן געווען אַן אויסגעצייכנטע שטאָט, אַ דורכ־גענומענע פון ווינט דורך און דורך און אַ פאַרפּראָשעטע מיט צעמענטענעם שטויב. נישט עפּעס אַזוי זיך אַן אַקוראַטנע און צוגעגלעטע, ווי אַ דעקאָראַציע אין טעאַטער, אַ קוראָרטנע אָרט, ווו עס שלאָנדערן אַרום גאַנצע מחנות אָפּרו־ענדיקע און פאָטאָגראַפן פון די פּליאַזשעס און אין ווערלכן, חוץ פּוסטענפּאַ־סיקע סוווענירן, וועסטו קיין שום אינטערעסאַנטס נישט זען (די פאַראַכטונג פון דער מומע זינע, האָט דאָ אויף דעם אָרט שטענדיק דערגרייכט ביז צום סאַמע הייך), נאָר אַן אמתע ארבעטס־שטאָט אַ שטאָט אַ האָראָפּאַשניצע, — אָט אַזאַ איז געווען נאָוואָראָסיסק. דאָרט האָט זיך עס די מומע זינע באַקענט מיט איר מאַן, וועמענס פאָטער איז אויך געווען אַ ים־מענטש, און דער זיידע איז געווען אַ ים־מענטש און שיעור נישט כמעט אַלע מענער פון זייער שטאַם זענען עס געווען מענטשן פונעם ים.

שוין לאַנג, זייער לאַנג, אַז מיר האָבן נישט געהערט די געשיכטעס פון דער מומע זינע, און די לעצטע צײַט זעט מען זי ביכלל נישט. ס'האָט אויפגעהערט די מומע זינע צו הערן ראַדיאָ פון זינט זי האָט דערהערט וועגן די גאַסן־שלאַכטן אין איר היימישער שטאָט.

און נאָכאַמאָל האָבן מיר, דאָס הייסט איך און דימקע, מורא אַרויסצורעדן אַ הויך וואָרט, נאָכאַמאָל קוקן זיך איבער אומרואיק די גרויסע, און אויף אונדזערע קעפּ, עלעהײַ כמאַרעס וואָס צעגייען זיך נישט, הענגען די ווער־טער: „נאָך פילטאָגיקע אַכזריותדיקע שלאַכטן האָבן אונדזערע חיילות פאַרלאָזט די שטאָט נאָוואָראָסיסק".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די ערשטע קלאַסניקעס האָבן געזונגען „דאָס ציגעלע" און דער פינפטער קלאַס האָט באַהאַנדלט די געשעענישן אויפן פראָנט.

סטיעפּאַן גאַווריִלאָוויטש איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרכמורעטער: פון די זין זענען זעלטן אָנגעקומען בריוו, און די אַלטע מאַפּע האָט זיך אָפּגערוט אין שופלאָד פונעם טיש. ליאָניע, אויסהערנדיק די סוואָדקע, האָט זיך גע־כמורעט פונקט אַזוי ווי דער פאָטער זײַנער, און איז אַוועק אין שול מיט נישט קײַן אויסגעפילטע אויפגאַבן. און ווען אונדזערע חײַלות האָבן פאַרלאָזט נאָוואָראָסיסק, האָט זיך עמיצער דערמאָנט:

— חברה, און איך בין געווען אין נאָוואָראָסיסק. דאָרטן איז אַ ים פאַראַן, אוי, איז דאָרטן גוט...

— איצטער זענען דאָרט די דײַטשן, — האָט אַ זיפּץ געטאָן אַ צווייטער.

— די דײַטשן זענען נישט נאָר דאָרטן. זיי זענען אין ראָסטאָוו, אין סעוואַסטאָפּאָל, און נאָך אומעטום. און אונדזערע נאָר זיי טרעטן אָפּ!... האָט זיך צעשריִען אַ דריטער.

און דעמלט איז ליאָנקע אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום יִינגעלע און אים גוט דערלאַנגט און אַליין איז ער אַרויס פונעם קלאַס. דערנאָך האָט מען אים מיטן פאָטער אַרויסגערופן צום דירעקטאָר, און פון דאָרט איז ליאָנקע אַרויס אַ רויטער, ווי פון אַ באָד, און אַן אויסגעשלאָסענער אויף אַ גאַנצער וואָך.

אין דעם זעלבן טאָג האָט דער פּעטער סטיעפּאַן געגעבן דעם זון „אַ פּאַרציע רימענס" און איך האָב געהערט, ווי ער האָט אויפדערנאַכט געזאָגט מײַן מאַמען:

— דאָס סאַמע געמיינסטע, איז דאָס, וואָס ליאָנקען האָב איך געשלאָגן אומזיסט. ער, דער באַנדיט מײַנער, איז פונדעסטוועגן געווען גערעכט.

## א. + ר. = ל.

וואַליע און אסיע, באַדקעס שוועסטער, זענען ווייניק ענלעך צווישן זיך. וואַליע איז עלטער פון איר שוועסטער אסיע אינגאַנצן מיט צוויי יאָר, נאָר זי איז העכער, פולער פון איר שוועסטער און דערפאַר קוקט זי אויס מער סאָלידער. זי איז אַ צערטלעכע, אַ רואיקע און עפּעס אַזאַ היימישע: אַזוינע גיבן זיך אויס נאָר מאַמעס, אָבער נישט קיין שוועסטער. ווען אָוונטצײַט פאַלן מיר אַרײַן צו די קלימאָווס, זעצט אונדז אויס וואַליע אַרום זיך, און איז אונדז מכבד מיט אַזשינעס און הערט אויס געדולדיק אַלע אונדזערע נײַעסן.

וואַליע האָט אַ חתן אויפן פראָנט, — בריוו באַקומט זי גאַנץ אָפט, און, אַרומגעבונדענע מיט אַ סטענגעלע, ליגן זיי באַהאַלטן אין אַ פּושקעלע פון איניעקציעס. אַגב, אין פּושקעלע פּאַסט די באַקומענע בריוו נישט אַזוי גיך אַרײַן: צוערשט לייענט אים וואַליע אַליין עטלעכע מאָל, דערנאָך לייענט זי אויסצוגן אין דער הויך (דער פּעטער סטיעפּאַן און אונדז — אַלץ, וואָס וועגן דער מלחמה; אַסיען און מײַן מאַמען אַלץ, וואָס איז וועגן ליבע). דערנאָך נעמט וואַליע אַרויס די פריִערדיקע בריוו און פאַרגלײַכט זיי מיט דער נאָרוואָס באַקומענער — וויפל טעג זענען פאַריבער צווישן זיי ביידע. לסוף וואַשט וואַליע אָפּ דעם דיל אין צימער, טרײַבט אַרויס די פליגן, באַדיען, ליאָנקען און דימקען, — מיט איין וואָרט, „זי שאַפט אַרום זיך — אַטמאָספער" און, אַוועקלייגנדיק די בריוו פאַר זיך, זעצט זי זיך אַוועק ענטפערן. אין דער צײַט איז בעסער זי נישט צו באַאומרואיקן, און מיר ווייסן עס גאַנץ גוט. ווען די בריוו ווערט אַ דרײַעק, איז וואַליע, עלעהיי אַן אוצר, טראָגט זי אים צום פּאָסטקעסטל. שטייענדיק אַביסל נעבן קעסטל, גלײַך זי וואָלט עס נישט געטרויעט, קערט זיך וואַליע פּאַמעלעך אַהיים.

אַ מאָגערע, נישט פון גרויסער וווקס איז אַסיע, להיפוך פון איר שוועס־טער, אַ קליפּה און אָפּלאַכערין. בעסער נישט צו ווייַזן זיך צו די קלימאַוווס, וועז אינדערהיים איז דאָ איין אַסיע. אַפילו אַז זי לאָזט אונדז שוין יאָ אַריַין, וועט זי אומבאַדינגט באַמערקן, אַז די פיס זענען ביי אונדז שמוציק, אַז מיר רעשן ווי אַ בינשטאָק, און אַז מ׳האָט נישט פון אונדז קיין שום נוצן. רופן רופט אונדז אַסיע נאָר מיט צונעמען: נאַדיען — „אַ קיִעלע — אַ בריאה־לע״, יוליען — „קאָמאַנדירשע״, אַסיען — „צירקאַטש״ און דימען „ס׳פּאַר־סאַזשעטע ציגייַנערל״.

איינמאָל, ווען די שוועסטער זענען נישט געווען אינדערהיים, האָט נאַדיע אונדז געבראַכט צו לייענען אַ בריוו וועלכן וואַליע האָט נישט לאַנג באַקומען. קיין שום באַזונדערס האָבן מיר אין דעם דאָזיקן בריוו נישט געפונען, און ס׳איז געווען אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס וואַליע באַהאַלט זיי אַזוי פאַר אַלע.

אָנגעהויבן האָט זיך דער בריוו מיט די ווערטער: „מיין טייַער שטערנדל!״ און מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען אַז „דאָס שטערנדל״ איז וואַליע. דער אָנהייב איז אונדז געפעלן, און מיר האָבן באַשלאָסן צו דערלייענען ביז צום סוף, ווו נאָכן „איך קוש דיך שטאַרק״ האָבן מיר אַנטדעקט די אותיות P.S. און נאָך זיי — „איך קוש דיך ווידער״. וואָס האָבן געקענט אַזעלכעס באַדייטן די P. און דער נישט פאַרשטענדלעכער אונדז צייכן S? און פאַרוואָס האָט מען געקענט „ווידער קושן״ נאָר נאָך זיי? ליאָניע האָט אַרויסגעזאָגט אַ השערה אַז די P — דאָס איז דאָס ערשטע אות פון „ראַזוועדקע״ (אויסשפּיר) ווייַל וועגן דער „ראַזוועדקע״ וועסטו אַזוי גלייַך נישט שרייַבן, און וואָס איז שייך דעם סודותדיקן S דאַרף מען נאָך גוט אַ טראַכט טאָן. יוליע האָט אָבער דערווידערט, אַז P באַדייט גיכער „ראָדנאַיאַ״ [1] ווייַל נישט אומזיסט קומט נאָך אים — „איך קוש דיך ווידער״. דעמלט האָט ליאָניע געזאָגט אַז אַלע מיידלעך זענען נאַרעלעך און גאָרנישט פאַרשטייען זיי נישט אין שלאַכט־ענינים.

וויפל מיר האָבן זיך געאַמפּערט, האָבן זיך באַוויזן וואַליע און אַסיע.

1 ראָדנאַיאַ — רוסיש: אייגענע.

נאַדיע האָט דערשראָקן פאַרביסן די ליפּן און אַרײַנגערוקט די בריוו אין בוזעם, נאָר צו שפּעט: די שוועסטער האָבן עס באַמערקט. וואַליע האָט שטיל נישט דערווידערט, הערנדיק אַסיעס מוסר־רייד, נאָר ווען זי האָט אונדז צוגענומען די בריוו און איז אַוועקגעגאַנגען, דערפאַר האָט זיך אָבער אַסיע צעלאָזט. זי האָט אונדז אַלע געזידלט, און באַזונדערס נאַדקען. מיר האָבן נישט דערווידערט, הערנדיק אַסיעס מוסר־רייד, נאָר ווען זי האָט אונדז אָנגערופן די „בעזשטאַנאַיאַ־קאָמאַנדע",[2] האָבן מיר זיך אַלע צעליאַרעמט און האָבן איר צוגעזאָגט אַזוינס אָפּצוטאָן, אַזעלכעס, „אַז ס׳איז אַפילו שווער צו זאָגן". אַסיע איז אַ דערשטוינטע אַנטשוויגן געוואָרן, און מיר האָבן באַשלאָסן נקמה צו נעמען אין איר אַפילו עס זאָל אונדז קאָסטן מי יודע וואָס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַסיען איז נישט צו דערקענען. זי איז געוואָרן אַ שווײַגנדיקע און קוקט זיך אַפילו נישט אום, צי מיר ווישן אָפּ די פיס בײַ דער טיר צי ניין. צומאָל פלעגט צו די קלימאָווס אײַנאַיינעם מיט אונדז זיך אַרײַנכאַפּן ראָמאַן, און דעמאָלט איז אַסיעס געזיכט פאַרגאָסן געוואָרן מיט ראָזעווודיקייט, און עפּעס איז זי מיטאַמאָל געוואָרן אַזאַ ווייכע און אַזאַ נישט געוויינלעכע („אַן אינטערעסאַנטע" — האָט באַמערקט יולקע, „אַ צוגעפּלעטשטע" — האָט זיך געכמורעט ליאָנקע) און ווען אַסיע האָט צום ערשטן מאָל אָנגערופן יולקען נישט „קאָמאַנדירשע" נאָר אויפן נאָמען, האָבן מיר אַלץ פאַרשטאַנען.

איינגיכן האָבן זיך אויף די ווענט, אויף די טירן און אַפילו פּשוט אויף דער ערד באַוויזן אויפשריפטן: „אַסיע + ראָמאַן = ליבע".

אמת, ס׳האָט אונדז געקאָרעט, וואָס מיר מוזן אויך ראָמאַנען דערמאָנען, נאָר יוליע האָט אונדז באַפרײַט פון איבערלעבענישן:

— ראָמקע באַליידיקט זיך נישט, ער לאַכט און זאָגט, אַז מיר זענען — אַ פריילעך פאָלק.

מיר האָבן זיך באַרואיקט און, ווען נאָר ראָמאַן און אַסיע האָבן זיך אײַנאײַנעם באַוויזן אויף דער גאַס, האָבן מיר געשריִען אין כאָר:

2 „בעזשטאַנאַיאַ־קאָמאַנדע — רוסיש: קאָמאַנדע אָן הויזן.

— חתן־כלה! חתן־כלה!

אַסיע האָט זיך גערויטלט, זיך גערוגזט און האָט אונדז געדראָט פון אַהינטער דער פּלייצע מיטן קולעק. ווען די איינטאָניקע „חתן־כלה" האָבן זיך אונדז שוין צוגעגעסן, האָט אונדז אַסיע אַליין אונטערגעזאָגט אַ נײַע רייצעניש.

מיר ווייסן נישט, וואָס פּלוצים איז אַסיען אײַנגעפאַלן זיך צו נעמען לערנען פראַנצויזיש. ביז צו דער מלחמה האָט זי געלערנט די שפּראַך אין שול און האָט נישט אַרויסגעוויזן צו איר קיין באַזונדערן אינטערעס, און דאָ מיטאַמאָל האָט איר פּריספּיטשעט זיך אויסצולערנען די שפּראַך. דער לערער אירער איז געווען ראָמאַן. יעטוועדן אָוונט נאָך דער אַרבעט, נאָכדעם ווי אַסיע האָט ווי ס'נישט איז פאַרענדיקט אוווירען די שטוב, פלעגט זיך איבער־טוען איר אַמאָליק פּוץ קליידל, וואַרטנדיק מיט אַ „גלײַכגילטיקן" אויסזען אויפן לערער. ראָמאַן פלעגט זיך יאַווען מיט אַ געזונטן ווערטערבוך. אונדז, פאַרשטייט זיך, האָט מען פאַרטריבן, נאָר פון יענער זײַט פענצטער פלעגן זיך צו אונדז דערטראָגן פאַרנצויזישע ווערטער און באַזונדערס אָפט „קעס־קעסע", אָט דאָס קײַלעכיקע, ווי אַ פּוכיק קעצעלע, וואָרט, איז געווען, זעט אויס, דאָס סאַמע וויכטיקסטע: נישט אומזיסט האָט מען עס אַזוי אָפט איבערגעחזרט.

אַסקיע האָט אונדז ממש געפּלעפּט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך אינדערהיים, אין זײַן אָווידיאָפּאָל, האָט ער זיך דערוווסט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס.

— וואָס איז אַזעלכעס קעס־קעסע? — האָט אַסקיע פּילבאַדייטנדיק אַ זאָג געטאָן, און אָנטייענדיק אָן אַ ברעג פון אונדזערע איבערגעראַשטע פיזיאָנאָמיעס, האָט ער געענטפערט: — זשוטשקאַ זשוואַטשקאַ אוקוסע![1]

צוערשט האָבן מיר געוואָלט אָנבויקערן אַסקיען, נאָר דערנאָך האָבן מיר זיך איבערגעלייגט — און ס'איז אַוועק אַ גאַנג: אַסקיע האָט געפּרעגט אויף אַ קול, ווי אַ סאָליסט:

— וואָס־זשע איז אַזעלכעס קעס־קעסע?

1 זשוטשקע זשוואַטשקע אוקוסע — אַ רוסיש וואָרט־שפּיל: אַ זשוקל האָט אַ קײַערל אַ ביס געטאָן.

— זשוטשקאַ זשוואַטשקו אוקוסע!! האָבן מיר געדעוועט אַלע אינאיינעם ביז הייזעריקייט, ביזוואַנען אויף דער שוועל האָט זיך נישט באַוויזן די צעקאָכטע אַסיע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין איינעם פון די אָוונטן איז ראָמאַן געקומען צו אַסיען אָנעם ווערטער־בוך.

— אַסיע, איר וועט מיר ענטשולדיקן, נאָר הײַנט האָב איך אַ זאַכלעכן שמועס מיט זיי, — און ראָמאַן האָט געוויזן אויף אונדז.

— אָנו טײַערע קינדערלעך, ביטע, אַהערצו נעענטער אַביסעלע, נעענ־טער, שעמט אײַך נישט.

מיר האָבן אַרומגערינגלט דעם לערער, פילנדיק שוין אַז הײַנט איז ער געקומען צו אונדז נישט אַזוי פשוט.

— ווי אַזוי לעבט זיך אײַך? מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך?

ראָמאַנס טאָן איז אונדז נישט געפעלן, און מיר זענען געוואָרן וואַכיקער.

— איר שווײַגט? איר ווילט נישט ענטפערן. אָבער איר זיצט נישט ליידיק, איר שמירט די ווענט מיט נאַרישקייטן. — ראָמאַן האָט געוויזן אויף דעם פרישן אויפשריפט „א + ר = ל״. אונדז האָט דערעסן צו שרײַבן די דרײַ ווערטער אין זייער פולער גרייס. ראָמאַן האָט דאָס אויך באַמערקט. — איר האָט אַפילו זיך געפוילט אָנצושרײַבן די נעמען, גאָלע קאָטשערעס און לאָפּעטעס. גוט. מאַלאָדיעצן. איר רעוועט נאַרישע לידעלעך וועגן עפּעס אַזעלכע זשוקלעך. אין שול צעקלאַפּט איר די נעזער פון אייערע חברים. ליאָניען שלאָגטש מען דען פאַר דעם? ווער ס'איז שטאַרקער, דער גלייבט שטענדיק, — אַז גלויבן קען מען נישט לעבן, נײַן, מ'קען נישט. דער דײַטש וואָלט שוין לאַנג שפּאַצירט איבער מאָסקווע, ווען אונדזערע שלאַכט לײַט וואָלטן נישט געגלייבט. אָבער נישט יעדער איינער קען זײַן אַ שטאַרקער, אַזעלכע דאַרף מען העלפן, און נישט געבן איבער די הענט. אָט הערט, וואָס מ,שרײַבט איבער די פּיאָנערן.

ראָמאַן האָט אַרויסגעשלעפּט אַ צײַטונג, האָט זי צעוויקלט און האָט גענומען לייענען וועגן אַ ייִנגעלע אַ פּיאָנער פון דרײַצן יאָר, וועמען ס'האָט

געכאַפּט אַ דײַטשישער שטראָף־באַטאַליאָן אין איינעם פון די דערפער פון וואָראָשילאָווגראַדער געגנט. דער דײַטשישער אָפיציר האָט געפאָדערט פון אים ער זאָל אָנווײַזן דאָס אָרט ווו עס געפינען זיך די פּאַרטיזאַנער. דאָס יינגל האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט גאָרנישט. מען האָט אים מערדערלעך געשלאָגן, מ׳האָט אים צעבראָכן די פינגער, אָפּגעשניטן אַן אויער. נישט אַרויסבאַקומענדיק פונעם יינגעלע קײַן איין און איינציק וואָרט, האָבן אים די פאַשיסטן דערשאָסן.

ראָמאַן האָט אַקוראַטנע צונויפגעלייגט די צײַטונג, און האָט זי זאָרגעוו־דיק באַהאַלטן אין קעשענע.

צײַט יענעם אָוונט זענען פאַרשווינדן סײַ די אויפשריפטן סײַ דאָס לידעלע פון אונדזער רעפּערטואַר.

## אונדזערע גרייפן אָן

אַ שטעכיקער אָסיענדיקער ווינט מיט אַ רעגן האָט אונדז צעטריבן אין די שטיבער, און ס׳דוכט זיך, אַז ער האָט נישט בדעה אַרויסצולאָזן אונדז אַזש העט ביזן סאַמע פרילינג.

יעדן פרימאָרגן, פאַרן אַוועקגיין אויף דער אַרבעט, פירט מיך אָפּ די מאַמע צו די קלימאָווס, ווו איינער אַליין לאַנגווײַליקט זיך דימקע. איינצווייען איז פריילעכער, נאָר אַלצאיינס סקוטשנע. ס׳האָבן אונדז שוין צוגעגעסן אי דימקעס אָפּגעגריזשעטע קוביקעס, אי מײַן צעטרעפּקעטער אַלף־בית. אין ראַדיאָ גיט מען איבער עפּעס זייער טרויעריקס. (דוכט זיך אַז אַזאַ מוזיק רופט אָן אָסיע סימפאָניע). אונדז ווילט זיך מער נישט הערן אַזאַ טרויע־ריקע מוזיק, איז דערפאַר שליסן מיר אויס דעם ראַדיאָ־הילכער און שליסן אים ווײַטער אײַן — פון דעם אַליין ווערט עפּעס פריילעכער. און נאָכאַמאָל: אײַנגעשלאָסן — אויסגעשלאָסן, אײַנגעשלאָסן — אויסגעשלאָסן: „דער טע־לער״ רוגזט זיך, וואָרטשעט, כאָרכלט מיט עפּעס באַזונדערע טענער, שוין גאָרנישט ענלעכע אויף קלאַנגען, און ווען ער קומט שוין גאָר אַרײַן אין גרימצאָרן, דערעסט אונדז שוין אויף די באַשעפטיקונג.

עס וואָלט כּדאַי געווען זיך אַרויסצוכאַפּן אין גאַס, זען וואָס עס טוט זיך

עפּעס אַרום און אַרום. דימקע האָט נאָך אין רעזערוו זײַנע אַלטע צעלעכערטע פּיסלעס, איך האָב נאָך אַ פּאָר אָנשטענדיקע קאַלאָשן. וואַליע האָט זיך דערטראַכט, אַז די קאַלאָשן זענען פּונקט גוט אויף די פּיסלעס, איז גייען מיר אַרויס, איך און דימקע, לויט דער ריי, שפּאַצירן. נאָר איינער האָט גאָרנישט וואָס צו טאָן אין גאַס, און די פּיסלעס מיט די קאַלאָשן שטייען אין ווינקל, אָן אַרבעט. די ערשטע־קלאַסניקעס דערלערנען אָן אונדז „דאָס ציגעלע״ און איך מיט דימקען, צודריקנדיק די נעזעלעך צו דער מוטנע געוואָרענער פֿון רעגן — שויב, וואַרטן מיר אויפֿן קומען פֿון די עלטערע. אויף דער פּליטע אין שיסעלע איז אונדזער אָנבײַסן: זיפּעכטס און ברויט, צוויי דינינקע, כּמעט דורכזיכטיקע רעפּטעלעך. די עלטערן באַווײַזן נאָך נישט צו פֿאַרמאַכן נאָך זיך די טיר, ווי דימקע איז שוין גרייט צו עסן אָנבײַסן. ממש מיט כּוח האַלט איך אים צו, נאָר דימקע באַווײַזט שוין צוויי מאָל אַ לעק צו טאָן זײַן פּאָרציע ברויט. איך ווייס נישט, צי ברויט קאָן פֿאַרשווינדן ווערן נאָר פֿון איין לעק: זעט אויס אַז עס קאָן — ווײַל דימקע האָט נאָך קײַן איין מאָל נישט דערצויגן ביז צום אָנבײַסן.

דער פֿעטער סטיעפּאַן גייט אַוועק צו דער אַרבעט נאָך אַ שפּראָץ אויף טאָג, ער באַווײַזט אַפֿילו נישט צו הערן די סוואָדקע, און מיר מוזן פֿאַר־געדענקען די מעלדונג פֿון דעם אײַזערנעם קול, כּדי דערנאָך וואָרט בײַ וואָרט זי איבערצוגעבן דעם פֿעטער סטיעפּאַן. דאָס איז גאָרנישט אַזוי שווער: שוין דעם צווייטן חודש ווי דער ראַדיאָ גיט איבער טאָג בײַ טאָג איינס און דאָס זעלבע.

„...אַכזריותדיקע שלאַכטן מיטן קעגנער אין דער געגנט פֿון סטאַלינגראַד און אין דער געגנט פֿון מאָזדאָק. אויף די אַנדערע פֿראָנטן זענען קײַן וועזנטלעכע ענדערונגען נישט פֿאָרגעקומען״.

איבערחזרן יעדן אָוונט די גאַנצע סוואָדקע, באַזונדערס איינס און דאָס זעלבע, איז נישט אינטערעסאַנט, און מיר קירצן זי צוביסלעך. איצט, ווען סטיעפּאַן גאַווריליאָוויטש וואַרפֿט נאָר אַראָפּ די נאַסע שיך בײַ דער טיר, שרײַען מיר, איך און דימקע אויף אַ קול:

— סטאַלינגראַד, מאָזדאָק! אויף די אַנדערע פֿראָנטן קײַן שום ענ־דערונגען!

— שטילער אַביסל, איך בין נישט טויב, — ענטפערט דימקעס פּאָטער. און מיר הערן, ווי ער גיט צו פאַר זיך: — אַ דאַנק גאָט כאָטש פאַר דעם. ליאָניע און נאַדיע זענען געקומען פון דער שול אומרואיקע.

— ביי אונדז איז היינט קיין געזאַנג נישט געווען, — מעלדעט טרויעריק ליאָניע — און יולקע איז אין שול נישט געקומען. אָסיק איז געלאָפן צו זיי זיך דערוויסן.

אין זיין קורץ פּאַלטנדל און אַלטע שיך קומט אַריין אָסיק אינגאַנצן אַ פאַרבלויטער פון קעלט.

— געווען. ראָמאַן וואַסיליעוויטש האָט באַקומען אַן אַרויסרוף. ער גייט אַוועק פריי״טיק אויפדערנאַכט...

— און מיר האָבן ערשט אָנגעהויבן אַ ניי לידעלע — זיפצט אָפּ נאַדיע.

— לאָז שוין צורו מיטן לידעלע! — שרייט ליאָניע — קומט צו זיי.

אָסיע, נאַדיע און ליאָניע לאָזן זיך אַוועק צו יוליען, און מיר, איך מיט דימקען, בלייבן ווי שטענדיק אינדערהיים.

אויפן צווייטן טאָג, ווען די פאַרשוויצטע שויב איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרמאָלט מיט פאַרשידענע צורות, האָט זיך די טיר אויפגעעפנט מיט אַ טראַסק, און ס׳האָט זיך אַריינגערוקט דער קאָפּ פון דער שכנה מיטן שאַלעכל פאַרוואָרפן אין אַ זייט.

— חברה, וואָס איז מיט אייך? ...עפנט אויף גיכער... דער ראַדיאָ. עפּעס גיט מען איבער דאָרט זייער וויכטיקס, און ביי מיר אַרבעט נישט...

די שכנה האָט זיך פאַרדעכעט צי פון אויפרעגונג, צי פון גיכן גייען. מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום ראַדיאָ־הילכער.

„...וואָס געפינען זיך אינדערנעבן פון סטאַלינגראַד, זענען איבערגעגאַנגען אין אָנגריף קעגן די דייטשישע פאַשיסטישע חיילות. דער אָנגריף האָט זיך אָנגעהויבן אין צוויי ריכטונגען... אונדזערע חיילות האָבן פאַרנומען די שטאָט קאַלאַטש אויפן מזרח ברעג פון דאָן, און די סטאַנציע קריוואָמוזגינסקאַיאַ...״

— טיאָטיע, טיאָטיע! — האָבן מיר געשריען, איך און דימקע, נאָך נישט פאַרשטייענדיק אינגאַנצן, וואָס, ווער און ווען, — אונדזערע באַגראָבן, יאָ? באָר די מומע האָט גאָרנישט נישט געקענט ענטפערן. זי איז געשטאַנען

אויסווישנדיק די טרערן מיטן אַרבל. און אַרומנעמענדיק אָט מיך, אָט דימקען, האָט זי זיך געכאַפּט און האָט אָנגעהויבן אונדז צו אײַלן.

— איז יאָ, וואָס־זשע שטייען מיר? לויפט גיכער. מען דאַרף אַלעמען זאָגן, אַלעמען...

און זי איז פאַרשוווּנדן אַזוי אומגעריכט, ווי זי האָט זיך געיאָווועט.

צום ערשטן מאָל אַז איך מיט דימקען זענען עס געוואָרן די אייגנטימער פון אַזאַ ריזיקן נײַעס און מיר זענען אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז מיר האָבן פּשוט נישט געוווּסט, וואָס צו טוען ווײַטער.

און דאָ איז מיר געקומען אין קאָפּ אַרײַן — תּיכּף, לויפן אין שול אַרײַן. די נישט־צעטיילבאַרע פּאָר שיך איז אויסגעקומען צו צעשיידן: און ס'האָבן זיך אָ טראָג געגעבן שוואָליאָם, אַ פּאָר שווערע, אָנגעשוואָלענע פון וואַסער, פּיסלעס, און פּײַכטע פון דרויסן און פון אינעווייניק קאַלאָשן, וועלכע זענען אַלעמאָל אַראָפּ פון די פּיס.

איצטער האָב איך געטראַכט נאָר וועגן איין זאַך: איך זאָל די ערשטע באַווײַזן אָנצוזאָגן די נײַעס. מיר זענען ווי אַ וויכער אַרײַנגעפלויגן אין שול־קאָרידאָר און האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אַרום איז געווען שטיל, נאָר פון די קוים צוגעמאַכטע טירן פון אַלע קלאַסן, האָבן זיך דערטראָגן די שטימען פון די לערער און דער ריטמישער גערויש, וועלכער קאָן זײַן נאָר אין אַ שול.

— נו גיי, וואָס ביסטו געבליבן שטיין? — האָט מיך גענומען אײַלן דימקע.

— לאָמיר גיין אינצווייען.

— ניין, איך וועל דאָ אויסוואַרטן.

— מיר וועלן זיך נעמען קריגן, וועט זיך די לעקציע פאַרענדיקן, און אַלע וועלן זיך אַלץ דערוויסן אָן אונדז.

מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונעם פערטן קלאַס. קײַן ענטפער איז נישט געווען. דעמלט האָבן מיר אַ דריק געטאָן אויף דער טיר און מיר זענען אַרײַנגעפאַלן אינאיינעם מיט איר.

— חברה, צו וועמען דאַרפט איר?

— מיר זענען געקומען זאָגן... אונדזערע באַגראָבן די דײַטשן. מען האָט גערעדט אין ראַדיאָ.

אין קלאַס איז געוואָרן אַ געזעמל, אַ גערודער. מ׳האָט אונדז געגלייבט, תּיכּף געגלייבט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך אין קאָרידאָר געשטופּט די גאַנצע שול, און פאַררײַסנדיק די קעפּ, געהערט... די ערשטע־קלאַסניקעס האָבן זיך אויך געשטופּט און האָבן מיט קנאה געקוקט אויף מיר און אויף דימקען. און מיר זענען געשטאַנען שטאָלצע, און אַזעלכע וויכטיקע, עלעהיי מיר אַליין וואָלטן עס געווען איבערגעגאַנגען אין אַנגריף קעגן די דײַטשיש־פאַשיסטישע חיילות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרייטיק, אָוונט צײַט. דער פעטער סטיעפּאַן, צעלייגנדיק אויפן טיש די מאַפּע, ברומקעט זיך אונטער דער נאָז עפּעס אַ ניגון. דאָס הייסט, אַז די שטימונג איז בײַ אים אַ גוטע. דער שוואַרצער „טעלער" האָט עפּעס אָנגע־הויבן ווייניקער צו סאַמעווען אין אַ שוואַרצע קראָ. און עס ווײַזט זיך אונדז אויס, אַז די לעצטע צײַט איז ער אַפילו פרײַנטלעכער.

אַסיע מיט אויגן געשוואָלענע פון וויינען, פאַרבינדט אויף נאַדיען ענגער דאָס טיכל און פאַרריכט אויף דימקען דאָס היטל.

אַלע האָבן זיך שוין צונויפגענומען. באַלד וועט מען קומען אַהער זיך געזעגנען מיט ראָמאַן וואַסיליעוויטשן.

צײַט איז זייער ווייניק: ביז צום געגנטלעכן צענטער איז מער ווי צוויי שעה גאַנג, און מיר זיצן שוין פון אַפריִער אָנגעטוענע, גלײַך מיר אַליין וואָלטן זיך געקליבן אין אַ ווײַטן וועג.

צוערשט גייט אַרײַן צו די קלימאָווס — יולקע, אַזאַ שטילע דאָס מאָל, אַז מיר ווייסן אַפילו נישט, ווו זיך אַהינצוטוען. דאָס שטרענגע פּנים פון יוליעס מאַמע איז הײַנט נאָך שטרענגער. אַ פריילעכער זעט אויס נאָר איין ראָמאַן, נאָר זײַן שמייכל איז אויך נישט קײַן אמתער, עפּעס טאָקע נאָר ווי מען וואָלט אים האָבן אויף גיך צוגעקלעפּט צום פּנים, און ער הענגט, אָט, אָט אַ ליאַדע רגע און ער וועט זיך אָפּרײַסן.

נו וואָס, מערדער, האָט איר אַראָפּגעלאָזט די נעזער? — פרעגט אונדז ראָמאַן וואַסיליעוויטש, און אַליין כאַפּט ער בגניבה אַ זײַטיקן קוק צו אַסיען.

לאָמיר זיך צוזעצן, זאָגט דער פעטער סטיעפּאַן. און מיר זעצן זיך אַלע

אויס, ווער אויף וואָס: אויפֿן בעט, אויף די טאַבורעטקעס, אויפֿן דיל. דער ערשטער הייבט זיך אויף דער פֿעטער סטיעפּאַן און קושט דרײַ מאָל ראָמאַנען און מיר אַלע שיטן זיך אַרויס אין גאַס.

מיר שפּאַנען אין איין ריי, פֿאַרנעמענדיק דעם גאַנצן וועג, און אַ שניי־דיקער שטעכיקער ווינט שלײַדערט אונדז אין פּנים אַרײַן גאַנצע הויפֿנס זאַמד.

— אפֿשר, וועלן מיר, כאָטש עפּעס זינגען? פֿרעגט ראָמאַן — הײַדאַ אַ מאַרש.

און ער פֿאַרציט דער ערשטער: זײַט געזונט שטעט און כאַטעס.

מיר, מיט נישט געוואַגטע, עפּעס אַזעלכע פֿײַכטע קעלעכלעך כאַפּן אונטער:

אונדז אַ וועג ווײַטער, רופֿט...

דאָס ליד רײַסט זיך איבער — עס כאַפּט עס בײַ אונדז אויס און פֿאַר־טראָגט עס דער ווינט. גאַנץ מעגלעך, אַז ער וועט עס באַהאַלטן ביז יענעם טאָג, ווען מיר׳ן באַגעגענען די זיך אומקערנדיקע פֿון דער מלחמה...

אָפּשיידס־לידער איז אויך בעסער צו זינגען בעת באַגעגענישן.

פֿאָרויס — צעטיילן זיך די וועגן... דאָ הייבט זיך עס אָן דער שליאַך וואָס פֿירט אין געגנטלעכן צענטער, און ווײַטער אין דער גרויסער וועלט, ווו ס׳איז איצט פֿראָנט, מלחמה.

— אַלע חברה, שטעלן זיך אָפּ, — באַפֿעלט דער לערער.

מיר געזעגענען זיך לויט דער ריי מיט ראָמאַן וואַסיליעוויטשן. ווי דער־וואַקסענע, שטרעקן מיר אויס די הענט און ווי קלענערע, שמאָרען מיר מיט די נעז. די לעצטע געזעגנט זיך יולקע. זי, ווי אַ שווערע משׂא, בלײַבט זי הענגען אויף די אַקסלען פֿונעם ברודער און וויינט אַזוי, אַז אַפֿילו דער ווינט דערשרעקט זיך און ווערט אַנטשוויגן נישט אויף לאַנג.

אויפֿן גרויסן וועג גייען אַוועק דרײַ.

יולקעס מאַמע און אַסיע באַגלייטן טאַקע אויף דער רעכטער אמת, ראָמאַנען, ביז דער סאַמע שטאָט, און מיר, צונויפֿגעדריקט זיך אין אַ קופּקעלע, שטייען פֿאַזע דעם שליאַך און קוקן זיי נאָך אַזוי לאַנג, ביז די דרײַ געשטאַלטן

ווערן נישט פֿאַרוואַנדלט אין דרײַ דריוווּנינקע פּינטעלעך, און לסוף, צעגייען זיי זיך אין דער דעמערונג.

— קומט אַהיים, — זאָגט ליאָניע און פֿאַרקערעוועט צוריק. אינאײנעם מיט ליאָניען שפּאַנט אָסקיע, נאָך זיי, געאָרעמטע, גייען יולקע מיט באַדיען, און אונטער זיי שלעפּן מיר זיך, איך און דימקע.

שווער טופּען דימקעס פּיסלעס, און אין טאַקט מיט זיי כוואָשטשען מײַנע קאַלאָשן. מיר גייען און שווײַגן, ווי די גרויסע.

צומאָל קענען מיר אויך שווײַגן.

# אַמאָל איז געווען אַ הויף...

די וועלט הייבט זיך אָן פון אַ קינדערישן שמייכל.
וו. קאָטשעטקאָוו

די, וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרויסע פּאָטערלענדישע, וועלן שטענדיק טיילן זייער לעבן אויף צוויי פּעריאָדן — אויף „מלחמה" און „נאָך דער מלחמה". אַפילו אַז דער מענטש איז אין צײַט פון קריג אַלט געווען נאָר עטלעכע יאָר. און אַלץ מערער וועט ווערן די שטרעקע צווישן דער „מלחמה" און דעם „נאָך", אַלץ ווײַטער וועלן ווערן די דערמאָנענישן וועגן דער מלחמה, נאָר דאָס לעבן וועט שוין אויף אַלע תּמיד פאַרבלײַבן צעטיילט אין צוויייען.

ווען איך האָב מיך צום ערשטן מאָל דערוווּסט, אַז מיר לעבן אין דער „נײַער ערע" און אַז פאַר איר איז געווען אַ „ביז צור נײַער ערע", האָב איך מיך באַין אָפן נישט געקאָנט באַפרײַען פונעם געדאַנק אַז די אור־מענטשן האָבן דאָס אַלץ געגנאַשט בײַ אונדז. און, אויפריכטיק גערעדט, האָט די צעטיילונג אויף אַן אַלטער און נײַער ערע, מיר אַויסגעוויזן ווייניקער באַדײַטנדיק, ווי די טיילונג אויף „מלחמה" און „נאָך דער מלחמה".

די צײַטן פון „נאָכן קריג" ווען דאָס לעבן אויף דער ערד הייבט אָן פונסנײַ, אָדער עס איז טאַקע אין אַן אמתן געווען זייער באַדײַטנדיק, אָדער אונדז קינדער, האָט זיך אויסגעדוכט אַז עס איז אַזוי, ווײַל אין די קינדער־יאָרן איז קײַן נישט־באַדײַטנדיקס נישט פאַראַן.

## אין אַ ווײַט דערפל

כמעט פיר יאָר האָבן מיר געלעבט אין אַ קליין אוזבעקיש דערפל. דאָ האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען, דאָ בין איך געגאַנגען אין ערשטן קלאַס,

דאָ האָב איך מיך דערפילט אַ גרויסע, ווען אין נאָוועמבער פונעם טויזנט נײַנהונדערט אײנאונפערציקסטן יאָר האָט זיך בײַ מיר באַוויזן אַ קלענער ברודערל. און נאָר אויפן סאַמע דנאָ פונעם זיכּרון זענען ווי אַ צעשווימענער פלעק געליגן די דערמאָנענישן וועגן מײַן היימשטאָט, וועלכער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שענער, פאַרלירנדיק אין מײַן פאָרשטעלונג אירע רעאַלע אײגנשאַפטן און דערוואָרבנדיק שטריכן פון אַ מעשׂהדיק קיניגרײַך. מיט אָט דער ווײַטער שטאָט זענען געווען פאַרבונדן אַלע צונישט־געוואָרענע קינדער־רישע פריידן. און די „זיפּעכץ״ פלעגט שטענדיק די מאַמע אונטערטראָגן אינאײנעם מיט די צוזאָגן, אַז אין דער היים וועט זײַן ברויט אויף ברויט און אַנדערע געשמאַקע זאַכן. האָבן דעמלט די גלעזעלעך, שטיינדעלעך און אַנדערע אַנטיקן, אַנגעווירן זייער ווערט אין פאַרגלײַך מיט דער שפע פון שפּילעכלעך, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אונדז אין דער היימשטאָט.

שפּעטערס פון דערמאָנענישן האָבן באַקומען בלוט און פלייש, די פאַנטאַזיע האָט זיי אויפגעלעבט, און איך האָב נישט נאָר אויסגעטראַכט די פּראַכט פון מײַן שטאָט, נאָר כ׳האָב אַליין געגלייבט אין אויסגעטראַכטן און כ׳האָב געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן אויך גלייבן.

איך האָב געדענקט, אַז אין אונדזער שטאָט זענען געווען אַ סך רויטע טראַמווײַען, נאָר דאָס האָט מיר נישט געשטערט צו פאַרזיכערן אַלע, אַז די טראַמווײַען דאָרט זענען פּילפּאַרביקע. יעדער שטרײַט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ באַרימערישער מעשׂה וועגן „מײַן שטאָט״. אירע גאַסן זענען געווען די סאַמע שענסטע אין דער וועלט, די הײַזער — די סאַמע העכסטע, די פּאַרקן — די סאַמע געדיכטסטע. די צירק פאָרשטעלונג, וועלכע האָט זיך געבאַמבלט אין מײַן קאָפּ, האָט באַזעצט די פּאַרקן מיט אויסגעדרעסירטע חיות. אין אונדזער שטאָט זענען געווען בערג מיט ברויט, און די קינדער האָבן געגעסן אײַזקרעם און קאָנפעקטן אָן אַ שיעור: זיי האָבן בײַ מיר פאַרמאָגט ריידעוודיקע טאָקן און אויטאָמאַטישע שפּילעכלעך, עכטע קאַרוסעלן און ביכלעך מיט פּילקאָלירקע גרויסע מענטשאַלעך. אין די זונטיקן זענען די קינדער געגאַנגען שפּאַצירן מיט די מאַמעס און מיט די טאַטעס. און טאַטעס זענען בײַ אַלע געווען הויכע און קרעפטיקע — מיט איין האַנט האָבן זיי געקאָנט אָוועקלייגן יעטוועדן פאַשיסט.

און אויב ס׳האָט זיך געפונען עמיצער וואָס האָט געצווייפלט אין מײַנע רייד, פלעג איך מיך באַליידיקן, זיך קריגן און אַפילו גרייט זײַן צו דער־לאַנגען. נאָר איין מענטש האָט געגלייבט אין אַלע מײַנע געשיכטעס — מײַן קלענער ברודערל — שלומל.

ביז צו דער מלחמה איז דער סאַמע וויכטיקסטער מענטש אין דער מישפּחה געווען — איך. דאָס האָבן מיך ליב געהאַט און ממש געטראָגן אויף די הענט די זיידעס און די באָבעס מײַנע. מיך האָבן באַוווּנדערט די שכנים, די באַקאַנטע, די אַלע מומעס און פעטערס, וועלכע פלעגן אַרויסרופן בײַ מיר שטוינונג נאָר דערמלט, ווען זיי האָבן פאַרגעסן מיך צו לויבן: „וואָס פאַר אַ ווונדערלעך קינד!".

איך האָב, אָן אַ סימן פון מורא, געזאָגט געדיכטן, געזונגען לידער. בײַ פינף יאָר האָב איך שוין געלייענט פליסיק און שבחים פלעג איך אויפנעמען גלײַך ווי ס׳קומט מיר. און מיטאַמאָל האָט זיך מײַן לאַגע אַ וואַקל געטאָן: אין שטוב האָט מען אָנגעהויבן צו רעשן מיטן קלענערן ברודערל. וועגן דעם דאָזיקן קינפּטיקן מענטשעלע זענען געווען אַזויפיל שמועסן אַז כ׳האָב אים שוין פון סאַמע אָנהייב עפּעס נישט ליב באַקומען.

די מלחמה האָט אַלץ געביטן. דער טאַטע איז געווען אויפן פראָנט, און איך מיט דער מאַמען האָבן פאַרבלאָנקעט אין אַט דעם אוזבעקישן דערפל. אין אַ רעגנדיקער נאָוועמבער־נאַכט האָט מיך גענומען צו זיך די שכנה, און אין אַ וואָך אַרום האָט זיך די מאַמע אומגעקערט מיט דעם שוין לאַנג צוגעזאָגטן ברודערל, אַ קליינינקער און אַ פאַרבלאָוטער, וועלכן מ׳האָט גאַנצע צוויי וואָכן, ביכלל נישט אָנגערופן מיט קיין נאָמען; און דערנאָך איז ער געוואָרן — שלום. אין יענעם אויפדערנאַכט האָט שטאַרק געטשאַדעט די פּליטע; דער רויך האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די ווענט, אויפן בעט, און אין דער מולטער האָט זינלאָז געשמייכלט — שלום, און איבער אים האָבן עפּעס געשפּראָכן די מאַמע און די שכנה, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט אונטערגעוואָרטשעט:

— גאָט מײַן גאָט, זיך אויסגעזוכט אַ צײַט ווען צו קומען אויף דער וועלט.

איך האָב איר געוואָלט דערווידערן, אַז שלום ווייסט נישט וועגן דער

מלחמה און אַז ער איז נישט שולדיק אין דעם, וואָס ער איז גראָד איצט געבוירן געוואָרן, נאָר כ'האָב זיך אײַנגעהאַלטן און נאָר צו מײַן ברודערל האָב איך מיטאַמאָל באַקומען גרויס רחמנות. פון דער מינוט אָן האָב איך מיך דערפילט עלטער.

שלום איז געוואַקסן, נישט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה צו שעה. ער האָט פרי געהאַלטן דעם קאָפּ, געזעסן, מיך דערקענט, די מאַמע, די שכנה. מיך האָט שלום באַזונדערס ליב געהאַט, ער פלעגט שמייכלען צו מיר מיטן גאַנצן מויל, און טאָמער בין איך נאָר אַוועקגעגאַנגען, פלעגט ער אַזוי יעכצן, אַז עס פלעגט זיך הערן אויף דער גאַנצער גאַס. ער איז געווען מײַן אַטראַק־ציע, מײַן שפּילעכל, מײַן סאַמע באַליבסטע פאַרווײַלונג, און שלום'ס קאַשעס זענען פאַר מיר געוואָרן דער סאַמע ערשטער נסיון.

דער קינדער־שפּיטאָל האָט טאָג־טעגלעך אַרויסגעגעבן פאַרן קליינוואַרג מילך און אַ גלאָז קאַשע. אַנשטאָט צוקער האָט מען די קאַשע צוגעפּראַוועט מיט קאָנפעקטלעך, און זי, די קאַשע, איז עס געוואָרן מיטאַמאָל אַזאַ ראָזעווע און אַזאַ אַפּעטיטנע, אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר פּשוט פאַרדרייט. איז אָט די קאַשע האָב איך יעטוועדן טאָג געבראַכט מײַן ברודער. אויפן וועג אַהיים פלעג איך באַשמעקן די גלאָז, זי אַרומטאַפּן, און קוקן דורך איר אויף דער זון, און כ'לעבן איך בין שוין גרייט געווען אַ פאַרזוך צו טאָן, נאָר דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס פאַראַ געוואַלד שלום האָט אויפגעהויבן נאָכן לעצטן לעפעלע, — און די קאַשע איז געבליבן אַ נישט גערירטע. דערפאַר אָבער וואָס פאַראַ גרויסע איך האָב מיר אַליין אויסגעזען אין מײַנע אויגן! אַ שאָד נאָר, וואָס קיינער האָט עס נישט געזען. פון יענער צײַט אָן האָט „מײַן שטאָט" זיך דערוואָרבן נאָך איין אייגנשאַפט: אויף אירע גאַסן האָט מען געגומען האַנדלען נישט נאָר מיט קײַן אײַזקרעם, נאָר אויך מיט ראָזעווע קאַשע.

שלום איז אַלט געוואָרן דרײַ יאָר. ער האָט שוין גוט גערעדט און האָט שוין אַפילו געזונגען „קאַטיושע". דער לעצטער מלחמהדיקער אָסיען, איז געווען פאַר אונדז באַזונדערס אַ שווערער: מיר האָבן אויפגעהערט באַקומען בריוו פונעם טאַטן, און דער קאַסטן פון פאַניער, אין וועלכן עס זענען גע־ווײַנלעך געלעגן די ווינטער רעזערוון, איז שוין צו נאָוועמבער צו געוואָרן

לײדיק, און איך מיט מײַן ברודער האָבן זיך פֿאַרקליבן אַהין און געשפּילט אין „טאָכטער־מאַמע". איז אָט גראָד אין דעם האַרבסט האָט זיך מיר געוואָלט אָפּמערקן שלומס געבוירן־טאָג.

דער דאָזיקער באַשלוס איז געקומען נישט אַזוי פּשוט. איך האָב פֿאַרמאָגט מײַנס אַן אײגנס אַ פּושקעלע מיט פֿאַרביקע בלײַערס. אײנמאָל האָב איך אָנגעמאָלן עפּעס גאָר־גאָר פּילקאָליריקע, דוכט מיר, בלומען. איך האָב זײ געוויזן דעם שכנס מײדעלע, דער אוזבעטשקע. דאָס מײדעלע האָט לאַנג געקנאַקט מיטן צונגל, און ממש זיך צעשמאָלצן פֿון באַגײַסטערונג. „יאַקשי, יאַקשי", דערנאָך האָט זי אַ כאַפּ געטאָן מײַן געמעל און איז אַנטלאָפֿן. אין עטלעכע מינוט אַרום, האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ שטיק לעפּיאָשקע פֿון דזשוגאַראַ.[1]

— מײַן וועסט זײַן נאָן (ברויט), דײַן וועסט זײַן שײנע, — האָט זי אַרײַנגערעדט אין מיר אויף איר קוידערוועלשיקן רוסיש, וואָס האָט באַדײַט: „איך דיר ברויט, און דו מיר — געמאָלטע שײנקײטן".

און ס'איז אַוועק אַ גאַנג... איך האָב געמאָלט בלומען די גרײס ווי אַ שטוב און שטיבעלעך נישט גרעסערע ווי אַ בלימעלע, איך האָב געמאָלן באַלן, פֿענדלעך, הינטעלעך, וועלכע זענען געוועזן ענלעך אויף אַלע חיות פֿון דער וועלט מיטאַמאָל. און ווען מײַן רום האָט זיך דערקוילערט ביז צו דער שכנותדיקער גאַס און ס'האָבן זיך אַ באַוויַז געטאָן יינגעלעך, איז אַנשטאָט קוויטעלעך און באַלן האָב איך גענומען געדעכט מאָלן שיפֿן, אַוויאָנען און לופֿט־שלאַכטן, ווו שוואַרצע פֿייגל מיט האָקנקרײַצן האָבן געברענט מיט אַ העליש פֿײַער פֿונעם רויטן, אין שפּײַעכץ אײַנגעטונקענעם בלײַער.

מ'האָט מיר גענומען טראָגן לעפּיאָשקעס, עפּל, געטרוקנטע דיניע, און דאָס אַלץ האָב איך צונויפֿגענומען אינדערהײם, אין אַ לײַלעכל פֿון יענער זײַט פּליטע — ס'האָט זיך מיר זײער און זײער געוואָלט אָפּמערקן דעם געבוירן טאָג פֿון מײַן ברודערל. ווען די מאַמע האָט אַנטדעקט אָט די רעזערוון מײַנע, האָב איך זיך עפּעס געשעמט צו אַנערקענען אויף וואָס פֿאַר אַן

---

1 דזשוגאַרא — ווײַס פּאַפּשוימעל.

אופן כ׳האָב זיי באַקומען. נאָר אָפּנאַרן האָט מען געקאָנט ווען מען איר ווילט, נאָר נישט מײַן מאַמען. זי האָט קיינמאָל נישט געזאָגט: „זאָג דעם ריינעם אמת״ — אָדער: קײַן גרויסע טאָר מען נישט אָפּנאַרן״. ניין, אין אַזעלכע פֿאַלן האָט די מאַמע געגעבן אַזאַ קוק, אַז ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן קלאָר: אַז זי וועט נישט אָפּטרעטן, ביזוואַנען זי וועט נישט דערגייען דעם אַנדערן עק. אָט דעריבער האָב איך אָפּט אויסגעשאָסן דעם גאַנצן אמת עלעהיי ווי מען וואַרפֿט אַראָפּ אַ זאַק פֿון דער פּלייצע, און שוין דערנאָך מיט אַ גרינג געמיט געוואַרט אויף דער שטראָף.

דאָסמאָל האָט מיך די מאַמע אויסגעהערט עפּעס שוין צו, צו רואיק. מיר האָבן אַרויסבאַקומען פֿון אונטער דער פּליטע אַלע מײַנע רעזערוון, זיי צעלייגט אויפֿן טיש און לאַנג געטרונקען טיי מיט געטרוקנטע דיניע און אַלטגעבאַקענע לעפּיאָשקעס. נאָך דער טיי האָט זיך די מאַמע צוגעזעצט נעבן מיר און זי האָט עפּעס ווי אַרײַנגעשושקעט צי אַרײַנגעהויכט אין מיר:

— מער זאָלסטו שוין אַזעלכעס נישט טאָן. מאָל גלאָט אַזוי, גוט?

איך האָב אינדערשטיל אַראָפּגעשלונגען מײַן אײַנשטימיקייט און כ׳האָב נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

די מאַמע, שלום, איך און צוויי אונדזערע שכנות באַגלייטן אַרויס דאָס 1944־טע יאָר. דער אָוונט גייט אַדורך פֿײַערלעך: אויפֿן אָרט פֿון אונדזער קאַניצל — ברענט אויפֿן טיש אַ פֿרעמדער לאָמפּ, דער טיש אַליין איז באַ־דעקט מיט עפּעס, וואָס דערמאָנט אין אַ טישטעכל, און אויף אָוונט־ברויט וועלן הײַנט זײַן וואַרעניקעס מיט קאַרטאָפֿליעס. וואַרעניקעס פֿון אמתן מעל, כאָטש פֿון ערד־קאַליר. וועלכע מ׳האָט געגעבן אויף די שפּײַז־קאַרטן לכבוד דעם נײַעם יאָר. און לסוף, דאָס סאַמע וויכטיקסטע: פֿונעם טאַטן זענען אײַנס נאָכן אַנדערן אָנגעקומען דרײַ בריוו מיטאַמאָל. ער איז געווען פֿאַרווונדעט, עס גייט אים שוין בעסער, אינגיכן וועט ער פֿאָרן אַהיים און וועט אונדז פֿאַרנומען צו זיך. די שטימונג — כאָטש שפּרינג ביז אין הימל. אַזויפֿיל גוטס מיטאַמאָל.

אַרום טיש די פֿרויען ווינטשן אָן אײנע דער אַנדערער אָן אַן עק, און אָן אַ סוף, אַז דאָס נײַע יאָר... אַ סך דאַרף אויפֿטאָן דאָס נײַע יאָר. אי ברענגען מיט זיך דעם ניצחון, אי באַהיטן פֿונעם טויט אַלע די וואָס שלאָגן זיך מיט

די דיַיטשן, כאָטש ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן נישט אומקומען, אַז עס גייט אַזאַ מילחמה? דאָס איז אַפילו מיר פאַרשטענדלעך, שוין אָפּגע־רעדט פון די גרויסע. זיי פאַרשטייען און דאָך בעטן זיי. עס איז מיר עפּעס אַפילו אַ רחמנות אויפן נײַעם יאָר: עס וועט נישט אויסהאַלטן די אַלע בקשות, וועט צוזאָגן אַ סך און דערנאָך נישט דערפילן דאָס צוגעזאָגטע.

— מאַמע — רײַס איך איבער די גרויסע — וועט דען דאָס נײַע יאָר קאָנען דאָס אַלץ טאָן? אי אַ ניצחון, אי מ׳זאָל קיינעם נישט הרגענען...

— נאַרעלע — זיפצט די מאַמע — אָט וועסטו זען, אַז דאָס נײַע יאָר וועט עס קאָנען, אָט וועסטו זען...

און אַזוי איבערצייגנדיק קלינגען דער מאַמעס ווערטער, אַז איך הער אויף צו צווייפלען און צו די שווערע בקשות פון די גרויסע, טשעפּע איך צו אויך־מײַנע.

און נאָכדעם באַווײַזן זיך אויפן טיש די וואַרעניקעס. טונקעלע, האַרטע און אויסערגעוויינלעך געשמאַקע. (מ׳זאָל נישט פאַרגעסן נאָך איין בקשה: אַז אין נײַעם יאָר, זאָלן יעדן טאָג זײַן אַזעלכע וואַרעניקעס). מיר עסן די וואַרעניקעס שווײַגנדיק, גלײַך ווי מיר הערן זיך צו עפּעס צו, ווײַל אַזעלכעס געשעט נישט אָפט און ס׳איז נישט באַוווּסט, ווען עס וועט זיך נאָכאַמאָל איבערחזרן.

## אַ מאַמע „נישט ווי אַלע מאַמעס״

מ׳זאָגט, אַז אַלע מאַמעס זענען גוט. אָבער ס׳איז נישט אַזוי. פּשוט אַלע קינדער האָבן ליב זייערע מאַמעס, אָבער נישט יעדן איינעם גליקט געבוירן צו ווערן בײַ דער מאַמען, וועלכע גייט אים אַזוי גוט אונטער. מיר האָט גע־גליקט, און פאַרשטאַנען האָב איך עס דעמלט, ווען אַ שכנותדיק מיידעלע, וועלכע האָט געוווינט נעבן אונדז אין דערפל, האָט מיר געזאָגט מיט טרויע־ריקער קנאה:

— דו האָסט אַ מאַמע „נישט ווי אַלע מאַמעס״.

איז אָט מיט דעם מיידעלע האָבן מיר זיך עס אָפּגעשפּילט גאַנצענע טעג. זי איז געווען עלטער פון מיר און אייביק האָט זי עפּעס צוגעטראַכט: קײַן

טאָקן זענען נישט געווען, און אויפֿן אָרט פֿון די טאָקן האָבן מיר געמאָלט אויף די שפּענדלעך אויגן, מײַלער און נעזער און מיר האָבן אַרומגעוויקלט די שפּענדלעך מיט שמאַטקעלעך. אַזעלכע טעכטערלעך האָבן זיך אונדז צונויפֿגענומען זייער אַ סך און כאָטש זיי האָבן נישט געבליאַסקעט מיט זייער פּראַכט, אָבער שפּילן זיך מיט זיי האָט מען געקאָנט. אונדזערע ליאַלקעס האָבן געהאַט זייער קלינגענדיקע נעמען. און ווען איך בין צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און זי געפֿרעגט, ווער סע געפֿעלט איר בעסער — אָלימפּיאַדע אָדער אַדעלאַידע, האָט די מאַמע אויפֿמערקזאַם באַקוקט די שפּענדלעך און טראַכטנדיק אַ ווײַלינקע, געזאָגט:

— ווייסט, אָלימפּיאַדע איז טאַקע אַ קראַסאַוויצע, דערפֿאַר אָבער איז אַדעלאַידע אַ גוטע נשמה. גיב נאָר קוק וואָס פֿאַראַ גוטע אויגן זי האָט.

און דאָס אָנגעמאַליאַוועטע — מיט אַ כימישן בלײַער — שפּענדל, האָט טאַקע אויף אַן אמתן גענומען קוקן צו מיר מיט גוטע אויגן. און דעמלט האָט דאָס שכנותדיקע מיידעלע געכאַפּט אירע „טעכטערלעך" און איז אויך געלאָפֿן צו איר מאַמען:

— מאַמע, נו מאַמע, וועלכע געפֿעלט דיר בעסער — עלעאָנאָרע צי טאַטיאַנע?

— וואַ־אַ־ס? וועגן וועמען רעדסטו? גאָטעניו, דאָס קינד איז שוין אינגאַנצן צעדולט! נעמט און רופֿט אָן שפּענדלעך מיט מענטשלעכע נעמען. וואַרף זיי שוין אַרויס, ווערסט זיך נאָך פֿאַרשטעכן די פֿינגער!

איינמאָל איז מײַן חברטע געקומען צו לויפֿן אַ פֿאַרוויינטע: די מוטער איז עפּעס ברוגז געוואָרן אויף איר און האָט פֿאַרברענט אַלע אונדזערע „טעכטערלעך". מיר זענען געזעסן צעקאָכטע און שוין מער אין גאָרנישט זיך נישט געוואָלט שפּילן. און אויפֿן אַנדערן טאָג האָט זיך בײַ אונדז באַוויזן אַן אמתע טאָק, אָדער ריכטיקער, כמעט אַן אמתע. און געמאַכט האָט זי די מאַמע מײַנע. פֿאַרטאָג. אַזוי, אַז אינדערפֿרי איז שוין די טאָק געווען פֿאַרטיק. געוויינלעך האָט די מאַמע מײַנע געליטן פֿון שלאָפֿלאָזיקייט, דאָס הייסט געשלאָפֿן איז זי, נאָר זייער ווייניק, עפּעס געדענק איך נישט קיין טאָג, אַז זי זאָל פֿון קאַיאָר אָן, שוין נישט זײַן אויף די פֿיס. אין די דאָזיקע פֿרימאָרגנדיקע שעהן האָט די מאַמע באַוויזן אָפּצוטאָן זייער אַ סך און צווישן

די וואָכעדיקע אַרבעטן — שטענדיק עפּעס וואָס טשאַקנדיקס און קנאַקנדיקס, ספּעציעל פֿאַר מיר מיט שלומן. די מאַמע האָט זיך געבריהט צוצוטראַכטן פֿאַר אונדז סורפּריזן אַפֿילו אין די יאָרן, ווען ס׳האָט זיך עס קיינעם נישט געלייגט אויפֿן מוח.

און אַפֿילו איצטער, ווען איך מיט מײַן ברודער זענען שוין לאַנג געוואָרן דערוואַקסענע, האָט די מאַמע פּונקט ווי פֿריִער אונדז ליב צו מאַכן סורפּריזן. אמת, זיי פֿרייען אונדז שוין אַ סך ווייניקער, ווי אין די קינדער יאָרן, נאָר דאָס איז שוין נישט דער מאַמעס שולד.

...און אַ טאָג האָט מיר די מאַמע אויסגעמײַסטרעוועט איינע אין דער וועלט, פֿון אַן אַלטן ברוינעם זאַק. און פֿאַרמאַגט האָט די דאָזיקע טונקל־הויטיקע ליאַלקע אי הענט, אי פֿיס, און אַפֿילו צעפּ פֿון שוואַרצע וואָלענע פּעדים; נאָר דאָס פּנים איז געווען געמאַכט לויטן אַלטן „שפּענדלדיקן” מעטאָד — אָנגעמאָלטע אויגן, אָנגעמאָלטע ווײַעס, און אַ קליין מײַלעכל די גרייס פֿון — אַ הערצעלע.

איצטער האָב איך די טאָק געגרייט אין אַ ווײַטן וועג, שוין עטלעכע טעג אַז די מאַמע איז אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן צוגרייטן די דאָקומענטן. אינגיכן פֿאָרן מיר אַהיים. איך און שלומל זענען מיר געבליבן אונטערן אויפֿזיכט פֿון דער שכנה. די שכנה איז אַ גוטע פֿרוי און זייער אַ באַרעמ־האַרציקע. קײַן אייגענע קינדער האָט זי נישט, און זי קאָן זיך גאַרנישט אָנלויבן מיט אונדז:

— פֿייגעלעך מײַנע, שוועלבעלעך. געבליבן אָנעם טאַטן, אָן דער מאַמען... נישקשה, די טיאָטיע וועט אײַך נישט קריוודען.

עפּעס געפֿעלן מיר נישט די יאַכמערײַען. און פֿאַרוואָס עפּעס „אָנעם טאַטן”, אָן דער מאַמען? נאָר איך שווײַג, אָבער איך וויל שוין זייער, אַז די מאַמע זאָל וואָס גיכער קומען צופֿאָרן. די שכנה האָדעוועט אונדז אָן מיט אַ זופּ פֿון ציבעלעס. אונדז גיט זי אַוועק דאָס סאַמע געדיכטע, און אַליין כלעפּטשעט זי גאָלע וואַסער. וואָס אַן אמת, — אַ גוטע פֿרוי, נאָר זי שווײַגט נישט קײַן מינוט:

— קליינינקע איר מײַנע, הונגעריקע, און כ׳האָב אײַך אַפֿילו נישט מיט וואָס אָנצוהאָדעווען. איז וואָס־זשע זאָל איך טאָן מיט אײַך, פֿייגעלעך מײַנע?

איך האָב שטאַרק רחמנות אויף זיך. נאָר זעט איר אונדזער שלום, איר זאָלט עס זאָגן, עס זאָל אים רירן: ער האָט פאַרענדיקט זײַן זופּ און איצטער „פאַרט״ ער אַרום מיט זײַן לעפל אין ליידיקן טעלער.

זאָל כאָטש די מאַמע קומען אַמאָל גיכער.

## דער סאַמע הייליקסטער טאָג אין יאָר

ווער ס׳האָט דער ערשטער אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „ניצחון״ — געדענק איך נישט, איך דערמאָן מיך נאָר, אַז מיר האָבן אַוועקגעיאָגט אין סאַמע צענטער פונעם דערפל, אַהין ווו ס׳האָט געהאָנגען דער ראַדיאָ־הילכער. פאַרויס איז געלאָפן, פאַרגעסנדיק אין אירע „פייגעלעך״, אונדזער שכנה די אָפּיעקונקע. נאָך איר, שלעפנדיק נאָך זיך שלומען, האָב איך געיאָגט שוואַליאַם. צום ראַדיאָ־הילכער איז מען געלאָפן פון אַלע זײַטן, און ער האָט געהאָנגען אינדערהויך אויפן סטולפּ און געכריפּעט פון אויפרעגונג מער ווי אַלע תּמיד. „...אין נאָמען פון דער דײַטשישער העכסטער קאָמאַנדשאַפט, שטימען מיר אײַן אויף אַן אומבאַדינגלעכער קאַפּיטולאַציע פון אַלע אונדזערע באַוואָפנטע כּוחות אויף דער יבשה, אויפן ים און אינדערלופטן...״

— ווו, ווו?

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— קאַפּיטולירונג.

ס׳איז שטיל געוואָרן. מ׳האָט זיך צוגעהערט, אָבער נאָך אַלץ נישט געגלייבט.

פּאָביעדאַ[1] — האָט עמיצער צי אויסגעקרעכצט צי אויסגעכליפּעט. און נאָכאַמאָל האָט אַ ווירבל געטאָן מיט מענטשן. אינעם געזעמל, האָב איך אַזש אַרויסגעלאָזט שלומס האַנט. עמיצער נעמט מיך אַרום, קושט מיך.

— איך באַגריס דיך, טעכטערל, מיטן ניצחון!

און אַ גאַנצן טאָג טראָגן זיך מענטשן, ווי געפּלעפּטע און ס׳הערט זיך נאָר — איין וואָרט — ניצחון! אַי אַ וואָרט, אַ וואָרטעלע, אַזאַ זונענדיקס.

---

1 פּאָביעדאַ — רוסיש: זיג.

אָפט טראַכט איך, פאַרוואָס אַ געווינס אין אַ פוטבאָל צי אין אַ שאַכ־מאַטנעם פאַרוועט מוז אויך אָנגערופן ווערן „ניצחון״? פאַרוואָס זאָל מען אין אַזאַ פאַל נישט צוטראַכטן קיין אַנדער וואָרט, אויך אַ גוטס, אויך אַ וואָגיקס? אַז דאָס וואָרט „ניצחון״ זאָל שטיין נאָר אין איין ריי מיטן ניינטן מאַי 1945־טן יאָר.

נאָר אין איין ריי מיט דעם טאָג.

אַ געווירבלדיקער, אומגעוויינלעכער טאָג. קיינער. קיינער קאָן זיך נישט אָפרײַסן פונעם ראַדיאָ־הילכער, וועלכער האָט זיך סוף כּל סוף אויסגע־קכעכקעט:

„...איבעררײַסן אַלע מיליטערישע אָפעראַציעס 23.01 אַזייגער... אונטער־געשריבן דעם 8־טן מאַי 1945־טן יאָר אין דער שטאָט בערלין״.

— דערלאַנגט מיר אַ קלאַפ! אפשר שלאָף איך, אפשר חלומט זיך מיר נאָר? גיט מיר אַ גוטן זעץ! — בעט זיך עמיצער.

— גאָטעניו, ניט שוין־זשע האָט זי זיך שוין טאַקע געענדיקט אויף אַן אמתן, אָט די מלחמה?

— און מײַנער האָט נישט דערלעבט...

— מאַמע, וויינט נישט. פרייען דאַרף מען זיך, און איר וויינט.

עס וועלן אַוועק אַ סך יאָרן און די גרויסע „פאַטערלענדישע״, אַ פאַר־געלטע פון דער צײַט, וועט זיך רואיק אַוועקלייגן אין די לערן־ביכער. און די קומענדיקע תּלמידים וועלן אויסלערנען די צאָל פון די געפאַלענע אין דער מילחמה פון 1941—1945־טן יאָר. די נעמען פון די העלדן, די ערטער פון די גרויסע שלאַכטן. און אַז ס׳וועט קומען דער טאָג פונעם 9־טן מאַי, וועט מען אים פײַערן פּשוט ווי אַ יום־טוב, און נישט ווי דעם סאַמע הייליקסטן טאָג אין יאָר. און אויב עמיצנס אַן אַכציקיעריקער זיידע, וועלכער האָט נאָך אַלס קינד איבערגעלעבט די מלחמה, וועט זיך צום הונדערטסטן מאָל דער־מאָנען וועגן דעם, וועט מען, מן־הסתּם, פון אים אָפלאַכן. נאָר דאָס קומט נישט בײַ אים פון דער עלטער, דאָס קומט פון שאַרפע דערמאָנענישן, וועלכע ווערן נישט אָפגעשוואַכט. און דאָס, וועגן וועלכן ער וועט אײַך דערציילן בײַ אַכציק יאָר, האָט ער פּונקט אַזוי געדענקט ווען ער איז אַלט געווען זיבעציק. איז זעצט אַוועק אײַער זיידן אויפן סאַמע בכּבודיקסטן אָרט און הערט אים

אויס נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. פאַרטראַכט זיך וועגן דעם טאָג, ווײַל דאָס איז דער סאַמע היילּיקסטער טאָג אין יאָר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרנאַכט צו קומט צו פאָרן די מאַמע. עפּעס אַזוי אומגעריכט באַווײַזט זי זיך אין צימער, זי לאָזט אַראָפּ שווער אויפן דיל דאָס אַלטע קיישל אירס און פרעגט זיגעריש:

„נו?!״ עפּעס טאַקע נאָר גלײַך ווי זי, די מאַמע, האָט זיך עס ווי ס׳איז דערביוועט און געבראַכט דעם ניצחון, וויפל מיר זענען געזעסן אין דערפל און געפּוסטעפּאַסעוועט.

מיר, איך מיט שלומען, וואַרפן זיך גלײַך צו איר.

— אָט דאָס איז עס, — זאָגט די מאַמע און שלעפּט אַרויס פונעם קיישל עפּעס פּאַפּירן. — מ׳קאָן שוין פאָרן אַהיים.

דערנאָך שטרעקט מיר אויס די מאַמע אַ פּעקל. איך צונעם עס — אַ טאָק. טאַקע אַן אמתע. נישט קיין שפּענדלדיקע, נישט קיין זאָקנדיקע. אין אַ רויט מאַרלעווע קליידעלע.

— ווו האָסטו זי גענומען? — ווונדערט זיך אויף דער מאַמען, די שכנה, — דו האָסט זיך געהאַט זייער ווייניק געלט אין וועג...

איך קאָן די גאַנצע נאַכט נישט אַנטשלאָפן ווערן. די טאָק ליגט שטיל נעבן מיר און קוקט אין דער פינצטערניש מיט קלאָרע, גאָרנישט קיין פאַר־שלאָפענע אויגן (וועגן דעם, אַז עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט טאָקן מיט אויגן וואָס מאַכן זיך צו, האָב איך נאָך דעמאָלט קיין אַנונג נישט געהאַט.)

איך ליג, טראַכט, און אַלץ ווערט מיר מיטאַמאָל קלאָר: די טאָקן האָבן זיך איניינעם מיט אַנדערע שפּילעכלעך באַהאַלטן ערגעצוווּ אויף דער גאַנצער צײַט פון דער מלחמה. זיי זענען פאַרשווונדן די שפּילעכלעך, גלײַך ווי זיי זענען גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען. און איצטער, דערוויסנדיק זיך וועגן ניצחון, זענען זיי אַרויסגעקראָכן פון זייערע באַהעל־טענישן, און די טאָק אין רויטן קליידעלע איז געקומען גלײַך צו מיר.

ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די מאַמע האָט דעמלט

פּאַר אַ שיבוש אַוועקגעגעבן אין שטאָט, איר איינאונאיינציק טיכל. די מאַמע האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר, אַ נײַניעריק מיידעלע, איז ווייניק נאָר הערן וועגן ניצחון — מען דאַרף אַז שוין די ערשטע שעהן פונעם פרידלעכן לעבן, זאָלן טאַקע תיכף און באַלד ברענגען מיט זיך עפּעס אַ ווונדער. אַזוי האָט זיך עס באַוויזן די טאָק. אַן אמתע, אַן עכטע, נישט קיין שפּענדלדיקע, נישט קיין זאַקנדיקע.

דעם צווייטן טאָג הייבן מיר זיך אָן צו גרייטן אין וועג אַרײַן. אייגנטלעך נישטאָ אַזוי וואָס זיך צו גרייטן. זאַכן האָבן מיר זייער ווייניק — אין האַלבער שעה קאָן מען זיך צונויפנעמען. פון די רעשטלעך מעל באַקט די מאַמע לעפּיאָשקעס, און אויפן צווייטן טאָג האָט אַ סקריפּענדיקע אַרבע, אײַנגעשפּאַנט אין אַ פּאָר קעמלען, אונדז אַוועקגעפירט פונעם דאָרף. לאַנג, לאַנג פּלאָטערן אונדז נאָך די הענט פון די פּאַרוויינטע פּרויען, עס לויפן נעבן די רעדער מיידעלעך און ייִנגעלעך, און שטאַרק איבערגעראַשט איז אונדזער שלומל. און אָט האָט זיך שוין דער וועג אַרויסגעקליבן פונעם דערפל און אַוועקגעלאָפן ווײַט, ווײַט פּאָרויס. דער זעלבער וועג האָט אונדז קריק מיט פיר יאָר געבראַכט אַהער, דערשראָקענע פון די באָמביאָזשקעס, צעטומלטע, נישט וויסנדיק, ווי אַזוי וועלן מיר לעבן ווײַטער. ער האָט אונדז געבראַכט און אויסבאַהאַלטן ווײַט, וואָס ווייטער פון דער מלחמה. מיר דוכט זיך, אַז עס פירן אונדז די זעלביקע קעמלען, וועלכע האָבן אונדז אַמאָל געבראַכט אַהער.

פּאָרויס איז נאָך אַ לאַנגער און שווערער וועג, נאָר ער פירט אַהיים, און דאָס — איז ווי אַ גליקלעכע ענדע פון אַ שוידערלעך מעשׂהלע.

די שטוב. די היימשטאָט. דער טאַטע. גיך, גאָר גיך וועל איך זיך דערוויסן, אַז צו אָט די דרײַ סאַמע געוויינלעכע ווערטער — האָבן זיך נישט דערוואַרט, נישט ווייניק פון מײַנע מיטצײַטלער.

### אין וועג

אויסמײַדנדיק די שטאָט, האָבן אונדז די קעמלען געבראַכט גלײַך צום האַפן, און דאָ האָב איך באַשלאָסן, אַז די גאַנצע וועלט מיט מענטשן האָט זיך אַ ריר געטאָן פונעם אָרט און פאָרט אַהיים. אַ געזעמל, אַ געווימל, און אַלע

וואַרטן אויפֿן טראַנספּאָרט, וואָס זאָל אונדז איבערפֿירן איבער דעם טײַך צו דער סאַמע נאָענטסטער באַן־סטאַציע.

אַ ריזיקער פֿילפֿאַרביקער המון, אַממערסטן פֿרויען און קינדער, האָט געברויזט פֿון גאַנצפֿרי ביז אין דער שפּעטער נאַכט. די נײַאינקע, געפֿלעפּטע האָבן אַרומגעשלאָנדערט בײַם פּאָרט. די אַלטגעזעסענע האָבן צוביסלעך אײַנגעאָרדנט זייער „אויסקומעניש": אויף גיך צונויפֿגעשטעלט בעסטלעך, עס האָט געשיפּעט אין די טעפּלעך, ראַנדלעך און אין די קעסעלעך — דאָס געקעכץ. גאָר געהייכט און געקרייענט זענען געווען די אייגנטימער פֿון פּרימוסן. אויף די שטריק האָבן זיך געטריקנט די שמאַטעס, ס'האָבן געראַשט און געוויינט די קינדער, געוואָרטשעט די זקנות, און אַלע אינאיינעם האָבן מיט בענקעניש און שרעק דערעסן די מאָגערע רעשטלעך פֿון סעכערעס, לעפּיאָשקעס און ברויט. פֿון אינדערפֿרי ביז אויפֿדערנאַכט זענען געלאָפֿן ענערגישע פֿרויען, גיכפֿיסיקע, צו דער נאַטשאַלסטווע פֿונעם פּאָרט מיט איין פֿראַגע: „ווען"? ווען וועט שוין אַמאָל אָנקומען אָט די רוחישע שיף, די באַרזשע [1] אַ מולטער, וועלכע וועט אַוועקפֿירן די אַלע וואָס חלומען זיך שוין אומצוקערן אויף דער באַפֿרײַטער ערד? מיר, קינדער, האָבן אויך געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער שיף, נאָר מיר האָבן זיך געפֿילט נישט שלעכט אויך אָן איר. בײַ די גרויסע איז נישט געווען דער קאָפּ צו אונדז, און דאָס פֿרײַע לעבן אויפֿן ברעג פֿונעם טײַך אונטערן פֿרײַען הימל, איז אונדז געווען גאָר צום האַרצן. די סעכערעס האָבן מיר נישט געציילט, צום הונגעריקן בויך וואָרטשעניש זענען מיר שוין לאַנג געווען געוווינט, און די בכבודיקע און שווערע שליחות — צוצושטעלן יעדן טאָג קיפּיאַטאָק [2] איז אונדז אַפֿילו זייער געפֿעלן געוואָרן.

אין סאַמע עק פֿונעם האַפֿן איז געשטאַנען אַ קליין אָפּגעלישטשעט שטיבל. אונטער זײַן איינציק פֿענצטערל האָט געהאָנגען אַ ריזיקער פּאַר־זשאַווערטער קראַנט. פֿונדערווײַטן האָט די וואַנט מיט דעם קראַנט און פֿענצטערל, אַ צעאַקערטס פֿון קנייטשן — שפּאַלטן, דערמאָנט דאָס פּנים

1 באַרזשע — אין רוסיש: אַ קליין שיפֿל וואָס פֿירט מַשׂא.
2 קיפּיאַטאָק — אין רוסיש: אָקרעפּ, דער איינציקער הייסער געטראַנק אָן געלט פֿאַר די עוואַקואירטע.

פון אַן אַלטן איינאָויגיקן ריז. יעדן טאָג אין דער זעלבער צײַט, איז צו דעם שטיבל צוגעגאַנגען אַ ברוגזער אַלטיטשקער. ער האָט כמורנע באַטראַכט די קאָפּטע רעוועדיקע קינדערלעך און איז פאַרשוווּנדן פון יענער זײַט טיר. אין אַ געוויסער צײַט אַרום, האָט דער קראַנט, ווי אַ פאַרקילטער, אָנגעהויבן צו ניסן, הוסטן און כראָקען און סוף־כּל־סוף האָט ער אַ כליאָפּע געטאָן מיט אַ שווערן שטראָם קיפּיאַטאָק. אונטערן קראַנט, טוישנדיק איינס דאָס אַנדערע, האָבן גיריק גענומען אַרונטערקריכן טשײַניקעס, בידאָנען, טעפּ און גלאָז קוועטשלעך.

די רייז צום קראַנט פלעגן מיר לויפן פאַרנעמען פון אינדערפרי, נאָר דאָס האָט אונדז גיך דערעסן, און דעמלט האָבן מיר אָנשטאָט אונדז גענומען אָוועקשטעלן דאָס געשיר. אַצינד, וויפל צײַט מיר האָבן זיך געיאָגט איינס נאָכן אַנדערן, האָט דאָס געשיר, גאַנץ באַשיידן אָפּגעהיט אונדזער רייז.

זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט געקריגט צווישן זיך — אָט די אַלע טשײַניקעס, פלעשער און קריגעלעך. ווי לעבעדיקע, איבערגעגעבענע זייערע באַלעבאַטים. און דער פילקאַליריקער עק פונעם געשיר, וועלכער האָט זיך געצויגן העט העט ביז צום סאַמע קראַנט, האָט זיך אָנגעהויבן רירן נאָר דעמלט, ווען ס׳האָט זיך צעהילכט דער רוף: „קיפּיאַטאָק!״ ברײַטע־דיק זיך די הענט מיט די פּיס, אויסכליופּענדיק דאָס טײַערע געטראַנק אויפן וועג, האָבן מיר זיך געטראָגן אויף צוריק אַזעלכע צופרידענע, גלײַך ווי אַלע שווערקייטן וואָלטן געלייזט געוואָרן אַדורך אָט דער קאָכיקער וואַסער.

די באַרזשעס זענען אָנגעקומען דעמלט, ווען מ׳האָט שוין אויפגעהערט צו וואַרטן אויף זיי. ריזיקע, רחבותדיקע, אויסגערעכנט אויף איבערצופירן אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט קײַן מענטשן, האָבן זיך די צוויי באַרזשעס פויל געשלעפּט נאָך אַ קליינעם, דאַרן בוקסיר.

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט זײַן, איז דאָס אַרײַנזעצן זיך אַדורכגעגאַנגען רואיק, אָן אַ געדראַנג. באַמיִענדיק זיך, נישט צו קוקן אַראָפּ, אויף דער מוטנער וואַסער, האָבן אויף די שלאַבעריקע ברעטלעך געשפּאַנט פאַרזיכטיק די פרויען. געגאַנגען, צודריקנדיק צו די באַקעס די קינדער, די בינטלעך און די טשײַניקעס. דערזעענדיק זיך שוין אויף דער באַרזשע, האָבן זיי אָפּ־געזיפצט מיט אַ פאַרלײַכטערונג:

— דאַנקען גאָט, מיר פאָרן שוין.

אָנשטאָט דריי טעג שלעפּן מיר זיך גאַנצע אַכט. מיר זיצן אין טריום פון דער באַרזשע, גלייך אויפן דנאָ פון אַ ראַנדל, און וואַרטן נישט ווי ס׳זאָגט דאָס רוסישע ווערטל „זיץ און וואַרט אויף דעם וועטער — פון ים״, נאָר מיר וואַרטן ווען וועט זיך אומקערן דער בוקסיר. ער, דער דאָזיקער בוקסיר, האָט לאַנג געפּראַכט, זיך געבלאָזן, געשפּיגן מיט רויך און גאַנץ סאָלידנע געפּייפט, טאַקע נאָר ווי אַן אמתע שיף, נאָרביידע באַרזשעס אינאיינעם, האָט ער נעבך פאָרט נישט געקענט שלעפּן קעגן שטראָם.

קיינער האָט נישט געראַשט, נישט געקריגט זיך, זיך נישט געוווּנדערט — פּשוט און פּראָסט, ווייל קיין פּאַסאַזשיר האָט נישט געטראַכט זיך אומצו־קערן צוריק אויפן ברעג.

געננוג זיך אָנגעקוועטשט די זייטן. לאָז מען פירן, ווי אַזוי מ׳וויל — האָט מען באַשלאָסן אין דער „קאַסטרוליע״ און מ׳איז געבליבן.

דער בוקסיר האָט זיך געקערעוועט, געדרייט, געשפּיגן אויף דער לאַ־דאָניע און... צוגעשלעפּט איינע פון די באַרזשעס ביז צום נאָענטן האַפן. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט — גענומען די צווייטע. אַזוי זענען מיר געפאָרן מער פון אַ וואָך, אַרומשלעפּנדיק זיך אין די פּאָרטן, יאָגנדיק זיך נאָך קיפּיאַטאָק, און אויסטוישנדיק דאָס לעצטע אויף עסנוואַרג.

און כאָטש אַזוי איז די שטימונג געווען אַ גוטע — מ׳האָט זיך אומגעקערט אַ היים. אין די נעכט, ווען אין האַפן איז גאָרנישט געווען וואָס צו טאָן, האָט מען געזונגען לידער. לידער טרויעריקע און פריילעכע, וועגן מלחמה און וועגן ליבע, נייע און אַלטע פּאַרמלחמהדיקע. מען האָט געזונגען, נישט קענענדיק שטענדיק די ווערטער און צומאָל טאַקע פאַרדרייענדיק דעם ניגון. מען האָט געזונגען כּדי מען זאָל פאַרטויבן דעם הונגער.

איך האָב קיינמאָל נישט געהערט אַזויפיל לידער מיטאַמאָל, — זיי זענען שווער דערגאַנגען צו אונדזער דערפל, און דאָ האָב איך זיך ממש געבאָדן אין זיי. און אויפגענומען האָב איך זיי נישט ווי קיין לידער, נאָר ווי קליינינקע געשיכטעס, פון וועלכע ס׳האָט זיך געוואָלט אָט וויינען, אָט לאַכן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין די צווייטע וואָך אַז מיר פֿאָרן מיט דער אײַזנבאַן. אגב „פֿאָרן" — איז נישט דאָס סאַמע פּאַסיקסטע וואָרט. אַ מעת־לעת פֿאָרן מיר, און דרײַ מעת־לעתן וואַלגערן מיר זיך אויף איין און דער זעלביקער סטאַנציע. די מאַמע פּרוּווט זיך אונטערשרײַבן די בילעטן, שפּאָרן זיך, עמיצן דערווײַזן אַז זי איז איינע אַליין מיט צוויי קינדער... אַלע — זענען אַליין. אַלע מיט קינדער. אַלע ווילן פֿאָרן. קיינער ווערט נישט פֿון גאָרנישט איבערגעראַשט.

איך בין פֿאַר די טעג עלטער געוואָרן. איך בין די סאַמע עלטסטע, ווען די מאַמע איז נישטאָ נעבן אונדז. אָן אַ שיעור מאָל צייל איך איבער דעם באַגאַזש: דער געלער הילצערנער טשעמאָדאַן — איינס, דער רוקזאַק — צוויי, שלום — דרײַ. וווּ־זשע איז פֿיר? וווּ איז אַהינגעקומען דער ווערט־פֿולער טאַש מיטן געלט, מיט די דאָקומענטן און מיטן ברויט? וווּ איז דאָס ערגעץ דער פֿאַרשאָלטענער טאַש? דוכט מיר, אַז די מאַמע האָט אים גענומען מיט זיך. יאָ גענומען צי נישט גענומען? די מאַמע קערט זיך אום מיט די בילעטן. מיר פֿאָרן ווײַטער. מיר ציילן דעם באַגאַזש: דעם טשעמאָדאַן, — איינס, דער רוקזאַק — צוויי, שלום — דריי, דאָס טעשל — פֿיר. פֿאַרוואָס שלום — דרײַ? טאַקע אין אַן אמתן פֿאַרוואָס? שוין־זשע איז דער טשעמאָדאַן וויכטיקער ווי דער ברודער? אָדער אפֿשר גאָר דערפֿאַר, ווײַל שלומל איז קלענער פֿון טשעמאָדאַן און קלענער פֿונעם רוקזאַק?

...דער צוג שטייט אויף אַ גרויסן פֿאַרפּוצטן וואָקזאַל. מ'זאָגט, אַז ערגעצוווּ גיט מען זופּ, און די מאַמע פֿאַרשווינדט אין דעם מענטשן געדראַנג. זיצן מיר אינצווייען מיט מײַן ברודער. מיר וואַרטן. אַקעגן אונדז אַ קרעפּטיקער „פּעטער" קײַעט עפּעס.

— וווּ איז אײַער מאַמע?

— זי איז געגאַנגען נאָך זופּ.

— און פּלוצים גייט דער צוג באַלד אַוועק? — שמוכעט דאָס פּעטערל.

— ער וועט נישט אַוועקגיין. די מאַמע האָט זיך אָנגעפֿרעגט. מיר וועלן דאָ שטייען אַ סך.

— זע נאָר זע. גרויסע גיבורים. דעם זופּ, זאָגט מען, גיט מען נישט בײַם וואָקזאַל, נאָר אין שטאָט.

אין קאָפּ קריכן שווידערלעכע בילדער: דער צוג גייט אַוועק, מיר בלײַבן

אַליין, און די מאַמע? וואָס וועט מיר איר זײַן? איך רעווע. איך רעווע אַזוי, ווי איך האָב נישט געדעוועט, דוכט זיך, קיינמאָל, קיינמאָל אין מײַן לעבן. אומדערוואַרט שטעלט זיך פּלוצים אַרײַן די מאַמע מיטן זופּ. נאָך נישט באַנעמענדיק, וואָס דאָ קומט פאָר, איז זי מיך דערוויַיל מכבד מיט אַ פּאָר פּײַנע פּעטשלעך: און — אַ מאָדנע זאַך — איך האָב זיך תּיכּף באַרואיקט. די מאַמע זאָגט אַרײַן, מיט גרויס צאָרן, דעם פעטער, אַז בעסער וואָלט ער זיך געשלאָגן מיט די דײַטשן, איידער מיט קינדער. יענער שרײַט, אַז ער האָט אַ קראַנק האַרץ, און האַלט שוין ממש בײַם טויט. דער קריג גייט שוין איבערן גאַנצן וואַגאָן. מיר — דאָס הייסט איך מיט שלומען, כלעפּטשען דעם הייסן זופּ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך לייען נאָך אין וועג די צײַטונג. די „פּראַוודאַ" פאַרן צענטן מאַי 1945־טן יאָר. די מאַמע האָט אײַנגעוויקלט אין איר אונדזערע דאָקומענטן, און ווען מײַנע ליאַלקעס שלאָפן, און סע דערעסט מיר שוין צו קוקן אין פענצטער, שלעפּ איך אַרויס די צײַטונג. דער חשק צו לייענען גיט מיר פּשוט קײַן רו נישט. דוכט זיך, ווען ס'פאַלט מיר אַרײַן איצטער עפּעס אַ ביכל, וואָלט איך עס איבערגעלייענט אין דער לענג און אין דער ברייט. נאָר קײַן ביכלעך זענען נישטאָ — ס'איז נאָר דאָ די צײַטונג, און די צײַטונג איז גאָר עפּעס אַ באַזונדערע: דו נעמסט זי אין האַנט, און עס רינגלען דיך באַלד אַרום בעלנים צו הערן. די ערשטע צײַטונג, אַרויסגעלאָזט נאָך דער מלחמה. אַ גאַנצע זײַט פאַרנומען נאָר די פּאָרטרעטן פון די מאַרשאַלן. פאַר דעם לאַנגן וועג האָב איך זיי אַזוי גוט פאַרגעדענקט, אַז איך קען זאָגן, נישט קוקנדיק, אין וועלכער ריי עס געפינט זיך דער און דער מאַרשאַל.

נעבן די מאַרשאַלן זענען אָפּגעדרוקט דרײַ לידער. באַזונדערס געפעלט מיר איינס פון זיי — „דאָס ליד פונעם האַרץ". איך פאַרדעק עס שטענדיק מיט דער האַנט און זאָג עס אויף אויסנווייניק.

עס שווײַגן אײַן — מלחמה וויכערס, / און אויפן ראַנד פון ליכטיקע טעג / שמייכלען מענטשן אַדורך טרערן / זייער אויסגעבענקטע פרייד.

די גרויסע געפעלט זייער, ווען איך לייען אויסנווייניק, און מיר געפעלט

דאָס, וואָס מען הערט מיך. אויף דער פערטער זײַט פון דער צײַטונג — אַ בילדל.

— איר זעט — ווײַזט איך די דערוואַקסענע. — דאָס שרײַבט מען אונטער דעם ניצחון. נאָט, קוקט. וועגן אַלע אונדזערע שרײַבט זיך, אַז זיי זענען מאַרשאַלן אָדער גענעראַלן און זייערע פאַמיליעס זענען מיט פעטע אותיות. און דער דײַטש — פשוט קייטעל, און די אותיות געוויינלעכע.

די דערוואַקסענע זענען זייער צופרידן, וואָס דער דײַטש איז פשוט — קייטעל, און נאָך אָנגעשריבן מיט נישט קיין פעטע אותיות.

די פאָטאָ פון די מלחמה קאָרעספּאָנדענטן פון דער „פּראַוודע" יאָ. ריומ־קין און וו. טיאָמין! פאַרענדיק איך אויף אַ קול.

אויפן גאַנצן לעבן האָב איך פאַרגעדענקט אָט די צײַטונג, ווי עס פאַר־געדענקט זיך אַ בוך וואָס מ'האָט ליב געהאַט אין די קינדער־יאָרן. נאָר דאָ, אָנשטאָט די מעשׂהדיקע העלדן, זענען געווען מאַרשאַלן און אויפן אָרט פון מעשׂהלעך — מלחמה־לידער. און פאַרענדיקט האָט עס זיך נישט מיט דעם באַזיגטן קאַשיי,[1] נאָר מיט עפּעס אַ קייטעל, וואָס איז געווען אָנגעשריבן אַפילו נישט מיט פעטע אותיות.

און נאָכאַמאָל לידער, אָבער שוין געזונגענע פון אַ כאָר. אָפּטער זינגען די יינגלעך, אי סאָלאָ, אי אין דועט. אָפּגעריסענע, הונגעריקע, גייען זיי אַרום איבער די וואַגאָנען און זינגען. לידער באַקאַנטע, נאָר זיי ווערן אויסגעפּילט מיט אַ גישטער אין קול און מיט „אַנדערע ווערטער". באַזונדערס איז באַליבט איינס אַ ליד: דאָס מיידל דערוווסט זיך, אַז איר געליבטער „האָט פאַרלוירן דאָס הענטעלע און ס'פּיסעלע", גייט אַוועק צו אַן אַנדערן, און דעמאָלט ווײַזט זיך גאָר אַרויס, אַז ער, דער געליבטער, לעבט און איז געזונט, — נישט מער, דאָס האָט ער געוואָלט אויספּרוּוון איר געפיל, די פאַררעטערין האָט חרטה, נאָר ס'איז שוין צו שפּעט. די צוהערער זענען צופרידן. אין דעם יינגלס היטל פליִען מינץ, סעכערעס און אַ גאַנצע לאַווע פראַגן:

— פון וואַנען איז עס אַ חברהמאַן?

— די עלטערן, לעבן?

1 קאַשיי — אַ בייזער גײַסט פון די רוסישע פאָלקס־מעשׂהלעך.

— אַזעלכע וואָלט מען בעדאַרפט גיבן אין אַ קינדערהיים, אַ נישט גייען זיי פאַרלוירן.

די פרויען צעבונדן פאַרזיכטיק זייערע בינטעלעך, קריגן אַרויס פון דאָרטן דאָס סאַמע ווערטפולסטע — ברויט. די יונגעלעך ווערן געוואַגטער.

נאָך איין ליד, אַ לאַנגס, וועגן אַן אומגעטרייַער פרוי:

דאָס ווייַב וועט געפונען אַן אַנדערן.
נאָר די מאַמע אַ זונדעלע — קיינמאָל נישט, —

ציט זיך אויס דאָס קלינגעדיקע קעלעכל איבערן גאַנצן וואַגאָן. די אַלטיטשקע קרעכצן אונטער באַגיטיגנדיק און שאָקלען צו מיט די קעפּ אין טאַקט פון דעם ליד.

...מיר פאָרן, מיר פאָרן אַהיים.

**ווו־זשע איז די שטאָט פון די ...מעשׂהלעך?**

שוין לאַנג אַז מיר שטייען נעבן וואַגאָן־פענצטער: שלום פּייַקלט אין דער שויב, די מאַמע האַלט אים צו, און מיך טראָגט עס פון איין פענצטער צום אַנדערן. אָט־אָט וועט זיך באַווייַזן דער וואָקזאַל, און אין איינעם מיט אים די שטאָט פון די... מעשׂהלעך. אָט באַלד, נאָך אַ ביסעלע, אַ טשוטעלע. זאָלן זיך נאָר פאַרענדיקן די חורבות, די פאַרקוילטע ווענט, די גרודעס פאַרזשאַווערט אייַזן, די איבערגעבראָכענעביימער, און דערנאָך...

דער צוג פאַרפּאַמעלעכט זייַן גייען. אויפן פּעראָן לויפט עפּעס זייער אומגעלומפּערט אַ מענטש. די מאַמע וועט באַלד צעשפּאַלטן די שויב. שיקט זיך אַז דאָס איז דער טאַטע? און שיקט זיך אַז איך געדענק אים נישט? דער מענטש פון יענער זייַט פענצטער האָט אונדז דערזען, און האָט שטאַרק פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, איך דערקען אים תּיכּף לויט דער פאַרביסענער ליפּ.

— פּאַפּע! פּאַפּע! מיר זענען דאָ! — שרייַ איך איבערן גאַנצן וואַגאָן.

דער המון, וואָס האָט פאַרשפּאַרט דעם וועג צום אַרויסגאַנג, הייבט אָן מיטאַמאָל זיך צו צעשפּאַלטן, ווי דאָס וואַסער פון אַ מאָטאָרן שיפל, —

דאָס רײַסט זיך דער טאַטע אַדורכן וואַגאָן אונדז אַנטקעגן. קיינער פון די אַרויסגייענדיקע רוגזט זיך נישט — פאַרקערט, אויף אונדז קוקט מען מיט נײַגיר און מיט פריידיקער דערוואַרטונג, ווי מען האָט געקוקט דעמאָלט אויף יעדן איינעם, וועלכער האָט באַגעגנט זײַנע נאָענטע נאָך עטלעכע יאָר פון צעשיידונג. אין אייניקע בליקן — גליקלעכע דערוואַרטונג, אין אַנדערע — אַ טיפער וויי.

אַ בלייך געוואָרענע, עפּעס נישט ענלעך אויף זיך, וויינט די מאַמע און שמייכלט, און קוקט אויפן טאַטן אַזוי, גלײַך ווי זי קאָן בשום אופן נישט גלייבן אין דעם, אַז ער לעבט, און שטייט טאַקע דאָ, נאָענט נעבן אונדז. דער טאַטע איז אויך צעטומלט — מיך מיט שלומען באַמערקט ער נאָך נישט. שלום שטייט אַ געפּלעפּטער, מיט אַ פינגער אין מויל.

— אָט דער פּעטער — איז דער פּאַפּע, אַ יאָ? — פרעגט ער מיך.

און דעמאָלט כאַפּט אונטער דער טאַטע שלומען אויף די הענט, דערנאָך נעמט ער מיך אַרום און קושט מיך, און איך פיל, ווי עס שטעכט מיך זײַן גאָמבע און אַז ער שמעקט מיט אַ שאַרפן ריח פון טאַבאַק.

אָט איז געקומען די מינוט, אויף וועלכער מיר האָבן געוואַרט אַזוי פיל צײַט, נאָר די פרייד נעמט מיך נישט אַדורך ביז אין דער טיף, נאָר זי טראָגט זיך גרינג ערגעץ אויף דער אויבערפלאַך. און איך פריי מיך נאָר דערפאַר, ווייל מ׳דאַרף זיך פרייען, און נישט ווײַל זי שפּאַרט אַרויס פון מיר. די באַגעגעניש מיטן טאַטן איז נאָך צו מיר נישט דערגאַנגען: ווי ס׳זעט אויס, האָב איך דעם טאַטן גאָר שלעכט פאַרגעדענקט, כאָטש מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך געדענק אים אויסגעצייכנט. איך האָב אים מיר פאָרגעשטעלט ווי אַ בראַוון אָפיציר, מיט אַ פּיסטאָליעט בײַ דער זײַט, און ער האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן אַ סטוטלעוואַטער, אין אַ בלויער ציווילער גימנאַסטיאָרקע, מיט געלע שיך. דער טאַטע איז געווען אַ מלחמה־קאָרעספּאָנדענט, ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן, וועלכע נאָר אין ציווילע קליידער פילן זיי זיך נאָרמאַל — די מיליטערישע אוניפאָרם זיצט נישט אויף זיי; די אוני־פאָרם איז באַזונדער, און דער מענטש איז באַזונדער. דאָס אַלץ האָב איך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען, און די ציווילע גימנאַסטיאָרקע מיט די געלע שיך האָבן מיך זייער שטאַרק אַנטוישט.

מיר שטייען אויפן פעראָן. שלומל אויפן טאַטנס האַנט רײַסט זיך ווײַנען און זאָגט, אַז ער וויל נישט זיצן בײַם פענצטער. איך קוק מיך אַרום אין אַלע זײַטן אַלץ די זעלבע חורבות. אַנשטאָט דעם וואָקזאַל — אַ ריזיקער שײַער, איך וויל וועגן עפּעס פרעגן דעם טאַטן, נאָר איך קאָן נישט אַרויסברענגען דאָס אומגעוויינלעכע וואָרט — פּאַפּע. דעמאָלט פרעג איך גלאַט אַזוי:

— מירן פאָרן מיטן אויטאָבוס צי מיטן טראַמוואַי? — און קוק איבער־נעמעריש אויף מײַן ברודער: אַ טראַמוואַי דאָס איז דיר נישט קײַן קעמל!

דער טאַטע, ענטפערנדיק מיט אַ שמייכל, פאַרשווינדט אויף נישט לאַנג און קערט זיך אום מיט אַ פורל, ווו ס׳איז אײַנגעשפּאַנט אַ מאָגער, אָפּגעקראָכן פערד. נעבן פערד שפּאַנט אַ הויכער אַלטיטשקער.

— וועסט אָפּפירן מײַן קאָמפּאַניע אַהיים, — שײַנט דער טאַטע.

— אַהיים — קאָן מען. אָט פירן פון דער היים — דאָס איז שוין ערגער.

דער וועג פונעם וואָקזאַל פירט בצ׳אַרג אַרויף. דאָס פערד קוים־קוים וואָס עס שלעפּט זיך. אין פורל — איך מיטן ברודער און דער טשעמאָדאַן מיטן רוקזאַק.

עס מאַכט נישט אויס — באַרואיק איך זיך אין געדאַנק. — דער וואָקזאַל — דאָס איז נאָך גאָרנישט. אומעטום זענען די וואָקזאַלן צעשטערטע. און דאָס וואָס קײַן טראַמוואַיען זענען נישטאָ, דאָס איז אויך גאָרנישט.

דער טאַטע מיט דער מאַמען גייען הינטער אונדז. זיי איז גוט. שלעכט איז נאָר מיר. אַך ווי ס׳איז מיר שלעכט! שלום דרייט זיך עפּעס טאַקע נאָר ווי אַן אָנגעדרייט שפּילעכל און האַלט אין איין מאָנען:

— ווו איז דער טראַמוואַי? און ווו זענען די מאַלפּעלעך? און פאַרוואָס פאַרקויפט מען נישט קײַן מאָראָזשנע?[1]

איך ווייס נישט ווו עס זענען די טראַמוואַיען! איך ווייס נישט, ווו זענען עס די מאַלפּעלעך! איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, איך ווייס נישט!! — וויל איך שרײַען צו שלומען, נאָר איך שריי נישט, איך וואַרט נאָך אויף עפּעס, איך האָף נאָך אויף עפּעס.

נאָר אויף ביידע זײַטן גאַס די ווענט פון די שטיבער, הוילע ווענט,

1 מאָראָזשנע — אין רוסיש: אײַזקרעם.

פאַרקוילטע, צעלאָמעטע, מיט רעשטלעך פון באַלקאָנען, ווענט, אַהינטער וועלכע ס׳איז גאָרנישט פאַראַן, נאָר דער לויטערער מאַי־הימל. אַ הימל — אָנשטאָט פענצטער. אַ הימל — אָנשטאָט טירן. אַ הימל, וועלכער האָט קיינ־מאָל אין לעבן נישט אויסגעזען מיר אַזאַ אויסגעהוילטער און גלײַכגילטיקער.

די רעדער פונעם פורל טאַפּן אַן אַדורכן גראָז די טראַמוואַי־שפּאַלן און פאָרן זיי רואיק איבער. טויטע טראַמוואַי־שפּאַלן, פאַר וועלכע דאָס פערד האָט אַפילו נישט קיין מורא.

— ווו זענען די פילפאַרביקע טראַמוואַיעלעך ? — ציט נודנע שלום.

מער פון אַלץ ווילט זיך מיר אים איצטער אָנבויקערן, נאָר דעם ערשטן טאָג פון אונדזער אָנקום, ווען דער טאַטע איז נעבן אונדז, איז עפּעס נישט באַקוועם.

— טראַמוואַיטשיקלעך וו־וו־יל איך.

פונדעסטוועגן דערלאַנג איך אים אַ גוטן סטוסאַק. דאָס פורל פאַרקערעוועט פון דער צענטראַלער גאַס אויף אַן אַנדערער, אַ שמעלערע. איך קוק — איך גלייב נישט מײַנע אויגן. אויפן עק גאַס שטייט אַ שטוב, אַ הויכע, אַ שיינע, מיט אַן אַ שיער טרעפּ. אין די זײַטן — ריזיקע שטיינערנע לייבן.

— שלומל ! — טרייסל איך מײַן ברידערל, — זע נאָר, אָט איז זי ! אָט איז זי — די שטוב !

איך געדענק זי, איך געדענק... און די לייבן געדענק איך, און די „טיאַטקע" דאָרט אויבן געדענק איך אויך („די טיאַטקע דאָרט אויבן" האָט זיך אַרויסגעוויזן — פאַר מערקוריע, דער גאָט פון מסחר).

— מאַמע, מאַמע ! — טענצל איך זיך אַזש אונטער אויפן פורל. — זע נאָר ! איך האָב געזאָגט, איך האָב געזאָגט ! אָט זענען זיי מײַנע לייבן. אָט זענען זיי ! אַלץ איז אויפן אָרט ! אַזוי ווי איך האָב געזאָגט !

די איינציקע, ווי דורך אַ נס אין סאַמע צענטער פון שטאָט, אָפּגע־ראַטעוועטע שטוב, אָנשטאָט דער שטאָט פון די מעשׂהלעך.

דאָס פורל שטעלט זיך אָפּ נעבן הויכע טויערן מיט רעשעטקעס. פון יענער זײַט — אַ הויף אײַנגעטונקען אין גרינס. פון צווישן דיביימער קוקט אַרויס אַ טעראַסע, אַן אַרומגעוואַקסענע מיט ווילדע ווײַנטרויבן. מיר, איך מיט שלומען, לאָזן זיך, פאַרשטייט זיך צו איר, נאָר דער טאַטע פירט אונדז

אין דער טיף פונעם הויף, צו אַן אָפּגעשקראַבעטער טיר, ווו אָנשטאָט שויבן — קוקן אַרויס קאַרטאָנען מיט רעגן־פּלעקן.

— אָט דאָס איז זי, אונדזער שטוב.

צימערלעך קליינע, נאָר זון איז אין זיי פאַראַן אַ סך. וואָסער? ביין, די וואַסערלייטונג אַרבעט נאָך נישט. דערפאַר איז די עלעקטרע אין סאַמע בעסטער אָרדענונג. קיין מעבל אין דער קוואַרטיר איז כמעט נישטאָ: אַ בעט, אַ קליין זיך שאָקלענדיק טישל און קאַסטנס, קאַסטנס, קאַסטנס אָנגעפּיקע־וועטע מיט ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן.

— דו האָסט זיך נישט געבימן — זאָגט די מאַמע צום טאַטן. — און ווען האָסטו שוין באַוויזן אויפצושטעלן אַזאַ ביבליאָטעק? פונדעסטוועגן וואָלט נישט געשטערט כאָטש אַ פּאָר בענקלעך.

דער טאַטע מיט אַ מינע פון אַ פאַרשוילדיקטן שלעפּט אַרויס פון צווישן די גרודעס פּאַפּירן אַ סלאָיִקל מיט קאָנפעקטן, פאַרשידענע קיכעלעך, גרינע ציבעלקעלעך, פּאָמידאָרן און אַ פלעשל ווייַן. דערנאָך באַוויַזט זיך אויפן טיש אַ ברויט, צוויי לעפל, אַ גאָפּל מיט צעבראָכענע ציינדלעך, אַ קריגעלע און אַ גלאָז. דער טאַטע גייט צו די שכנים און קערט זיך אום מיט נאָך צוויי גלעזער. ווייַן גיסט מען אָן אויך מיר מיט שלומען. דער טאַטע מיטן קריגעלע אין האַנט, קוקט אונדז אַלע אָן און שטייט אויף. אויך מיר שטייען אויף. מיט אַזאַ אַ פייַערלעך קול רעדט צו אונדז דער טאַטע, אַז מיר זענען פאַרגליווערט געבליבן:

— זאָלן שוין מער קיינמאָל נישט זיין קיין מלחמות. קיינמאָל נישט. דו הערסט, שלום?

דער טאַטע ווענדעט זיך אָפּטער צום ברידערל, און דאָס קאָראָבעט מיך אַ ביסעלע.

מיר שטייען מיט די גלעזער (שלומל האַלט צו די גלאָז מיט ביידע הענט) און מיר פאַרשטייען נישט אויף אַזויפיל, וויפל מיר פילן, אַז עס קומט פאָר עפּעס גאָר, גאָר וויכטיקס.

דער וויַין איז זויער, און פון אים צעגייט זיך איבערן גאַנצן קערפּער אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט. אין קאָפּ — עפּעס אַ מין קאַשע, און אין איר, ווי ראָזשינקעס, די גאַנץ געבליבענע שטוב מיט די שטיינערנע לייבן, די

טעראַסע אַן אַרומגעוואַקסענע מיט ווילדע ווײַנטרויבן, און דער טאַטע מיטן גלאָז אין דער האַנט.

אַדורכן שלאָף הער איך ווי פאַרדומפּענע שטימען. ס'איז גוט אײַנצו־שלאָפן, ווען נעבן דיר הערט זיך דאָס פליסטערן פון טאַטע־מאַמע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס מיידעלע איז געשטאַנען אין אַ געשטרײַפטן סאַראַפאַן און באָר־וועס. געווען איז זי אַ דאַרינקע און נישט קיין שיינע, מיט אַ גרויס מויל און מיט העל, גלײַך ווי אָפּגעבליאַקעוועטע, קורץ אָפּגעשוירענע האָר. נאָר דאָס טשוביקל האָט דערגרייכט ביז צו די סאַמע אויגן. צוערשט האָט זי מיך שטיל באַקוקט, דערנאָך איז זי פאַרשוווּנדן און האָט זיך פונסנײַ אַ יאַווע געטאָן, שוין אין מעשטעלעך און אין אַ בלוי סטענגעלע, וואָס האָט שטאַרק פאַרשטײַפט איר טשוביקל און עס געמאַכט ווי אַ בעזעמל. אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַן אַלט, אָפּגעקראַכן העזעלע, קלאָר — דאָס מיידעלע האָט זיך אויסגעשטעלט פאַר מיר: זי האָט אַוועקגעזעצט דאָס העזעלע, אויס־געפּוצט אין פילקאַליריקע שמאַטקעלעך און האָט גענומען אינדערהויך אונטערזינגען.

— און בײַ מיר אין דער שטוב איז פאַראַן נאָך שפּילעכלעך, — האָט זי נישט אויסגעהאַלטן מײַן שווײַגן. — נאָר די מאַמע האָט באַפוילן זיי נישט אַרויסצוטראָגן. איר זענט נעכטן אָנגעקומען, איך האָב געזען. און מיר וווינען שוין דאָ לאַנג.

— אָר־וואָ, מ'קאָן מיינען! — האָב איך געענטפערט, — אַז דו ווילסט וויסן, איז מײַן טאַטע געקומען אַהער דער ערשטער, פריִער פאַר אַלע.

— און איך זאָג נישט דער ערשטער. ווען איך מיט מײַן מאַמען האָבן שוין דאָ געוווינט, איז נאָך דײַן טאַטע נישט געווען, נאָר סלאַווקע און סאָנקע.

— און דײַן טאַטע ווען איז געקומען?

— ווען? קיינמאָל נישט, — האָט זיך מיטאַמאָל אָנגערופן דאָס מיידעלע, — ער איז אומגעקומען אויפן פראָנט.

בײַ מיר איז אָפּגעפאַלן דער חשק צו שפּאַרן זיך מיט איר, און גאָר גיך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מען רופט זי לױדע, אַז זי איז אַלט אַכט יאָר

מיט אַ האַלבן, און אַז זי וווינט מיט דער מוטער און אַז אין דעם הויף וווינען אויך איר מומע און איר פעטער, אַ שוועסטערקינדל און איר באָבע. ליודעס שפּילעכלעך זענען באַשטאַנען פון אַ ווײַסן צעפּליקטן האָז, וועמענס אויערן זענען געווען פאַרמאַזגעטע פון טינט, און פון ליידיקע אָדעקאָלאָן פלעשעלעך.

ליודע האָט זיך געאײַלט אַלץ מיר אויסצולייגן און אַלץ מיר ווײַזן.

— בר און אונדזער הוידעלקע האָסטו געזען?

אויף איינעם פון די שטאַמען פון אַ ריזיקן אַזשינע־בוים, הויך איבער דער ערד, האָט געהאָנגען אַ פאַרזשאַווערטער מעטאַלענער האָקן, אַדורך אים זענען געווען אַדורכגעצויגן די עקן פונעם שטריק. דערנעבן האָט זיך גע־וואַלגערט אַ ברעטעלע. ליודע האָט אײַנגעמאָסטעט אַ זיץ, פלינק זיך אַרויפ־געכאַפּט אויף דעם און זיך גענומען הוידלען. שוועבנדיק מיט אירע באָרוועסע פיס שיער נישט אונטער מײַן נאָז, האָט זי זיך אַ טראָג געטאָן נאָך העכער און נישט אויפגעהערט דערבײַ צו רעדן.

— דו מיינן נישט, — בײַ אונדז איז פריילעך. בײַ אונדז איז סלאַווקע דער סאַמע לענגסטער און איך האָב נישט מורא פאַר אים. נאָר אָט ליאָווע, כאָטש קלענער אין דער וווקס, נאָר ער באָרעט זיך, אר־או, נאָך אַזוי! ער איז אַ פריילעכער, האָט אָבער ליב צו געבן צונעמען. ס׳איז נאָך דאָ סאָניע, נאָר יענע, וואָס עפּעס ווײנט זי. ווייסט, ווי אַזוי ליאָווקע רייצט זיך מיט מיר? סוואַוועג, סוואַווע. אַלע זאָגן דאָ, אַז איך קאָן נישט אַרויסרעדן קײַן לע. און ער אויך, נאָר ער ליגנערט. זע, ווי גוט איך רעד אַרויס: סלאַ־וואַ, (סלאַ־וואַ, האָט זיך ליודע באַמיט אַרויסצורעדן ווי געהעריק.) גיב אַ קוק, אָט גייען זיי.

ליודע האָט אָפּגעשטעלט די הוידעלקע און אויגנבליקלעך אַראָפּגע־שפּרונגען.

— דו, דו, דו! — האָט זי גערופן עפּעס אַ קרעפּטיק, טונקל אָפּגעסמאַ־ליעט ייִנגעלע, וועלכעס האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ ציגיינערל. — אַהער, אַהער. בײַ אונדז זענען דאָ נײַאינקע אין הויף.

ליאָווע האָט געשלעפּט נאָך זיך אַ הויך, סוטולעוואַטע ייִנגל.

— דו פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה? — האָט מיך אַ פרעג געטאָן ליאָווע.

— אַליין, ביסטו פון דער לבנה.

— נו, נו, ענטפער נישט אָפּ קיין עלטערס פון זיך, ביסט נאָך אַ קליינע.

— אויך מיר געזאָגט, איך בין שוין אין דריטן קלאַס אַריבערגעגאַן.

— און מיר, איך מיט סלאַווקען זענען שוין אין נײַנטן: ער — אין פינפטן, איך — אין פערטן. אמת, פיצע?

טשעפּע דיך אָפּ — האָט אַ וואָרטשע געטאָן סלאַווע.

— מאַעסטראָ, ברוגז דיך נישט. קומט אַלע וועלן מיר בעסער גיין טרינ־קען וואַסער. קומט אַלע, איך האָב אַ רובל, — האָט גאַנץ אומגעריכט פאַרגעלייגט ליאָווקע.

איך בין ס׳ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען פון יענער זײַט טויער. ליודע האָט מיר שוין באַוויזן צו זאָגן, אַז אין עק פון אונדזער קוואַרטאַל, שטייט אַ הילצערן בײַדל, ווו מ׳פאַרקויפט צוקערלעך און סעלצער־וואַסער. ווען בײַ עמעצן באַווײַזט זיך געלט — גייען אַלע הוליען... אין בײַדל. אָפּטער ווי בײַ אַלע דרייט זיך בײַ ליאָווקען אַ קאָפּיקע אין קעשענע. אָט, אויך הײַנט האָט אים געסטײַעט אויף דרײַ גלעזער סעלצער־וואַסער מיט סיראָפּ. די וואַסער איז געווען קאַלט, נישט גאָר קיין זיסע, נאָר אַזוי שטאַרק גאַזירט אַז ס׳האָט אַזש געקיצלט אין דער נאָז.

אויף דער וואַנט נעבן בײַדל האָב איך דערזען: „אַדורכגעקוקט, קיין מינעס נישטאָ. קוטיאַנאָוו״.

— חברה, וואָס איז דאָס?

— מינעס, וואָס דו ווייסט נישט? דאָ איז געווען פול מיט זיי, — איז אַרײַן אין שמועס סלאַווע. — מ׳האָט קאָנטראָלירט יעדן קוואַרטאַל, און דערנאָך איבערגעלאָזט אָט אַזעלכע אויפשריפטן. די דײַטשן ווען זיי זענען אָפּגעטראָטן, האָבן זיך באַמיט וואָס מער אונטערצומינעווען.

סלאַווע האָט גערעדט אַזוי איבערצײַגנד, גלײַך ווי די דײַטשן וואָלטן האָבן אונטערגעלייגט די מינעס, פאַר זײַנע אויגן.

— אונדזער ראַיאָן איז שוין נישט קיין געפערלעכער. קוטיאַנאָוו האָט אים אויסגעמינעוועט.

און נאָכאַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז סלאַווע איז עפּעס מיר גאָר אַ שמעלקע מיט דעם קוטיאַנאָוון. מיר זענען לאַנג געגאַנגען איבער די גאַסן

און אומעטום זיך אָנגעטראָפן אויף די בוכשטאַבן מיט שוואַרצער פאַרב:
„אַדורכגעקוקט. קײַן מינעס נישטאָ. קוטיאַנאָוו״.

אַ שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט, קוקנדיק אויף די אויפשריפטן. מיט אַזאַ געפיל קוקסטו אויף אַ געהרגעטער חיה. די חיה איז טאַקע טויט, פאַר קײנעם שוין נישט געפערלעך, נאָר אַלצאײנס — איז שרעקלעך.

— און די הוידעלקע אין הויף האָסטו געזען? — האָט פאָרגעזעצט סלאַווע.

— נו, און אַז כ׳האָב געזען, איז וואָס?

— און דאָס, אַז די דײַטשן האָבן דעם דאָזיקן האָקן אַרײַנגעקלאַפּט און אַ תליה געמאַכט?!

— און וואָס... מענטשן... געהאַנגען?

— נו, גענוג שוין וועגן דעם — האָט זיך אַרײַנגעמישט ליאָווקע.

נאָר איך האָב שוין וועגן עפּעס אַנדערש נישט געקענט רעדן.

— איז ווי אַזוי זשע... הוידעלט איר זיך?

— אָט אַ נאַרעלע, — האָט געזאָגט סלאַווקע. דאָס איז דאָך געווען בײַ די דײַטשן. דער האָקן איז געבליבן. דו ווייסט, ווי שטאַרק ער איז. מיר זעצן זיך אויס גאַנצע דרײַ מיטאַמאָל אויף דער הוידעלקע...

איך האָב שלעכט געהערט סלאַווען. און אַלץ זיך נאָכגעפרעגט:

— איז ווי אַזוי זשע פאָרט הוידעט איר זיך?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער טאָג איז פאַרבײַ צו גיך און האָט נישט אַרײַנגענומען אין זיך אַלע אײַנדרוקן. דעמאָלט האָבן זיי זיך איבערגעטראָגן אין די חלומות. עס האָט געסקריפּעט, הוידענדיק זיך אויפן ווינט דער מעטאַלישער האָקן, אויף אים האָט זיך טעלעבענדעט דער שטריק... און ליאָווקע, בלישטשענדיק מיט זײַנע ציגיינערישע אויגן, האָט געזאָגט:

גענוג שוין, פּיצע, צו רעדן וועגן דעם.

און סלאַווע האָט פון ערגעצוו אַרויסגעשלעפּט די מינעס. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז נישט סלאַווע, נאָר דער געהיימער קוטיאַנאָוו טראָגט עס פאָרזיכטיק אין זײַנע אויסגעשטרעקטע הענט אַ מינע, ווי מ׳טראָגט

אַ קריגל, פול, פול ביז צו די ראַנדן. קוטיאַנאָוו האָט אַרײַנגעשלײַדערט די מינעס אין אָפּגרונט און אָפּגעווישט מיטן אַרבל דעם פאַרשוויצטן שטערן, און איך האָב אים אונטערגעטראָגן אַ גלאָז קאַלטע וואַסער, נישט קיין זייער זיסע, נאָר שטאַרק גאַזירטע.

## אונדזער פּינטעלע אויף דער וועלט

בײַ יעדן מענטשן איז דאָ זײַן באַליבט פּינטעלע אויף דער ערד. בײַ איינעם — די גאַס, אויף וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן, בײַ אַ צווייטן — אַ ליקל, ווו ס'האָט געוווינט זײַן באַענטער פרײַנד, בײַ אַ דריטן — אַ דערפל, פון וועלכן מ'ווייסט אַפילו נישט, צו וועלכן ראַיאָן עס געהערט.

אַ סך אַזעלכע פּינטעלעך זענען פאַראַן אויף דער ערד...

איז אָט אונדזער „פּינטעלע" געווען דער הויף, אַ ריזיקער, אַ גרינער, צומאָל אַ שטילער, ווי אַ דאָרף אין אַ זומערדיקן בײַטאָג, און צומאָל אַן אומרואיקער, ווי אַ שטאָטישער קרײַצוועג.

אַ הויף, וועלכער האָט זיך געביטן אָפּהענגיק פונעם זומער אָדער ווינטער, פון יום־טובים אָדער וואָכעדיקע טעג, פון די שטימונגען פון די שכנים אָדער פון דער אַקטיוויטעט פונעם הויז־פאַרוואַלטער. אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אויף אים.

פון דער גאַס איז דער הויף געווען אָפּגעצוימט מיט אַ הויכן, „אויף לאַנגע יאָרן" אויסגעבויעטן פּלויט: די אונטערשטע טייל אַ שטיינערדיקע, די אויבערשטע — פון אײַזערנע רעשעטקעס, אַרומגעקרויזט מיט שאַרפע ציין. דער טויער און דאָס טירל זענען אויך געווען מיט רעשעטקעס נאָר דאָס איז געווען אַ באַזונדערס, עפּעס אַ פיגורנע מיטן קרײַזן, פירעקן און דריידעלעך. אויף די פיגורן האָבן מיר זיך אַרויפגעדראַפּעט ביזן סאַמע שפּיץ, און מערערע מאָל אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט און איין פוס אין דעם טויער, דעם צווייטן פוס אָפּגעריסן פון דער ערד, האָבן מיר געהוידעט דעם טויער אַזוי לאַנג, ביז ער האָט נישט — מיט אַ דראָענדיקן געבראַזג און סקריפּ — אַליין אָנגעהויבן צו פאָרן פון איין זײַט אין דער אַנדערער. אונטן, פאָכענדיק מיט די קולעקעס, זענען געלאָפן די עלטערע, און אויבן, אויף די טויערן, ווי

פּילפּאַרביקע אוזאָרן אויף קאַנווע, האָבן געלויכטן אונדזערע פּיזיאָנאָמיעס און ס'האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע זיגערישע געשרייען, אַז אויף דער גאַס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפּצוזאַמלען ליידיקגייערס. דאָס טירל האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ „דריוונע טראַנספּאָרט" — אויף דעם איז זיך אַדורכגעפאָרן דאָס קליינוואַרג. און ס'איז נישט געווען קיין מענטש, וועלכער איז אויס־געוואַקסן אויף אונדזער הויף, ער זאָל זיך נישט האָבן אַדורכגעפאָרן אין דער אים באַשטימטער צייט צוערשט אויפן טירל, דערנאָך אויף די טויערן.

לענגאויס דעם פּלויט, פאַרנעמענדיק אַ ווינקל פונעם הויף, האָט זיך געצויגן אונדזער גאָרטן. דעם סאַמע אויבן־אָן האָבן אין אים פאַרנומען די צוויי אַקאַציע־ביימער, אַרום זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אַ גאַנצער קאַראַ־האָד פון פּרוכטן־ביימער, נאָר דער שיינדלינג פונעם גאָרטן איז געווען דער בעז. די געדיכטע, ווילד צעוואַקסענע ביימעלעך, האָבן געקענט יעדן איינעם פון אונדז באַהאַלטן אַזוי אַז מ'זאָל אַפילו נישט זען קיין שפּיץ נאָז. ער, דער בעז, איז געווען אָט אַ „צויבערלאַנד", אָט אַן אָרט אויף צו שפּילן זיך אין „בלינדזיקייט", און אָט פּשוט און פּראָסט אַ גוט באַהעלטעניש פאַרן „צאָרן" פון די עלטערן. וועסנע צייט האָט דער בעז אַריבערגעוואַקסן איבערן פּלויט אויף דער גאַס, און מיר האָבן זיך געוואָרפן אויף יעדן איינעם, וואָס האָט געפּרוּווט אָפּרייסן כאָטש אַ מינדסט שטענגעלע.

אין אַ זייט פונעם גאָרטן, אַנטקעגן דעם טויער, גלייך ער וואָלט פאַר־אַכטעט אַנדערע ביימער, האָט געוואַקסן אַן אַלטער־אַלטער אַזשינע־בוים, דער זעלביקער, מיטן האַקן. די דערוואַקסענע האָבן געזאָגט, אַז אים איז שוין מער ווי הונדערט יאָר, נאָר מיר האָבן גערעכנט אַז ער איז נישט ווייניקער — ווי טויזנט. אין דער סאַמע נידער ביים שטאַם פונעם ריזיקן אַזשינע־בוים, טאַקע ביים סאַמע גרונט האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ גרויסע אויס־געהוילטקייט, אין וועלכער מיר פלעגן זיך אָפּט אויסבאַהאַלטן; געשמעקט האָט אינעווייניק מיט צעפוילקייט, מיט טוכלע בלעטער און פאַרטריקנטן בוים. פון דער „הייל" פונעם אַזשינע־בוים, זענען זיך צעגאַנגען פיר שטאַמען, פון וועלכע יעדער איינער פון זיי האָט געקאָנט גילטן פאַר אַ זעלבשטענדיקן בוים.

די שטאַמען זענען געווען אויסגעבויגענע, איינגעקאָרטשעטע, אויף זיי

איז געווען גרינג אַרויפצוקלעטערן אינדערהויך. ווי אַ צייכן ער זאָל זיך באַזונדערס אויסטיילן האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן דעם אַזשינע־בוים — „דער דיקער בוים".

און כאָטש איינער פון זײַנע שטאַמען איז טאַקע אַזוי פאַרבליבן מיטן האָקן אויפן האַלדז, און די גרויליקע געשיכטע וועגן דער תּליה איז איבער־געגאַנגען פון דור צו דור, איז פונדעסטוועגן דער „דיקער בוים" אַלץ פאַרבליבן אונדזער באַליבט אָרט.

ער איז געווען אונדזער צענטער, אונדזער הויפּטשטאָט אין אַלע צײַטן פונעם יאָר; ער איז געווען דער שײַנדלינג און דער שטאָלץ פונעם הויף. צוליב אים האָבן זיך לעבן טויער אָפּגעשטעלט די פאַרבײַגייער, און מיר האָבן צו זיי געשריִען:

— אים איז מער ווי טויזנט יאָר!

און ווען אונדזער הויף וואָלט געדאַרפט אַ הערב, וואָלטן מיר, פאַרשטייט זיך, אויסגעמאָלט אויף אים דעם „גראָבן בוים".

זומערלעבען האָבן מיר זיך געשפּילט אין זײַן כמעט נישט אַדורכדרינגע־לעכן שאָטן, האַרבסט־צײַט האָבן מיר זיך געקוילערט אין זײַנע בלעטער. קײַן איין בוים האָט נישט זוכה געווען צו דעם כּבֿוד צו דערוואַרטן זיך אויף צײַטיקע פּרוכטן, נאָר דעם אַזשינע־בוים האָבן מיר נישט געטשעפּעט, ביז זײַנע פּירות האָבן זיך נישט אויסגעצײַטיקט. אָט־אָ דאָ, האָט זיך עס אָנגעהויבן אַ מלכותדיקע סעודה: כמעט בײַם סאַמע שפּיץ, ווי אַ מאַלפּעלע, שווינדלענדיק צווישן די בלעטער, האָט זיך איבערגעגעסן מיט אַזשינעס — ליאָווקע; גאָר באַלעבאַטיש האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אויף איינעם פון די שטאַמען — סלאָווע; נעענטער פון אַלע צו דער ערד זענען מיר געזעסן — איך מיט ליודען, און אין גראָז האָט געגנישטערט דאָס קליינוואַרג און פּכינקענדיק געקליאַנטשעט:

— ליאָווקע, וואַרף!

און ליאָווקע האָט גרויסמוטיק געוואָרפן איבערגעצײַטיקטע יאַגעדעס, און זיי האָבן געקנאַקט איבער די קעפּ, איבער די פּלייצעס און אויף די אַקסלען פון דער חבֿרה.

דאָס גראָז פון אונטערן בוים האָט זיך געטרונקען אין דער צעטראָטענער

אָזשינע, און מיר זענען אַרומגעגאַנגען מיט פּיאָלעטע מײַלער, פֿאַרשמירטע פֿון דעם קאָפּ ביז אין די פּיס.

ווינטער האָט זיך דער „גראָבער בוים" אונטערגעגעבן שפּעטער פֿון אַלע: די ביימער אַרום האָבן שוין לאַנגע געפּלאַטערט אויפֿן ווינט מיט זייערע נאַקעטע צווײַגן, נאָר דער אָזשינע בוים האָט נאָך אַלץ גערוישט מיט זײַנע בלעטער. און נאָר מיט די ערשטע פֿרעסטלעך, גלײַך ווי ער וואָלט נישט וועלן טראָפּנווײַז פֿאַרלירן פֿון זײַן ווירדע, האָט דער אָזשינע־בוים אויף איין מאָל אַראָפּגעשלײַדערט זײַנע בלעטער. און מיר האָבן געשפּאַנט איבער זיי ביז די קני, מיר האָבן זיי געשלײַדערט גאַנצע הויפֿנס, מיר האָבן זיך געקוילערט אין זיי און געמאַכט קליינע בערגעלעך.

ווינטער זענען אַלע וווּנדן פֿונעם „גראָבן בוים" פֿאַרצויגן געוואָרן מיט שניי און מיר האָבן אים קיינמאָל נישט אָפּגעטרייסלט, ווי פֿון אַנדערע ביימער. מיר האָבן געהיט דעם אָזשינע־בוים. ווען מיר זענען אויסגעוואַקסן און פֿאַרלאָזט דאָס הויף, האָט דער אָזשינע־בוים אָנגעהויבן טריקענען — זעט אויס, אַז צו שטאַרק איז ער געווען צוגעבונדן צו אונדז און האָט נישט געוואָלט דינען אַנדערע דורות. זאָל זײַן, אַז אין איינעם מיט די זאַפּטן פֿון דער ערד האָט אים גענערט אויך אונדזער ליבע, צי דער גורל אַליין האָט אַזוי אַנטשיידן, נאָר מיטאַמאָל איז די צעפּוילעניש אַרויפֿגעקראָכן אַלץ העכער און אָנגעהויבן צו פֿרעסן די שטאַמען, די יאַגדעס האָבן זיך אויפֿגעהערט צײַטיקן און נאָך גרינערהייט אָנגעהויבן אַראָפּצופֿאַלן, פֿאַרשמאַכטע און אָן לעבן. לסוף זענען צוויי שטאַמען אינגאַנצן פֿאַרפֿוילט געוואָרן, און דער דריטער האָט געפּלאַצט בעת אַ שטורעם, און מ'האָט אים געמוזט אָפּזעגן. ס'האָבן זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן — גאַנצע הונדערטס צען קרײַזן — אונדזער „גראָבער בוים" איז, זיכרונו לברכה, אַלט געווען הונדערט מיט צען יאָר.

איז אָט אַזוי שטייט ער זיך ביז הײַנט צו טאָג, אַ ברייטער בײַ זײַן גרונט, מיט אַ לאָך ווי אַן אָנצײַנערדיקער פּיסק און מיט זײַן איינציקן אָפּגעראַטע־ווען שטאַם וואָס ציט זיך צו דער זון. אַרומגערינגלט מיט בלימעלעך, קלומבעלעך און פֿאַרשידענע דעקאָראַטיווע ביימעלעך, צעבליט זיך יעדער פֿרילינג עקשנותדיק דער שטאַם, גלײַך ער וואָלט געוואָלט מיט אַלע כּוחות אונדז דערמאָנען אין די קינדער־יאָרן.

אין יענעם נאָכמלחמהדיקן זומער איז דער הויף אונדז באַזונדערס געווען ליב מיט זײַן אָפּגעלאָזטקייט: די ביימער אַרומגעוואַקסן מיטווילדגראָז, דער בעז — אויסגעמישט מיט דער קראָפּעווע, גרודעס מיט צעקלאַפּטע שטיינער, און לסוף, אַ ריזיקער הויפן מיסט, אַוו ס׳האָבן זיך געכאָוועט קעץ, הײמישע און פרעמדע. זעלטן אַז אין הויף איז אַרײַנגעפאָרן אַ פורל, אַרויסצופירן דאָס מיסט. דעמאָלט האָט זיך אין מיטן דער טרוקענער, גרויער פון די פּריסיקע היצן, — ערד, מיטאַמאָל באַוויזן אַ פּײַכט, ציכטיק פּאַרקערט אינדזעלע, צו וועלכן מיר האָבן זיך תּיכּף צוגעכאַפּט. די ייִנגלעך האָבן געשפּילט אויף דעם אין „מעסערלעך", און די מיידלעך האָבן געמאָלן אויף דער קילער ערד צורות און דערקלערט דעם טיפּ: „ליאָווקע — דוראַק" ד.ה. „ליאָווקע־טיפּש". אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דאָס אינדזעלע צוגעטרוקנט, און עפּעס איינע אַ שכנה, געפּלעפּט פון דעם אינדזעלעס ריינקייט, האָט אַרומקוקנדיק זיך אַ דערשראָקענע, אַ ליאַפּע געטאָן דעם ערשטן צעבער... און די קעץ האָבן זיך אומגעקערט אויף זייער אַלט אָרט.

און דאָך איז אונדזער הויף געווען ציכטיקער, היימלעכער פון אַלע אַנדערע הויפן. כאָטש אונדז האָט זיך געדוכט, אַז מיר קענען אים שוין אויף אויסנווייניק, האָבן מיר אָבער שטענדיק אַנטדעקט אין אים עפּעס נײַעס. יעטוועדער דור וואָס איז אונטערגעוואַקסן אין הויף, האָט ווי דעם אַלף־בית אים אָנגעהויבן צו לערנען פונסנײַ.

ער, אָט דער הויף, האָט אונדז באַשאָנקען מיט זײַן בעז אין די טעג פון די עקזאַמענעס, ער האָט אַ ראַשיקער זיך געהאַוועט אין די יום־טוב טעג, ער האָט געקלאַפּט מיט די טירן און געהילכט מיט די קולות פון די שכנים אויף חתונות און געבורטס־פּײַערונגען, ער איז שטיל פאַרשטאַרצט געשטאַנען, באַגלייטנדיק אין לעצטן וועג. ער, ווי אַ מאַמע, האָט געקענט אַלע שוואַכקייטן פון זײַנע קינדער. ער האָט באַשירמט און באַהיט די ערשטע גרעזעלעך פאַרן קליינוואַרג, ער האָט פאַרמאָגט אומצייליקע פאַרבאָרגענע ערטעלעך פאַר די ייִנגלעך. ער האָט פאַרמאָגט אויך געהיימע ווינקעלעך פאַר די פאַרליבטע, און ער האָט געקענט דערוואַרעמען אַלטע לײַט אויף זײַן באַזונדערן אופן.

יעדערער האָט זיך זײַן באַליבט פּינטל אויף דער ערד: איינער בענקט אַ גאַנץ לעבן נאָך איינאונאיינציקער גאַס, אַ צווייטער וועט אויספאָרן

טויזנטער ווערסט, כּדי ער זאָל דורכגיין אַדורך באַקאַנטע ליקלעך, דער דריטער קאָן נישט פאַרגעסן דאָס דערפעלע, וועגן וועלכן מ׳ווייסט נישט קלאָר, צו וועלכן ראַיאָן ס׳געהערט. אַ סך אַזעלכע פּינטעלעך אויף דער ערד...

איז אָט אונדזער פּינטעלע געווען דער הויף.

## „דאָס זענען דען קינדער״?

ליודעס באָבע — דאָס איז דער וויכטיקסטער מענטש אין אונדזער הויף. זי שטייט אויף די ערשטע און לייגט זיך די לעצטע. איבער איר זאָגט מען וועגן אונדזער הויף: „יענער הויף, ווו די באַבקע ווינט״ און כאָטש באָבעס אין הויף זענען פאַראַן עטלעכע, איז יעדן איינעם קלאָר, אַז עס רעדט זיך נאָר וועגן איינער — ליודעס. דער הויף כאַפּט זיך ערשט אויף, און די באָבע קערט זיך שוין אום פונעם מאַרק. און אויב די באָבע איז צופרידן, גייט זי זיך איבערן הויף פּאַמעלעך און וואַרט אפשר וועט זי עמיצער פאַרטשעפּען מיט אַ פראַגע. נאָר די שכנות זענען נישט שטענדיק נײַגעריקע, דעמאָלט „דרייט״ זיך די באָבע אָן אַליין:

— נו וואָס וועט איר זאָגן, האַ? ווײַנשל זענען שוין ווידער טײַערער געוואָרן. גיט נאָר אַ קוק פאַר וואָס כ׳האָב באַצאָלט אַכט קערבלעך אַ קילאָ־גראַם. ס׳איז דען ווײַנשל? גראָז.

די שכנה האַלט נישט אויס און גיט אַ קוק אין דער אַלטערס קיישל. דאָרטן ליגן זאַפּטיקע, צײַטיקע ווײַנשל, וועלכע האָבן ערשט נעכטן געקאָסט צוועלף רובל. די שכנה אָכקעט אַזש און תּיכּף יאָגט זי אַוועק אויפן מאַרק.

די באָבע איז צופרידן:

— יאָ, יאָ, לויף, לויף, — וואָרטשעט זי איר נאָך. מ׳דאַרף ווייניקער שלאָפן.

נאָר ווען די אַלטע קערט זיך אום פון מאַרק נישט קײַן זייער צופרידענע, שנײַדט זי דורך דעם הויף שיער נישט לויפנדיק. דאָס הייסט, אַז אין איר קויש איז דאָ נאָר קריפּ, פּעטרישקע און אַ גאַנצער זשמוט גרינע ציבעלעס („דער רוח זאָל זיי נעמען, זיי זענען שטענדיק ביליק״). פּופּטערנע גייט שוין די אַלטע אויסגיסן איר האַרץ פאַר דער מאַמען. די מאַמע אײַלט זיך,

ביז דער אַרבעט האָט זי נאָך אַ סך וואָס צו טאָן, נאָר ליודעס באָבע הערט זי שטענדיק אויס געדולדיק, דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל מײַן באָבע, דאָס הייסט מײַן מאַמעס מאַמע, ווען זי לעבט, וואָלט זי איצט אַלט געווען אַזויפֿיל יאָר וויפֿל ליודעס. דאָס איז דערפֿאַר ווײַל מײַן באָבען האָבן דערהרגעט די פֿאַשיסטן, און ווען זי לעבט — וואָלט זי אויך געגאַנגען גאַנצפֿרי אויפֿן מאַרק, וואָלט אויך אײַנגעקויפֿט קריפּ און פּעטרישקע און געוואָרטשעט, אַז אויף מער סטײַעט נישט קײַן געלט. דאָס איז דערפֿאַר ווײַל אין יעדער אַלטער, געפֿונט מײַן מאַמע עפּעס אויס פֿון מײַן באָבען. און דערווײַל לעבט דער הויף אויף. מיר באַווײַזן נאָך זיך נישט צו ראַזדרעכען, ווי די עלטערע ציִען אונדז אויך אַרײַן אין זייערע אומאויפֿהערלעכע גייעכצער און טועכצער.

מיר לאָזן זיך אַוועק מיט די שפּײַז־קאַרטן אין קלייט, מיר העלפֿן אין דער ווירטשאַפֿט, מיר ניאַנטשען די קליינע חברה, נאָר פֿאַר אונדז איז עס נודנע זאַכענישן, וועלכע מיר אײַלן זיך וואָס גיכער צו פֿאַרענדיקן. מיר פֿאַרשטייען נישט, פֿאַר וואָס קאָכט זיך אַזוי ליודעס באָבע, ווען ליודע, כאַפּנדיק די ברויט־קאַרטן, פֿאַרגעסט נישט צו פֿרעגן: „און דערנאָך וועל איך זיך גייען שפּילן, איך וועל גייען?" מיר ווייסן נישט, אַז ערשט פֿריִער האָט זיך די באָבע אויסגעשטעלט פֿאַר דער שכנה: „ווי געפֿעלט אײַך עפּעס מײַן ליודע, האַ? אַליין געגאַנגען נאָך ברויט, אַליין הײַנט אויפֿגערוימט די שטוב. דוכט זיך, עס ווערט פֿון איר אַ שטיקל מענטש. גאָט זאָל מיר העלפֿן".

נאָר ליודע טראַכט נישט צו ווערן אַ מענטש און נעמט זיך נישט פֿאַר קײַן שום זאַך, ביז די באָבע זאָגט איר נישט צו קײַן פֿולע פֿרײַהייט עס, עס, ביז אין דער נאַכט.

ווען מע זאָל מיך, אַ נײַן־יעריק מיידעלע, עמיצער זיך דערטראַכטן צו פֿרעגן וואָס איך האָב מער פֿון אַלץ ליב אין דער וועלט, וואָלט איך תּיכּף געענטפֿערט — זיך שפּילן. שפּילן זיך פֿון אינדערפֿרי ביז אויפֿדערנאַכט, אין יעדער צײַט פֿון יאָר. מיט וועמען ס'ניט איז און אין וואָס ס'ניט איז, אַבי זיך שפּילן.

איך ווייס נישט פֿאַרוואָס מ'רעכנט, אַז אַלע נאָרמאַלע מענטשן, שוין פֿון דער סאַמע קינדהייט, חלומען וועגן זייער קינפֿטיקער און אומבאַ־דינגט ראָמאַנטישער פּראָפֿעסיע: די ייִנגלעך ווילן ווערן פֿליִער, מאַטראָסן; די מיידלעך — דאָקטוירים אָדער אַקטריסעס. איך ווייס נישט אפֿשר זענען

מיר עפּעס נישט קיין נאַרמאַלע, נאָר ליאַווקע, אויב ער וויל שוין יאָ ווערן אַ קאָמאַנדיר ווען ער שפּילט זיך אין „מלחמה״ וויל ער עס שוין טאַקע תּיכּף און באַלד. אין דער צוקונפט טרוימען מיר צו ווערן קעכערס, פּאַרקויפער פון קאָנפעקטן אָדער ברויט, אין ערגסטן פאַל — קאָנטראָלאָרן אין אַ קינאָ. וויפל מיר שפּילן זיך, פאַרגעסן מיר אין עסן. אַגב, לאָזט מען אונדז אַפילו נישט זיך רואיק שפּילן, אַ גאַנצן טאָג דערציט מען אונדז:

— קריכט אַראָפּ פון די טויערן — זיי זיפּען קוים.

— רירט זיך נישט צו צו דיביימער: די פלוימען זענען נאָך גרין.

— גאָטעניו, דאָס זענען דען קינדער?! ס׳איז באַנדיטן, אמתע באַנדיטן.

— העי, האָפּ־קאָמפּאַניע, וואָס רעוועט איר אויפן גאַנצן הויף?

אומזיסט רופט מען אונדז „האָפּ־קאָמפּאַניע״. אַ קליינינקייט, אויך מיר אַ קאָמפּאַניע — זיבן מענטשן, פון וועלכע דריי נאָך גאָר פּיצלעך, מ׳קאָן זיי אַפילו נישט רעכענען פאַר קיין שפּילערס. די סאַמע עלטסטע — סלאַווע און ליודע — זענען צו עלעף יאָר אַלט, נאָר סלאַווע זעט אויס עלטער. ער איז אַ הויכער, מיט צו לאַנגע פיס. כּמעט דריי פערטל פון זיין פיגור, פאַרנעמען די פיס, און אויף אַלץ איבעריקן — בלייבט איין פערטל. צווישן אונדז איז סלאַווע דער סאַמע געבילדעטסטער, קיין איין לערניאָר האָט ער אין דער מלחמה נישט אַדורכגעלאָזט. ער קען ענטפערן אויף יעדער פראַגע, ער איז נישט קיין עזות־פּנים קעגן די עלטערע און בכלל האַלט ער זיך מיט ווירדע. קיין פחדן קאָן מען אים נישט אָנרופן, נאָר אין יעטוועדער „היסטאָריע״ קריכט סלאַווע אַריין, ערשט נאָך דעם, וואָס ער וועגט און מעסט, באַטראַכט און באַרעכנט אַלצדינגס; און אויב ער שלאָגט זיך שוין, איז מיט אַזאַ באַדאַכטן אויסזען, ווי גלייך ער וואָלט אויסגעחשבונט יעדן קלאַפּ. בדרך־כּלל האָט סלאַווע נישט ליב קיין געשלעג, און אויב אויף דעם קעגנער ווירקן נישט קיין ווערטער, פּינעט ער מיט צאָרן. „וואָס וועל איך מיך מיט דיר פאַר־טשעפּען? ס׳ווילט זיך מיר נישט פאַרשמירן די הענט״.

און דערביי איז יעדעס וואָרט זיינס אַ פּילבאַדייטנדיקס. סלאַווע זאָרגט זיך נאָר וועגן דעם, אַז אין יעדער שפּיל זאָל זיין אָרדנונג. ער טראָגט שטענ־דיק מיט זיך פּאַפּיר און אַ בלייער. די שטראָפּרישע באַלן פאַרטרויעט ער נישט דעם זכּרון, נאָר אַקוראַטנע פאַרשרייבט ער זיי אַקעגן יעדן נאָמען;

עפּעס שטרײַכט ער אונטער, בײַט, שטעלט איבער און פּאַקטיש יעדן נײַעם אײַנפאַל קאָנטראָלירט ער צוערשט אויף פּאַפּיר. די דערוואַקסענע שעצן סלאַווען און שטענדיק גיבן זיי אים אונדז פאַר אַ בײַשפּיל. מיר שעצן אים אויך, נאָר האָבן אים נישט זייער ליב. קיינער פון אונדז האָט נישט אַזויפיל צונעמען, ווי סלאַוווע. די דאָזיקע צונעמען באַווײַזן זיך און פאַרשווינדן, נאָר איינער פון זיי האָט זיך פעסט צוגעקלעפּט צו סלאַווען — „פּיצע די לאַנגע". עמיצער האָט אַמאָל געקריינדלט סלאַווען „ספּיצע",[1] מיט דער צײַט איז די „ס" פאַרשוווּנדן, און ס'איז געבליבן „פּיצע", אַ קורצער און קאָמישער נאָמען. נאָר די „לאַנגע" וואָס האָט אַ שײַכות צו „ספּיצע", האָט זיך נאָכגעשלעפּט ווי אַן עק נאָכן נײַעם וואָרט. אַזוי איז געבוירן געוואָרן — „פּיצע די לאַנגע". סלאַווען ערגערט נישט אַזוי דער צונאָמען אַליין, וויפל אָט די „לאַנגע" וועלכע האָט זיך אָנגעטשעפּעט אין ווײַבלעכן מין.

אין איין עלטער מיט סלאַווען איז ליאָווקע, אין וווּקס צוויי מאָל קלענער פון אים. אַ קרעפּטיקער, זומער און ווינטער ברוינלעך־צוגעברענט, מיט שוואַרצע, שטענדיק ברענענדיקע אויגן, איז ליאָווקע אין אונדזער קאָמפּאַניע ווי אַן אָנגעדרייטע פּרוזשינע. די סאַמע רואיקסטע שפּיל ווערט מיטאַמאָל טומלענדיק, דער סאַמע שלווהדיקסטער אײַנפאַל ווערט — געפערלעך, די אונטערהאַנדלונגען מיטן שכנותדיקן הויף פאַרענדיקן זיך מיט אַ געשלעג, ווי נאָר ס'באַווײַזט זיך ליאָווקע. ליאָווקע פאַרטראָגט נישט קײַן רואיקייט — ער איז אַן אייביקער אומרו.

ליודע — דאָס איז ליאָווקע נאָר אין אַ קליידל: אויך אַזאַ געוואַגטע און אַ שלעגערקע. זי אונטערשיידט זיך פון ליאָווקען נאָר מיט דעם, וואָס נישט שטענדיק פאַרלאָזט זי זיך נאָר אויף די קולעקעס און באַנוצט זיך צומאָל אויך מיט טרערן. אמת, ליודע וויינט זעלטן, אָבער אַזוי, ווי קיינער נישט. צוערשט פאַרגייט זי זיך אין אַ כליפּערײַ עפּעס ווי פון אינעווייניק, דער דאָזיקער כליפּ אירער שיפּעט, גיט אַרויס עפּעס מאָדנע קלאַנגען און קען זיך בשום אופן נישט אַרויסרײַסן אינדרויסן. אַפילו די ייִנגעלעך קוקן מיט שרעק ליודען אין פּנים אַרײַן און באַרואיקן זיך ערשט דעמאָלט, ווען

1 רוסיש — ספּיצע: ייִדיש: שפּיזל.

דאָס געוויין, אַרויסרײַסנדיק זיך אויף דער פרײַ, צעגיסט זיך ווי אַ שטראָם איבערן גאַנצן הויף.

אַט די קונץ לײַדעס קענען מיר און פונדעסטוועגן שרעקן מיר זיך יעדעס מאָל פאַר איר. איבער אַט דער סיבה גיבן מיר איר נישט קיין מסוכּנע צונעמענישן און באַגנוגענען זיך נאָר מיט דעם באַשיידענעם „סוואַווע — סוואַווע": לײַדען גייט שוין דאָס נײַנטע יאָר, נאָר די מלחמה האָט איר געשטערט אַרײַן אין שול, און זי וועט ערשט גייען אין ערשטן קלאַס, אין דעם יאָר.

מיר פיר — דאָס הייסט סלאַווע, ליאָווע, לײַדע און איך — זענען מיר דער קערן פון דער קאָמפּאַניע, די איבעריקע — דאָס קליינוואַרג, זענען נאָר פעיִק צו פאַרצווייפאַכן דעם רעש אין הויף; קיין באַזונדערע ווערט ווי באַטייליקער פון אונדזערע אונטערנעמעכצער, שטעלן זיי מיט זיך נישט פאָר. זיי זענען דרײַ, לײַדעס שוועסטערקינדל — וויטיע, אַ מאָגערער — אַזש מ׳קאָן אים איבערציילן אַלע ריפּן, — מיט גרויסע אויגן און אַ פלינקער ווי אַ יאַשטשערקע. סאָניע, סלאַוועס שוועסטער, אַן אַקוראַטנע, זייער אַן ערלעך און זייער אַ דערצויגן מיידעלע. זי איז אַ דיקלעכע, אַ שווערלעכע און מיר רופן זי אַלע, צומאָל טומבע און צומאָל בולקע — סאָניע פאַרגעדענקט שטענדיק, אַז די קניעלעך דאַרפן זײַן גאַנצע, און דאָס קליידעלע ריין. זי זאָגט זיך אָפּ צו קריכן אין קעלער — פון מורא פאַר דער פינצטערניש, אַרויפקלעטערן אויפן פלויט — פון מורא אַראָפּצופאַלן, זיך אַדורכהוידלען אויפן טירל — מ׳קאָן אַרײַנכאַפּן אַ פּסק פון די גרויסע. נאָר סאָניען דאַרף מען אויך האָבן, ווײַל מיר קריגן זיך מיט איר שטענדיק, און אָן אַ קריג ווערט די שפּיל נישט אינטערעסאַנט.

עפּעס וואָס — טראָגט סאָניע אָפּ די גרויסע, און דעמאָלט פאַרנעמט זיך שוין מיט איר דערציאונג — לײַדע. נעבן דעם קוואַרן־דאַרן וויטיען, קוקט אויס סאָניע ווי אַן בול נעבן אַן איינס. אונדזער שלום, אַפילו צווישן דעם דאָזיקן דרײַלינג, רעכנט זיך פאַר אַ פּיצל, נאָר ער פאַרטיידיקט פעסט זײַן אומאָפּהענגיקייט.

ביידע גרופּעס האָבן אין הויף זייער רעכט, פליכטן און טעריטאָריע. אונדזער צענטער — נעבן „גראָבן בוים", דאָס קליינוואַרג שטופּט זיך

שטענדיק אויף דער טעראַסע פון סאָניעס שטוב. מיר קאָנען אַוועקגיין אומ־געשטערט וווהין עס ווילט זיך אונדז, אָבער זיי האָבן רעכט צוצוגיין נאָר ביז „צום עק". מיר פאָרן אויף די טויערן, זיי — אויפן טירל. אונדז מוסרט מען אָפט און נאָך אָפטער באַשטראָפט מען אונדז, זיי מוסרט מען נאָר, „ווײַל זיי זענען קלייניניקע, און אויף אַזעלכעס נישט פעיִק"...

אָבער ביכלל לעבן מיר געגוג פרײַנדלעך און מיר געניסן מיטן פולן מויל פונעם הויף, פון דער פרײַהייט, און פון דעם וואָס אויף דער ערד איז שלום און אַ זומער אַ הייסער, אַ זוניקער, און אַ לאַשטשענדיקער.

בײַ אונדז אין שטוב האָט מען ליודען אַ נאָמען געגעבן — מײַן אַדיוטאַנט. און וואָס איז אמת, איז אמת — ליודע גייט מיר נאָך ווי אַ שאָטן. אַ שעה קאָן זי נישט לעבן אָן מיר, אַגב, איך אָן איר אויך נישט. די מאַמע רוגזט זיך: ווי נאָר זי שטעלט מיך עפּעס טוען — וואַקסט שוין אויס ליודע. זי באַווײַזט זיך נעבן פענצטער און ציט שטענדיק איין אין די זעלביקע, תחנונים־פרעגנדיקע נאָטע:

— בלימאַלע, וועסט אַרויסקומען?

איך וויל מיך גלײַך אָפּרופן, נאָר איך האָב מורא פאַר דער מאַמען, און פון יענער זײַט פענצטער — נאָכאַמאָל:

— בלימאַלע, וועסט אַרויסקומען?

איך וואַרג מיך מיט דער טיי. די מאַמע וואַרפט אויף מיר איינע פון יענע בליקן, וועלכע זענען ערגער פון אַ טראָסק.

— בלימאַלע, וועסט אַרויסקומען?

איך זע, אַז די טיי אין גלאָז ווערט נישט קילער, נאָר פאַרקערט, נאָך הייסער.

— באַלד, וואַרט אויס! — שרײַ איך. מ׳טאָר נישט, אַז ליודע זאָל אַוועקגיין. זי וואַרט שטענדיק געדולדיק, נאָר אַלצאיינס האָב איך מורא, אַז זי זאָל נישט אַוועקגיין.

אויב אַ געשריי טאָן איז אוממעגלעך, דעמאָלט שיק איך דעם ברודער. נאָר שלום טופּעט מיט אַזאַ גערודער איבער דער שטוב, מיט אַזאַ סקריפּ עפֿנט ער די טיר און אַזוי רעשיק מעלדעט ער: „אַז בלימאַלע וועט באַלד קומען", אַז בעסער — אים שוין נישט צו שיקן. ס׳קומט אויס ערשט דערנאָך,

אַליין אָפּצוזוכן ליודען, נאָר דאָס איז פּאַר מיר ערגער פון אַ שטראָף. די זאַך איז די, וואָס ליודען, ווי אַ שיינע בת־מלכּה, באַוואַכט די באָבע. (דער עלטער דאַרף מען אָפּגעבן כּבוד און דערפאַר וועל איך אײַך נישט דערמאָנען — קאָלדוניען). אַך, האָט שוין ליודע אַ באָבקעלע! פאַרשטייט זיך, איך ווייס, די באָבע אירע האָט געהאַט אַ שווער לעבן: דער מאַן איז געפאַלן נאָך אין אָנהייב פון בירגער־קריג, און זי איז געבליבן אַליין מיט צוויי פּיצלעך קינדער. הונדערט מאָל האָב איך שוין דאָס געהערט. און ווי אַזוי ס'האָט געהונגערט ליודעס באָבע, און ווי אַזוי זי האָט געהאָרעוועט בײַטאָג און בײַנאַכט, און ווי אַזוי זי האָט געוואַשן גרעט פון פרעמדע מענטשן, ביז זי האָט אירע קינדער אַרויסגעפירט אויף אַ וועג. איצטער צערײַסט זיך די באָבע אויף צוויי שטיבער (ביידע טעכטער וווינען אין איין הויף) און אַ גאַנצן טאָג גיט זי אַ גאָב אָדער ליודען, אָדער וויטקען, אָדער עמיצן פון אונדז. זי זידלט זיך די באָבע, אויסגעצייכנט, אי אויף רוסיש, אי אויף איר יידישער מוטער־שפּראַך און אויב זי זידלט זיך נישט, איז קלאָגט זי זיך פּשוט און פּראָסט פאַר די שכנים:

— זאָגט נאָר אַבעיטעכניו: ס'איז דען קינדער? אפשר בין איך אַן אַלטע, אפשר פאַרשטיי איך שוין גאָרנישט, נאָר דאָס זענען נישט קײַן קינדער. דאָס זענען באַנדיטן. דאָס זענען ראַזבויניקעס, נאָר נישט קײַן קינדער, אָט, אָט, גיט נאָר אַ קוק אויף איר!

די באָבע ווײַזט אויף ליודען. די שכנים קוקן. ליודע, אַו אומגעדולדיקע ווישט אָפּ איין פוס אין אַנדערן און, אַראָפּבלאָזנדיק פון די אויגן דעם אָפּגע־ברענטן פון דער זון טשוביק, זײַטלט זי זיך מיט שׂינאה אויף דער באָבען. און יענע — צעלאָזט זיך ערשט...

— און אין וועמען סאָמעוועט זי איצטער? גאָט מײַן גאָט, גיט נאָר, זײַט מוחל, אַ קוק אויף וועמען זי איז איצט ענלעך! די פּיס פול מיט בלאָטערן...

— דווקא נישט קײַן שום בלאָטערן, — באַליידיקט זיך ליודקע. — איך האָט מיך פּשוט אָפּגעבריט מיט קראָפּעווע.

— איר הערט? זי באַליידיקט זיך באַך. און וואָס איז דאָס? נישט קײַן בלאָטערן? זאָג מיר נאָר, ווו זוכסטו ערגעץ אויס די קראָפּעווע, וואָלט איך געוואָלט וויסן? און דער דאָזיקער משוגענער טשוב, שוין צוויי וואָכן אַז איך

בעט זיך ביי איר, זי זאָל גיין אין שערעריי, גאַנצע צוויי וואָכן! און אַזאַ אויסגעדייוועט קינד האָט איר שוין ווען ס׳איז אַ מאָל געזען? איך האָב נאָך נישט געזען. וואָס, מ׳גיט איר קיין עסן נישט? נאָר דאָס עסט דען? זי וואַרגט זיך מיטן ביסן, ווייל סע ברענט, נישטאָ קיין צייט רואיק אָפּצועסן דעם מישטיינסגעזאָגטן זופּ. די מאַמע אַרבעט אַ גאַנצן טאָג, דער טאַטע ליגט ערגעץ אין אַ פרעמדער ערד, און איך אַן אַלטע... די באָבע צעכליפּעט זיך.

די שכנים קוקן שוין נישט פּשוט אויף ליודען, זיי זענען גרייט תיכּף זיך נעמען צו איר. ליודע באַהאַלט אויס אירע אויגן אונטערן טשוב, און נאָר די פיס, וועלכע קראַצן אומגעדולדיק איינער דעם אַנדערן, געבן אויס איר צושטאַנד.

די באַבקע ווישט אויס די אויגן און רעדט, און רעדט, און רעדט; וועגן איר נישט גרינג לעבן; וועגן דעם, ווי איר מאַן איז אומגעקומען אין בירגער־קריג (אַ לאַנגן רייסטער פון יידישע קללות אויפן אַדרעס פון פּעטליורען), וועגן דעם, וואָס פּאַר אַ גאָלדענער מענטש עס איז געווען ליאָווע, ליודעס פּאָטער (ווידער קללות — שוין היטלערן); און נאָכאַמאָל וועגן דעם, אַז פון ליודקען וועט שוין קיין מענטש נישט ווערן, ווייל אין די אָטשערעדן [1] גייט זי נישט, די באָבע הערט זי נישט, דעם טשוב אין דער שערעריי וויל זי נישט אַראָפּנעמען, און ביכלל מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן? עס ענדיקט זיך מיט דעם, וואָס ליודען — מיט דער שטילער פּאַראורטיילונג פון די אַנדערע זקינות, פּאַרמאַכט מען אין שטוב און מען האַלט זי דאָרט אַזוי לאַנג, ביז ביי דער באַבען „הייבט נישט אָן ווייי צו טאָן ס׳האַרץ צוצוקוקן, ווי דאָס קינד מוטשעט זיך". מ׳ברייעט, אַז אונטערן שלאָס וועט ליודע זיך מענטשלען, „קומען צום שכל", זיך פּאָפּראַווען, אויב נישט פונעם שיסעלע זופּ, איז כאָטש פונעם זיצנדיקן לעבנס־שטייגער; וועט אויפהערן „יאָגן ווי אַ דולע מיט די דאָזיקע באַנדיטן", דאָס הייסט מיט אונדז.

ליודע מאַטערט זיך אונטערן שלאָס, נאָר ווערט נישט קלוגער און נישט פעטער. די באַבקע מיט אַן אויסזען פון אַ זיגערין רייניקט גרינוואַרג אויפן

---

1 אָטשערעדן — רוסיש: רייען.

בענקעלע נעבן דער טיר. איך שפּאַציר מיר דורך טרויעריקלעך דערנעבן, נישט וואַגנדיק אַפילו צו בעטן אויף אַ פאַרמילדערונג פאַר ליודען.

— גיי, גיי אהיים — זאָגט מיר די באַבקע, כאָטש כ׳האָב זיך צו איר נישט געווענדעט. פאַרלירן איז שוין נישטאָ וואָס — ליודען וועט מען שוין במילא ביז אויפדערנאַכט נישט אַרויסלאָזן, און איך גיי איבער אין אַנגריף.

— וואָס־זשע, איך טאָר נישט שטייען דאָ?

— שטיי דיר געזונטערהייט לעבן אייַער שטוב.

— ס׳איז אייַער הויף? איר האָט אים געקויפט?

די פראַגע איז אַ געוויינלעכע, נאָר די באָבע צינדט זיך אָן?

גיט נאָר אַ קוק אויף איר! אַזאַ סמאַרקאַטע! אויך מיר אַ פּריצה זיך געפונען! גיי אַהיים זאָג איך דיר, אַהיים גיי!

— און איך וועל נישט גייען. און ביכלל, איז עס נישט אייַער עסק!

— נו, ווי אַזוי געפעלט אייַך עפּעס?

דערנעבן איז קיינער נישטאָ, נאָר די באָבע איז שוין צוגעווינט זיך ווענדן צו עדות:

— אַ פיינע דערציאונג, נישטאָ וואָס צו זאָגן. דער טאַטע מיט דער מאַמען לעבן, און דאָס איז אַלצאיינס אַ באַנדיט!

— איר זענט אַליין!... — שרייַ איך, און קרעקנדיק זיך מיטן וואָרט „באַנדיטקע" צי איך אָפּ.

אויפדערנאַכט קומט די באָבע צו אונדז, און שמועסט לאַנג מיט דער מאַמען. זי הייבט אָן מיט פאַרקלאָגעכצער, און ענדיקט מיט אייַנגעמאַכטס פון ווייַנשל, וועלכע מען קאָן אַזוי פּרעגלען, ס׳זאָל אָוועקגיין גאָר ווייניק צוקער.

אויפן צווייטן טאָג יאָגט שוין ליודע ווידער פון אינדערפרי ביז אויפדערנאַכט און די באָבע, דערזעענדיק אונדז, וואָרטשעט אונטער:

— ס׳איז דען קינדער?

## עלטערן זענען אויך פאַראַן פאַרשידענע

די עלטערע זענען בדרך כּלל נישט קיין שלעכט פאָלק: אמת, צווישן זיי זענען אויך דאָ פאַרשידענע. די גרעסטע טייל פון די דערוואַקסענע באַמערקן

אונדז נאָר דעמאָלט, ווען מיר זענען הונגעריק, אָדער מיר זיצן צו שטיל (דאָס רופט אויך אַרויס בײַ זיי אַ פֿאַרדאַכט). אין אַלע איבעריקע פֿאַלן באַמערקן זיי אונדז נישט. נאָר מיר האָבן צווישן די עלטערע אונדזערע שונאים און אונדזערע פֿרײַנט. און אָט זיי פֿאַרגעסן קיינמאָל נישט אין אונדז.

פֿאַר אַ שונא האַלטן מיר אַנטאָנינע אַנטאָנאָוונע, אָדער, אויף אונדזער שפּראַך, — טאָן־טאָנעכע. טאָן־טאָנעכעס קוואַרטיר איז נעענטער פֿון אַלע צו אונדזער צענטער, צום „דיקן בוים״, און מיר נעמען זיך צונויף גאַנץ אָפֿט אונטער אירע פֿענצטער. די טאָן־טאָנעכע אַרבעט צי אַ קאָנטראָלאָרין צי אַ בילעטיאָרשע [1] אין דער פֿילהאַרמאָניע. אַ גאַנצן טאָג איז זי אין דער היים און אַ גאַנצן טאָג טוט איר וויי דער קאָפּ. די טאָן־טאָנעכע גייט שטענדיק אַרום מיט אַ האַנטעך, אַרומגעוויקלט אַרום קאָפּ, און אין אונדז, קינדער, זעט זי דעם אָנהייב פֿון אַלע אירע אומגליקן. די טאָן־טאָנעכע פֿירט שטענדיק אַ מלחמה מיט אונדז. זי טרײַבט אונדז אַראָפּ פֿון די טויערן, כאָטש עס גייט איר נישט אָן, צי מיר וועלן זיך צעברעכן רוק און לענד. פּשוט ווײַל דער טויער איז נישט ווײַט פֿון איר טיר. אַז מיר באַהאַלטן זיך אין גאָרטן, קאָכט זי זיך, אַז דער גאָרטן איז נישט קײַן קינדער־פּלאַץ און מיר האָבן דאָרטן נישט וואָס צו טאָן. דאָ רעדן מיר צו הויך, אונטער אירע פֿענצטער, דאָ שושקען מיר זיך — פֿאַרדעכטיק שטיל אונטער די פֿענצטער פֿון איר קיך, — מיט איין וואָרט, מ׳קאָן איר נישט צוטרעפֿן. די טאָן־טאָנעכע פֿאַרקלאָגט אונדז פֿאַר די עלטערן, דראָט אָנצונעמען שטרענגע מיטלען, זי וועט דערגיין ביז דער מיליציע, ביז... אַגב, אַלע אירע „ביזן״ הערט קיינער קיינמאָל נישט אויס. מער פֿון אַלע קען די טאָן־טאָנעכע נישט פֿאַרטראָגן — ליאָווקען.

— פּוסטעפּאָסניק! — שרײַט זי צו אים. — דו ביסט שוין ווידער דאָ. וואַרט, איך וועל דיך אָנלערנען.

— מאַעסטראָ, באַרואיקט אײַך, — טענצלט זיך אונטער אַרום איר ליאָווקע. — אויב איר ווילט, וועל איך אײַך בעסער אָפּשפּילן אַ טוש?

— וואָס טוט זיך דאָ! — איך וועל גיין אין מיליציע! — בושעוועט די טאָן־טאָנעכע. — איך וועל זיך דערקליבן ביז צום דירעקטאָר — פֿון דער

---

1 בילעטיאָרשע — רוסיש: אַ בילעטן־פֿאַרקויפֿערין.

פילהאַרמאָניע. לאָז ער וויסן, וואָס פּאַראַ קינדער עס וואַקסן ביַי זײַנע אַרבעטאָרעכלעך!

און דאָ ווערט שוין ליאָווקען זויערלעך. ניין, מורא האָט ער נישט. פֿאַר וועמען זאָל ער מורא האָבן? דער פֿאָטער איז ביַי אים פֿאַרלוירן געגאַנגען און מ'ווייסט נישט ווו זיַין געביין איז אַהינגעקומען, די באָבע רופֿט אים נישט אַנדערש ווי ליאָוושקע און מ'הערט נישט פֿון איר קיַין הויך וואָרט, און ליאָווקעס מוטער איז שטענדיק אין די אַרומפֿאָרעכצער. ליאָווקעס מאַמע איז אַ פֿידלערין, און די טאַן־טאָנעכע איז זי אויסן, ווען זי קלײַבט זיך צו דערגיין ביז דעם דירעקטאָר פֿון דער פֿילהאַרמאָניע. ניין, שרעקן, שרעקט זיך ליאָווקע נישט. ער האָט פּשוט זייער ליב זײַן מאַמען.

...און דער גאַנצער רעש איז נאָר איבער דעם, וויַיל מיר לאַכן צו הויך אונטער די פֿענצטער פֿון דער טאַן־טאָנעכע.

זעט איר, אָט דער פֿעטער סאַשע, סלאַווקעס און סאָניעס טאַטע, איז שטענדיק אויף אונדזער זײַט. אַך, האָט אים געגליקט, סלאַווען, מיט זײַן פֿאָטער. ס'איז אַזש מקנא צו זײַן. איך אַליין קאָן נישט דערקלערן, פֿאַרוואָס מיר האָבן אַזוי ליב דעם פֿעטער סאַשע. נו, ער האָט מלחמה געהאַלטן — איז בײַ אונדז אַ האַלבער הויף געווען אויף דער מלחמה. נו, ער האָט אַ סך אויסצייכענונגען — איז אויך קײַן ווונדער נישט. ניין, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. פּשוט דער פֿעטער סאַשע, איז עפּעס אַן אייגענער. ער שרײַט קיינמאָל נישט אויף אונדז („ראַזבויניקעס, ווילדע מענטשן, ס'איז פֿון אײַך נישט אויסצוהאַלטן!"), ער פֿאַרטיידיקט אונדז („פֿאָרט קינדער, זיי האָבן זייערע אינטערעסן. מ'דאַרף פֿאַרשטיין"), ער באַנעבעכט אונדז נישט („נעבעך, וואַקסן אָן טאַטעס, אוי גאָטעניו"), ער קען פּשוט שמועסן מיט אונדז, ווי מיט גלײַכע.

— וואָס, ווידער צעבראָכן אַ שויב? — דער פֿעטער סאַשע באַטראַכט דאָס אָרט פֿון דער געשעעניש. דער געליטענער וואַרפֿט זיך אויף דעם נײַעם עדות: און קײַן גלאָז קאָן מען איצט נישט באַהופֿטן, און די צײַט איז נישט קײַן גרינגע, און קײַן כּוחות איז שוין מער נישטאָ איבערצוטראָגן פֿון אונדזערע ווילדקײַטן, און די פֿילקע דאַרף מען תּיכּף צונעמען און צעשנײַדן אויף שטיקלעך.

— מירן שוין קריגן ערגעץ גלאָז, — רײַסט איבער דער פעטער סאַשע דעם יאַכמערדיקן, — מירן קריגן.

און ער קריגט טאַקע, נאָר אונדז זאָגט ער דערנאָך:

— איר זײַט אַ ביסל פאַרזיכטיקער מיט דער פּילקע. איר זעט דאָך, בײַ די מענטשן איז אָנשטאָט שויבן — קאַרדאָן און ברעטלעך.

און שוין.

ווען דער מלחמה דערציילט דער פעטער סאַשע זעלטן און עפּעס צו פּשוט. אונדז געפעלן זײַנע געשיכטעס, אָבער אין דער זעלבער צײַט שטוינען מיר: אין די פילמען גייען אונדזערע שלאַכטלייט פאָרויס מיט די פענער אין די הענט מיט געשרייען „הוראַ״! „פאַרן פאָטערלאַנד״! „פאָרויס״! און שטענדיק גרײַפן זיי אָן, און די פאַשיסטן, אַרויסשטאַרצנדיק די אויגן פון שרעק און עפּעס בעבענדיק אויף זייער שפּראַך, לויפן אָן פּאָפּציעס. מיר, אין אַזעלכע מינוטן שפּרינגען אַזש אונטער אויף די בענקלעך, פּאַטשן איבער די פּלייצעס פון די וואָס זיצן פאַר אונדז און שרײַען אויף קולי־קולות: „הוראַ־אַ־אַ! אונדזערע גרײַפן אָן!״

אין די געשיכטעס פון פעטער סאַשען זענען עפּעס די שלאַכטלײַט נישט אויס ווי העלדן: זיי בענקען אַהיים, זיי ווערן מיד נאָך לאַנגע איבער־גייעכצער, מיט איין וואָרט, געוויינלעכע מענטשן, נאָר שלאַכטלײַט. מיר הערן, פאַרשטייט זיך, דעם פעטער סאַשע, נאָר דער קינאָ געפעלט אונדז מערער.

מיר האָבן ליב דעם פעטער סאַשע, מיר אײַפערן אים צו סלאַווקען, און ווען מ׳האָט וועגן פעטער סאַשען געשריבן אין דער צײַטונג, אַז ער איז „אַ העלד אָן אַרטילעריסט, וועלכער איז אַדורכגעגאַנגען גרויזאַמע שלאַכטן...״, האָבן מיר זיך אַלע באַרימט פאַר דער חברה פונעם שכנותדיקן הויף. אין דעם טאָג האָבן מיר קײַן איין מאָל נישט אָנגערופן סלאַוועך „פּיצע״ און סאָניען נישט געטשעפּעט.

ווען מיר זענען אַליין אונטערגעוואַקסן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די טאַן־טאַנעכע איז אַ געוויינלעכע פרוי, נאָר אַ גאַליקע, אַ נערוועזע, וואָס לײַדט נאָך דערצו פון קאָפּ־שמערצן. נאָר אין די קינדער־יאָרן האָבן מיר נישט איין מאָל פאַרלאָזט אונדזער באַליבט אָרט אונטערן אָזשינע־בוים און זיך געלאָזט שלאָנדערן איבער דער שטאָט.

מען זאָגט, אַז אין גיכן וועט מען אין פּושקין־פּאַרק אויפעפענען אַ נייַעם קינאָ־טעאַטער. אייגנטלעך, דאַרף מען אים נישט בויען, נאָר אַביסעלע פאַרריכטן: די ווענט זענען דורכגעלעכערט פון שפּליטערס, די פענצטער אָן שויבן, און דאָס טורעמל פון אויבן האָט זיך אַביסעלע אויסגעבויגן, פון דער וויַיטנס דערמאָנט דער אַלטער קינאָ־טעאַטער אין אַ מענטשן מיט אַן אויסגעבויגענעם קאָפּ אויף אַ זייַט.

מען זאָגט — ניין, נישט מ׳זאָגט, נאָר ס׳שרייַבט זיך אין די צייַטונגען: אַז צום אָנהייב פונעם נייַעם לערן־יאָר וועט זיך אין צענטער שטאָט עפענען אַ קינדער־ביבליאָטעק, מ׳רעדט, אַז דאָרט ווו ס׳איז געווען אַמאָל די „טשאַ־סאָווניאַ״ [1] און דערנאָך די דייַטשישע בירזשע, וועט איצט זייַן אַ טעאַטער פון ליאַלקעס.

מיר גלייבן נישט אין דעם וואָס מ׳רעדט, און גייען אַליין קאָנטראָלירן. דעם קינאָ־טעאַטער שטעלט מען טאַקע אין אַן אמתן אויף: די טשאַסאָווניע שטוקאַטורעוועט מען, כאָטש, וואָס ס׳וועט דאָרט זייַן — איז נאָך נישט באַוווּסט.

די ביבליאָטעק פאַרענדיקט מען שוין. מיר טראָגן זיך אַרום די בויערס, פרעגן זיי אויס, דולן זיי אַ קאָפּ. דאָס איז פּשוט אַ גליק: אי אַ קינאָ, אי אַ ליאַלקע־טעאַטער, אי אַ ביבליאָטעק. גלייַך ווי דאָס לעבן אויף דער ערד הייבט זיך אָן פונסנייַ. און יעדע אויפגעשטעלטע שטוב, יעדער אָפּגערייניק־טער פון די גרודעס שטיינער, טראָטואַר, דערנענטערט אונדז צו יענער שטאָט, אין וועלכער ס׳זענען געווען שיינע גאַסן, געדיכטע פּאַרקן, פילפאַרביקע טראַמווייַען און ברויט וויפל מ׳האָט געוואָלט, און קאָנפעטן און אייַזקרעם. ס׳איז דאָך אַמאָל געווען אַזוי? און דערווייַל שטייען אויף די אָפּגערייניקטע גאַסן די ווענט פון די שטיבער מיט פאַרלייגטע שויבן — אויגנבעס. גלייַך ווי עמיצן איז געווען זייער פריקרע, ווען אויף אים האָבן געקוקט אָט די שטאַרע אויגנבעס, האָט ער זיי פאַרלייגט מיט וואָס ס׳איז אים געקומען צו דער האַנט און זיי אַפילו, ערטערווייַז, צוגעקאַלעכט: „נאָט אייַך

[1] טשאַסאָווניאַ — רוסיש: די אויבערטייל פונעם קלויסטער, ווו ס׳געפינט זיך דער זייגער און דער גלאָק.

דערוויַיל, און קוקט נישט אַזוי פאַרומערט״. און עס שטייען אָט די ווענט ווי בלינדע. אויפגעראַמטע, אָנגעטוענע, אויסגעוואַשענע — און דאָך בלינדע. לעבן זיי באַמיִען מיר זיך נישט צו טומלען, ווי אין אַ שטוב ווו ס׳איז דאָ אַ חולה. מיר טראָגן זיך גיך פאַרביַי און לויפן אַהין, ווו מ׳שטעלט אויף דעם קינאָטעאַטער, ווו מען שטוקאַטורעוועט די טשאַסאָווניע, ווו מען פאַר־ענדיקט די ביבליאָטעק. דאָרטן דוכט זיך אונדז, אַז מען גרייט זיך צו עפּעס אַזאַ יום־טוב, וועלכער אָט־אָט וועט ער קומען. דאָס געפיל פון דעם אָנקומענ־דיקן יום־טוב פאַרלאָזט אונדז שוין נישט, און מיר קענען פּשוט נישט מיט ווערטער אויסדריקן אונדזערע געפילן.

אין הויף פליִען מיר אַריַין איבערגעפולטע פון אַזאַ אומגעהויערער פרייד, אַז ס׳דוכט זיך, אַז אָט אַ ליאַדע רגע, און מיר וועלן... אויפריַיסן.

און מיר ריַיסן טאַקע אויף.

פון די פענצטער רוקן אַרויס די קעפּ די שכנים. ווי אַן אויסרופס־צייכן שטייט אויף דער טיר די טאַנטאַנעכע. מיר באַרואיקן זיך. די ווילדע פרייד פאַרגייט: דערוויַיל איז נישטאָ ווו צו גיין, נישטאָ וואָס צו זען און לייענען איז אויך נישטאָ וואָס. ליאָוועס בוך „מעשׂהלעך — פון „די ברידער גרים״ און סאָניעס „רוסישע פאָלקס־מעשׂהלעך״ קענען מיר שוין אויף אויסנווייניק. צומאָל ברענגט אַרויס סלאָווע אַ דיק בוך אין אַ שיינעם בלויען איַינבונד — „א.ס. פּושקין — אויסגעווײלטע ווערק״.

— דאָס איז נאָך פרי פאַר איַיך צו לייענען — מאַכט זיך וויכטיק סלאָווע און זעצט זיך אַוועק אין הויף, אויף דעם סאַמע אָנזעעוודיקסטן אָרט, מיר קוקן אויף אים און זעענען מקנא זיַין סאָלידנעקייט, די ערשטע כאַפּט אונטער ליודע מיט אַ פוילן טאָן:

— אַ באַרימער — ערשטער סאָרט...

— לאָזט אים לויפן — ריַיסט איבער ליאָווקע. לאָמיר בעסער שפּילן אין בלינדזעניש.

— היַי, כ׳צייל !... שפּרינגט אונטער ליודע און הייבט אָן גיך צו מאָלן: אויף אַ גילדערן גאַניקל זיצן: אַ קעניג, אַ קעניגין, אַ פרינץ, אַ פּירשט, אַ שוסטער, אַ שניַידער...

אַ פריַינדשאַפט וואָס מ׳קאָן נאָר מקנא זיַין הערשט אויפן „גילדערנעם

גאַניקל״ צווישן קעניג און שוסטער, נאָר קיינער פון אונדז וויל נישט זײַן נישט דער און נישט יענער. דעריבער נעמען מיר אַרײַן אין שפּיל סאָניען און וויטיען.

סלאַווע פֿאַרמאַכט, פּאַמעלעך, דאָס בוך און לאָזט זיך אויך צו אונדז. דערנעבען נאָיעט שלום:

— און פֿאַרוואָס האָט מען אַרײַנגענומען סאָניען און וויטיען?

— ווײַל דו ביסט נאָך אַ קלייניקער, — דערקלער איך אים.

— זי איז עלטער מיט איין יאָר, — לאָזט זיך נישט שלום און טײַטלט אויף סאָניען. — זי לויפֿט שלעכט און קאָן נישט שפּרינגען. אַזאַ קלעצל!

איצט לאַכן אַלע, נאָר סאָניע צעוויינט זיך שיער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליאָווקע האָט זיך פֿון אינדערפֿרי געשושקעט מיט שלומען און וויטיען. סלאַווע, אָפּלאַכנדיק, איז געשטאַנען אין אַ זײַט. מיר — איך מיט ליודען זענען געשטאַרבן פֿון נײַגיר, נאָר מיר האָבן קײַן וואָרט נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן פֿון אונדזערע ברידערלעך. איך האָב צוגערופֿן שלומען.

— וועגן וואָס עפּעס האָט איר זיך דאָרט געשושקעט?

— איך ווייס נישט.

— וועסט זאָגן צי ניין?

— איך וועל נישט זאָגן. ליאָווקע האָט נישט געהייסן.

— וועסטו אין ערגעץ נישט גיין מיט מיר.

אַ שטילשווײַגעניש.

— און קײַן אײַזקרעם וועל איך דיר אויך נישט געבן צו לעקן.

ער שווײַגט אַלץ, מײַן ברודערל, נאָר אין זײַנע אויגן באַווײַזן זיך טרערן.

— איך ק־קען נישט, ליאָווקע לאָזט נישט.

אין אַ שעה אַרום זענען די ייִנגלעך פֿאַרשווונדן און מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן אַלע דרײַ... אויפֿן דאַך פֿונעם שײַער, אין אַלצאיינע היטעלעך פֿון צײַטונגס־פּאַפּיר, און בײַ ליאָווקען אויפֿן רוקן האָט נאָך געהאַנגען עפּעס ענלעכעס אויף אַ רוקזאַק.

— חברה, וואַהין?

— איבער די דע־ע־כער! אין אַ ריַיזע! — האָט זיך דערטראָגן צו אונדז ליאָווקעס קריגעריש קול.

איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן. שלום — אויף די דעכער. ער וועט דער־הרגעט ווערן אָדער זיך צעבראַכן הענט און פיס. וואָס טוט מען? מיר מיט ליודען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אין שכנותדיקן הויף, נאָר סלאַווע האָט אונדז געוואָרנט:

גייט נישט. איר וועט זיי במילא נישט כאַפּן. זיי זענען דורך די דעכער אַוועק גאָר אין אַן אַנדער זײַט.

— און פאַרוואָס ביסטו נישט מיטגעגאַנגען?

— ט'האָט זי געזאָגט. וואָס בין איך — אַ משוגענער? אָט די נאַרישע קליינע חברה גלייבן ליאָווקען. ליאָווקע זאָגט, אַז אין יעדער הויף זענען אַלע שטיבער — איין הייך, נאָר אין איין הויף — אַביסל נידעריקער, אין אַנדערן — העכער. אין דריטן הויף — נאָך העכער. אויף די דעכער, זאָגט ער, קאָן מען ווי אויף טרעפּלעך, אַדורכגיין די גאַנצע שטאָט.

איך האָב אים געזאָגט, אַז אַזוינס קאָן נישט זײַן, נאָר ער גלייבט נישט. איז זאָל ער זיך אַליין אַדורכשפּאַצירן.

— און וואָס וועט זײַן מיט וויטיען און שלומען?

— וואָס האָט צו זײַן? זיי זענען אַוועק נישט אויף לאַנג, נאָר אויף צוויי טעג. נעכטיקן וועלן זיי אויך אויף די דעכער. בײַ אַ גרויסער היץ וואַרעמען זיי זיך, די דעכער, שטאַרק אָן, איז זיי בײַנאַכט אויך זייער וואַרעם צו שלאָפן.

ליודע האָט געשוויגן, גרייט אָט־אָט צו „קאַפּען", די טרערן זענען טאַקע שוין בײַ איר אַזוי געבליבן שטיין אין די אויגן. בײַ ליודען ליגן די טרערן ערגעץ גאָר־גאָר נאָענט: זי גיט אַ קוועטש עפּעס אַ פאַרבאָרגן קנאָפּקעלע — און זיי זענען שוין גרייט, אָדער זיי רינען שוין גאַנצע ריטשקעס אויפן פּנים, סטאָפּ — און זיי שטעלן זיך אָפּ שיער נישט אויף האַלב וועג, גלײַך זיי וואָלטן האָבן אַ ישוב — טראָגן זיך פאַרויס אָדער אומקערן זיך צוריק.

מיר ווילט זיך דווקא איצט נישט וויינען, מיר ווילט זיך זייער דערלאַנגען סלאַווקען — דעם קלוגן, דעם באַדאַכטן, דעם אַלץ אויסרעכנענדיקן פון פריִער. דווקא סלאַווקען, און נישט ליאָווקען. כאָטש ער איז העכער פון מיר

אויף אַנדערטהאַלבן קעפּ, נאָר ס׳איז גאָרנישט, טראַכטן איז נישטאָ קיין צייט, מען קאָן זיך אָנכאַפּן אין זיין אָפענעם קאָלנער... און פינקטלעך באַוויזט זיך אין הויף דער פעטער סאַשע. ער האָט זיך געאײַלט, נאָר דערזעענדיק אונדזערע זויערע צורהס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז געשען?

— שלומל מיט וויטיען... איבער די דעכער... — האָט ענדלעך ליודע געגעבן דעם וועג איר כוואַליע טרערן.

ווי ס׳ניט איז — מ׳האָט דערקלערט אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— מיט וועמען זענען זיי אַרויפגעקראָכן?

— מיט ליאָווקען — האָט געענטפערט סלאַווע.

— און דו פאַרוואָס ביסטו נישט געקראָכן?

— וואָס בין איך — אַ משוגענער?

— הייסט עס, אַז דו האָסט געוווסט וועגן דעם פריער. פאַרוואָס־זשע האָסטו געלאָזט דאָס קליינוואַרג?

— וואָס? איך בין מחוייב צו טראַכטן פאַר זיי?

— און אַז זיי וועלן זיך די קעפּ צעברעכן?

— איז וואָס־זשע קער עס מיר אָן?

דאָס פּנים פון דעם פעטער סאַשע איז געוואָרן שטרענג און עפּעס פרעמד. ער האָט אָנגעכאַפּט סלאַווען פאַר די אַקסלען.

— קום! מירן שוין שמועסן אין דער היים...

וויטיע און שלום האָבן זיך געיאָוועט זייער גיך. ביידע פאַרמאַזגיעטע, מיט די צעקנייטשטע פּאַפּירענע היטעלעך אין די הענט. פאַרכלינענדיק זיך, האָבן זיי דערציילט איבערשלאָגנדיק איינס דאָס אַנדערע, אַז ליאָווקע האָט זיי שוין לאַנג צוגעזאָגט — נעמען מיט זיך אויף אַ שפּאַציר איבער די דעכער. ער האָט זיי נאָר געהייסן צוגרייטן עסנוואַרג, אַ רוקזאַק, אַ פלאַש מיט וואַסער און אַלץ איבעריקע האָט ער אַליין צוגעגרייט.

— און טאָמער וועט אונדז כאַפּן דער מיליציאָנער? — האָבן מיט שרעק געפרעגט די קליינע.

— נאַרישקייטן, — האָט זיי באַרואיקט ליאָווקע. די מיליציע קוקט נאָך דער אָרדענונג נאָר אום אונטן, צו וואָס דאַרף זי קוקן אויף די דעכער?

איר האָט אַמאָל געזען, אַז אַ מיליציאָנער אויף זײַן פּאָסטן זאָל שטייען און קוקן אַרויף?

די קליינע האָבן אַ טראַכט געטאָן און געשאָקלט מיט די קעפּ: ניין, טאַקע אַזעלכעס האָבן זיי נישט געזען.

— נאָר קיינעם נישט — קיין וואָרט. אין דער אונטערשטער טייל שטאָט וועלן מיר נישט קריכן. דאָרטן איז סאַמע חורבות. מיר וועלן זיך דורך די דעכער דערקלויבן ביז צום סאַמע וואָקזאַל.

— ביז צום וואָקזאַל? — „האָבן מיט דערשראָקענע קעלעכלעך איבער־געפרעגט די קינדער.

— יאָ, — האָט אָן רחמנות אָפּגעהאַקט ליאָווקע. קיינער וועט זיך נישט דערוויסן.

אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי זיך געגרייט: צונויפגענומען שטיקער ברויט, אָפּגעשטעקט פון דער שטוב פּאָמידאָרן, זאַלץ און אַפילו אַ גערייכערט הע־רינגל האָבן זיי אויך צוגעגרייט אין וועג אַרײַן.

צוערשט האָבן זיי זיך פּאַרקליבן אויף אַ נידעריקן שײַער, דערנאָך זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן שכנותדיקן און אַזוי־אָ זענען זיי דערקראָכן ביז צו אַ הויכער ציגעלנער וואַנט. זיי האָבן געמאַכט אַ מין אָפּרו, נאָר עסן האָבן זיי באַשטימט שפּעטער.

— מירן ווערן שווער, וועט אונדז זײַן שווער זיך צו רירן ווײַטער — האָט באַשלאָסן ליאָווקע.

דער דאַך פון דער ציגעלנער שטוב איז געווען העכער פונעם שײַער אויף אַ מעטער פיר. ליאָווקע האָט זיך שוין לאַנג אײַנגעקוקט אין לייטער, מיט וועלכן מ׳האָט געקענט „אַפילו זייער גוט" אַריבערקלויבן זיך פון איין דאַך אויפן אַנדערן. די קליינע חברה האָבן אַ קוק געטאָן איינס אויף ס׳אַנדערע, זיך איבערגעוווּנקען און אין איין קול זיך אָפּגעזאָגט צו רירן ווײַטער. ליאָווקע האָט געדראָט, געשריגן, אַז זיי זענען פּאַררעטער, פּחדנים, אַז מער וועט ער זיי קיינמאָל שוין נישט נעמען אויף אַ שפּאַציר און אין אַלגעמיין וועט ער זיי שוין נישט אַרײַנבנעמען אין קיין שום שפּיל — אַלץ איז געווען אומזיסט. ליאָווקע האָט זיך איינער אַליין אַוועקגעלאָזט ווײַטער, און די „איבעריקע רײַזענדע" איבערלאָזנדיק זייער וואָפן און שפּײַז, האָבן

זיך אומגעקערט אַהיים קויטיקע, צעדראַפּעטע און מאָראַליש דערהרגעטע.

אָונט־צײַט האָט זיך באַוויזן ליאָווקע. ער האָט לאַנג דערציילט, מיט וויפל שוועריקייטן ער האָט געשפּאַנט פון דאַך צו דאַך — ווי שווער ער האָט זיך דערקליבן צום סוף, ביז צום וואָקזאַל.

— און נעכטיקן פאַרוואָס ביסטו נישט געבליבן?

— צו וואָס? ס׳איז נישט אינטערעסאַנט. איך האָב דאָך הײַנט באַוויזן צו פאַרענדיקן די רײַזע.

מיר האָבן געקוקט אויף ליאָווקען מיט באַגײַסטערונג, און שלום מיט וויטיען האָבן זיך געשעמט צו באַווײַזן אין הויף.

און ערשט שפּעטער האָט זיך ליאָווקע מודה געווען:

— איך האָב מיר איבער דער שטאָט שפּאַצירט, געטרונקען וואַסער, דערנאָך אויפגעגעסן אַלע... רעזערוון. זיך אָנגעגעסן אַזש ביז דאַנען.

און ליאָווקע האָט אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זײַן שפּיץ קאָפּ.

און סלאַווע האָט אויך באַקומען אַ פּײַנעם גאַב, און מיר האָבן געהערט פון יענער זײַט וואַנט, ווי ער האָט ביזן סאַמע אָונט שטיל געוויינט אין טואַלעט.

## דער געפּלאַצטער „גענעראַל־פּלאַן"

וועגן ליאָווקען און זײַן רײַזע האָט מען גיך פאַרגעסן — אין הויף האָט זיך באַוויזן אַ נײַיִנקער.

די מומע אַניע האָט געלעבט אַן אָפּגעזונדערטע און זיך אַזוי זעלטן געוויזן צווישן די שכנים, אַז אַפילו ליודעס באָבע האָט געוווסט וועגן איר זייער ווייניק. קיינער האָט נישט פאַרגעדענקט, ווען זי האָט זיך באַזעצט אין אונדזער הויף, קיינער האָט נישט געוווסט, ווו און וואָס זי אַרבעט, קיינער האָט נישט געהערט איר פאָטער־נאָמען און איר פאַמיליע. אַלע האָבן זי גערופן — מומע אַניע. געוווינט האָט זי אין אַ קליין צימערל מיט אַ צוגעבויט קעכל, אויף וועמענס פענצטער ס׳האָבן שטענדיק געפעכלט האַרט אָנגעקראַכמאַליעטע פירהענגלעך פון מאַרליע. צו גאַסט איז די מומע אַניע

קיינמאָל נישט געגאַנגען און האָט קיינעם צו זיך נישט גערופן. פון די רייד פון ליודעס באָבע איז געווען באַוווּסט, אַז ביי דער מומע אַניען זענען אומגעקומען אויפן פראָנט איר מאַן און איר איינאונאיינציקער זון, איר שוועסטער מיט דער גאַנצער משפחה זענען פאַרלוירן געגאַנגען. די מומע אַניע האָט אומאויפהערלעך געשריבן אָנפראַגן, געזוכט די שוועסטער איבערן גאַנצן לאַנד, נאָר ווי אַ טראָפּן אין ים.

איינמאָל האָט די שטענדיק שווייַגנדיקע שכנה זיך באַוויזן ביי ליודעס באָבע (מיט עפּעס נייַעס, פלעגט זי גיין צו איר) אַ צעפלאַמטע, מיט אַ געלן אָפּגעריבענעם טשעמאָדאַן אין די הענט.

— ער האָט זיך אָפּגעזוכט, איר פאַרשטייט, זיך אָפּגעזוכט! ער לעבט מייַן פלימעניק, מייַן פעטינקע. ער געפינט זיך אין אַ קינדערהיים, ערגעץ אונטער וויניצע.

די מומע אַניע איז אַוועקגעפאָרן און אין עטלעכע טעג אַרום, זיך אומגעקערט מיט איר פלימעניק. אַזוי האָט זיך אין אונדזער הויף באַוויזן פעטינקע, אָדער פעטיע, און לויט אונדז — פּיעטוך.[1]

דער נייַינקער האָט זיך גאָר מיושבדיק אַדורכגעשפּאַצירט איבערן הויף, זיך דורכגעפאָרן אויף די טויערן, באַטראַכט דעם גאָרטן, מען ווייסט נישט צוליב וואָס אָפּגעריסן עטלעכע בלעטלעך פון דעם ווילדן ווייַנטרויב, צעקייַעט די זויערע שטענגעלעך, אַ שפּיי געטאָן און געמאָלדן:

— און ביי אייַך איז דאָ נישקשה, מ'קאָן לעבן.

מיר האָבן געשוויגן און פאַמעלעך זיך גענומען נאָך אים. צו קיין קענטשאַפט איז נאָך נישט געקומען, כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז מ'רופט אים פעטיע. דער פרישינקער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט וויטיש אַ קוק געטאָן אויף אונדז און געזאָגט, ווענדנדיק זיך נאָר צו סלאַוועןן:

— און דו, וואָס ביסטו אַזאַ לאַנגער?

— ער איז שוין אַלט עלף יאָר — האָט זיך אייַנגעשטעלט פאַר אים ליאָווקע.

— אַך, וואָס פאַר אַ קלויסער, דער מומעס טינדעלע, גיי עסן אַ קאַשקעלע.

1 פּיעטוך — רוסיש: האָן.

ס'האָט זיך ביי אים באַקומען, געזונט אַן אייזן, ער האָט איבערגעדרייט די רוסישע בוכשטאַבן, פּונקט ווי די דייטשן.

און איך גיי שוין אויפן דרייצנטן יאָר, פאַרשטאַנען?

מיר האָבן מיט דרך־ארץ געקוקט אויף פּעטין. ער איז געווען מיט אַ האַלבן קאָפּ נידעריקער פון סלאַוועקן, נאָר קרעפטיקער פון אים, אַ געפּאַקטער, אַפילו אַ דיקלעכער. זיין שוואַרצער, קיילעכיקער אָפּגעשוירענער קאָפּ האָט זיך אויך שטאַרק אונטערשיידט פון סלאַוועס, מיט זיין אַקוראַטנע פאַרקעמט בלאָנד טשוביקל.

— נו און טאַטע מאַמע האָסטו? — האָט זיך דער נייינקער אַ ווענד געטאָן צו סלאַוועקן.

— כ'האָב.

— קלאָר, — האָט עפּעס ווי שטראָפעריש אַ זאָג געטאָן פּעטיע. — און איך האָב קיינעם נישט.

— און די מומע אַניע? — האָט דערווידערט ליודע.

— אויך מיר צוגעטראַכט. די מומע קומט נישט אין חשבון. און בכלל האָב איך זיך אַליין דערצויגן. און אין מלחמה קענט איר זיך שפּילן?

— מיר קענען! — האָבן מיר אַ הילך געטאָן.

— ווייזט מיר, ווו זענען ביי אייך די אָקאָפּעס, דער שטאַב?

— ?!

— און אַן אונטערערדישער גאַנג צום שכנותדיקן הויף איז דאָ?

— ?!?

די יינגלעך האָבן זיך ווי איינגעגעסן מיט די אויגן אין פּעטיען.

— ל'האָבן זיך די מיידלעך אָפּטראָגן, און איר חברה גייט נאָך מיר.

— און איר, וווהין? האָט בייז אַ קוק געטאָן דער פרישענקער אויף שלומען און וויטיען. ביידע זענען געבליבן שטיין.

— ל'האָבן זיי אויך גייען, — האָט געבעטן פאַר זיי ליאָווקע. — זיי שפּילן זיך שטענדיק מיט אונדז.

די יינגעלעך האָבן זיך לאַנג באַראַטן אונטערן „גראָבן בוים". פּעטיע האָט זיי דערקלערט זיין „גענעראַלנע פּלאַן" — בויען אַן אונטערערדישן גאַנג אין שכנותדיקן הויף. מ'האָט אויסגעקליבן אַן אָרט אין גאָרטן, אַ גוט

פאַרבאָרגנס פון די דערוואַקסענע; דאָרט האָט מען באַשלאָסן צו גראָבן. לאָפּאַטעס האָט מען געדאַרפט קריגן בסוד. קאָמאַנדעוועט, האָט פאַרשטייט זיך פּעטיע. סלאַווע און ליאָווקע זענען געווען די ערשטע אונטערהעלפערס, און די קליינע זענען געשטאַנען אין „קאַראַול": ביַי דער מינדסטער געפאַר האָבן זיי געדאַרפט דריַי מאָל פּיַיפן. מיטאַמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שלום און וויטיע קענען נישט פּיַיפן, און מ'האָט דאָס געמוזט שנעל פאַרביַיטן אויף... קרייען ווי אַ האָן.

פּעטיע האָט געבראַכט דער מומעס אַלטן סאַנטימעטער, נאָר די ציפערן אויף אים האָבן זיך אָפּגעווישט און די טיילונג „הונדערט" איז נישט געווען גרינג צו געפינען.

— גראָבן וועלן מיר איין מעטער אין דער לענג, האַלבן מעטער אין דער ברייט, און די טיף — וויפל מיר וועלן קענען.

— פּעטינקע, און דו וועסט קענען אַדורכקריכן? — האָט זיך נישט איַינגעהאַלטן דער צו לאַנג שוויַיגנדיקער ליאָווקע.

— האַ, דו שוויַיג בעסער. זוכסט דיר עפּעס? קענסטו באַלד אַריַינכאַפּן.

— פּרוּוו!

— און איך וועל דיר פאַרפאָרן! וואָס דען האָסטו געמיינט?!

— אַנו! אַנו!

פּעטיע און ליאָווקע האָבן זיך געדיכט צוגערוקט איינער צום אַנדערן, די קליינע וועלכע האָבן גאָרנישט פאַרדעכטיקט האָבן געטריַי געהאַלטן זייער וואַך, גרייט יעטוועדע מינוט צו קרייען.

— לאָזט איַיך אָפּ חברה, ענדיקט — האָט זיך אַריַינגעמישט סלאַווע. — זיך געקליבן גראָבן אַ גאַנג, און אַליין... נו, געגנוג זיך דוצקען.

— אָט־אָט, — האָט פּעטיע געוואָרטשעט, און אַ שפּאַן געטאָן אויף קריק.

— יאָ, מאַעסטראָ, — האָט אַ זאָג געטאָן דער צעפריילעכטער ליאָווקע.

— וואָס, וואָס? האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פּעטיע.

— ע, גאָרנישט, — האָט זיך אָן איַיל געטאָן אים צו באַרואיקן סלאַווע — דאָס איז נישט קיַין זידלעריַי, ס'איזזיַינס אַזוי זיך.

די אַרבעט האָט זיך צעפלאַקערט. צור נאַכט צו איז שוין געווען פאַרטיק דער גרוב, אַ שמאָלער און אַ קרומלעכער אויף איין זיַיט — דער מומעס

סאַנטימעטער האָט נישט געהאָלפן. אויפן צווייטן פרימאָרגן האָבן זיי זיך ווידער גענומען גראָבן, נאָר די וואַכלײַט האָבן זיך מיטאַמאָל צעבונטעוועט.

— מיר ווילן שוין נישט מער אַזוי. איר וועט גראָבן, און מיר׳ן נאָר קרייען, יאָ? דערנאָך וועט איר אונדז נישט נעמען מיט זיך אין גרוב.

— וואָס איז דאָס אײַך פאַר אַ גרוב? אַ גרוב! דאָס איז אַ גאַנג. אַן אונטערערדישער גאַנג! — האָט זיך פּעטקע צעקאָכט. גיי הייב אָן מיט זיי. אַ באַלד טרײַב איך אײַך אַוועק פון דאַנען, און איר וועט שוין בײַ מיר נישט קרייען.

פּעטקע האָט נישט געוואָלט באַליידיקן די קליינע חברה, נאָר מיט עפּעס האָבן זיי אים אויפגעקאָכט. פאַר זיי איז „אונטערערדישער גאַנג״, „מלחמה״, „שלאַכט״, געווען פּונקט אַזאַ שפּיל, ווי די נאַרישע „בלינדזיקייט״ אָדער „באַהעלטערלעך״ זייערע. זיי איז געווען אַלצאיינס: פּײַפן, קרייען אָדער פּליעסקען מיט די הענט.

אָבער פּעטקע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מענטשן אַ דערפאַרענעם, ער האָט זיך שוין מיט אַ סך אָנגעזען און פיל פּולווער געשמעקט. אים, אויפן דרײַצנטן יאָר פון זײַן לעבן, איז נישט אָנגעשטאַנען זיך פאַרנעמען מיט פּוסטע מעשיות, און קיינמאָל וואָלט פּעטיע, אַפילו פאַר זיך אַליין נישט אַנערקענט אַז דער „אונטערערדישער גאַנג״ — איז אויך מיר אַ שפּיל. פאַר אים איז עס געווען דער המשך פון דער אמתער מלחמה, פון וועלכער ער איז נישט לאַנג אַרויסגעקראָכן. דערווײַל האָט פּעטיע בשום אופן נישט געקענט זיך צוגעוווינען נישט צו זײַן שטילער מומע אַניע, נישט צו אירע אָנגעקראַכמאָליעטע פירהענגעלעך, נישט צו דעם קליינוואַרג פונעם הויף, און אויך נישט צו די פרידלעכע שפּילן.

— אַ גרוב, אַ גרוב — האָט ער געוואָרטשעט פאַר זיך. — אויך מיר צוגעטראַכט. אַ קינדער־גאָרטן.

די קליינע האָבן זיך אײַנגעשטילט. נאָר די „קאָמענדע״ איז געגאַנגען אויף הנחות, בעסער געזאָגט, דערלויבן יעדן וואַכמאַן צו זיצן אין גרוב „כאָטש אַ ביסעלע, כאָטש אַ טשוטעלע״.

נאָך מיטאָג האָט זיך ליאָווקע געיאַוועט אַ פאַרביטערטער און צע־טומלטער.

— חברה, ס׳איז שלעכט, די באַבקע וויל מיך נעמען מיט זיך, זי פאָרט צו מײַן מומען אין דאָרף אַרײַן, אויף גאַנצע דרײַ טעג.

— ווו איז זי איצטער?

— אינדערהיים. אין אַ שעה אַרום גייט אַוועק דער אויטאָבוס.

— מ׳דאַרף משלח זײַן פונדאַנען דאָס קליינוואַרג. האַנדלען דאַרף מען גיך — נישט אָפּלייגן אויף קײַן מינוט, — האָט באַפוילן פּעטיע, און די ייִנגעלעך האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיטאַמאָל איז ער געוואָרן עפּעס העכער.

— די וואַכלײַט, צו מיר.

שלום און וויטיע האָבן זיך, מעשה גרויסע, אויסגעטראָצלט פאַר פּעטקען.

— איך שיק אײַך מיט אַ שווערער אויפגאַבע. איר וועט גייען אין שכנות־דיקן הויף, און איר וועט זיך דאָרט דערביוועון אַ לאָפּאַטע, נאָר אַזוי, אַז ס׳זאָל קיינער נישט זען.

—גוט. מיר ברענגען באַלד, — האָבן זיך דערפרייט די קליינע.

— „באַלד״, — האָט זיי נאָכגעקרימט פּעטקע. — פון אַן אמתער אויפ־גאַבע קערט מען זיך אַזוי גיך נישט אום. קערט זיך אום שפּעטער און באַריכטעט. נו, געגאַנגען.

— אַהאַ.

— ווער מיר „אַהאַ״, וואָס מיר „אַהאַ״? ענטפערט: יאָ, עס ווערט געטאָן!

פּעטיעס פּלאַן צו ראַטעווען ליאָוון איז געווען אַ פּשוטער. ליאָווע דאַרף זיך פאַרקלײַבן אין גרוב און מ׳וועט אים פאַרשיטן מיט צווײַגן און בלעטלעך, אַזוי, אַז קיינער זאָל גאָרנישט באַמערקן.

— אָט דאָס איז אַן אײַנפאַל — האָבן באַגייסטערט ליאָווע און סלאַווע — פּעטיעס ווונדערלעכע אידעע.

מ׳האָט זיך געדאַרפט אײַלן, און גאָר גיך האָט זיך דער צופרידענער ליאָוקע אײַנגעאָרדנט גאַנץ באַקוועם אין גרוב — אויף זײַן קאָפּ האָבן זיך געשיט בלעטלעך, צווײַגלעך און גלאָט מיסט. צוריק רעדנדיק האָט פּעטקע איצט מקנא געווען זײַן אונטערטעניקן: ס׳איז פונדעסטוועגן גוט צו זיצן אין גרוב און זיך פאַרשטעלן, אַז דאָס איז טאַקע אויף אַן אמתן דער אָנהייב פון דעם אונטערערדישן גאַנג, אַז נאָך דיר יאָגן זיך די שונאים, זיי זענען אַ סך, און דו ביסט איינער. און מיטאַמאָל...

— ליאָווע־ע־ע, ליאָווע־ע־ע־ע־קע, קום גיכער, — האָט זיך דערגעבן דערהערט דאָס קול פון ליאָוועס באָבע. — ליאָווע, וואו־זשע ביסטו? ליאָווע־ע? און דאָס קול האָט זיך גענומען דערווײַטערן.

— ליאָווקע, זיץ, ריר דיך נישט, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן פּעטיע, — איך מיטן לאַנגן װעלן אַרויפקלעטערן אויפן בוים, גוט?

— גוט, — האָט זיך דערהערט דאָס פאַרדומפּענע קול פון דער נידער.

— ליאָווקע, און דיר ווי אַזוי איז דאָרט? פּרעכטיק, אמת?

— ווו האָסטו זיך אַהינגעטאָן, ראַזבויניק? האָט זיך ווידער דערנעענטערט די שוין אויפגערעגטע שטימע פון דער באָבען.

פּעטיע און סלאַווע האָבן זיך ביידע פאַרקליבן אויפן בוים און זיך פאַרלאָזט אַזאַ גלײַכגילטיקן אויסזען, אַז נאָר די האַלב בלינדע באָבע, האָט זיי געקענט גלייבן: זיי ווייסן פון גאָרנישט, און אַז זיי האָבן איר ליאָווקען אין די אויגן נישט געזען. די אַלטע האָט גענומען נישטערן אין גאָרטן אין אַלע ווינקעלעך.

— וואו־זשע האָט ער געקאָנט אַהינקומען? ער ווייסט דאָך, אַז מיר פאַרשפּעטיקן דעם אויטאָבוס — האָט זי געוואָרטשעט.

און מיטאַמאָל האָבן די חברה דערהערט אַ דערשראָקענעם געשריי:

— ראַטע־ווע־עט!

ס'איז געשען דאָס נישט פאָרויסגעזעענע: די באָבע האָט געטראָפן גלײַך אויפן אייניקלס קאָפּ, אין דעם אַזוי געלונגענעם פאַרמאַסקירטן גרוב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליאָווען האָט מען געהאַלטן אונטערן שלאָס. (פון דער רײַזע צו דער מומען איז געוואָרן אויס).

פּעטיע און סלאַווע זענען אַרומגעגאַנגען פאַרכמורעטע, נאָכגיביקע. אויפן פינפטן טאָג האָט זיך פּעטיע אַוועקגעלאָזט צו ליאָווקעס באָבע.

— לאָזט אַרויס ליאָווקען, דאָס בין איך... איך האָב אויסגעגראָבן דעם גרוב און ליאָווקען אויך איך... האָב באַהאַלטן.

לאַנג האָט געטומלט די באָבע, און נאָך לענגער האָט איר פּעטקע דערוויזן, אַז דער אונטערערדישער גאַנג איז פּשוט געווען בייטיק, ס'איז קײַן

שום כוליגאַנישקייט נישט פאַראַן אין דעם, אַז אַן אים, אָן דעם דורכגאַנג הייסט עס, קאָן מען נישט שפּילן אין מלחמה.

— מאַלע וואָס מען קאָן נישט — האָט שלאַבעריק דערווידערט די מידע אַלטיטשקע.

ליאָווקען האָט מען אַרויסגעלאָזט. ס'האָט געפּלאַצט פּעטיעס „גענעראַלער פּלאַן״, אַ פאַרגעסענער איז געבליבן נאָר דער אָנגעהויבענער אונטערערדי־שער גאַנג, נאָר אין פּעטקעס רום פון אַן עכטן קאָמאַנדיר און טרײַען חבר האָט שוין אָבער איצט קיינער נישט געצווייפלט.

## אַ פּשוטער חשבון

אָוונט צײַט ווערן מיר עפּעס מיטאַמאָל קלוגער: זאָל עס זײַן דערפאַר וואָס די פיס ווערן מיד — הייבט אָן דער קאָפּ אַרבעטן בעסער, צי ווײַל דו זומערדיקע אויפדערנאַכטן ווירקן אויף אונדז אַזוי שלווהדיק, נאָר די סאַמע אינטערעסאַנטסטע אײַנפאַלן קומען צו אודנז שטענדיק בײַם סוף טאָג. און מעגלעך אַז די סיבה פון דעם איז אויך דער דריק אויף וועלכן מיר זעצן זיך אויס אין דער ריי, ווי שפּערלען אויף די טעלעגראַף־דראָטן. דער דאָזיקער לאַנגער און ברייטער דריק, איז געבראַכט געוואָרן אַהער פון עמיצן פון די שכנים „ווי האָלץ אויפן ווינטער״. די האָלצהעקער האָבן זיך גענומען אים זעגן, נאָר דערנאָך איז אַוועקגעלייגט — מורא געהאַט נישט צוצוברעכן זייער אינסטרומענט: אַ גלאַטער, גלײַך ווי אַ פּאָלירטער, האָט ער זיך פּשוט בשום אופן נישט אונטערגעגעבן דער זעג. עס האָט זיך געבאָרעט, געראַנגלט מיט אים, דער באַלעבאָס, דערנאָך האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געבראַכט אַנדער האָלץ, און דער אײַזערנער שטאַם פון דעם נישט געוויינלעכן בוים איז אויף אייביק איבערגעגאַנגען אין אונדזער רשות.

דער דריק האָט נישט נאָר געדינט פאַר קײַן באַנק, ער האָט נאָך אויס־געפּילט די ראָל, פון די מאָנומענטאַלע זײַלן, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט אין דער אַלטערטימלעכקייט, לזכר די רומפולע קריגס־פירער. אויף אים האָט מען מיט אַ כימישן בלײַער, מיט אַ מעסערל, מיט אַ פאַרגרעסערונגס־

גלאָז, אויסגעשניטן, געשריבן, אויסגעברענט פאַרשידענע אויפשריפטן, זייער ווערטפולע פאַר די קומענדיקע דורות פון אונדזער הויף.

„סאָנקע איז אַ מאָסערטע און אַ חניפהניצע". „די טאָנטאָנעכע איז אַ מכשיפה". „זאָל לעבן די לאַנגע פּיצע!"

אויף זיי האָט מען זיך באַליידיקט, מ'האָט אויפגעקלערט ווער ס'האָט אָנגעשריבן, נאָכדעם — זיך „אָפּגעקוויטעט", אָבער די אויפשריפטן זענען פונדעסטוועגן געבליבן.

איז אויף דעם דריק האָבן מיר זיך אויסגעזעצט, אַלע אַכט.

— און פאַרט זײַנען יינגלעך דאָ בײַ אונדז אין הויף, מערער ווי מיידלעך —האָט אויסגעחשבונט ליאָוועקע אין איינעם אַן אָוונט, ווען די שעה פון די איינפאַלערישע אַנטדעקונגען האָט געשלאָגן.

ליודע האָט אַן אומצוטרוילעכע גענומען איבערציילן פונסנײַ. וואָס אַן אמת, יינגלעך זענען טאַקע געווען מערער. און דעמאָלט האָט זיך מיטאַמאָל אַלעמען פאַרוואָלט ציילן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אונדזער הויף: זענען באָבעס — צוויי, ליאָוועקעס און ליודקעס (ליודעס באַשטייט פאַר צען); מאַמעס — פינף, און טאַטעס — נאָר דרײַ.

מיר ווייסן שוין, ווען און ווו ס'איז געפאַלן ליודעס פאָטער, מיר ווייסן, אַז פּעטיעס טאַטע איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל, נאָר אָט וועגן ליאָוועקעס פאָטער ווייסט מען גאָרנישט. „פאַרלוירן".

און דאָס איז אַלץ. ליאָוועקע לייענט יעדן טאָג די צײַטונג, פאַרשטייט זיך, נישט אינגאַנצן, נאָר די צעטלען פון די דעקאָרירטע.

— „וועגן באַערן מיטן טיטל העלד פונעם ראַטנפאַרבאַנד..." — און פּלוצים ווײַזט זיך אַרויס דער פאָטער אַ העלד און קיינער, ביז איצט, ווייסט אַפילו נישט וועגן דעם, חלומט ליאָוועקע.

— וועגן באַלוינען מיט אָרדענס און מעדאַלן די פאַרטיזאַנער און די פאַרטיזאַנערינס..." — דער טאַטע איז אַרויס פון דער אַרומרינגלונג, אַרײַנגעפאַלן צו די פאַרטיזאַנער, נישט געקענט, אינערגעץ, מעלדן וועגן זיך, און מיטאַמאָל...

— „וועגן באַלוינען מיט אָרדענס און מעדאַלן די אַרבעטער פון אַרטילעריסטישן זאַוואָד..." — האָט זיך געהיילט דער פאָטער אין אַ שפּיטאָל,

דאָס פּנים איז בײַ אים אַ צעמזיקטס, באַשלאָסן נישט צו וויסן צו טאָן אַהיים, אַז ער לעבט. וואָסי? אַזעלכעס איז שוין געווען. די שכנה האָט דערציילט דער באָבען. יאָ! בײַ וואָס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט? אַהאַ, דער טאַטע האָט גאָרנישט געשריבן אַהיים, געגאַנגען אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד פון אַרטי־לעריע. ער ווערט אַרויסגעשטעלט צו אַ באַלוינונג...

וויפל וואַריאַנטן האָט נישט צוגעטראַכט און איבערגעטראַכט פאַר זיך — ליאָווע, און שטענדיק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער פאָטער לעבט.

אין דער לעצטער צײַט לייענט שוין ליאָווקע נישט קיין צײַטונגען, ער קוקט זיי נאָר דורך. קיין צעטלען פון דעקאָרירטע זענען שוין נישטאָ, דערפאַר זענען פאַראַן „בריוו פון די אַרבעטנדיקע״ פון פאַרשידענע רעפּובליקן.

„די בריוו איז אָנגענומען געוואָרן אויף די פאַרזאַמלונגען פון די אַר־בעטער, פויערן און אינטעליגענץ, אויף וועלכע עס זענען בײַגעווען 711,856 מענטשן״, — לייענט פאַמעלעך ליאָווקע, און פאַרטראַכט זיך דערנאָך.

— געזונט אַן אײַזן, אַזוי פּינקטלעך. און טאָמער האָט מען איין מענטשן צוויי מאָל געציילט? ער האָט זיך איבערגעזעצט, בײַ דער פאַרזאַמלונג, פון איין אָרט אויפן צווייטן, און דאָ גראָד ציילט מען? עס טרעפט זיך דאָך אַזוינס אויך?

— אַזוינס קאָן נישט זײַן — זאָגט פעסט סלאַווע. — אויב ס׳איז אָנגע־שריבן אין דער צײַטונג, איז עס פּונקט אַזוי.

— און די צעטלען פון די דעקאָרירטע וועט מען שוין מער נישט דרוקן?

— נו, וואָס רעדסטו? אַוודאי, וועט מען. דער טאַטע זאָגט, אַז די העלדן פון דער מלחמה געפינט מען צומאָל אַפילו אין אַ סך יאָרן אַרום.

ליאָווקע שווײַגט: דאָס איז אמת, דער פאָטער קאָן זיך אָפּזוכן אַפילו אין פיל יאָרן אַרום, נאָר בעסער איצטער.

אין אָט דער אָוונטיקער שטילער שעה, הערט זיך אָן אײַנטאָניקער גערודער, אַ ריטמישער און אַלץ שטײַגנדיקער. דאָס שערעווען די הילצערנע פאַדעשוועס אויפן שאָסיי, זיי שערעווען יעטוועדן טאָג אין איין און דער זעלבער צײַט. די געפאַנגענע דײַטשן קערן זיך אום פון דער אַרבעט שטענדיק אויף אונדזער גאַס, פוילע שערענגעס — שלעפּן זיי זיך אויפן שאָסיי. מיר שפּרינגען אַרויס פונעם טויער און שטופּן זיך אין אומאָרדענונג אויפן טראָ־

טואַר. און די געפּאַנגענע שפּאַנען מיט אַ געוויינלעכן טראָט, ווי מענטשן מידע פון דער אַרבעט. זיי רעדן זיך איבער. און אין דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט — הערן זיך נאָר דאָס סטיקען פון די הילצערנע פּאָדעשוועס און די אָפּגעהאַקטע קלאַנגען פון דעם אומבאַקאַנטן לשון. עס גייען מענטשן ווי מענטשן. שיקט זיך אַז דאָס האָבן זיי געמאָרדעט, געברענט, צעשטערט? שיקט זיך, אַז אָט דער מיט דער גוטמוטיקער פיזיאָנאָמיע, וועלכער האָט נאָר וואָס אַ ווונק געטאָן צו שלומען, האָט פאַרגראָבן לעבעדיקע מײַנע ביידע שוועסטערקינדער? און אפשר האָט עס געטאָן גראָד יענער, דער שוואַרץ־האָריקער מיטן אויסגעדייוועטן און שלעכטן פּנים? מן הסתם, וועגן דעם טראַכטן אי ליאָווקע, אי ליודקע, אי סלאַווע. וועגן דעם טראַכטן אַלע די, וועלכע שטייען שווײַגנדיקע פון ביידע זײַטן שאָסיי און קוקן נאָך, נאָך דער זיך דערווײַטערנדיקער מחנה.

און אויב מענטשן מיט אַזעלכע שלווהדיקע פּנימער זענען עס טאַקע די „פאַשיסטישע פאַרברעכער", טאָ פאַרוואָס שפּאַנען זיי זיך אַזוי רואיק איבער די גאַסן פון פרעמדע שטעט? פאַרוואָס שמועסן זיי זיך איבער, הוסטן, ווינקען אַפילו צו די קינדער? פאַרוואָס איז אַרום זיי אַזאַ שיטערע וואַך? פאַרוואָס פליִען זיי נישט נאָך, נישט קיין קללות, נישט קיין שטיינער? נאָר דאָס שווײַגן, דאָס שטילשווײַגן פון גאַנצע גאַסן.

אויפן אַנדערן טאָג, הערנדיק פונדערווײַטנס דאָס שערעווען פון היל־צערנע פּאָדעשוועס, לויפן מיר ווידער צום טויער, מיר קוקן זיי ווידער נאָך און טראַכטן ווידער: שיקט זיך אַז דאָס זענען זיי?... און אַזוי יעדן אָוונט: קוקן, שווײַגן, טראַכטן. דערנאָך קערן מיר זיך אום אין הויף, מיר זעצן זיך אויס אויפן דריק און ר'עדן וועגן גאָר עפּעס אַנדערשדיקס, וואָס האָט קיין שום שײַכות נישט צו די געפּאַנגענע. צו וואָס רעדן וועגן נישט פאַרשטענדלעכן? שוין בעסער זיך שפּאַרן, טומלען, דערציילן שרעקלעכע געשיכטעס אָדער זיך פאַרנעמען מיט חשבונען. פּשוט זיצן און ציילן: יינגלעך און מיידלעך אין אונדזער הויף — אַכט, באָבעס — צוויי, מאַמעס — פינף, און טאַטעס — נאָר דרײַ.

בלימאַלע יאַקיר

## ליודקעס אומגליק

דער אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן פונעם סאַמען פרימאָרגן. ביים אָנהייב האָט זיך איבערן הויף, ברעכנדיק די הענט און יאָמערנדיק, זיך אַדורכגעטראָגן ליודעס באָבע, נאָך איר איז מיט אַ גרויס געוויין געגאַנגען ליודקע אַליין. פון די טירן זענען אַרויסגעלאָפן די איבערגעשראָקענע שכנים, נאָר די באָבע האָט זיך נישט געאײַלט מיט אירע דערקלערונגען. זי איז געשטאַנען אויפן גאַניקל, אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט ביים קאָפּ, און האָט געשיט מיט קללות:

— גאָטעניו! פאַרוואָס! פאַרוואָס שטראָפּסטו מיך אַזוי? דעם פאָטער פון מײַנע קינדער האָסטו צוגענומען! ס׳איז דיר אַלץ ווייניק...

די שכנות האָבן געדולדיק געוואַרט, ביז די יאָמערנדיקע אַלטיטשקע וועט זיך דערקלײַבן צום עיקר, און כאָטש דער אַלטערס חשבון מיטן רבונו של עולם איז געווען אַ גרויסער, האָט עס איר נישט געשטערט יעדעס מאָל אָנצוהייבן פונעם אָנהייב. זי האָט זיך מיט איין און דעם זעלבן כּוח געקלאָגט פאַר גאָט אי אויף די גרויסע אומגליקן, אי אויף די קליינע ביטערנישן. הײַנט האָט זיך דער אויבערשטער נאָכאַמאָל פאַרשולדיקט: דאָס אייניקל האָט פאַרלוירן די ברויט־קאַרטן, און ביז צום סוף חודש איז נאָך גאַנצע צוועלף טעג.

— גאָטעניו, פאַרוואָס? פאַרוואָס שיקסטו אָן אַזויפיל אומגליקן אויף מײַן אַלטן גרויען קאָפּ? אַלע האָבן קינדער ווי קינדער... מיט וואָס האָט דיך אַזוי דערצערנט מײַן ליזעטשקע (ליודעס מאַמע), וואָס דו האָסט זי באַשאָנקען מיט אַזאַ באַנדיט?

„דער באַנדיט״ איז אין דער צײַט געזעסן אין צימער און אַזוי גערעוועט, אַז ס׳האָט זיך געהערט איבערן גאַנצן הויף. און מיטאַמאָל איז דאָס רעווען איבערגעריסן געוואָרן. די אַלטע האָט תּיכּף אויפגעהערט צו יאָמערן און אַ דערשראָקענע זיך אַ לאָז געטאָן אין שטוב אַרײַן. אויפן דיל, אויף אַ קילעמל אַרונטערנעמענדיק די פיס אונטער זיך, איז געזעסן אַ פאַרוויינטע ליודע און געקוקט און געקוקט אַ פאַרשטאַרטע אין איין פינטל אַרײַן. די אַלטע איז שטיין געבליבן, האָט אַ פליעסקע געטאָן מיט די הענט. צי ס׳איז איר

מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז אַלץ איינס וועט איר דער רבונו של עולם נישט אומקערן די פאַרלוירענע קאַרטן, צי דאָס האַרץ האָט ביי איר אַ ציטער געטאָן פון רחמנות צו דעם ווילדן אייניקל, נאָר די אַלטע, איז אַרויסגעלאָפן אין הויף, און מיך געכאַפּט פאַר דער האַנט:

— גיי, גיי צו איר. זיפּצט אינאיינעם אין צימער. און האָט פאַרקלאַפּט די טיר פאַר דער נאָז פון די שכנים, גיבנדיק אַזוי אַרום צו פאַרשטיין, אַז וועגן דעם וואָס האָט געטראָפן איז מער נישט כּדאי צו פאַרלירן קיין צייט.

איך האָב מיך אינדערשטיל איינגעמאָסטעט נעבן ליודען. די באָבע האָט זיך אַ שווייגנדיקע געטראָגן איבערן צימער, עפּעס האָט זי איבערגעלייגט, איבערגעוואַשן, איבערגעשטעלט פון אָרט צו אָרט. דערנאָך זיך איינגעשטילט און לסוף, זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ גאַנצן הויפן צעריסענע זאָקן. ליודע האָט אונטערגעכליפּעט, און איך האָב זי נאָר געגלעט איבער דער פּלייצע, ווייל רעדן אין דער באַבקעס אַנוועזנהייט האָט זיך נישט געוואָלט.

— וואָס זיצט איר, גלייך ווי אייך קומט נאָך עפּעס אַרויס? מען זיצט גלייך ווי אויף אַ לוויה. מ׳קען מיינען, אַז איך האָב פאַרלוירן די קאַרטן.

יאָ, קלאָר, אַז די אַלטע האָט חרטה געהאַט און איצטער האָט זי זיך געוואָלט איבערבעטן. דאָס, וואָס זי האָט מיך אויך אַריינגערעכנט צווישן די שולדיקע, איז געווען אַפילו בעסער און האָט נאָר געקענט אַרויסהעלפן ליודען. יעדער שטראָף, אויף וואָס מער שולדיקע זי ווערט געטיילט, אַלץ ווייניקער פאַלט אויס אויפן חלק פון יעדן איינעם. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען, נאָך נישט קענענדיק אַלע געזעצן פון דער אַריטמעטיק. אונדזער שווייגן האָט נישט געגעבן דער אַלטער קיין רו.

— שפּילט זיך אין עפּעס. זאָלסט זען ווען מ׳דאַרף נישט, טראָגן זיי זיך איבערן הויף ווי משוגעים. שליסט איין די ראַדיווע — לאָז זי עפּעס זינגען.

נאָר ווי אויף צו להכעיס, האָט די „ראַדיווע״ נישט געוואָלט זינגען. זי האָט מיט אַ ווייבלעך טרויעריקער שטימע דערציילט וועגן אַ דאָרף, וועלכעס האָט אָפּגעברענט ביז צום גרונט, אונטערגעצונדן פון די פאַשיסטן. וועגן אַ יינגל, וואָס איז אַנטלאָפן צו די פאַרטיזאַנער און איז ביז צום סאַמע אָנקום פון אונדזערע פאַרבליבן איינער פון די בעסטע פאַרבינדלער. די

שטימע פון דער פרוי אין ראַדיאָ האָט אַ קלינג געטאָן מונטערער: דאָס ייִנגל איז געבליבן לעבן, לערנט זיך אין דער מיטל־שול, און איצט איז ער געקומען צו גאַסט אין אונדזער סטודיע.

ס׳האָט זיך דערהערט דאָס רעגונגספולע קול פון דעם ייִנגל.

— איר הערט, איר הערט, וואָס מ׳זאָגט, האַ? אָט וואָס פאַראַ קינדער עס זענען פאַראַן. אוי, גאָטעניו, גאָטעניו!

די באָבע האָט אַ קרעכץ געטאָן, און ס׳איז נישט געווען קלאָר, צי דער דאָזיקער קרעכץ האָט אַ שייכות צום ייִנגל דעם פּאַרטיזאַן צי צו ליודען מיט די פּאַרלוירענע ברויט־קאַרטן.

— מיר גיבן איבער טאַנץ־מוזיק, — האָט געמאָלדן דער דיקטאָר, און אַ פריילעכע פּאָלקע וועלכע האָט אָנגעטראָפן, פאַרשטייט זיך נישט צור פּאַסיקער צײַט, האָט זיך צעשיט ווי דרויב, איבערן צימער.

— אויך מיר אַ ראַדיווע. אָדער זי דערציילט אַזעלכע זאַכן, אַז דאָס האַרץ קאָן זיך אָפּרײַסן און אָט זינגט זי שוין און טאַנצט.

די אַלטע האָט געזען אין דער ראַדיווע אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וועלכעס האָט נישט געהאַט קיין שום רעכט צו מאַכן אַ קאַשעפּאַניע; מישן פרייד מיט טרויער.

— גיי וואַש דיך אָפּ אַ ביסל. קוק דיך אָן, אויף וועמען ביסטו ענלעך — האָט געזאָגט די באָבע צו ליודען, און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז שוין מוחל געוואָרן.

נאָר אַפילו די פרײַהייט האָט אויך נישט דערפרייט ליודען. זי האָט נישט אויפגעהערט אונטערצוכליפּען. ס׳האָט איר באַנג געטאָן, אוי ווי ס׳האָט איר באַנג געטאָן — די פּאַרלוירענע קאַרטן .צונויפגעשפּיליעטע מיט אַ פאַרזשאַווערטער שפּילקע, דרײַ ברויט־קאַרטן — איין קילאָגראַם מיט צוויי הונדערט פופציק גראַם ברויט אַ טאָג. אַ גליק, וואָס ליודע האָט נאָך נישט געקענט טיילן און נישט כּיפלען, אַ נישט וואָלט זי געכּיפלט איין קילאָגראַם מיט צוויי הונדערט פופציק גראַם אויף צוועלף און זי וואָלט דערציטערט געוואָרן. נאָר, נישט קענענדיק אַפילו די כּללים פון כּיפלען, האָט ליודע געזען פאַר זיך אַ פּאַרלוירענעם זאַק מיט ברויט, און טרערן האָבן ריטשקעס־ווײַז גערינען איבער אירע באַקן. באַרעכן נאָר! ערשט נעכטן איז איר געווען

אַזוי גוט. זי האָט געפּאַכעט מיט דעם אַלטן צעפּאָרענעם קיישל און האָט זיך אײַנגעבעטן בײַ איר באָבען, אַז זי זאָל איר דערלויבן אָפּצושנײַדן אין קלייט פון ברויט די טאַלאָנען אויף גאַנצע צוויי טעג מיטאַמאָל.

— נו, באָבעניו! וואָס אַרט דיך? און מאָרגן וועל איך נישט דאַרפן נאָכאַמאָל גייען, און ברויט וועל איך ברענגען אַ סך: אַ גאַנצע בוכאַנקע[1] נאָך מיט אַ שטיקל, נו, באָבעניו!

נאָר די באָבע איז געווען אומברחמנותדיק. זי האָט געוווּסט אַז דאָס גאַנצע ברויט, וואָס איז הײַנט געבראַכט געוואָרן, וועט טאַקע הײַנט ווערן אויפגעגעסן. און מאָרגן? מאָרגן וועט זי בעטן בײַם רבונו של עולם? ניין, וואָס, וואָס, נאָר אין מאָרגנדיקן טאָג, טאָר מען נישט פאַרגעסן. בײַ דעם דאָזיקן אײַזערנעם געזעץ האָט זי זיך געהאַלטן אַ גאַנץ לעבן, כאָטש... כאָטש זי האָט אַוודאי אויך געהאַט חשק צו זען מיטאַמאָל אַ גאַנצע בוכאַנקע ברויט נאָך מיט אַ שטיקל.

אַן אומצופרידענע איז לידע אַוועק אין קלייט. נאָר ווען זי איז אַרײַן אַהין און ס'האָט זי אַרומגענומען דער וואָרעמער, היימישער ריח פונעם פרישן ברויט, האָט לידע באַשלאָסן, אַז פונדעסטוועגן איז נאָך אַלץ נישט אַזוי שלעכט. איצט, ביז ס'האָט זיך דערנענטערט איר ריי, האָט זי שוין געחלומט וועגן עפּעס אַנדערש.

— מיט אַ צוּוואָג, — האָט געשעפּטשעט פאַר זיך לידע. — נו, לאָז הײַנט זײַן מיט אַ צוּוואָג.

דאָס איז געשען דעמלט, ווען דער פאַרקויפער האָט אָפּגעשניטן פון דער בוכאַנקע צופּיל, און די טייל וועלכע איז איבערגעבליבן אויף דער וואָג, האָט בשום אופן נישט צוגעצויגן צו אַ קילאָגראַם מיט צוויי הונדערט גראַם. דעמלט האָט דער פאַרקויפער אַוועקגעלייגט פון אויבן נאָך אַ רעפטל, נאָר דאָס איז אויך געווען ווייניק. לידע האָט זיך אַזוי געררויטלט פון פרייד, ווען אויפן רעפטל האָט זיך אַוועקגעלייגט נאָך אַ רעפטעלע, און פונאויבן — נאָך אַ שטיקעלע. ס'האָט זיך באַקומען אַ גאַנצע פּיראַמידע, און לידע האָט אין אַזעלכע פאַלן, נישט באַהאַלטן דאָס ברויט אין קיישל, נאָר געטראָגן די

1 בוכאַנקע — רוסיש: אַ ברויט, די פאָרם פון אַ ציגל.

פּיראַמידע אויף אירע אויסגעשטרעקטע הענט און זיך באַמיט נישט צו לויפֿן, כּדי זי זאָל זי נישט צעשיטן, און נישט אויפֿגעגעסן אויפֿן וועג קיין ברעקל. זי האָט נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז די באָבע — דער הויפּט־קאָנטראָלער — זאָל צוערשט נישט נעמען אין אירע הענט אָט דעם גאַנצן אוצר.

— זע נאָר באָבע, זע! — האָט ליודע געשריִען נאָך פֿונדערווײַטנס. — הײַנט נאָכאַמאָל פּיר ברויט!

— פּיר? האָט נישט פּריילעך אונטערגעשמייכלט די אַלטע, און די ווינקלעך פֿון אירע ליפּן האָבן זיך ביטער און פֿאַראַכטענדיק אַראָפּגעלאָזט. — מײַנע שׂונאים זאָלן אַזוי לעבן, צי דאָ איז פּיר ברויט. מען האָט מיר שוין ווידער צעקאַראַוואַשעט דאָס גאַנצע ברויט. ס'איז אַפֿילו נישטאָ וואָס צו נעמען אין די הענט אַרײַן.

— באָבקאָלע, מ'מעג? האָט אַן אומגעדולדיקע געפֿרעגט ליודע, און האָט אַלע צוואָגן פֿאַרנומען פֿאַר זיך.

נאָך צומאָל האָט זיך דער פֿאַרקויפֿער טאָקע עפּעס נאָר ווי אָפּגערעדט מיט דער באָבען — מיט איין פֿינקטלעכן פּאָך מיטן מעסער אָפּגעהאַקט פֿון דער בוכאַנקע גראָד דאָס איבעריקע, און ליודע האָט באַהאַלטן אין קיישל, אָט דאָס אײנציקע, אָן אַ מינדסט צוואָגל — ברויט, און קומענדיק אַהיים, האָט זי אַ ברוגזע אַ וואָרף געטאָן דער באָבען דאָס קיישל.

— שאַ, שאַ, — האָט זיך אינדערשטיל געפּרייט די באָבע (יעדנפֿאַלס, אַזוי האָט זיך עס אויסגעוויזן ליודען). — באַרואיק זיך און הער אויף צו וואַרפֿן. וואָס קידעוועסטו אַזוי? אָט באַלד שנײַד איך דיר אָפּ אַ שטיקל ברויט און דו וועסט האָבן אַ צוואָג.

נאָך דאָס אָפּגעשניטענע רעפטל האָט צופֿיל אָפּגעקירצט די בוכאַנקע ברויט און איבער דעם האָט עס ליודען פֿאַרשאַפֿט אַ סך ווייטיקער פֿאַרגעניגן, ווי אַן עכטער צוואָג.

אָט וועגן וואָס ליודע האָט געטראַכט, ווען זי האָט געוואָגלט איבערן הויף — אַך, ווי ס'האָט איר באַנג געטאָן: פֿאַרוואָס, נו פֿאַרוואָס האָט זי געהערט די באָבען און נישט גענומען נעכטן ברויט אויף צוויי טעג — עס וואָלט כאָטש געווען נאָר עלעף פֿאַרלוירענע טאַלאָנען. און אָט דער איינציקער טאַלאָן האָט איצט געדרעליעוועט ליודען מער, ווי אַלע איבעריקע.

די באָבע האָט זיך אומזיסט היינט געהאַלטן פאַר דער שולדיקער אין ליודעס טרערן. פאַרקערט, ליודען איז אַפילו געוואָרן לייכטער פון דער באָבעס קינות: וויפל די באָבע האָט געטומלט, האָט ליודע געקאָנט רחמנות האָבן נאָר אויף זיך, נאָר ווען ס'האָט דער באָבען פאַרקלעמט ביים האַרצן, און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ליודע זיך נאָכאַמאָל דערמאָנט אין די פאַרלוירענע קאַרטן.

„בעסער וואָלטן מיך געווען געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, — האָט געטראַכט ליודע. — בעסער וואָלט מען מיך נישט געווען אַרויסגעלאָזט ביז אויפדערנאַכט. בעסער וואָלטן מיר קיין עסן נישט געגעבן, בעסער. און איך וואָלט געוויינט, געוויינט. געהונגערט געהונגערט — און געשטאָרבן. און זיי וואָלטן געפונען זייערע פאַרשאָלטענע קאַרטן, אָנגענומען אַ פולן קויש מיט בוכאַנקעס, און צוואָגן, און עסן זיי, וואָלט שוין נישט געהאַט ווער".

און ליודע איז פּשוט צעריסן געוואָרן פון רחמנות צו זיך אַליין. אָט פונקט דאָ האָט איר די באָבע געהייסן זיך גיין אָפּוואַשן, און ווען ליודע האָט זיך שוין באַוויזן אין הויף, איז דער צער פון דער אַבידה געוואָרן נאָך הונדערט מאָל שטאַרקער.

איך האָב גאָרנישט געקאָנט צוטראַכטן, מיט וואָס פריילעכער צו מאַכן ליודען, נאָר פּלוצים האָט זי זיך אַליין אויפגעשטעלט:

— גיב נאָר אַ קוק, ווער איז דער?

נעבן טירל, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, איז געשטאַנען אַ מענטש. אָנגעטאָן איז ער געווען אַזויזיכדיק, אויף די פיס — צעריסענע שיך, די אַראָפּגעלאָזטע הענט האָבן געהאַנגען ווי אָן לעבן. אויף דער ברוסט אַ ברעטעלע — „אַ מלחמה אינוואַליד", און אַ קעסעלע פאַר נדבות. דער מענטש האָט אונדז באַמערקט, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און אַ ווענד געטאָן צו אונדז דעם בליק פון זיינע מוטנע, אויסגעלאָשענע אויגן.

— ווי אַזוי רופט מען דיך? האָט ער געפרעגט ליודען.

— ליודע.

— ליודע? — האָט ער איבערגעפרעגט, טראַכטענדיק. ליודע? און זיך צערעדט.

— ליודע, ליודע, דער קאָפּ ווי בײַ אַ ווערבליודע.[1]

מיר האָבן דערשטוינט געקוקט אויף אים.

— ווער איז דער? איז צוגעשפּרונגען צו אונדז ליאָווקע.

— און דיך ווי רופט מען?

— ליאָווע. וואָס איז דען?

— ליאָווע, ליאָווע, דו האָסט געבראַכט דײַן סלאָווע?[2]

— און איך האָב געהאַט אַ חברטע אַללאַ, האָט זיך דערמאָנט ליודקע.

— אַללאַ, אַללאַ, האָסט צוגעגנבעט אַ שטיק סאַלע.[3]

אַרום דעם אויסטערלישן מענטשן האָט זיך שוין געשטופּט די גאַנצע קאָמפּאַניע, און ער האָט אָנגענומען באַשטעלונגען: פֿליסטערנדיק האָט ער איבערגעחזרט דעם אָנגערופֿענעם נאָמען, און אויסשטאַרצנדיק זײַנע פֿאַרבלאָזע אויגן — צוגעקליבן אַ גראַם. דער, וועמענס נאָמען ס'איז געווען געגראַמט, האָט זיך אײַליק געטראָגן אַהיים נאָך אַ באַלוינונג, און דאָס קעסעלע דערנעבן מיטן ברעטעלע האָט זיך פֿאַמעלעך אָנגעפֿילט. ס'האָט אונדז, זעט אויס, צוגעצויגן דער שאַפֿונגס־פּראָצעס אַליין פֿון אָט דער גרויליקער פּאָעזיע, דער אינהאַלט האָט אונדז כּמעט נישט אינטערעסירט, און אַפֿילו אין די ווערטער „ליודע, ליודע, — דער קאָפּ ווי אַ ווערבליודע" האָבן מיר נישט געפֿונען קײַן שום באַליידיקנדיקס.

— סאָניע, סאָניע, דו זײַ נישט אַזאַ טיכאָניע.[4]

— אָט, געזונט אַן אײַזן!

— אינע, אינע, דו האָסט צוגעגנבעט אַ מאַנדאַרינע.

— אָבער „גנבענען" איז שוין געווען, — האָבן מיר אים דערמאָנט — נאָך פֿריִער, ווען „אַללע האָט צוגעגנבעט אַ שטיק סאַלע".

מיר האָבן נישט געוואָלט קײַן איבערחזרונגען, און ווען דער מענטש האָט צוויי מאָל איבערגעשעפּטשעט: „סלאָווע, סלאָווע" — און זיך אָפּגעשטעלט, נישט געקענט צוקלײַבן קײַן פּאַסיקן ריטם, איז דער אינטערעס צו אים אין גאַנצן געפֿאַלן. „דער אינוואַליד" האָט עס דערפֿילט, ציטערנדיק

1 ווערבליוד — רוסיש: קעמל.
2 סלאָווע — רוסיש: וואָרט.
3 סאַלע — רוסיש: שמאַלץ.
4 טיכאָניע — רוסיש: שטילינקע.

זיך דערשלעפּט צום טירל, און אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך אַפילו צעפּאָכעט מיט זײַנע „פאַרשטאַרטע" הענט.

— גיט אַ קוק וואָס פאַראַ חברה איר זענט! — האָט זיך מיטאַמאָל אַרויפ־געוואָרפן אויף אונדז ליאָווע. — וואָס האָט איר זיך אָנגעטשעפּעט אין אים? אַ קלייניקייט, טאָמער האָט יענער געזאָגט צוויי מל „צוגעגנבעט". טראַכט אַליין עפּעס צו, דערנאָך וועט איר רעדן!

— וואָס שרײַסטו אַזוי? — האָב איך מיך פאַרווונדערט.

— „וואָס", „וואָס"? איבער אײַך איז ער אַוועקגעגאַנגען... ער איז אַן אינוואַליד, בײַ אים זענען די הענט נישט קײַן לעבעדיקע.

— לאָז דיך אָפּ, ליאָווקע. ער האָט נאָך אַזוי געפּאָכעט מיט די הענט, ווען ער איז געגאַנגען צום טירל, — האָט געזאָגט סלאַווע.

— און דו האָסט טאַקע געזען, ווי ער האָט געפּאָכעט?

— געזען. אַלע האָבן געזען.

— גאָרנישט האָט איר נישט געזען! איר האָט פּשוט געזשאַלעוועט אים נאָך עפּעס אַרויסצוברענגען.

— מיר האָבן דאָך אים געבראַכט.

— „געבראַכט"! וואָס האָט איר אים געבראַכט? אַך, אומגליקלעכע קאַרגוטשעס וואָס איר זענט!...

ליאָווע האָט זיך אימפּעטיק אַ ריס געטאָן פון אונדז, גלײַך ווי עפּעס וואָלט זיך געריסן פון אים אויסצוזעצן און ער האָט ווי מורא געהאַט, אַז ער וועט עס נישט דערטראָגן, פאַרלירן ביז צור טיר פון דער שטוב.

— וואָס איז מיט אים? — ליודע האָט צום ערשטן מאָל, פאַר גאַנצן טאָג, פאַרגעסן אין איר גרויסן שאָדן.

— גאָרנישט, — האָט געענטפערט סלאַווע. — גאָרנישט. פּשוט ער טראַכט זיכער, וועגן זײַן פאָטער. די גאַנצע צײַט טראַכט ער וועגן אים. סלאַווע האָט שטענדיק אַלץ בעסער באַנומען ווי מיר.

## הימל און ערד און... געאָגראַפיע

דעם „אינוואַליד" האָבן מיר לאַנג פאַרגעדענקט.

ליאָווע האָט זיך באַרויִקט, נאָר ער איז נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען אַ

כמורנער און אין זײַן אָנוועזנהייט האָט קיינער פון אונדז נישט געוואָלט אויפקלערן, צי איז דער דאָזיקער אויסטערלישער מענטש געווען אין אַן אמתן אַ קאַליקע צי ער האָט זיך נאָר געמאַכט. ווי אַזוי עס זאָל נישט דאָרטן האָבן געווען, נאָר דאָס קערנדל פון פּאָעזיע איז געוואָרפן געוואָרן: גאַנצענע טעג, האָבן מיר נאָר געזוכט גראַמען. מיר האָבן זיי צוגעקליבן צו די נעמען פון די עלטערן, חברים, שכנים. מיר האָבן געגראַמט אַלץ, וואָס איז אונדז געקומען פאַר די אויגן. מיר האָבן זיך אַפילו גערייצט אין גראַמען. איצט האָט שוין קיינער נישט געשפּילט נישט אין באַהעלטערלעך, נישט אין כאַפּערלעך — אַלעמען האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט אַרבעטן נאָר מיטן קאָפּ: און די פיס, פאַרוווּנדעטע, האָבן אָפּגערוט. דערפאַר, ווען מיר האָבן אַדורכ־געלופטערט, ווי ס׳האָט זיך אונדז געדוכט, אַלע גראַמען אויף דער וועלט, האָט סלאַווע פאָרגעלייגט מיר זאָלן שפּילן אין „שטעט״. מיר האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי קאָמאַנדעס. יעטוועדע קאָמאַנדע האָט צו אַ באַשטימטן טערמין זיך געדאַרפט דערמאָנען וואָס מער שטעט, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט איין און דעם זעלביקן בוכשטאַב. אונדזערע קענטעענישן אין געאָגראַפיע זענען נישט געווען אַזעלכע גרויסע, דעריבער אויפן אות „ק״ זענען תּיכּף נאָך קיִעוו און קואיבישעוו, געקומען די דערפער קאָרנעשט און קאָטיוזשען. אין קאָרנעשט האָט געוווינט ליאָווקעס מומע, (אין קאָטיוזשען האָט אַמאָל געגאַסטעוועט ליודע). יעדער פון זיי האָט דערוויזן, אַז אָט די שטעט זענען אַ טשוטשעלע קלענער פון קיִעוו (אין קיִעוו איז קײַן איינער פון זיי נישט געווען).

דער אינטערעס צו דער שפּיל האָט זיך געלאָשן אין דער מאָס, ווי ס׳איז פאַרווישט געוואָרן די גרענעץ צווישן שטאָט און דאָרף. דער קאַפּיטאַן פון דער שכנותדיקער קאָמאַנדע האָט געפּילט אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַטיק, נאָר ער האָט אײַנגעוויליקט: אויך בײַ אים אין צעטל איז נאָך די שטעט — אויפן בוכשטאַב „מ״ — מאָסקווע, מינסק, תּיכּף נאָכגעגאַנגען מאַלאַכאָווקע, אויך פאַרבונדן מיט זײַן לעבנס־ביאָגראַפיע צי ער איז געווען צו גאַסט בײַ דער באָבען, צי די מלחמה האָט אים פאַרוואָרפן אַהין.

נאָר איצט זענען מיר געווען פּעסט אַנטשלאָסענע: די אויסגעפינענע גראַמען האָבן דערוויזן, אַז בײַ אַביסעלע ווילן קאָנען מיר אויסער מאַלאַ־כאָווקע אָפּזוכן אויך אַנדערע שטעט אויפן אות מ.

נישט אומזיסט האָט סלאַווע יעדע זאַך אָנגעהויבן מיט פּאַפּיר און בלײַער. די צײַט האָט ער אָפּגעשטעלט אַן אומבאַגרענעצטע, יעדע קאָמאַנדע קאָנ־טראָלירט: געזיגט האָבן די, וועלכע האָבן אָנגענומען מער שטעט.

זיך האָט סלאַווע אויסגעקליבן זײַן באַליבסטן בוכשטאַב מ (פונדעסט־וועגן מאָסקווע און מאַלאַכאָווקע), ליאָווקע האָט באַקומען, ווי שטענדיק, די ק. די קאָמאַנדעס זענען זיך צעגאַנגען. ס'האָט זיך נאָר געהערט:

— קיראָוואָגראַד, קיראָוואָבאַד.

— מינוסינסק, סעמיפּאַלאַטינסק.

— טיפּש איינער, דאָס איז דאָך אויף דער „סע".

— ביסט אַליין אַ טיפּש, האָט עמיצער זיך געספּראָוועט אויף גיך.

— „מעמניקעס", וויפל זענען בײַ אײַך פאַראַן?

— דרײַ און צוואַנציק.

— און בײַ אונדז פיר און דרײַסיק.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז סלאַווע געקומען צום אויספיר, אַז מאַלאַ־כאָווקע האָט אים אונטערגעפירט: ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז שטעט אויף דער „ק" איז אין ראַטנפאַרבאַנד געווען אַן אַ שיעור מערער. ליאָווקע איז ברייטהאַרציק אײַנגעגאַנגען אויף הנחות, אוןביידע קאַפּיטאַנען האָבן באַ־שלאָסן זיך אַריבערצופירן קײַן אויסלאַנד.

מיט אַן אַלאַרמירנדיקער מעלדונג האָט אָנגעיאָגט וויטיע, וועלכער האָט אויסגעפילט די ראָל פון דער קאָמאַנדע „ק". ער האָט געשריִען נאָך פונדער־ווײַטנס:

— ליאָווקע, ליאָווקע, זיי האָבן אַ מאַפּע! פון אַן אַלטער געאָגראַפיע... זיי שרײַבן אַלץ איבער פון דאָרטן.

ליאָווקע האָט אָוועקגעלייגט דעם צעקנייטשטן בויגן, געגעבן אַ קוק אויף אונדזערע איבערגעראַשטע צורות, אַ פּאַטש געטאָן זיך אין שטערן.

— מאַעסטראָ, שטילער געגאַנגען. נאָך מיר! איך קען אַן אָרט, ווו ס'איז אַ גאַנצע גרודע מיט שטעט, וויפל דײַן האַרץ גלוסט.

ליאָווקעס אַ באַקאַנטער האָט געאַרבעט אין עפּעס אַ וויכטיקן אַנשטאַלט. בײַ אים אין קאַבינעט האָט געהאָנגען אַ ריזיקע פּאָליטישע מאַפּע פון אייראָפּע. דערקלערנדיק אויף איין פוס, אין וואָס סע גייט, האָט ליאָווקע זיך אַ וואָרף

געטאָן צו דער מאַפּע. אַרום אונדז, אומטערשמייכלענדיק, זענען אַרומגעגאַנגען די אַרבעטער פונעם אַנשטאַלט, און מיר זענען ווי צוגעוואַקסן צו דער מאַפּע. מן הסתם, אַזאַ געפיל האָבן געהאַט די אָרעמע לײַט פון די מעשׂהלעך, ווען זיי זענען אַרײַנגעפאַלן אין די רײַכע שאַצקאַמערס פון אוצרות: גאָלד, פּערל און טײַערע שטיינער — נעם, טראָג אַוועק מיט זיך וויפל דו קאָנסט נאָר.

— דיקטירט, — האָט באַפוילן ליאָווקע, און דאָס האָט אַ קלינג געטאָן ווי „פײַער!".

איך מיט ליודקען האָבן, ווי אויף אַ פּאַרוועט, גענומען אַרויסרײַסן די שטעט אויפן בוכשטאַב ק. די גרעזעצן פון געאָגראַפיע האָבן אונדז נאָך נישט באַלעסטיקט, און מיר, נישט רעכענענדיק זיך מיט קײַן שום גרענעצן, האָבן געשפּרינגען פון לאַנד צו לאַנד, פון צפון אויף דרום: די רומענישע קאָנ־סטאַנצע איז געגאַנגען תּיכּף נאָך דער שוועדישער קורונע, די קלענערע שטעטלעך, האָבן מיר אַרײַנגעטראָגן אין צעטל מיט דעם זעלבן אייפער, ווי די גרעסטע שטעט אין דער וועלט.

ליודע האָט ערשט נישט לאַנג זיך אויסגעלערנט דעם אַלף־בית, און מיט שוועריקייטן געלייענט נאָר די זילבן, דעריבער, ווי נאָר זי האָט בײַ־געקומען אַ נײַעם נאָמען, האָט זי געפאָדערט מ׳זאָל אים שוין אַרײַנשרײַבן אין צעטל: אַזוי ארום, אַז גלײַך נאָך די שטעט קאָזענצאַ און קיריליאַנע פון איטאַליע, האָט זיך אין ליאָווקעס העפט אַרײַנגעכאַפּט דאָס האַלב־אינדזל קאַלאַבריע.

ליאָווקע איז געשטאַנען אויף דער קני, אײַנגעבויגן אין דרײַען — דער העפט איז געליגן אויפן דיל, — און זיך געבעטן:

— שטילער אַביסל, כאַפּט נישט, איך באַוויײַז נישט.

— קאָדיס, קעלן, קאָפּענהאַגען... — האָב איך געקנאַקט, אונטערשפּרינ־גענדיק אַזש פון אומגעדולד.

— באַלד, באַלד, קאָ־פּען־האַ־גין, — האָט געשעפּטשעט ליאָווקע.

ווען מיר האָבן זיך באַוויזן אין הויף, האָבן זיך שוין די „מעמניקעס" אומגעדולדיקע געשטופּט בײַם טויער.

— ווו זענט איר געווען?

— וויפל איז ביי אייך?

— לאָמיר איבערציילן.

נאָר ליאָווקע האָט זיך נישט געאיילט. אַפילו נישט באַשענקענדיק די „מעמניקעס" מיט אַן ענטפער, האָבן מיר זיך פאַרמאַכט ביי ליאָווקען אין שטוב, און זיך גענומען ציילן. ווען מיר האָבן שוין געהאַט ניין און ניינציק נעמען, האָט ליאָווקע געמאָלדן, אַז ער וועט זיך נישט רירן פונעם אָרט, ביז ער וועט נישט צוטראַכטן, אָדער ריכטיקער, ער וועט זיך נישט דערמאָנען אין אַ הונדערטסטן נאָמען. און ליאָווקע האָט זיך „דערמאָנט".

— קאָלבאַסאָווקע![1] — האָט ער אַ געשריי געטאָן, — אויף מיין ערנ־וואָרט, איך בין אַליין דאָרט געווען.

מיר האָבן געווינען מיט אַ שאָס: די „מעמניקעס" האָבן געהאַט נאָר זעכציק שטעט. סלאַווע האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו ליאָווקעס לייענען און נאָר צו מאָל איבערגעריסן:

— דאָס דאַרף מען קאָנטראָלירן.

— נו, קאָנטראָליר, קאָנטראָליר — האָבן מיר אים נאָך געריזעט.

— פעטיע האָט די גאַנצע צייט געשפּיגן און געשמוכעט מיט אומצוטרוי:

— זיי האַקן ליגנס אַלע. איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון אַזעלכע נאַרישע נעמען.

און קעגן קאָלבאַסעווקע האָבן זיך צעבונטעוועט אַלע „מעמניקעס" ווי איין מענטש, איבער אָט דער הונדערטסטער שטאָט, האָבן שיעור נישט אָפּגעברענט אַלע איבעריקע.

— דאָס האָסטו אַליין צוגעטראַכט!... האָט זיך אויפגעקאָכט אַפילו סלאַווע.

— קלאָר ווי דער טאָג — צוגעטראַכט. זיי האָבן האַלב פון די שטעט אַליין צוגעטראַכט, — האָט אונטערגעהאַלטן זיין קאַפּיטאַן פּיעטקע.

מיט גרויסע צרות, האָט מען אַנערקענט אונדזערע ניין און ניינציק שטעט.

...ווען אין עטלעכע יאָר אַרום, שוין אין דער מיטלשול, איז מיר אויס־געקומען זיך נאָכאַמאָל צו טרעפן מיט קאָפּענהאַגען, קאָנסטאַנצע און דעם

1 קאָלבאַס — רוסיש: וווּרשט.

האַלבן אינדזל קאַלאַבריע, האָבן זיי מיר אויסגעקוקט ווי גוטע אַלטע פריינט און גלייך נאָך זיי האָט תּיכּף אין מיין זכּרון אויפגעטויכט דער „אינוואַליד" מיט די אַראָפּגעלאָזטע הענט, מיטן ברייטעלע אויף דער ברוסט און מיט אַ גאַנצן „אוצר" פון נישט איבערגעשפּיצטע גראַמען.

## דער מבול־שׂריפה און דאָס אַנטלויפן

ביי די היינטיקע צוועלפיעריקע איז אַלץ פאַראַן. זעט אויס, אַזוי דאַרף עס שוין זיין. מער פון אַלץ בין איך זיי מקנא, וואָס זיי פאַרמאָגן אַ סך ביכער, נייע, פּרעכטיק אַרויסגעגעבענע.

אַך! אָט די נייע ביכער — דער נישט פאַרווירקלעכטער חלום פון אונדזערע קינדער־יאָרן! ביכער אין אויסגעצייכנטע טעוועלעך — גרינע, רויטע, גרויע און בלויע. דיומאַ, מאַין־ריד, זשול־ווערן אין זייער גאַנצער גאַנצער דרוק־פּראַכט. דער ריח פון קאַלענקאָר און דרוק־פּאַרב, דער סאַמעטענער שורשע פון די גלאַטע בייגעלעך פּאַפּיר, דער אַפּעטיטפולער שריפט, וועלכן עס ווילט זיך לייענען, לייענען און לייענען...

קריק מיט צוואַנציק יאָר האָבן די ביכער גאָר אַנדערש אויסגעזען. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין אונדזערע הענט, ווי קאָנטראַבאַנדע: צעריסענע, צעבאָרשטענע, געלייענטע און איבערגעלייענטע, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף. ס'פלעגט זיך טרעפן אַז אויך אין מיטן האָבן געפעלט אַ דרייסיק בלעטלעך און עפּעס טאַקע נאָר ווי אויף צו להכעיס אויפן סאַמע פאַרכאַפּנדיקסטן אָרט. די דאָזיקע ביכער אָן טעוועלעך, מיט ווייכע, ווי שמאַטקעלעך, בלעטעלעך, אַרויסקריכנדיקע פון אַלע זייטן, זענען זאָרגעוודיק געווען איינגעוויקלט אין צייטונגען. אָנגעהויבן האָבן זיי זיך ערגעץ פונעם זיבן און פופציקסטן זייטל, ווו פון אויבן האָבן זיך צעקראָכן די אותיות, אַרומגעקרייזטע מיט אַ כימישן בלייער: „דער רייטער אָנעם קאָפּ", אָדער „גראַף מאָנטע־קריסטאָ". דעם מחבר האָט מען געדאַרפט טרעפן און אַ לאַנגע צייט האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַ גוט בוך מוז אומבאַדינגט זיין צעשויבערט, אָן טעוועלעך, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף. צו גאַנצע ביכער האָב איך זיך באַצויגן אַפילו מיט גרינגשעצונג.

יאָ, די איצטיקע קינדער, די אונטערוואַקסנדיקע, האָבן אַלץ. און זיי רעדן איצט, די חברה, וועגן קאָסמאָס, און טראַנזיסטאָרן, וועגן פוטבאָל אין דער גרויסער וועלט און פּראַכט־אויסגאַבעס. זיי לאַכן פון קינדער־פּרימאָרגנס און יאָגן זיך נאָך אויסטערלישע פאַרווײַלונגען.

נאָר איינס פאַרמאָגן זיי נישט: דאָס קאָנען זיך באַגײַסטערן, פרייען זיך מיט אַ קלייניקייט, אַזוי ווי מיר האָבן עס געקענט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צום מיטאָג פלעגן מיר זיך אויסזעצן אויף דרײַ טאַבורעטקעס און אַן אַלט קעסטל, אַ צונויפגעקלאַפּטס פון געשטשערבעטע ברעטעלעך. ענדלעך האָט די מאַמע געבראַכט פונעם מאַרק צוויי בענקלעך. נישט קײַן בענקלעך, נאָר אַ פּראַכט. אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע איז געגאַנגען קוקן אויף זיי. מ׳איז אַרײַנגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, באַטראַכט די מציאה, ווי אַ נײַגעבוירענעם. די בענקלעך זענען טאַקע אויף אַן אמתן געווען אויסגעצייכנטע און זייער באַקוועמע, באַזונדערס צום שפּילן זיך. איינס מיט אַ פּליושענעם זיץ און אַ הויכן, ווייכן אָנשפּאַר, באַצירט מיט הילצערנע פּליטערלעך, — נישט קײַן בענקל, נאָר אַ קיניגלעכער טראָן; דאָס אַנדערע — אַ קלענערס, אַ געלס, אַ פּשוטס, מיט אַ געפּיקעטן אָנשפּאַר און אַ געשטרײַפטן הילצערנעם זיץ, וועלכער איז אַראָפּגעפּלויגן, ווי נאָר עמיצער האָט זיך געפּרוווט אַוועקזעצן אויף דעם.

איך האָב לאַנג זיך „געשאַרפט די ציין״ אויף די בענקלעך, נאָר אויף צו שפּילן זיך אין שטוב איז קײַן צײַט נישט געבליבן: דער חודש יולי איז געווען אַ לויטערער, אַ זוניקער, און מיר האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך געטראָגן איבערן הויף. די רעגנס זענען געקומען אומדערוואַרט און זיך אַוועקגעלאָזט, שוין נישט זומערדיק, אויף לאַנג. פון אינדערפרי איז דער הימל געווען אַ רייגער, מיטאָג צײַט האָט אָנגעהויבן פּאַרען, פינצטערע אָנגעשוואָלענע כמאַרעס האָבן אָנגעיאָגט שטענדיק פון איין און דער זעלבער זײַט, אָוונט צײַט האָט אויסגעבראָכן אַ וואָלקן־בראָך.

הײַנט האָט זיך דער סדר געביטן — עס דונערט און בליצט פון אינדערפרי אָן. שלומל האָט מורא פאַר אַ דונער און זיצט אונטערן טיש. איך, ווי

די עלטערע טאָר נישט מורא האָבן. איך לאָך אויס מײַן ברודער, נאָר פונ־דעסטוועגן אַז עס דונערט פאַרשטאָפּ איך מיר די אויערן.

נישט געקוקט אויפן פּחד, האָט שלום ליב אַ רעגן, — ליב דערפאַר, ווײַל אין אַ רעגנדיקן וועטער שפּיל איך מיך אַ גאַנצן טאָג מיט אים, און דעמאָלט דערפילט ער זײַן חשיבות, און קײנער שרײַט נישט „קײַן קלײנוואַרג נעמען מיר נישט אַרײַן!" און מײַן שלומלען ווילט זיך, אַז דער רעגן זאָל קײנמאָל נישט אויפהערן.

נישטאָ אויף דער וועלט קײַן בעסערס, ווי צו זיצן מיטן קלענערן ברודערל אין צימער אונטערן טיש, ווו אויפן אויסגעוואַשענעם דיל — אַ בוימוואָלן קילימל, כּמעט אַ טעפּיך; ווו אויף די פענצטער — מאַרלע, אָפּגעפאַרבטע מיט רויטן סטרעפּטאָמיצין, כּמעט שטאָרן; ווו אין די ווינקלען שטײען צווײ אמתע בענקלעך, אײנס — ענלעך אויף אַ קעניגלעכן טראָן, דאָס אַנדערע — מיט אַ צעפּאָרענעם, געשטרײַפטן זיץ. זיצן אונטערן טיש און וויסן, די גאַנצע צײַט וויסן, אַז דאָס דונערן פון יענער זײַט פענצטער — דאָס איז נישט קײַן באָמביאָזשקע, אַז דער טאַטע איז אינדערהײם נישטאָ, נאָר ער איז נישט ווײַטער ווי אויף דער אַרבעט, און אַז נאָך אַ וואָלקן־בראָך שײַנט די זון שטענדיק נאָך העלער.

...אַלצאײנס שפּילן מיר זיך, איך מיטן ברודער אין „עוואַקואַציע". די בענקלעך ווערן אַוועקגעשלעפּט פון די ווינקלען און פאַרוואַנדלט אין אַ צוג, וועלכער דאַרף אָפּפאָרן פון מינוט צו מינוט. אויפן פעראָן, אַדורכן המון, שלאָגט זיך דורך אַ וועג צום וואַגאָן אײנע אַ פרוי. אין די הענט האַלט זי דעם באַגאַזש (אַ קלײן קישעלע און דער מאַמעס קײשל). די פרוי איז פאַרשטײט זיך, מיט אַ קינד (שלומס אײביקע ראָל). דער לאָקאָמאָטיוו פײַפט. באַלד גײט אָפּ דער צוג.

— בירגער, לאָזט דורך די פרוי מיטן קינד! לאָזט זי דורך!

— לאָזט דורך! נאָר אָן פּאַניקע, חברים, אָן פּאַניקע — דאָס קאָמאַנדע־וועט שוין דער צוג באַגלײטער.

— גיכער, זונעניו, גיכער. מיר וועלן נישט באַוויזן.

דער צוג רירט. די פרוי שלײַדערט אַרײַן דעם באַגאַזש, דער וואַגאָן־באַגלײטער כאַפּט אונטער דאָס קינד. די פרוי יאָגט נאָכן וואַגאָן, דערנאָך

כאַפּט זי זיך אַרויף אויפן טרעפּל. זי אָטעמט שווער, דאָס פּנים פאַרשוויצט, די האָר צעשויבערט...

די שפּיל קאָן מען פאָרזעצן אָן אַ סוף: מ׳קאָן אויף דער סטאַנציע זיך אַוועקלאָזן זוכן פּראָדוקטן (אַרויסגעשלעפּט עפּעס עסנוואַרג פונעם קיך־שאַפּקעלע), מ׳קאָן אַרײַנפאַלן אונטער אַ באָמביאָזשקע און מיט אימפּעט אַרויסשפּרינגען פונעם וואַגאָן אויפן גראָז (פונעם בענקל אויפן דיל), מ׳קאָן אָפּשטייען פונעם צוג, אָדער פאַרלירן דאָס קינד — זייער אַ סך מעגלעכקײַטן זענען פאַראַן אין דער דאָזיקער שפּיל, און מיר מיט שלומלען דאַרף מען קײַן פאַנטאַזיע נישט אַנטלײַען.

דאָס מאָל איז דער וואָלקנבראָך אַן אומגעווייןלעכער. דער רעגן גיסט שוין עטלעכע שעה דורכאַנאַנד. דער הויף איז פאַרגאָסן מיט וואַסער. דורך אונדזער דאַך רינט דורך, און אונדזער דיל איז אינגאַנצן באַשטעלט מיט געשיר. מיר — איך מיט מײַן ברודער, קלייבן זיך איבער אויפן בעט. נאָר איבער דעם קאָפּעט נאָך נישט, און עס קוקט אונדז אויס ווי אַן איבּ־דזועלע.

דער טאַטע קומט פון דער אַרבעט אַ נאַסער, נאָר אַ פריילעכער, ער איז צופרידן פון עפּעס, אַן איבערגעדעקטער מיט אַ פּידזשאַק איבערן קאָפּ, לויפט אַריין די שכנה, און מעלדעט אַן איבערגעראַשטע:

— די גאַנצע אונטערשטע טייל שטאָט איז פאַרטראָנקען. מען זאָגט, אויפן וואָקזאַל שווימט מען מיט לאָדקעס.

דערנאָך באַטראַכט זי די טעפּ און שיסעלעך אויפן דיל, און שאָקלט צו מיטפּילעריש:

— בײַ אײַך איז נישט קײַן דאַך, נאָר אַ רעשעטע.

די מאַמע כאַפּט אַ שיקלדיקן קוק אויפן טאַטן. דער דאָזיקער קוק איז אויסן: דער טאַטע איז נישט קײַן באַלעבאָס, דערפאַר רינט אַרײַן דורכן דאַך, בײַ אַנדערע וואָלט שוין פון לאַנג געווען דער דאַך אַ פאַרריכטער. דער טאַטע קומט אָפּ מיט אַ וויץ און זאָגט, אַז איצט איז אונדזער שטוב ווי נחס תיבה, וועלכע וועט זיך טראָגן אויף די כוואַליעס אַזוי לאַנג ביזוואַנען עס וועט זיך נישט ענדיקן דער מבול.

— און ווער איז דער נח?

— און וואָס איז אַזעלכעס אַ תּיבה ?

דער טאַטע דערקלערט, ווי שטענדיק, לאַנג און נישט געאײַלט. דאָס קומט פון דעם, ווײַל ער ווייסט צופיל. ער קאָן פשוט נישט ענטפערן אין צוויי ווערטער אויף אַ פראַגע. דער טאַטע וועט אומבאַדינגט דערציילן נישט נאָר די לעגענדע וועגן נחס תּיבה, נאָר פאָר איינוועגס אויך דערקלערן, וואָס איז אַזעלכעס אַ לעגענדע, ווי אַזוי זי אַנטשטייט און ווי זי ווערט איבער־געגעבן פון דור צו דור.

— דרך אגב — זאָגט ער — האָט אונדזער באָבע געקענט אָן אַ שיעור לעגענדעס און איז געווען אַ מײַסטערין זיי צו דערציילן.

דער טאַטע וועט זיך שוין טאַקע דאָ דערמאָנען אין איינער פון דער באָבעס מעשׂהלעך, וועט זי אָנהייבן דערציילן און דערבײַ באַווײַזן, ווי די באָבע, אַוועקזעצנדיק זיך פלעגט פאַרריכטן דאָס קאָפּטיכל אירס, ווי אַזוי זי פלעגט פאַרלייגן די הענט אויפן פאַרטעך. דער טאַטע שטעלט זיך נישט צו לאַנג אָפּ, עלעהיי ער וואָלט אויפגעדעקט נאָך אַ קעסטעלע פון זײַן געדע־כעניש, און וועט איבערלייענען שורות פון אַ באַרימטן דיכטער וועגן מוטער־לעכע הענט. דערנאָך וועט זיך דער טאַטע כאַפּן, אַז ער האָט זיך פאַררעדט, אַוועק אין אַ זײַט, און וועט אָנהייבן מיט אַ צוריקגאַנג זיך אומצוקערן צום אָנגעהויבענעם: פונעם באַרימטן דיכטער צו דער באָבעס הענט, פון די הענט צו די לעגענדעס, פון די לעגענדעס צו נחן און צו זײַן תּיבה. און פונסנײַ — אין אַ זײַט: וועגן דעם, ווי דאָס וואָרט תּיבה ווערט גענוצט ווי אַ סינאָנים פאַר אַן אַלטמאָדישער ריזיקער שיף...

צומאָל דוכט זיך מיר, אַז דעם טאַטנס ענטפער אויף יעטוועדער פראַגע — דאָס איז אַ באַוועגונג אויף אַ ברייטער גאַס. דער טאַטע דאַרף גיין אויף איר גלײַך ביז צו ענדע, נאָר אויפן וועג מײַדט ער נישט אויס קיין איין בײַליגנדיק געסל, פאַרזאַמענדיק זיך אין די דאָזיקע געסלעך, אויספאָרשנדיק יעדעס הויז און ערשט דערנאָך לאָזט ער זיך ווײַטער גיין. דעריבער ווערט זײַן וועג לענגער פאַרפלאָנטערטער, אָבער אינטערעסאַנטער.

אין מײַן זכּרון וועט די לעגענדע וועגן נחן אויף אַלע תּמיד פאַרבלייבן פאַרבונדן מיטן רעגן־מבול, מיטן בעט וואָס דערמאָנט אַן אינדזעלע, מיטן קליינעם שלומל, וואָס האָט אײַנגעדרעמלט נאָך אין סאַמע אָנהייב פון דער

מעשׂה, און מיטן טאַטן — אַזעלכן, ווי ער איז געווען, אַז עס איז אים געווען גוט אויפן האַרצן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דו לייענסט אין די צײַטונגען, אַז ערגעצוווּ האָבן זיך נאָך אַן ערדציטערניש אָנגעהויבן שלאַקס־רעגנס, אָדער נאָך אַ מבול זענען געווען שׂריפות, גלייבט זיך דיר נישט עפּעס אין דעם — צופיל אומגליקן מיטאַמאָל. ערגעץ אַנדערש האָט זיך עס געקענט נישט פּאַרלויפן, אָבער אין אונדזער הויף קאָן אַלץ געשען. אָט, צום ביישפּיל, האָבן שטאַרקע שלאַקס־רעגנס געליאָפּעט איבער דער גרעסטער טייל פון אונדזער רעפּובליק. אָבער אַ שׂריפה האָט אויסגעבראָכן נאָר אין אונדזער הויף. און שולדיק אין איר איז געווען נישט קײַן בליץ, נאָר ליאָווקע, און נישט אַפילו אַזוי ליאָווקע, וויפל די ראַדיאָ־טראַנסלאַציע פאַר די תּלמידים „ברען פריילעכער מײַן שײַטער". אין דער טראַנסלאַציע האָט זיך דערציילט, אַז איינקע זייער טיכ־טיקע קינדער האָבן באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען זייער היים־שטאָט אין אַ... שפּיגעלע, זיי האָבן צונויפגענומען טרוקן מיסט, פּאַפּירן, אויסגעריסן די ווילדגראָזן און דאָס אַלץ צונויפגעזאַמלט אין אַ קופּע און אונטערגעצונדן. אַרום די שײַטערס האָבן זיי געזונגען לידער, דערציילט פאַרשידענע געשיכ־טעס — און דער חבֿרה איז געווען פריילעך, און מיסט איז געוואָרן ווייניקער.

ליאָווקען האָט זיך אויך פאַרוואָלט „זינגען לידער און דערציילן גע־שיכטעס", אַרום שײַטער. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געראַמט דאָס הויף (די דערוואַקסענע האָבן אונדז נישט אויפגעהערט לויבן), דערנאָך האָבן מיר אָפּגעקליבן אַלץ, וואָס איז נאָר פעיִק צו ברענען. אָוונט צײַט האָבן מיר אָנגעצונדן אַ שײַטער. אמת, קײַן לידער האָבן מיר נישט געזונגען — נאָר מיר האָבן פּשוט און פראָסט זיך געטראָגן אַרום שייטער, און דאָס איז אויך געווען אַ שׂימחה. קיינער פון אונדז האָט נישט באַמערקט, ווי אַ פּלוצימדיק ווינטל האָט פאַרטראָגן עטלעכע פינקעלעך אויף אַ פאָרהענגל פון אַ שכנות־דיקן פענצטער. און ס'האָט געדאַרפט פינקטלעך אַזוי טרעפן, אַז אָט דאָס שלימיסטע פאָרהענגל זאָל העגנען אויפן קיך־פענצטער פון דער טאָנטאָנעכע. דאָס פאָרהענגל האָט זיך צעפלאַמט, ווי פּאַפּיר, ס'האָט געטראַסקעט די פאַרב

פונעם פענצטער, און ס׳האָט אָנגעהויבן צו ברענען דאָס טישטעך אויפֿן טיש פון דער קיך. אַ געשריי, אַ געטומל, עס זענען זיך צונויפגעלאָפן אַלע שכנים. צום גליק, האָט זיך עמיצער דערטראַכט אויפצוואַרפן אויפן פײַער אַ קאָלדרע.

די שטראָף איז געקומען, ווען די טאַנטאַנעכע האָט זיך אומגעקערט פון דער שטאָט. צוערשט האָט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און „פאַרלוירן דעם באַוווסטזײַן״, דערנאָך, קומענדיק געגנוג גיך צו זיך, האָט זי געשיקט נאָך דער מיליציע. ס׳איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ גענויער פּראָטאָקאָל „וועגן דעם מאַטעריעלן שאָדן, פון דער געליטענער״. די טאַנטאַנעכע מיט אַ קאָמ־פּרעס אויפן קאָפּ האָט זיך דערמאָנט, וויפל ס׳האָט געקאָסט דער טיש פון דער קיך ביז דער מלחמה און וויפל פּראָפּאָרציאָנעל ער דאַרף איצט באַטרעפן, „ווען מעבל איז מיט גאָלד גלײַך״. לויט אָט דעם „גילדענעם״ פּרײַז, איז אין פּראָטאָקאָל פאַרשריבן געוואָרן אויך דער פאַרברענטער פאָרהאַנג און דאָס צוגעסמאַליעטע פענצטער.

די שולד איז אײַנגאַנצן געפאַלן אויף ליאָווקען.

— אַלע האָבן צעפּירט דעם שײַטער — האָט געפּרוווט זיך אָננעמען זײַן קריוודע — פעטיע.

— „אַלע !״, „אַלע״ ! — האָט געזאָגט די טאַנטאַנעכע. מ׳פאַרדעקט אײנער דעם צווייטן ! איך וועל דעם ענין אַזוי־־אָ נישט לאָזן ! אָט דאָס יונגעלע וואָלט געדאַרפט גיין אין אַ קאָלאָניע פון פאַרברעכערס.

— איך וועל אײַך אומקערן דאָס געלט. — ליאָווקעס מוטער האָט אומ־אויפהערלעך אָנגעטאָן און אויסגעטאָן די ברילן אירע. — און מיט ליאָווקען וועל איך אַליין רעדן. ער וועט באַקומען זײַנס און ווערן באַשטראָפט.

— „באַשטראָפט״ ! איך קען שוין אײַערע שטראָפן. אַז איר קענט נישט דערציִען דעם זון — טאָ ל׳האָבן אים אַנדערע דערציִען !

ליאָווקעס מאַמע האָט אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל און איז אַרויס אַ פאַרטראַכטע. ליאָווקע, אַ בלייכער, מיט דער אונטערשפּרינגענדיקער אונטערשטער ליפּ, האָט קוקנדיק מיט שינאה אויף דער טאַנטאַנעכע אַ שעפּטשע געטאָן :

— איך וועל זי ווען ס׳ניט איז דערהרגענען !

— און גוט וועסטו טאָן. איך אויך — האָט באַגיטיקט פעטיע.

אויפן אַנדערן טאָג איז ליאָווקע פאַרשווונדן. די מוטער און די באָבע האָבן געקלינגען אין מיליציע, אין שפּיטאָל, אין אָפּטייל פון „גיכער הילף". מיר זענען אויסגעגאַנגען די גאַנצע שטאָט. די שכנים האָבן זיך נאָכגעפרעגט במורעוואַטע:

— נו וואָס קײַן שום נײַעס?

מיט דער טאָנטאָנעכע האָט קיינער נישט גערעדט.

פעטיע האָט געפונען דעם אַנטלאָפענעם אין סאַמע פאַררוקטן ווינקל פונעם שטאָטישן פּאַרק. ליאָווקע איז געשלאָפן אויף אַ באַנק, אונטערלייגנדיק צוקאָפּנס אַ קולעק. דרײַ טעג איז געלאָפן פעטיע אין פּאַרק, דרײַ טעג האָט ער געבראַכט ליאָווקען עסן און די לעצטע נײַעס פון דעם הויף. אויפן פערטן טאָג האָט פעטיע געמאָלדן:

— דײַן מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי וועט אַראָפּ פון זינען און וועט מער נישט אויסהאַלטן אויב מען וועט דיך נישט געפינען.

באַגעגנט האָט מען ליאָווקען ראַשיק. די מוטער האָט געוויינט, די באָבע האָט אים געהאָדעוועט, און מיר האָבן זיך געשטופּט אונטער דער טיר און מיט אומגעדולד געוואַרט ער זאָל שוין אַמאָל אַרויסקומען.

דער טאָנטאָנעכע האָט מען אומגעקערט פאַר אַלע שאָדנס, נאָר נאָך ליאָווקעס אַנטלויפן האָט זי זיך אויך אײַנגעשטילט: מער נישט געדראָט מיט מיליציע.

נאָר אין דער שׂריפה זענען מיר נישט געווען שולדיק — שולדיק איז נאָר געווען די ראַדיאָ טראַנסלאַציע פאַר די שילער, — „ברען פריילעכער, מײַן שײַטער".

### איז אָט ווי ער זעט אויס — דער טויט

די מאַשינען פאַרנעמען איצט אונדזער לעבן זייער אַ וויכטיק אָרט. און גאָרנישט איז נישט אימשטאַנד אַזוי גוט איבערצוריײַסן די שפּיל, ווי אַ טראַנספּאָרט וואָס באַווײַזט זיך אין הויף. אַלצאיינס, צי עס איז אַ לאַסט־אויטאָ אָדער אַ טאַקסי, אַ צוויי־רעדערדיקס אָדער גלאַט אַ פורל אויף מיסט אַרויסצופירן, אַבי נאָר אויף רעדער.

שאָפערן טרעפן זיך אַלערליי. אייניקע — לאָזן דיך אַפילו נישט צוגיין נאָענט צו דער מאַשין. אַנדערע דערוווידערן נישט, אַז די גאַנצע כאָפּטע זאָל זיך אַוועקזעצן אין סאַמע אויבנאָן, נאָר פאַר דעם, וואָס זיי רירן פונעם אָרט, טרײַבן זיי אונדז אַראָפּ אָן רחמנות. האַמפּערן זיך אין אַזעלכע פאַלן איז אָן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט — ווערסט נאָר אויפקאָכן דעם מענטשן. דערפאַר איז אָבער דאָ אַזעלכע וואָס דערלויבן אונדז אַלץ. מיר גיבן נאָר, נאָר אַ בעט: „דיאַדיענקע,[1] פיר אונדז צו נאָר ביז צום טויער" — און ער וועט דיר קיינמאָל נישט אָפּזאָגן. נאָר מיר קענען נישט צו דער צײַט זיך אָפּשטעלן: כּל זמן די מאַשין אין הויף זשומעט און קערעווועט זיך אויס, זיצן מיר צופרידענע, נאָר אָט איז זי אַרויסגעפאָרן, זיך אָפּגעשטעלט, און קיינער פון אונדז טראַכט אַפילו נישט אַראָפּצוגיין.

— דיאַדיענקע, פיר אונדז ביז צום עק...

— גאָט איז מיט אײַך, פאָרן איז געפאָרן.

און דער ווייכגעוואָרענער שאָפער, וועט אונדז דורכפאָרן נישט נאָר ביז צום עק, נאָר גאַנצע עטלעכע קוואַרטאַלן.

מיר דאַנקען אַלע אין איין קול.

פאַראַן נאָך, פונדעסטוועגן, גוטע מענטשן אויף דער וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פעטער סאַשע האָט געהינקען אויפן לינקן פוס, נאָר איז שטענדיק געגאַנגען אַזאַ מונטערער, אַז מיר האָבן עפּעס ווי פאַרגעסן אין זײַן היני־קענדיקייט. נאָר אין דער לעצטער צײַט איז דער פעטער סאַשע בלייך געוואָרן, זיך אַראָפּגערוקט און מיטאַמאָל אָנגעהויבן שטאַרקער הינקען. סלאַווע האָט אונדז געזאָגט, אַז בײַ זײַן פאָטער „ווייוועט אונטער" דאָס האַרץ, נאָר אונדז האָט דאָס „ווייוועט" נישט געשראָקן. און ווען נאָכן פעטער סאַשע האָט גענומען אַרײַנפאָרן, פאַר דער אַרבעט, אָן אַלטער, קרעכצנדיקער לאַסט־אויטאָ, האָבן מיר זיך זייער דערפרייט איבער אים. איצטער האָט דער פעטער סאַשע, יעדן פרימאָרגן, מיט גרויס שוועריקייט, צוגעהינקען צום לאַסט־

[1] דיאַדיענקע — אין רוסיש: פעטערל.

מאַשין און זיך אַוועקגעזעצט אין דער קאַבינע נעבן שאָפער, דערנאָך האָבן מיר זיך אַלע אַרײַנגעזעצט הינטן, אָדער ריכטיקער, די פון אונדז, וועלכע האָבן פון גאַנצפרי אָן ספּעציעל געשטאַרצט בײַם טויער. צוגעפאָרן ביז צום סאַמע זאַוואָד, ווו ס'האָט געאַרבעט דער פעטער סאַשע, און צוריקוועגס, שוין גייענדיק צופוס, שטענדיק געקומען צום אויספיר:

— פונדעסטוועגן איז אַ מחיה, וואָס אונדזער הויף האָט זיך זײַן מאַשין.

— אויך מיר געזאָגט — „זײַן". זי איז אַ מלוכהשע.

— נו איז וואָס? זי קומט צופאָרן נאָכן פעטער סאַשע? זי קומט. און ער ווו וווינט? נישט אין אונדזער הויף?

—געגנוג זיך שוין צו שפּאַרן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט סלאַווע. — איך וועל זאָגן מײַן טאַטן, און קיינער פון אײַך וועט זיך שוין נישט אָדורכ־פאָרן.

— אַך דו לאַנגע פּיצע וואָס דו ביסט...

נאָר גאָר גיך האָט דער לאַסט־אויטאָ אויפגעהערט אַרײַנצופאָרן — דער פעטער סאַשע איז שווער קראַנק געוואָרן. מיר האָבן זיך באַמיט נישט צו רעשן אונטער סלאַוועס פענצטער. אַפילו די שפּיל האָט זיך אין די טעג עפּעס נישט געקלעפּט. סלאַווע האָט זיך כמעט נישט געוויזן אין הויף. ער גיט נאָר אַ לויף דורך אין קלייט אָדער אין אַפּטייק — און צוריק. סלאַוועס מאַמע איז אַרומגעגאַנגען מיט אויגן געשוואָלענע צי פון טרערן, צי פון שלאָפלאָזע נעכט, און נאָר סאָניע פלעגט יעדן טאָג מעלדן:

— דעם טאַטן איז די נאַכט ווידער געווען שלעכט. „די גיכע הילף" איז דרײַ מאָל געקומען צופאָרן.

און פּלוצים האָט סלאַוועס מאַמע צום ערשטן מאָל אין די טעג זיך אָפּגעשטעלט אין הויף שמועסן מיט די שכנים, און סלאַווע איז אַרויס אין הויף טרײַבן מיט אונדז די פּילקע — דעם פעטער סאַשען איז גרינגער געוואָרן. בײַנאַכט איז דער פעטער סאַשע געשטאָרבן.

מען זאָגט, אַז יעדער טויט איז שרעקלעך, אין מײַנע קינדער־יאָרן האָט דער טויט פונעם פעטער סאַשע זיך אַרויסגעוויזן פאַר דאָס סאַמע שוידער־לעכסטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דוכט זיך, דאָס איז נאָך געווען פאַר דער מלחמה. איך געדענק נישט. איך קאָן זיך נישט דערמאָנען ווו, און ווען, פון ווענען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל דערוווּסט, אַז אַלע מענטשן זענען שטערבלעכע. די מענטשהייט איז גאַנצן גענומען האָט מיך דעמאָלט גאָר ווייניק באַאומרואיקט, און מײַן אַנטדעקונג האָב איך געמאָסטן נאָר צו די נאָענטע: הייסט עס אַז אין איינעם אַ טאָג וועלן שטאַרבן דער טאַטע און די מאַמע, דער זיידע, די באָבע, עס וועלן שטאַרבן מײַנע מומעס און פעטערס, עס וועט שטאַרבן מײַן חברטע נאַטאַשע, איך וועל שטאַרבן, און מיר וועלן שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל נישט זײַן אויף דער וועלט. דאָס איז געווען אַזוי גרויליק, אַז ס׳האָט זיך געוואָלט פאַרשטאָפּן די אויערן, פאַרמאַכן די אויגן און אַנטלויפן, אַנטלויפן וואָס ווייטער פון דער דאָזיקער אַנטדעקונג.

ס׳האָט באַרואיקט נאָר דער געדאַנק, אַז „דאָס" וועט מיט אונדז פאַר־קומען נישט אַזוי גיך, און אין פיל יאָרן אַררום, אַזוי פיל יאָרן, אַז מ׳קאָן עס זיכער צוגלײַכן צו „קיינמאָל נישט".

די מלחמה האָט פאַרווישט די אומגעווייניגלעכקייט פונעם וואָרט „טויט". די פאַשיסטן האָבן פאַרניכטעט מיליאָנען מענטשן, און צווישן זיי — מײַן זיידע און מײַן באָבען: צענדליקער טויזנטער זענען געפאַלן אויפן פראָנט — צווישן זיי אויך מײַנע פעטערס, די פאַשיסטישע באָמבעס זענען געפאַלן אויף אונדזערע שטעט און דערפער — און אין איינער פון די באָמביאָזשקעס איז געהרגעט געוואָרן נאַטאַשע.

און איך, אַ נײַניעריק מיידעלע, צוריקקערנדיק זיך נאָך דער מלחמה פונעם טיפן הינטערלאַנד, האָב מיך דערוווּסט וועגן די אַלע טויטן. אומזיסט האָב איך געפּרוּווט דאָס אַלץ איבערקאָכן, עס לייגן אין קאָפּ — ס׳האָט זיך בשום אופן נישט געלייגט. איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן פון גרויל פאַרן טויט פון די מיליאָנען, און שפּעטער, אַז איך בין שוין אונטערגעוואַקסן, האָב איך מיט נישט ווייניקער שוידער באַמערקט, אַז מיך, פּונקט ווי אַנדערע מענטשן, נעמט עס נישט דורך העט ביז די סאַמע טיפענישן. ווײַל מענטשן האָבן געגעסן, געשלאָפן, געגאַנגען אין קינאָ, אײַנגעאָרדנט די ווירטשאַפט, געאַמפּערט זיך, געערגערט זיך איבער קלייניקייטן. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיי דאַרפן יעכצן און יאָמערן און רײַסן די האָר פונעם קאָפּ, ווי מ׳טוט

עס׳ אַז מען פאַרלירט אַ מענטשן. איין מענטשן, און דאָ זענען — מיליאָנען. אַ מיליאָן דאָס איז דאָך פינקטלעך די ציפער, וועלכע אין די קינדער יאָרן זעט זי אויס די סאַמע העכסטע. אַ מיליאָן — דאָס איז אַלץ אויף דער וועלט. און אַז עס זענען אומגעקומען מיליאָנען?

דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוווּסט, אַז דאָס לעבן אויף דער ערד קאָן מען נישט אָפּשטעלן, אַז קיינער יאָמערט נישט און קלאָגט נישט אייביק. נישט קענענדיק באַרעכטיקן אַנדערע, האָב איך מיט אַן איינפאַכן קינדערישן עגאָיזם באַרעכטיקט נאָר זיך אַליין: איך האָב נישט געקענט די אַלע אומ־געקומענע, איך האָב זיי קיינמאָל נישט געזען; און אַפילו די געציילטע, וועלכע איך האָב געקענט, האָב איך אויך שלעכט געדענקט. אויף דעם זיידן מיט דער באָבען. אויך די פעטערס און די חברטע נאַטאַשע האָבן קיינמאָל נישט דערמאָנט וועגן זיך אייניציקווייַז, זיי האָבן זיך געהאַלטן אין זיכּרון אַלע אינאיינעם, אין איין צעפלאָסענער דערמאָנעניש, וועלכע מ׳האָט געקענט, אַז מ׳האָט נאָר געוואָלט, פאַרטרייַבן פון זיך. דערפאַר האָט זיך אָבער מיט אַ נייַער קראַפט דערוועקט דער געדאַנק אַז ווען ס׳ניט איז וועלן מיר אַלע שטאַרבן. און איך האָב מיך נאָכאַמאָל פּחדנותדיק אָנגעכאַפּט אין דעם באַרואיקנדיקן זאָג: אין אַ סך יאָרן אַרום — דאָס איז כּמעט קיינמאָל נישט.

נאָר איצטער האָב איך געפילט אַז דער דאָזיקער זאָג איז זייער אַ שלאָבעריקער, בעסער אין אים זיך נישט צופיל גריבלען, אַניט צעשיט ער זיך. און איך האָב זיך נישט געגריבלט אין אים — אַזוי איז געווען רואיקער.

דער פעטער סאַשע האָט געווױנט נעבן אונדז, געגאַנגען אויף דער אַרבעט, געגעסן, געטרונקען, באַשטראָפט סלאַווקען, דערציילט וועגן דער מלחמה, ער פלעגט אַ קראַץ טאָן זיך אין דער גאָמבע ווען ער האָט געפּרוּווט אין עפּעס זיך דערמאָנען. און אָט איז ער נישטאָ, און ער וועט שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל נישט זײַן... איך פיל, ווי מײַן קערפּער באַדעקט זיך מיט אַ נישט אײַנגענעמענער „געגנזענער הויט״. דאָס איז בײַ מיר נאָך פון די קינדער־יאָרן: ווי נאָר איך גיב אַ טראַכט וועגן עפּעס שרעקלעכס — און שוין — אַ געגנדזענע הויט.

...די מאַשין איז אַ גרויסע. די ראָבדן פון דער לאַסט־מאַשין זענען צעעפנט. דער קאַסטן איז אויסגעפּוצט מיט בלומען. נעבן קאַסטן זיצן סאָניע און סלאַווע.

אין הויף שטופּן זיך אומבאַקאַנטע מענטשן; זיי רודערן מער ווי זיי וויינען. ס'איז, וויַיזט אויס, גרינגער זיך צו רעשן. איך קוק אויף אַלץ פון אונטערן שטערן, איך הייב נישט אויף דעם קאָפּ, כּדי נישט צו זען דעם קאַסטן. אָט שטייען ליודע און וויטיע, אויך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ; נאָר פּעטיע און ליאָוקע קוקן גלײַך אויף דער מאַשין. עס וויינען די שכנים.

דערנעבען מיר נאָענט שלום; ער וויל נאָר אויף דער מאַשין, זיך דורכ־פאָרן ביז צום טויער. גאָטעניו, וואָס פאַראַ טיפּש איז נאָך אונדזער שלום! אפשר, אים דערלאַנגען אַ סטוסאַק?

— איך וו־וויל־ל אין דער מאַשין, — פּכינקעט ער — און פּאַרוואָס זיצט סאָניע דאָרטן?

שוין. די מאַשין האָט געריררט. אַלע האָבן זיך אַ ריר געטאָן, מ'וויינט אויף אַ קול. מיר גייען צו נאָר ביז צום עק, און די עלטערע פאָרן ווײַטער. דערנאָך וועלן זיי זיך אומקערן פונעם בית־עלמין, אַפּוואַשן זייערע פאַר־וויינטע פּנימער, זיך באַרואיקן און... וועלן זיך זעצן עסן וועטשערע, און דער פּעטער סאַשע וועט בלײַבן דאָרטן, איינער... מאָרגן וועלן די מענטשן אויפשטיין, אָפּפרישטיקן, גייען צו דער אַרבעט, נאָר דער פּעטער סאַשע וועט זײַן דאָרטן, אייגער אַליין...

אָט, שוין ווידער די געגנדזענע הויט. איך פאַרטראָג זי נישט. איך הייב אָן מיט צאָרן זיך אײַנרײַבן די הענט, די פיס, ביז רויטקייט, ביז שמערצן.

דערנעבן שלומל צעשמירט אויפן פּנים די טרערן און דעם סטראָמפּ. ער נאָיעט נאָך אַלץ. אָט באַלד וועל איך אים, פונדעסטוועגן, דערלאַנגען.

## „קינדערלעך, היַי אין שול אַרײַן...“

סאָניע — יענע, גלײַך ווי גאָרנישט: אין כאַפּערלעך יאָגט זי זיך, אי אין באַהעלטערלעך שפּילט זי זיך, און שפּאַרט זיך אַפילו ווי פריִער, נאָר אָט סלאָוועץ איז נישט צו דערקענען. ער איז געוואָרן אַזאַ שווײַגנדיקער, שוין טאַקע אינגאַנצן ווי אַ דערוואַקסענער. אין הויף ווײַזט ער זיך שוין נישט איצטער. און וואָס האָבן נאָך ליאָוקע און פּעטיע נישט צוגעטראַכט, מ'זאָל אים אַרויסמאַניען פון דער שטוב — גאָרנישט העלפט נישט.

## אַמאָל איז געווען אַ הויף...

נאָך הײַנט איז סלאָוועצ צום ערשטן מאָל געגאַנגען אינאײנעם מיט אונדז זען די אויפגעשטעלטע שול. אַ גוטע שול, ווי אַ נײַע, וואָס אַן אמת, באָענט האָט מען אונדז נישט צוגעלאָזט — די געפּאַנגענע קאַלעכן דאָרטן, פאַרבן, רייניקן דעם צוגאַנג. אַליין צעשטערט — אַליין צוריקגעשטעלט. גערעכט, מען זאָל נאָר באַווײַזן ביז צום ערשטן סעפּטעמבער. נישט דערפאַר ווײַל מיר גייען אויס פון חשק צו לערנען, נאָר אויב שוין אָנהייבן, איז צור צײַט. ווי ס׳זאָל נישט זײַן, פאָרט דאָס ערשטע פרידלעכע לערניאָר. קיינער, חוץ פּעטיען, האָט אין דער פרידלעכער צײַט נאָך נישט געלערנט. און ער אויך, פּעטיע, האָט באַוויזן ביז דער מלחמה צו ענדיקן נאָר צוויי קלאַסן, נאָר ער באַרימט זיך אַזוי, גלײַך ווי ער איז אַלע צען קלאַסן דורכגעגאַנגען.

— וואָס ווייסט איר, קליינוואַרג? אַ! ביז דעם קריג איז געווען אַ שול ווי אַ שול! דרײַ שטאָק, קלאָר?

אונדז, פאַרשטייט זיך, איז קלאָר: אונדזער קינפּטיקע שול איז נאָר אַן איינשטאָקיקע.

— און ווי אַזוי מיר זענען געגאַנגען אין שול, ווייסט איר? דער טאַש אַ נײַער, אַ לעדערנער, דער שלאָס — אַ בלישטשענדיקער. אין טאַש — דרײַ אָפּטיילונגען: די לערנביכער — באַזונדער, דער פרישטיק — באַזונדער, באַזונדער — דאָס העפטל, באַזונדער — די בלײַערס...

— ער ליגנערט, דער פּעטוך! — רײַסט אים איבער ליאָווקע, — ערשט געזאָגט אַז דרײַ אָפּטיילונגען, און האָט שוין אָנגעציילט גאַנצע פינעף.

— ווער ליגנערט? איך ליגנער? און דו האָסט אַמאָל געזען אַזאַ פּאָרטפעל? געזען, אַ? אָט־אָט, האָסטו איבערגעכאַפּט, ברודערקע!

קיינער פון אונדז האָט טאַקע אַזעלכע טאַשן נישט געזען, ווײַל בײַ סלאָווען, אָנשטאָט אַ טאַש, איז זײַן פאָטערס פעלד־טאַש. פּעטיע אַליין האָט דער מומעס אַן אַלט אָפּגעריבן טעשל, כאָטש פּעטקע האָט זיך אַפילו געשווירן, אַז ער וועט אַנטלויפן קריק אין קינדער־היים, און מיט אַ ווײַבערישן טאַש, וועט ער נישט גיין. דערפאַר האָט מיר און ליודקען אָפּגעגליקט. אונדז האָט מען געקריגן צוויי אַלצאיינע זעקעלעך פון סיראָטע. אין קלייט, האָט מען זיי, איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָנגערופן „שול־טאַשן”. זיי זענען באַשטאַנען פון איין אָפּטייל און זיך פאַרשפּיליעט אויף אַ קנאָפּ.

די דאָזיקע „פּאָרטפּעלן" האָט מען געקענט צוציִען וויפל מען האָט נאָר געוואָלט. אין זיי האָט מען געקענט אָנריקן, וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. נאָר זיי האָבן פאַרעקשנטע אויסגעזען ...ליידיקע.

דערפאַר, ווען מ'האָט דאָס זעקל מיטן קנעפּל אויסגעליידיקט, האָט עס זיך שוין צו דער פריִערדיקער מאָס נישט אומגעקערט. אַזוי זענען מיר אַדורכגעגאַנגען — איך מיט ליודקען — גאַנצע צוויי לערניאָר, שיעור נישט אויסוואָלגערנדיק אויף דער ערד אונדזערע אומגעהויערע צעצויגענע זעקלעך — פּאָרטפּעלן, וועלכע האָבן געהאַט איין מעלה: זיי האָבן זיך פאַרשפּיליעט אויף אַ קנעפּל.

אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען מײַן טאַש האָט זיך שוין געוואַלגערט אויפן בוידעם, האָט די קאַץ יעדעס יאָר געבוירן אין אים קעצלעך. ס'איז געווען דאָרט פלאַץ פאַר אַלע: אי פאַר דער קאַץ, אי פאַר די נײַ־געבוירענע. נאָר דאָס אַלץ איז געווען דערנאָך, און דערווײַל... דערווײַל האָבן מיר געשלונגען פּעטיעס רייד, און ער האָט זיך שוין באַמיט גאָר אויף אַן אַנדערן מין אופן.

— הײַנט לערנביכער וואָסערע! נײַינקע מיט פאַרביקע טעוועלעך. הײַנט העפטן — אַן אַ סוף, כאָטש שרײַב יעדן טאָג אויף אַ נײַעם העפט. איך האָב טאָקע אַזוי געטאָן. אָוועקגעלייגט אַ קלעק — אָנגעהויבן אַ נײַעם. באַקומען אַ צווייטל — נאָכאַמאָל אַ נײַעם העפט.

— דו פלעגסט אַרײַנכאַפּן צווייטלעך, יאָ? פרעגט ליודקע אומשולדיק.

— דו, וואָס? ווילסטו כאַפּן אין פּיסק אַרײַן?

— אַליין זאָגסטו דאָך, אַז צווייען האָסטו געכאַפּט.

— ווען האָב איך געזאָגט? ווען? איר ווילט נישט הערן, דאַרף מען נישט. איך וועל מער נישט דערציילן.

— העי, פּעטוך, דערצייל.

— וואָס, פּעטקע, באַליידיקסטו זיך תּיכּף?

— בו גענוג, ביסט נישט געווען, קיינמאָל נישט געווען קײַן צווייעטשניק (וואָס כאַפּט צווייטלעך) דערצייל ווײַטער.

פּעטקע לאָזט זיך נאָך אַ ביסעלע בעטן און טוענדיק אונדז די גרעסטע טובה, זעצט ער פאָר זײַן געשיכטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ענדלעך האָט מען געעפנט אַ קינאָ־טעאַטער. מיר גייען אַהין יעדן טאָג. אַז מיר האָבן געלט, קוקן מיר „די ווונדערלעך שיינע וואַסיליסע"[1] (אויף די קינדער־סעאַנסן, איז מער גאָרנישטאָ) און אַז מיר האָבן נישט קיין געלט, שטופּן מיר זיך גלאַט בײַם קינאָ. דאָרט איז שטענדיק פֿריילעך. פֿון מאָרגנדיקן טאָג ווײַזט מען אויף די קינדער־סעאַנסן דעם פֿילם „זאָיאַ".

„זאָיען" לאָזן מיר זיך קוקן אַלע פֿינעף מיטאַמאָל. אַלע, חוץ די קליינע חברה. בילעטן נעמען מיר פֿון פֿריִער. די ערטער אויף זיי זענען נישט אָנגעצייכנט — זיץ ווו דו ווילסט. אונדז בלײַבט נאָך געלט אויף אײַזקרעם, אויף גאַנצע צוויי פּאָרציעס: איינע — די ייִנגלעך, די אַנדערע — מיר מיט ליודקען. ערלעך לייג איך פֿאַר ליודקען מיר זאָלן לעקן דעם אײַזקרעם לויט דער ריי. ליודקע האַלט אָבער פֿון אייגנטום, זי ווילקט נישט אײַן.

— דו וועסט אָפּעסן דײַן העלפֿט — לייגט זי פֿאָר איר וואַריאַנט.

איך עס אָפּ. ליודקע זינגט זיך אונטער מיט אַ גלײַכגילטיקער מינע: ס'איז איר, הייסט עס, אַלצאיינס, צי איך וועל אויפֿעסן אַ העלפֿט צי עפּעס מערער. זי זינגט, נאָר זי נעמט נישט אַראָפּ דאָס אויג פֿון מיר. דאָס קומענדיקע מאָל לאָז זי שוין בעסער אָפּעסן די ערשטע.

אין זאַל קנאַקט מען שטאַרק מיט די דעקלעך, וואָס הייבן זיך אויף, פֿון די בענקלעך. מ'רופֿט איינס דאָס אַנדערע, מ'זעצט זיך איבער פֿון אָרט צו אָרט, ביז וואַנען עס לעשט זיך נישט אויס דאָס ליכט.

פֿאַרשטייט זיך, מיר האָבן געוווּסט, ווער ס'איז אַזעלכע זאָיאַ קאָסמאָ־דעמיאַנסקאַיאַ[2] און אויך וועגן דעם, ווי אַזוי ס'האָבן זי געפּײַניקט די פֿאַשיסטן, מיר האָבן אויך געוווּסט, וועגן דעם, ווי אַזוי זי איז אומגעקומען. מיר האָבן בכלל אַ סך געוווּסט, נאָר איינס איז — וויסן, און עפּעס אַנדערש — זען.

אין זאַל איז ווי פֿאַרשטאַרט געוואָרן די שטילקייט, ווי זעלטן ווען אויף קינדער סעאַנסן: נאָר מ'כליפּעט אַרום, מען פֿאָרשקעט מיט די נעז, ס'וויינט שוין עמיצער, וואָס קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן.

נאָכן סעאַנס גייען מיר אַרויס פֿאַרווייַנטע, לאַנג בלענדעט אונדז אין

---

1 די ווונדערלעך שיינע וואַסיליסע — העלדין פֿון רוסישע פֿאָלקס־מעשׂהלעך.

2 זאָיאַ קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ — אַ העלדישע, רוסישע פּאַרטיזאַנערין.

די אויגן די העלע זון. ווי אַ קנויל אויף דער נשמה ליגט דער נאָר וואָס געזעענער פילם, נאָר דער קנויל הייבט שוין טאַקע דאָ אָן נאָכצולאָזן און צעגייען זיך פון דער זון, פון דעם גרינס אויף דיביימער, פון דער נחתדיקער וואַרעמקייט און רו פון דעם שלווהדיקן אויגוסט־טאָג.

ליאָווקע און סלאָווע שווײַגן, נאָר פּעטקע... כליפּעט אונטער. איך מיט ליודען שטעלן זיך אַזש אָפּ פון פאַרוווּנדערונג, נאָר פּעטקע גייט פאָרויס, נישט אומקוקנדיק זיך, נאָר די צוויי טשוביקלעך אויף זײַן קײַלעכדיקן אָפּגעשוירענעם קאָפּ — ציטערן.

אויפדערנאַכט, דערהערנדיק דעם סטוק פון די הילצערנע אָפּצאָסן, לויפן מיר נאָכאַמאָל אַרויס צום טויער און לאַנג קוקן מיר אויף די געפאַנגענע.

— זיי וואָלט מען באַדאַרפט, אַזוי ווי זאָיען.

דוכט זיך, אַז דאָס האָט געזאָגט פּעטיע, און די געפאַנגענע שפּאַנען אַלץ פאַזע אונדזער טיר, גייען ווי גלאָט געווײַנלעכע מענטשן...

...די שול האָט מען געעפנט דעם צענטן סעפּטעמבער, דעם נײַנטן אינאָוונט האָט מען אונדז געוואַשן, געשוירן און געריבן, גלײַך ווי מ׳וואָלט אונדז וועלן פאַרזאָרגן מיט ריינקייט אויפן גאַנצן לערניאָר.

מערער פון אַלע שײַנט ליודקע. איר, ווי אַ קינפּטיקע שילערין פונעם ערשטן קלאַס, גיבן אָפּ אויפמערקזאַמקייט אַלע אונדזערע שכנים.

— זע ליודאָטשקע, זאָלסט לערנען נאָר אויף „אויסגעצייכנט".

— זײַ אַ ווויל קינד, איצט ביסטו שוין אַ גרויסע, פאַרשטייסט דאָך אַליין.

און ליודקע שײַנט טאַקע, אין איר נײַ קליידעלע מיט אַ פּינטאַלע, וואָס איז איבערגעניייט פון איר מאַמעס קליידל; נאָכן וואַשן איז אויף די פּיס שראַמען און פלעקן עפּעס צוויי מאָל מערער, דאָס ווילדע טשוביקל איז פאַרשווונדן פונעם שטערן און איז איבערגעבונדן מיט אַ בלוי סטענגעלע; אין די הענט דער פאָרטפעל, אָט טאַקע יענער פון סיראָטע, וואָס פאַרשפּיליעט זיך אויף אַ קנעפּל.

ליודקעס באָבע דרייט זיך אַלץ אַרום אייניקל, האַלט אַלץ אין איין פאַרריכטן, און, אויסווישנדיק די אויגן מיטן עק פאַרטעך, רעדט זי און רעדט דורך טרערן:

— גאָטעניו! פאַרוואָס האָט ער נישט דערלעבט דעם טאָג? וואָס וואָלט דיך געווען געאַרט פאָטער אין הימל, ווען ער האָט אויך אַ ביסל פרייד?

און ס׳איז נישט קלאָר, ווען זי באַיאָמערט די באָבע: צי איר מאַן, ליודקעס זיידע, וועלכער איז אומגעקומען אין בירגער־קריג, צי דעם איידעם, ליודקעס טאַטע, וועלכער איז דערהרגעט געוואָרן אין דער פאָטערלענדישער.

— נישט דערלעבט, ער זאָל אויך זען אָט דאָס קינד, אָט דעם אוצר, אָט דאָס שטיק גליק...

די אַלטע כליפּעט צו. ליודקע, לויט איר אַלטער געוווינהייט, קראַצט אַ פוס און איז גרייט איצט מוחל זײַן דער באָבען, אַלץ.

דער סאַמע טשאַקנדיקער צווישן אונדז איז סלאַוועק: דער פעלד־טאַש אַריבער דער פּלייצע, דאָס ווייסע העמדל קנאַקט אַזש פון קראָכמאַל און ריינקייט, די אַלטע שיך זענען אָפּגעפּוצט ביז צו אַ טונקעלן בליאַסק. פּעטקע טראָגט אַ „באָטאַניקע״ פאַרן פינפטן קלאַס — עפּעס אַנדערש האָט די מומע אַניע נישט געקאָנט קריגן. אמת, פּעטיע איז טאַקע אין פערטן, אָבער ער וועט זיך נישט גייען אין שול מיט ליידיקע הענט. סלאַוועק — אין פינפטן קלאַס — איז אַוודאי די „באָטאַניקע״ נייטיקער, נאָר עטלעכע טעג וועט זי טראָגן פּעטיע, אַזוי פאַר וויכטיקייט נאָר, און דערנאָך וועט זי איבערגיין צו סלאַווען.

נו, הייסט עס געשפּאַנט. די באָבעס, די מאַמעס, די שכנים באַגלייטן אונדז ביז צום טויער. גלײַך מיט אונדז, טראָגן זיך, אונטערשפּרינגענדיק, דאָס קליינוואַרג. זיך שוין געזעגנט. מיר גייען סטאַטעטשנע אויף דער גאַס. ליאָווקע אַן אומגעדולדיקער פאַרלויפט אַפּריער, קערט זיך אום קריק, שפּאַנט דערנעבן און פאַרטשעפּעט אַלע לויט דער ריי:

— פּיצע, דו הערסט, פּיצע, דו וועסט מן הסתם אין קלאַס זײַן דער סאַמע לענגסטער?

— און דו — דער סאַמע קורצסטער.

— און דער פּעטוך — דער סאַמע גרעבסטער, אמת, פּעטינקע? — און ליאָווקע דרייט זיך ווי אַ דריידל אַרום פּעטיען.

— איך וואָלט דיר דערלאַנגט, נאָר דאָ אין גאַס פּאַסט נישט.

— ליודקע וועט שוין זײַן טאַקע די בעסטע שילערין. זי וועט אַרײַנכאַפּן

אַן איינסערל, ווער זי אַזוי רעווען — אַז אַלע לערערס וועלן זיך דערשרעקן און איר שטעלן גאָלע פינפטלעך.

וואָס ווייַטער פון דער שטוב, אַלץ שטילער ווערט אונדזער קאָמפּאַניע, און נעבן דער שול ווערט אַפילו ליאָווקע סטאַטעטשנער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פּוסט געוואָרן אונדזער הויף. ס'איז געוואָרן שטיל. איצטער הערשט איבער אים נאָר דאָס קליינוואַרג: אין קעלער לאָזן זיי זיך אַראָפּ, און אויפן „גראָבן בוים" דראַפּען זיי זיך, און אויפן טויער פאָרן זיי — דאָס טירל איז שוין נישט פאַר זיי.

זיי, די קליינע חברה, איז נאָך בעסער אָן אונדז. איצטער פילן זיי זיך די גאַנצע צייַט זעלבשטענדיקע. כּדי זיי זאָלן זיך אָן איבעריקס מאָל איבער־צייַגן אין דעם, איז זיי, וויטיע און סאָניע נעמען נישט אַרייַן שלומלען אין שפּיל — ער איז צו אַ קליינער. שלום איז פון דעם אַזוי צעקאָכט, אַז ער וויינט שוין אַפילו נישט, ער נוקמט זיך: „גיט אויס" וויטיען, ווו ס'האָט זיך באַהאַלטן סאָניע, באַהאַלט אויס דעם זיך אַוועקקײַקלענדיקן באַל און וועגן יעדער געשעעניש הייבט ער אָן דערציילן אַזוי:

— און נעכטן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער...

נאָר אויף דעם טויער לאָזט מען אים במילא זיך נישט דורכפאָרן. און שלום קלעטערט מיט אַזאַ צאָרן אויפן טירל, אַז ס'דוכט זיך — באַלד גרייכט ער ביזן הימל אויף דעם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר שילער, נעמען זיך צונויף אַלע אינאיינעם נאָר אין די אָוונטן. מיר לערנען אין פאַרשידענע אומבייַטן. מיר זעען זיך נישט גאַנצע טעג, און ס'איז נישטאָ אַזאַ כּוח, וואָס זאָל אונדז אין די אָוונטן קענען אַראָפּטרייַבן פונעם דריק, איידער מיר רעדן זיך נישט גוט אָן.

— און אונדז האָט מען היינט צעגיבן נייַע „אַריטמעטיקעס", צו איין בוך אויף דרייַ — הייב איך אָן.

— אַ קלייניקייט, מיר מיטן פּעטיוך האָט מען געגעבן „רוסישע שפּראַך" אויף אונדז ביידע.

ליאָווקען און פּעטיען איז געלונגען, זיי זענען אַרײַן אין איין און דעם זעלביקן פערטן קלאַס.

— דערפאַר מעג איך איצטער קײַן רוסיש נישט לערנען. איך וועל זאָגן, אַז ליאָווקע גיט מיר נישט דאָס ביכל — פריידט זיך פּעטיע.

— בײַ אונדזער געאָגראַפיסטקע איז דאָס פּנים אָפּגעברענט — זאָגט פאַרטראַכט סלאַווע. — זי איז די גאַנצע מלחמה דורכגעגאַנגען. אמת, זי אַליין דערציילט גאָרנישט, און פרעגן איז נישט אײַנגענעמען.

— און בײַ אונדז איז בײַ איין ייִנגעלע אויך אָפּגעברענט דאָס פּנים, און ער איז אויף דער מלחמה אינגאַנצן נישט געווען, — זאָגט ליודקע. ער איז דער סאַמע קלענסטער, ער זיצט אויף דער ערשטער באַנק, מיט טאַמאַרען, די וואָס אין ברילן. אַלע ייִנגלעך בײַ אונדז זיצן אינאיינעם מיט די מיידלעך, און אויף אייניקע בענק — אַפילו צו דרײַ.

— און בײַ אונדז זיצן אויך צו דרײַ, נאָר סאַשע וואָלאָווצקי זיצט איינער אַליין אויף אַ באַנק. ער איז דער סאַמע געזונטסטער אין קלאַס. עס וואַקסן אים שוין וואָנצעס, און ער רעדט מיט אַ באַסאָווע קול. ער קריכט קוים־קוים אַרויס פון דער באַנק, און צומאָל קאָן ער אינגאַנצן נישט אַרויסקריכן — שמייכלט סלאַווע, און מיר אַלע שײַנען, קוקנדיק אויף אים: סלאַווע האָט שוין לאַנג נישט געשמייכלט.

— ער שטייט אויף, און די באַנק מיט אים. אַ באַנק אויף צוויי פּיס.

— טאַטש אויף טאַטש ווי אונדזער פּעטיק — שטשירעט די ציין ליאָווקע.

— ווילסט כאַפּן אין די ציין אַרײַן?...

נאָר פּעטיעס צאָרן איז שוין איבערגעגאַנגען, און ער דערמאָנט זיך עפּעס טרויעריקלעך:

— מען האָט אונדז געהייסן ברענגען געלט אויף פרישטיקן. דאָס געלט האָבן מיר שוין געגעבן, און קײַן פרישטיקן זעט מען נישט.

געלט אויף פרישטיקן האָט געגעבן נישט נאָר פּעטיע, מיר האָבן אַלע געגעבן און געוואַרט אויף די דאָזיקע פרישטיקן מיט אומגעדולד. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען; ס'הייסט אַז מ'וועט גיבן ווײַס ברויט, און טיי, זיסע.

און דער טאָג איז געקומען. אויף דער גרויסער הפסקה האָבן אַ קלינע געטאָן אַלע קלאַסן אין דער קינפּטיקער סטאָלאָווע, און דערווײַל נאָר אונטער

אַ דאַך. און יעדן האָט מען געגעבן — אַ ווײַס בולקעלע און אַ גלאָז זיסע טיי. אויף דעם קליינעם בולקעלע האָט מען געקוקט ווי אויף אַ שפּילעכל: צוערשט האָט מען זיך אָנגעליובעט, לאַנג עס באַטראַכט, דערנאָך ערשט האָט מען עס אָנגעהויבן עסן, פּאַמעלעך, פּאַרזיכטיק, צעציִענדיק דאָס פאַרגעניגן.

די מזלדיקע זענען פאַררעכנט געוואָרן די, וועמען ס'איז אַרײַנגעפאַלן אַ פּירעקיק זײַטיק בולקעלע. כ'ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר די דאָזיקע באַוווּסטע זײַטיקע בולקעלעך האָבן אויסגעזען עפּעס גרעסער און אַפילו געשמאַקער. ווען מ'האָט זיך שוין אָנגעהויבן צוגעוויינען צו די פרישטיקן, האָט זיך צעבראָכן די פּליטע אין קיך, און ס'איז נישט געווען אויף וואָס אויפצוזידן טיי. אויף דער גרויסער הפסקה האָט מען פונקט ווי פריִער געגעבן בולקעלעך, נאָר אויפן אָרט פון זיסער טיי — אַ שקאַרמיצל מעליץ, ענדע חודש.

אין די „מעליצדיקע" טעג האָט זיך אין די קלאַסן געטאָן אויף טיש און אויף בענק: ס'האָט געגלאַנצט מיט אַן אומנאַטירלעכן בליאַסק די טינט, דער מעליץ האָט געסקריפּעט צווישן די בלעטער פון די ביכער און העפטן; אויף די לעקציעס פלעגן פלוצים פאַרשווינדן אונטער די בענק צורהס וועלכע האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די שקאַרמיצלעך. אויף דער באַמערקונג פונעם לערער, איז די צורה מיט גרויס שווער־קייט אַרויסגעקראָכן קריק, אינגאַנצן אַ באַקלעפּטע מיט מעליץ. אויף דער הפסקה האָבן אַלע געסקריפּעט: ווילד און רעשיק דאָס קליינוואַרג, צוריקגעהאַלטן און שעמעוודיק — די עלטערע קלאַסן.

די שול האָט אונדז יעדן טאָג צוגעגרייט אירע סורפּריזן און מיר האָבן שטענדיק געוואַרט אויף זיי. מיר האָבן געוואַרט אויף זיי אַפילו דעמאָלט, ווען די שטילקייט אין די קלאַסן, האָט זיך געדוכט, איז שוין אויף אייביק אַן אײַנגעשטאַנענע.

## אַ סאָלדאַט האָט זיך פונעם קריג אומגעקערט

די מאַמע, קוקנדיק אויף מיר מיט שלומן, זאָגט שטענדיק:

— אָט אַזעלכע זענען מיר געווען איך און מאיר אין די קינדער־יאָרן, און דער אונטערשיד צווישן אונדז — פונקט אַזוי.

די מאַמע האָט עטלעכע ברידער און שוועסטער, נאָר מער פון אַלע

פלעגט זי דערמאָנען איר קלענסטן ברודער — מאירן. דער פעטער מאיר איז געווען אין דער משפחה נישט נאָר דער סאַמע קלענסטער, נאָר אויך דער סאַמע ווילדער. ער האָט נישט געוואָלט לערנען, נישט אויסלערנען קיין פאַך, כאָטש מיט קיין פעיִקייטן האָט אים גאָט נישט געקריוודעט. די מאַמע האָט דערציילט, אַז אין אַ געוויסער צײַט האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין פוטבאָל און גיך געוואָרן איינער פון די בעסטע פוטבאָליסטן. דערנאָך איז ער טעג און נעכט געזעסן איבערן שאַכמאַט. בײַ זעכצן יאָר איז שוין דער פעטער-מאיר געווען העכער און שענער פון אַלע זײַנע ברידער, נאָר די ברידער זענען מיט אים נישט אויסגעקומען, און דער זיידע האָט שטענדיק געוואָלט פון אים „די נשמה אַרויסטרעסלען". נאָר די מאַמע און די באָבע האָבן זייער ליב געהאַט „דעם מעזיניק".

ענדלעך, קורץ פאַר דער מלחמה, איז דער פעטער מאיר געקומען צום שׂכל. ער איז געגאַנגען לערנען אין טעכניקום, דערנאָך זיך גענומען גרייטן אין אינסטיטוט, און דער זיידע האָט אויפגעהערט צו ריזען די באָבען.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. דער פעטער מאיר איז אַוועק אַ פרײַ-וויליקער. בריוו צו אונדז אין דערפל זענען אָנגעקומען פון אים גאַנץ אָפט. מיר האָבן זיי שוין פונדערווײַטנס דערקענט לויט זייערע קײַלעכיקע קאַלי-גראַפישע אותיות. דער פעטער מאיר האָט געפרעגט אין יעדן בריוו אויף דער באָבען און זיידן, נאָר די מאַמע האָט נאָך דעמאָלט גאָרנישט געוווסט וועגן זיי. די אַלטע האָבן זיך בשום אופן נישט געוואָלט עוואַקויִרן.

— שיקט זיך אַז די דײַטשן פירן מלחמה אויך מיט זקנים? — האָט געזאָגט דער זיידע.

— מירן אינערגעץ נישט פאָרן. אויף אָט דער ערד זענען מיר געבוירן געוואָרן, אויף איר וועלן מיר שוין שטאַרבן.

און זענען אומגעקומען. מיט אַ שרעקלעכן טויט.

...נאָכדעם האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט אי מיר, אי דער פעטער מאיר.

איצט איז דער פעטער געפאָרן צו אונדז. אין דעם לעצטן בריוו האָט ער געשריבן, דאָס ער פירט מתנות מיר און שלומען.

ענדלעך איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, מיר זאָלן אים באַגעגענען מיטוואָך זיבן אַזייגער אינדערפרי.

די מאַמע האָט זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט און אַ גאַנצן טאָג האָט זי געראַמט און געקאָכט. פון די איבערלעבענישן האָט די מאַמע אויסגעזען ווי נאָך אַ שלאָפקייט — זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט שלאָפן אין די נעכט. און איך האָב מיך באַרימט מיט מײַן פעטערס אָרדנס און מיטן פעטערס ווונדן, מיט זײַן כּוח און מיט זײַנע ...מתּנות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן אַנדערן טאָג האָב איך זיך אויפגעכאַפּט זייער פרי נאָר די מאַמע מיטן טאַטן זענען שוין אַוועק אויפן וואָקזאַל. אין הויף — איר זאָלט זאָגן אַ לעבעדיק נפש. מען שלאָפט נאָך. און מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט — אַלע זאָלן זען דעם פעטער. דער הויף אונדזערער קוקט אויס אומגעווייגלעך, אויף זיך נישט ענלעך, ווען אַלע שלאָפן.

עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן די טיר, אויפן גאַניקל איז אַרויסגעקומען ליודעס באָבע.

— וואָס האָט דיך אויפגעטראָגן אַזוי פרי? — האָט זיך געוווּנדערט די באָבקע.

— מײַן פעטער קומט צופאָרן.

— שוין? — די באָבע האָט אַזש אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט, האָט זיך אַ לאָז געטאָן קריק אין שטוב און איז תּיכּף אַרויס. אַ רגעלע איז זי געשטאַנען, זיך צוגעהערט, און האָט פעסט זיך אַוועקגעלאָזט צו די שכנים.

— דאָרט האָט מען זיך שוין אויפגעכאַפּט. שוין. איצט בין איך שוין געווען רואיק: דער הויף וועט שוין פּוסט נישט זײַן.

איך בין אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. איך וועל אָפּציילן ביז הונדערט, — האָב איך באַשלאָסן בײַ זיך, — דערנאָך וועל איך עמיצן פרעגן, וויפל איז דער זייגער. אָפּגעציילט. געפרעגט.

— צען מינוט אויף אַכט — האָט מיר געענטפערט אַ פאַרבײַגייער.

— איך וועל אָפּציילן ביז צוויי הונדערט און דערנאָך ווידער פרעגן.

— צען מינוט אויף אַכט — האָט מען מיר ווידער געענטפערט. די צײַט איז געשטאַנען אויף איין אָרט.

איך וועל מיך אַדורכגייען דרײַ מאָל פונעם טויער ביז צום עק גאַס

און אויפן פערטן מאָל וועל איך זיי דערזען. איך האָב זיך דורכשפּאַצירט ביז צום עק, און נישט קיין דריי מאָל, נאָר ניין מאָל; דערנאָך האָב איך דערזען פונדערווייטנס דריי פאַרשידנפאַרביקע פיגורלעך: אַ בלויס, אַ געבלימלטס און צווישן זיי — אַ גרינס, אַ סאָלדאַטיש.

איך לויף. אוי ווי איך לויף! מיט גרויס אימפּעט פלי איך צו צום פּעטער און שפּאַר אַריין ס׳פּנים אין שפּראַנטשיק פון זיין גאַרטל. דערנאָך טשעפּע איך מיך אָן איז זיין אָרעם, און מיר שפּאַנען אַריין אַלע פיר אין הויף. זאָלן אַלע זען מיין פּעטער, אַלע. ווייל ער איז אַזעלכער, ווי איך האָב מיר אים פאָרגעשטעלט: אַ הויכער, אינגאַנצן אין אָרדענס און מעדאַלן, נאָר קיין פּיסטאָלעט האָט ער נישט אין דער זייט. עס איז גאָרנישט, עס מעג זיין אויך אָן אַ פּיסטאָלעט. נעבן טירל שטייט ליודקע, אַ ביסעלע ווייטער — ליאָווע און פּעטיע. איך שווייג, איך קוק נאָר אויף זיי. און זיי שווייגן, זיי קוקן נאָר אויף מיין פּעטער. עס שטייט ליאָווקעס באָבע און ליאָווקעס מאַמע, עס שטייט פּעטיעס מומע און אַנדערע שכנים און אין שפּיץ פון זיי — ליודעס באָבע. זיי וואַרטן, ביז דער פּעטער וועט זיך דערנענטערן צו זיי, עמיצער ווישט זיך שוין די טרערן. דער פּעטער מאיר גריסט זיך צו זיי:

— אַ גוט־מאָרגן, שכנים!

און דעמאָלט לויפט צו ליודעס באָבע צום פּעטער, זי כאַפּט אים אַרום ביי די אַקסלען און טרייסלט זיך ממש פון געוויין. ווער וועט איצט גלייבן, אַז די באַבקע זעט אים צום ערשטן מאָל אין לעבן?

נישט וואָגנדיק רינגלען אַרום די שכנים דעם פּעטער. מיר ווילט זיך נישט מער אויסשטעלן מיט דעם פּעטערס אָרדענס און ווונדן. איך ווייס, וועגן וואָס עס טראַכטן די שכנים. איך ווייס, אַז ליאָווקעס מאַמע, אָנטועגדיק און אויסטועגדיק די ברילן פון אויפרעגונג, וועט באַלד פרעגן אויף איר מאַן. איך ווייס, פאַרוואָס פּעטיע שטייט אין אַ זייט, אַז אויסגעדרייטער צו אונדז מיט דער פּלייצע, איך ווייס, אַז מיר זענען איצט ד סאַמע גליקלעכסטע, און ס׳איז מיר אַפילו אַ בושה פון גליק.

---

דער פּעטער מאיר גייט אַריין אין אונדזערע צימערלעך, און זיי ווערן

תּיכּף קלענער. איצטער זענען מיר אַליין. נאָר אונדזער משפּחה, די שכנים, צוזאַגנדיק אַרײַנצוקומען שפּעטער, בלײַבן דעליקאַטנע אין הויף. דער פּעטער גייט אַרום איבער די צימערן און חזרט אַלץ איבער:

— שטיל. ווי שטיל ס'איז בײַ אײַך.

די מאַמע גייט אים נאָך טריט בײַ טריט.

— עפּעס זעסטו מיר אויס אַזוי עלטער — זאָגט זי צום פּעטער, ווי מען רעדט מיט אַ קליין קינד, — ביסט שוין אינגאַנצן ווײַס... ווען ביסטו אַזוי גרוי געוואָרן? אין 41טן?

— ניין, אין 44טן, פּאַר איין שעה. דו געדענקסט סיאָמקען, מײַן גוטן ברודער? זיי האָבן געוווינט אין עק דערפל, נעבן דעם שליאַך. איר האָט אים נאָך אַלץ גערופן טורעמאַק. ער איז געווען אַ ווילדער בחור, נאָר צו אַ גוטער. ער האָט קיינמאָל זיך אויף קיינעם נישט באַליידיקט, קיינמאָל זיך נישט געשלאָגן מיט קיינעם. מיר זענען אינאיינעם אַוועקגעגאַנגען אויפן פראָנט. ווען דו זעסט אים דאָרטן... שוין גאָרנישט יענער סיאָמע. ע, וואָס איז דאָ צו רעדן! דאָס קאָנסטו מיט צוויי ווערטער נישט אָפּקומען...

און וואָס איז מיט אים?

עס האָט אים צעריסן אויף שטיקער. אַפילו מקבר צו זײַן, איז נישט געווען וואָס... אָט דעמאָלט בין איך גרוי געוואָרן, מיטאַמאָל. מיר האָט אַ שפּליטער פון דעם סנאַריאַד אַדורכגעלעכערט די נאָז. איך בין אינגאַנצן געווען פאַרגאָסן מיט בלוט, נאָר איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, פונוואַנען גייט עס. איך האָב דעמאָלט בכלל גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין.

ערשט איצטער האָב איך באַמערקט בײַם פּעטער אויף דער נאָז צוויי טונקלרויטע פּלעקעלעך. יאָ, די פּלעקעלעך קאָן מען נישט באַמערקן אויך, דערפאַר אָבער זײַן גרויקייט וואַרפט זיך תּיכּף אין די אויגן. זי, די גרויקייט, האָט זיך זייער באַלעבאַטיש צעשפּרייט אויפן פּעטערס געדיכטע, שוואַרצע האָר.

דער פּעטער ווערט אַנטשוויגן, עס שווײַגן אויך דער טאַטע מיט דער מאַמען. דערנאָך גיט זיך די מאַמע אַ כאַפּ:

— קום, קום, וועסטו זיך אָפּוואַשן, וועסט עפּעס אָפּעסן. און זי פירט אַוועק דעם פּעטער אין קיך. דער טאַטע שעפּטשעט איר אַרײַן עפּעס גיך:

— לאָז אים איצט צורו, פרעג אים נישט וועגן גאָרנישט. לאָז אים אָפּגיין.

איך גיס אויפֿן פעטער מאיר פונעם קוואָרטל, און ער פאַרשקעט, שפּריצט מיט דעם וואַסער און פרעגט זיך נאָך, צי איך געדענק אים ביז דער מלחמה, אין וועלכן קלאַס בין איך איצט, און וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש... איז אונדזער שלומל.

און דאָ האָב איך מיך דערמאָנט וועגן דעם פעטערס צוגעזאָגטע מתנות. פרעגן גלײַך וועגן דעם, איז נישט באַקוועם, רוים איך אײַן דער מאַמען אַ סוד...

לאָזט זיך גאָר אויס אַז דעם פעטערס פאַרמעגן — איז איין סאָלדאַטסקע קעסעלע. דעם שינעל און דאָס קעסטל זײַנס האָט מען צוגעגנבעט אין צוג.

— צום גליק, זענען די דאָקומענטן און דאָס געלט געווען בײַ מיר אין קעשענע — זאָגט דער פעטער מאיר — נאָר דאָס איז נאָך אַ האַלבע צרה. די צרה, אַז כ'האָב זיך פּשוט געשעמט צו יאַוועון זיך צו אייך נאָר מיט איין קעסעלע, נאָר כ'האָב בשום אופן נישט געקענט פון דעם פּטור ווערן.

לאַכנדיק דערציילט דער פעטער מאיר, ווי פון פאַרדרוס האָט ער באַשלאָסן אַוועקצוואַרפן דאָס קעסעלע אויף איינער אַ סטאַנציע. ער איז אַראָפּגעגאַנגען טרינקען, איבערגעלאָזט נעבן קראַנט דאָס קעסעלע און אַליין — אַרײַן אין וואַגאָן. מ'האָט שוין געמאָלדן דאָס אָפּגיין פונעם צוג, ערשט מיטאַמאָל לויפט איבערן וואַגאָן אַן אַלטיטשקע, אין די הענט טראָגט זי דאָס קעסעלע:

— זונעניו, דו האָסט עס פאַרגעסן... נעם עס.

ער גיט אַ קוק, דער פעטער, דאָס קעסעלע איז פול מיט פלוימען — די אַלטע האָט אָנגעשיט. זי האָט קוים באַוויזן, די זקנה, אַרויס פונעם צוג, זי איז כּמעט אַראָפּגעשפּרונגען ווען דער צוג האָט גערירט. דער פעטער האָט אויפגעגעסן די פלוימען און באַשלאָסן אַרויסצוואַרפן דאָס קעסעלע אַדורכן פענצטער. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך געצילט, נאָר עפּעס האָט זיך די האַנט נישט אויפגעהויבן: פונדעסטוועגן, גאַנצע פיר יאָר אָפּגעבידעוועט אינ־איינעם. איין זאַך — איבערצולאָזן עס ווו מענטשן דרייען זיך, כּדי עס זאָל אַרײַנפאַלן אין לעבעדיקע הענט, עפּעס אַנדערש — אַרויסצוואַרפן.

פאַרטאָג, פאַרן סאַמע אָנקום, איז דער פעטער צוגעגאַן צו דער צוג־באַגלייטערין.

— נעמט מײַן קעסעלע, — האָט ער איר געזאָגט. — ווו וועל איך מיך שלעפּן מיט דעם?

— וואָס, סאָלדאַט, שעמסט זיך מיטן קעסעלע? און דאָס האָט דיר זיכער, די גאַנצע מלחמה געדינט? עך, סאָלדאַט, סאָלדאַט.

אַזוי איז דער פעטער געקומען מיטן קעסעלע.

דער טאַטע לאַכט.

און די מאַמע, ווי אַ באַלעבאָסטע, באַטראַכט דאָס קעסעלע.

— אָט אַ טיפּש — זאָגט זי דעם פעטער, — געפינען זיך מיט וואָס צו שעמען. איך פאַרמאָג נישט קײַן לײַטיש טעפּל, — און דו גאָר אַרויסוואַרפן.

די מאַמע טראָגט אַוועק דאָס קעסעלע אין קיך און שטעלט עס אַוועק אויף דעם סאַמע בכּבודיקסטן אָרט, צווישן טשײַניק און קעסל.

## מיטן נײַעם פרידלעכן 1946טן!

איך צייל שטענדיק די טעג ביז צו עפּעס וואָס. פון די קינדער־יאָרן צייל איך זיי און אַזוי ביזן הײַנטיקן טאָג. ס'אַ גוטע געוווינהייט צי אַ שלעכטע, — דאָס ווייס איך נישט, נאָר אָן איר קאָן איך מיך שוין נישט באַגיין. איך וואָלט אַפילו נישט געקענט ענטפערן, ווען נעמלעך האָט זיך באַוויזן די געוווינהייט. מעגלעך אַז זי איז געבוירן געוואָרן אינאיינעם מיט מיר, איך האָב זי נאָר פאַרפולקאָמט, אַנטוויקלענדיק אַ גאַנצע סיסטעם פון ציילן. אַ ציילונג, אַ גרויסע — וואָכן, חדשים, און צומאָל אַפילו יאָרן, אַ ציילונג אַ דריוונע — טעג. און אַהינטער די טעג און אַהינטער די וואָכן און יאָרן שטייט שטענדיק אַ לאַנג דערוואַרטעטע געשעעניש. אַ קליינע צי אַ גרויסע, אַ נאָענטע צי אַ ווײַטע, אַ לײַכט פאַרווירקלעכענדע כּי כּמעט אַן אומרעאַלע, נאָר אַ פריידיקע מוז זי אומבאַדינגט זײַן.

אין דער צײַט פון דער מלחמה האָבן די חדשים און יאָרן געפירט צום אומקער אַהיים, אין דער געבוירן־שטאָט. די צרה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס קיינער האָט נישט געקענט זאָגן, ווען פּינקטלעך דער דאָזיקער אומקער וועט געשען, און דאָס סאַמע האָפנונגסלאָזע — דאָס ציילן ביז צו אַן אומבאַ־שטימטן טאָג. דערנאָך האָט די מאַמע אָנגעהויבן ענטפערן פּינקטלעכער:

— זומער פאָרן מיר אַהיים.

— ווען זומער?

— איך ווייס נישט. זומער — און שוין.

ס׳איז אויסגעקומען אַליין אָפּצושטעלן די דאַטע. איך האָב אויסגעקליבן דעם ערשטן יוני — און תּיכּף זיך באַרואיקט: איצט האָבן זיך די וואָכן און חדשים פֿרײַנדלעך געאײַלט צו איין ציל.

דער חשבון פֿון די טעג האָב איך דעמאָלט געפֿירט פֿון זונטיק צו זונטיק, ווען די מאַמע איז געווען מיט אונדז פֿון אינדערפֿרי ביזן אָוונט. קיין אַנדערע פֿריידן זענען נישט געווען.

איצט האָב איך געציילט די טעג ביז צום נײַעם יאָר. איך האָב זיי געציילט נישט פֿאַרוואַנדלענדיק זיי, נישט אין קײַן וואָכן און נישט אין חדשים. איך האָב מיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אינדערפֿרי מיטן געדאַנק: ביז צום נײַעם יאָר זענען געבליבן אַזעלכע פֿינף און פֿערציק טעג; און גראָד דאָס וואָרט „אַזעלכע” האָט פֿאַרמינערט די צווייציפֿערדיקע צאָל, זי געמאַכט ווייניקער ווי קלענער. פֿאַרוואָס האָב איך מיר אַזוי אַרויסגעקוקט די אויגן אויף אָט דעם יום־טוב?

גאַנצע פֿיר יאָר האָב איך געלעבט נאָר מיט צוזאָגן. איך האָב געפֿרעגט, ווען וועט זיך אומקערן דער טאַטע, מ׳האָט מיר געענטפֿערט:

— ווען ס׳וועט זיך ענדיקן די מלחמה.

איך האָב געחלומט כאָטש איין מאָל זיך אָנעסן צו דער זעט. מ׳האָט עס מיר צוגעזאָגט:

— ווען עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה.

מיר האָט זיך געוואָלט ביכלעך, שפּילעכלעך, צעפּעלעך ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מיידעלע. די מאַמע, גלעטנדיק מײַן ייִנגליש אָפּגעשוירענעם קאָפּ, האָט געפּליסטערט, גלײַך זי וואָלט מיך פֿאַרוויגט:

ווען ס׳וועט זיך ענדיקן די מלחמה.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען צו קליין, און ווען דער „לאַגע אויף די פֿראָנטן” האָב איך אורטיילט נאָר לויט די פּנימער פֿון די דערוואַקסענע. ווען די געזיכטער האָבן זיך געכמורעט, האָט מען גאָרנישט נישט געדאַרפֿט פֿרעגן.

ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, וואָס איז אַזעלכעס פּראָנט, אָקופּאַציע, בלאָקאַדע, באַבי־יאַר, אָסוועגצים. איך האָב זיך דערוווּסט, ווי אַזוי עס זענען אומגעקומען מײַנע פּעטערס, ווי אַזוי מ׳האָט באַגראָבן לעבע־דיקערהייט מײַנע שוועסטערקינדלעך, ווי אַזוי מ׳האָט דערשאָסן אין מיטן דאָרף מײַן באָבען, ווי אַזוי ס׳איז געשטאָרבן מײַן חברטע נאַטאַשע.

דאָס אַלץ — אין יאָרן אַרום.

נאָר אין צײַט פון דער מלחמה, האָב איך געוואָלט נאָר דאָס, וואָס עס ווילן שטענדיק קליינע קינדער. זיי ווילן זען דעם טאַטן מיט דער מאַמען, זיי ווילן אַהיים, זיי ווילן זײַן זאַט. און זיי זאָגט מען דאָס אַלץ צו, ווען עס וועט זיך פאַרענדיקן די מלחמה.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און אין דער נאַכט פונעם נײַעם יאָר, איז אָנגעקומען דאָס ערשטע פרידלעכע יאָר אויף דער ערד. מיר האָט זיך געדוכט, אַז פון דער מינוט אָן וועלן אַלע צוזאָגן זיך תּיכּף אָנהייבן צו דערפילן. נאָר די חלומות האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן נאָך אין אַלטן יאָר: די מאַמע האָט באַשלאָסן צו מאַכן אונדז אַ יאָלקע. מיט וואָס די מאַמע האָט זי געזאָלט באַצירן, האָבן מיר נישט געוווּסט: שפּילעכלעך פאַר יאָלקעס האָט מען נישט פאַרקויפט נישט אין קלייט און נישט אויפן מאַרק. מיר האָבן זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי אָט די שפּילעכלעך דאַרפן אויסזען, נאָר דאָס, אַז אַ יאָלקע וועלן מיר אומבאַדינגט האָבן — אין דעם האָבן מיר אַפילו נישט געצווייפלט.

— וויפל איז נאָך געבליבן ביז צום נײַעם יאָר?... האָט אונדז געפרעגט די מאַמע אין די פרימאָרגנס. מיר, איך מיט שלומן זענען געוואָרן האָפער־דיקער:

— אַכצן טעג.

— נישט קײַן אַכצן, נאָר זיבעצן — האָט פאַרריכט די מאַמע. דער הײַנטיקער טאָג רעכנט זיך שוין נישט.

פאַר פרייד זענען מירביידע אַראָפּ פונעם געלעגער.

— און אַפילו נישט קײַן זיבעצן, — האָט אויסגעחשבונט די מאַמע, — ערשט נאָך פופצן. די יאָלקע וועלן מיר שטעלן נישט שפּעטער פונעם 29טן דעצעמבער.

אין איין מינוט זענען דריי טעג ווי נישט געווען — מען קאָן פּשוט משוגע ווערן פֿאַר פֿרייד.

— מאַמע, לאָז איך וועל היינט אָפּוואַשן די דילן, לאָז מאַמע!

צומאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז אין מײַן מאַמען לעבן צוויי מענטשן: איינער, אַן עלטערער, האָט געקאָנט אָנשרײַען, אָדער מיט אַזאַ מעטאַל אין קול — באַפֿעלן, אַז די פֿיס זענען געוואָרן ביי מיר ווי פֿון וואַטע. דער אַנדערער, נישט עלטער פֿון צוועלף יאָר, האָט געלעבט אַזוי, פּינקט ווי מיר, — גערעדט מיט אונדזער שפּראַך, געשטיפֿט גלײַך מיט אונדז, געזונגען אַלע אונדזערע לידער, זיך געריצט מיט אונדזערע רייצענישן, מיט איין וואָרט — מיט גאָרנישט זיך נישט אויסגעטיילט פֿון אונדז.

ווען ביז צום נײַעם יאָר איז פֿאַרבליבן נאָר אַ וואָך, האָבן זיך די טעג געצויגן אַזוי פֿאַמעלעך, טאַקע עפּעס נאָר ווי די צײַט האַלט זיך אָט־אָט בײַם אָפּשטעלן. די מאַמע מיטן טאַטן און דער פֿעטער מאיר זענען אַוועקגעגאַנגען באַגעגענען דאָס נײַע יאָר צו פֿרײַנט, און מיר מיט שלומעלען האָט מען דערלויבט צו רופֿן די גאַנצע קאָמפּאַניע, נאָר אונטערן אויפֿזיכט פֿון ליודעס באָבע. די אַלטע האָט מיט שבועות צוגעזאָגט, ווי נאָר ס'וועט קלינגען צוועלף („ל'האָבן די באַנדיטן באַגעגענען דאָס נײַע יאָר") וועט זי אונדז תּיכּף שיקן שלאָפֿן.

פֿון גרויס פֿרייד זענען מיר אײַנגעגאַנגען אויף אַלצדינגס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ טענענביימל האָט די מאַמע געבראַכט אַ קליינס, אַ קײַלעכדיקס און געדיכטס. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש און פֿון פּושקעלעך פֿון שוועבעלעך, ניס, קאָלירויק פּאַפּיר און וואַטן האָבן מיר אויסגעמײַסטרעוועט באַצירונגען.

באַזונדערס איז געוואָרן פֿריילעך, ווען צו אונדז האָט זיך צוגעזעצט דער פֿעטער מאיר. די שפּילעכלעך האָבן זיך בײַ אים באַקומען נישט בעסער ווי בײַ אונדז, נאָר דערפֿאַר האָט זיך אויפֿגעהויבן אַזאַ געטומל, גלײַך דער יום־טוב וואָלט זיך שוין האָבן אָנגעהויבן.

דוכט זיך, אַז ס'איז נישט געווען קײַן שענער טענענביימל ווי דאָס.

אַלץ, וואָס האָט דעם געפעלט, האָט דערגענצט די פאַנטאַזיע; און דאָס יאָלקעלע, ווי אַ ניי לערנבוך, וואָס שמעקט נאָך מיט פאַרב, עלעהיי דאָס ערשטע בולקעלע וואָס מ׳האָט אונדז געגעבן אין שול צום פרישטיק, איז שוין אַן און פאַר זיך געווען איינס פון יענע זיבן וווּנדער, וועלכע זענען מעגלעך נאָר אין אַ פרידלעכער צײַט.

די דערוואַקסענע האָבן זיך צוגעסטאַרעט פאַר אונדז. ליודעס באָבע האָט אָפּגעבאַקן אַ פײַנעם קוכן און האָט אונדז פײַערלעך אונטערגעטראָגן. זי האָט אים גאָר גראַציעז אָוועקגעשטעלט אויפן טיש, און טאַקע שוין זיך גענומען דערציילן דער מאַמען:

— פאַרשטייט זיך, אַמאָל האָב איך נישט אַזעלכע געבעקסן געמאַכט, נאָר דאַנקען גאָט אויך פאַר דעם. איך וויל זיך נישט לויבן, איר ווייסט — איך האָב דאָס נישט ליב, אָבער נאָר איך, האָב געקענט פון מעל, סאָדע און פּאָווידל מאַכן אַזאַ וווּנדער. אָן אייער, אָן סמעטענע. כ׳האָב קוים, קוים, מיט צרות געקריגן אַ שטיקל פּוטער. און דאָס מעל? ס׳איז דען מעל פאַר אַ קוכן? און דאַנקען גאָט — טפו, טפו, כ׳זאָל נאָר קײַן גוט אויג נישט געבן, — גוט, וואָס כאָטש דאָס איז דאָ. אוי, וואָס טוסטו דאָרטן, ראַזבויניק?

וויטקע כאַפּט גיך אָוועק די האַנט פונעם פײַנקוכן, און די באָבע פאַרריכט אַ דערשראָקענע דאָס פלאַצנדיקע הײַטל, וועלכעס אָן אייער און אָן פעטס, איז גרייט זיך צוצופאַלן אַפילו נאָר פון דעם קוקן.

פעטיעס מומע ברענגט אַ טעלער מיט פלעצלעך און די באַבקע באַ־טראַכטנדיק זיי קריטיש, נעמט איר אויך דערציילן די געשיכטע פון דער באַשאַפונג פון איר קוכן. אין קיך באַקט עפּעס די מאַמע ספּעציעל פאַר אונדז. מיר שלײַכן זיך אַרום איבערן צימער: דאָ זעצן מיר זיך אויס נעבן טיש, דאָ קריכן מיר אַרונטער אונטער דער יאָלקע, און פילן, אָט־אָט נאָך אַ רגעלע, נאָך אַ טשוטעלע, און דער יום־טוב וועט זיך אָנהייבן. אין צימער שמעקט מיט הייסער פאַרב פון דער צופיל אָנגעהייצטער הרובע, עס שמעקט מיט יאָלקע ריח און געבעקס. זעט אויס, אַז אַזוי דאַרף שמעקן דער יום־טוב. זעט אויס אַזוי. מיר זענען מיט אָט דעם יומטובדיקן ריח איבערפולט ביז צו די האָר־וואָרצלען. עס ווילט זיך שוין תּיכּף און באַלד עפּעס טאָן: זיך שטעלן אויף די הענט און פּאַטשן מיט די פיס אינדערלופטן אָדער אַ כּמאַליע טאָן

ליאָווקען איבער דער פּלייצע, אָדער אפשר, זאָגן גאָר עפּעס גוטס ליודקעס באָבען, אָט וועט זי שטוינען. ענדלעך, האָט זי זיך איינגעשטילט און דער־ציילט שוין מער קיינעם נישט וועגן איר פּייַנקוכן. זי זיצט זיך נעבן דער הרובע אין אַ טונקל־בלוי קלייד, אָן אַ פאַרטעך, אָן דעם וואָכעדיקן טיכל אויפן קאָפּ, די גרויע האָר אירע זענען פאַרדרייט אין אַ צעפּל אויף דער פּאָטיליצע, און אויפן צעפּל — אַ קעמעלע פון אַלומיניום, זיצט זי זיך אַזוי די באַבושקע און שווייַגט, נאָר אויף איר פּנים זעט מען — זי איז גרייט צו כאַפּן אַ וואָרט אַ ליאַדע מינוט.

די גרויסע זענען אַוועקגעגאַנגען. מיר בלייַבן אַליין אונטער דער השגחה פון ליודעס באָבע. בייַם סאַמע אָנהייב פּרוווט זיך נאָך די באַבושקע צו מאַכן אָרדנונג, נאָר מיט אַכט שטיק, וועט זי זיך נישט ספּראַווען, און דערפילנדיק דאָס, לאָזט זי נאָך. זי מאַכט שוין קיינעם נישט מער קיין באַמערקונגען, הערט אויף אונדז אָנצוורופן — באַנדיטן און פּרוווט זיך שוין נישט מער צו ברענגען ליודעס ...פּריזור, צו אַ נאָרמאַלן אויסזען.

און מיר הוליען: כראַמטשען די פּלעצלעך, טראָגן זיך אַרום טיש, דער־מאָנען זיך, „זיצנדיקע" שפּילן, כאָטש קיינער פון אונדז קאָן בשום אופן נישט אייַנזיצן.

ליאָווקע, אַראָפּזעצנדיק זיך נידעריק צו דער ערד, לויפט קאָמיש אַרום דער יאָלקע און זינגט:

אין וואַלד געבוירן איז פּעטיענקע
אונדזער פּעטיענקע — פּעטוך...[1]

פּעטיע, שוין פון געוווינהייט, לייגט אים פאָר — אַ פּאָר סטוסאַקעס. אין קיך, שטילערהייט, קאָנען וויטיע מיט שלומלען נישט אויסקומען. סאָניע, אַראָפּרייַסנדיק פון דעם טענענביימל אַ פּושקעלע, צעפּיצלט עס מיט אַן ערנסטער מינע, אויף שטיקעלעך, פאַרשנדיק וואָס טוט זיך דאָרט אינעווייניק. סלאַווע, איז שלעכט אַרייַן אין אַ שמועס מיט דער באָבען. איך מיט ליודקען

1 אַ וויצלדיקע פּאַראָדיע אויף דעם ווייַנאַכטס־לידל: אין וואַלד איז געבוירן געוואָרן אַ טענענביימל.

— מיט די פינגער — דרעליעווען מיר אויס דאָס געפּילעכטס מיט דזשעם, פון די געבעקס־רעשטלעך.

עלף אַזייגער, סאָניען האָט מען פאַרנומען אַהיים, עס זענען אַנטשלאָפן געוואָרן, אַפילו נישט אויסטוענדיק די שיך, וויטיע און שלומל. ליודע גענעצט אויפן גאַנצן מויל, נאָר זי וויל זיך דערוואַרטן צום נײַעם יאָר.

— וואָס פאַר אַ קינדער? צעלאָזט זיך די באָבע. — וויפל קאָן מען אַזוי רעשן? זינגט שוין בעסער עפּעס.

— וואָס־זשע? מ׳קען, — וויליקט אײַן דער ערשטער פּעטיע, און מיר ווייסן אַז גראָד ער קלײַבט זיך צו זינגען. פּעטיע קען איין ליד, ער קען עס גוט, מיט אַלע ווערטער, — דאָס איז דער „מאַרש פון די אַרטילעריסטן”.

עס פלאַמט אין האַרצן בײַ אונדז די ליבע צו דער אייגענער ערד, — הייבט ער אָן אַנטשלאָסן, פּעטקע. געוויינלעך, האַלטן מיר אים אונטער גערן, נאָר איצטער זענען מיר פאַרמאָרעט פון דער היץ, פונעם עסן און נאָך מער פונעם אַרומיאָגן. מיר זענען נישט אָנגעסטראָיעט אויף מאַרש־לידער.

צוטוליענדיק זיך צו דער באַבושקען, פאַרצײַען מיר ביידע, דאָס הייסט איך און ליודקע:

אויפן ראַנד פון וואַלד
אַן אַלטער דעמב זיך וויגט,
אונטער דעם דעמב
אַ פּאַרטיזאַן דאָרט ליגט...

אַ גוט ליד, אַזאַ לאַנגס, וועגן אַ געהרגעטן פּאַרטיזאַן, וועגן זײַן קאָמאַנדיר, וועגן זײַן אַלטיטשקער מאַמע. ליודעס באָבע קרעכצט צו:

— אוי גאָטעניו, גאָטעניו!

איך די ייִנגלעך האָבן זיך אײַנגעשטילט. מיטאַמאָל שפּרינגט אויף סלאַוועס פונעם אָרט ווי אַ אָפּגעבריטער:

— דעם ראַדיאָ! שיר נישט פאַרגעסן אין ראַדיאָ!

אין ראַדיאָ, פײַערלעך, גלײַך ווי אָפּמעסטנדיק יעטוועדער וואָרט, זאָגט מען:

„...מיט טיפן גלייבן אין זייער פעסט דערוואָרבענעם גליק, טרעטן אַרײַן

די סאָוויעטישע מענטשן אין נײַעם טויזנט נײַן הונדערט זעקס און פערציקסטן יאָר. הינטער אונדז — דאָס געשיכטלעכע יאָר פון נצחון, דאָס יאָר פון וועלט־רום פון אונדזער היימלאַנד, דאָס יאָר פונעם זיג פון דער הייליקער און גערעכטער זאַך פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מלחמה...״

מיר האָבן אַליין נישט באַמערקט, ווי אַזוי מיר זענען אויפגעשטאַנען. מיר שטייען שווײַגנדיקע, און אויף אונדזערע אויגן בײַט איין יאָר דאָס צווייטע.

די רעדע אין ראַדיאָ, הייבט אונדז אָן אויסצוזען — צו אַ לאַנגע, מיר זענען מיד געוואָרן, נאָר קיינער זעצט זיך נישט אַנידער.

— מיטן נײַעם יאָר, טײַערע חברים!

צוועלף קלעפּ פון די קרעמל־זייגערס — און מיר זענען אין נײַעם יאָר. צום ערשטן מאָל עס אַליין אַריבערגעשפּאַנט, נישט פאַרשלאָפן, נישט אַדורכ־געלאָזט. באַלד וועלן מיר זיך צעזשומען, צעטופּען, צעזינגען.

און אין אָט דער רגע, באַווײַזט זיך פונעם שכניתדיקן צימער אונדזער פאַרשלאָפן שלומל. ער, ווי אַ לונאַטיקער, פּויזעט צו צום טיש, אָכקענדיק קריכט ער אַרויף אויפן בענקל און, אויסרײַבנדיק די אויגן מיטן קולעק, קוקט ער ברוגזז אין די פּוסט געוואָרענע טעלער.

— אויפגעגעסן דאָס גאַנצע געבעקס, אַ יאָ? — פרעגט אַ צעקאָכטער שלום, און דאָס זענען די ערשטע ווערטער, וואָס האָבן אָפּגעקלינגען אין נײַעם פרידלעכן טויזנט נײַן הונדערט זעקס און פערציקסטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פּאַרענדיקט
אונדזער טאָכטערס
שיר השירים...
10.12.74

# רײַקע — אַ גרוי הינטל

1

רײַקע איז נישט קיין הינטל. רײַקע איז מײַנע אַן עלטערע שוועסטער. זי איז פּשוט שיעור נישט געוואָרן קיין הינטל זומער אין צוויי־און־פּערציקסטן יאָר. ניין, צו דער מלחמה האָט עס קיין שום שייכות נישט געהאַט. די מלחמה איז זיך געגאַנגען באַזונדער, און רײַקע איז שיער נישט געוואָרן אַ הינטל אויך באַזונדער.

בכלל קער מיר רײַקע אָן אַ שוועסטערקינדל. נאָר אַזוי ווי קיין אייגענע שוועסטער האָב איך נישט, און חוץ דעם איז מיר מסוכּן נישט צום האַרצן דאָס דאָזיקע נודנע און לאַנגע וואָרט — „שוועס־טער־קינדל״ — איז דערפֿאַר־אָ רוף איך רײַקען פּשוט שוועסטער.

דערפֿאַר איז איצטער נישטאָ צווישן אונדז קיין שום חילוק נישט. איצט זענען מיר שוין גרויסע און מיר וווינען ביידע אין צוויי באַזונדערע שטעט, און מיר זעען זיך אַמאָל אין עטלעכע יאָר, און אַ בריוול שרײַבן מיר איינס דעם צווייטן אויך זעלטן. קיינער וועט איצטער נישט זאָגן, אַז רײַקע איז עלטער פֿון מיר אויף גאַנצע דרײַ יאָר — די בריוו נאָר איינס צום אַנדערן הייבן מיר ביידע אָן אַנדערש: זי מיר — „טייער שוועסטערל״, איך איר — „„טײַערע שוועסטער״, מחמת אַז כ׳וועל שוין אַפֿילו אַלט זײַן הונדערט יאָר, און רײַקע וועט, הייסט עס, דעמלט אַלט זײַן הונדערט מיט דרײַ יאָר, וועל איך סײַוויסײַ אַלץ בלײַבן ייִנגער פֿון איר.

נאָר דאָס איז אַלצדינג איצטער. ווען איך בין אָבער אַלט געווען נישט מער ווי דרײַ יאָר, האָט רײַקע מיט מיר דעמאָלט גוט קאָמאַנדעוועט.

איך בין געווען אַ ביסל אַ דיקלעכע, אַ שטילע; אַז מ׳האָט מיר עפּעס געזאָגט, האָב איך געפֿאָלגט, און די באָבע אונדזערע האָט מיך שטאַרק ליב

באַקומען; און פאַרקערט: די אויסגעדייוועוטע, פּיסקאַטע רײַקען, וואָס פלעגט קיינמאָל נישט קאָנען אײַנשטיין אויף איין אָרט, האָט די באָבע תמיד גערופן „אָנשיקעניש" און „נישט קיין ריינע זאַך".

אַז די דאָזיקע זעקסיאָריקע רײַקע איז „נישט קיין ריינע זאַך", האָבן געגלייבט אַלע קינדער פון אונדזער גאַנצער גאָס, און פון מיר, פאַרשטייט זיך, איז שוין אָפּגערעדט.

— זעסט? — האָט רײַקע געקאָנט אַ ווײַז טאָן אויף אַן אַעראָפּלאַן אין הימל. — דאָס איז מײַן טאַטע דורכגעפלויגן!

און כאָטש כ'האָב ערשט נעכטן געזען רײַקעס טאַטע, בין איך געווען זיכער, אַז ער איז הײַנט אויפגעשטאַנען העט קאַיאָר, אָפּגעגאָלט זיך, פאַרפּוצט זיך אין זײַן שבתדיקן קאָסטיום און איז אַוועקגעלאָפן אַרויס פונעם שטעטל, ווו עס האָט שוין אויף אים גאָר־גאָר פונלאַנג געוואַרט אַן אַעראָפּלאַן.

— פאַרנאַכט וועט ער קומען צו פליִען צוריק, דער טאַטע! — האָט פעסט בײַ זיך אַ זאָג געטאָן רײַקע.

— און דעם אַעראָפּלאַן? וווּ־זשע וועט ער אַהינטאָן דעם אַעראָפּלאַן?

— דעם אַעראָפּלאַן וועט דער טאַטע איבערלאָזן אויף יענער זײַט שטעטל. ער קאָן דאָך נישט אַראָפּלאָזן זיך בײַ דער שטוב — איבערשרעקן די גאַנצע גאָס...

איינמאָל האָט מיך רײַקע אַרײַנגעלייגט אין אַן אַלטן הילצערנעם מולטער (ער איז געשטאַנען, דער מולטער, בײַ דער באָבען אין קאַמער), האָט מיך צוגעדעקט מיט אַ פּאָר שמאַטעס און האָט מיר שטרענג פאַרזאָגט, כ'זאָל זיך נישט אויפהייבן פונעם פּלאַץ, ביז זי וועט נישט קומען צוריק.

— איך גיי אין וואַלד אַרײַן און וועל דיר ברענגען אַ לעבעדיק בע־רעלע!... (קיינער האָט נאָך קיינמאָל אין אונדזערע מקומות נישט געזען קיין לעבעדיקן בער — נאָר דאָס האָט אַפילו רײַקע נישט געוווּסט).

רײַקע האָט פּשוט־און־פּראָסט פאַרגעסן אין מיר. דערפאַר אָבער האָט די באָבע אויפגעהויבן אויף די פיס די גאַנצע וועלט. מן־הסתם צוואַנציק אירע זעגען אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל און געזוכט דער באָבעס קלענסטע פאַר־פאַלנגעוואָרן אייניקל. איך בין אָפּגעלעגן אין דעם מולטער אַ שיין שטיקל צײַט. און אַז מ'האָט מיך געפונען און פון דאָרט אַרויסגענומען, האָט געוואַל־

דעוועט פאַר פרייד כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, און די אָנגעפּאַטשטע רײַקע איז נאָכגעגאַנגען פונהינטן, געפּכינקעט און געגאָסן מיט טרערן.

— אַזאַ נאַריש קינד! — האָט זיך רײַקע נישט געקאָנט באַרואיקן. — ווער האָט זי געבעטן, זי זאָל ליגן אין דעם מולטער, ווער, האַ?

פון דעמאָלט אָן פלעגט מיר שוין רײַקע כסדר בראָקן ליגנס. און וואָס עלטער מיר זענען געוואָרן, אַלץ שענער זענען געוואָרן די ליגנס, אויפן אָרט פונעם „פּאַפּעס אַעראָפּלאַן" זענען אונטערגעקומען אַזעלכע ווונדער, אַז ס'האָט אַזש דעם אָטעם פאַרכאַפּט. און דערנאָך האָבן זיך אַלע ווונדער געענדיקט — ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה.

2

אַ חידוש ממש, ווי אַזוי דאָס דאָזיקע קליינע אוזבעקישע ישובל האָט געקאָנט אַרײַננעמען אין זיך אַזויפיל עוואַקואירטע. מ'האָט אונדז, עוואַקו־אירטע, אַפילו אויסגעזעצט אין הייזער איינס נעבן אַנדערן, און מיר האָבן פאַרנומען אַ גאַנצע גאַס, די ראַשיקסטע גאַס אין גאַנצן ישובל. זומער האָט די דאָזיקע גאַס אויסגעזען ווי אַ נעסט פון מוראַשקעס, וואָס לעבט אויף פאַרנאַכט־צו — פאַרנאַכט זענען די דערוואַקסענע געקומען פון דער אַרבעט. אין איין יאָר מלחמה זענען מיר אַזוי היימיש געוואָרן איינער מיטן אַנדערן, אַז ס'איז, דאַכט זיך, נישט געוועזן קײַן שום זאַך אין דער וועלט, אָנהייבנדיק פון אַ בריוו, וואָס עמעצער האָט באַקומען פונעם פראָנט, און ענדיקנדיק מיט אַ נײַעם מין „זופּעכץ", וואָס עמעצער האָט אָפּגעקאָכט, די גאַנצע גאַס זאָל עס אינאיינעם נישט אַרומרעדן.

מיר, קליינוואַרג, האָבן באַזונדערס ליב די זומערדיקע פאַרנאַכטן. פאַ־מעלעך קילט זיך אָפּ איבערן ישובל די אָנגעהיצטע זון. די ערד איז נאָך הייס, נאָר בריט שוין נישט, וואַרעמט נאָך די באָרוועסע טריט. פּאָכענדיק מיט די קריגלעך, מיט די טשאַיניקעס, מיט די בידאָנעס, טוען מיר זיך אַלע אַ לאָז צום „אַריק" נאָך וואַסער, און די מאַמעס, ווי זיי וואָלטן ממש רחמים געבעטן בײַ די פּריפּעטשיקעס, שטייען נעבן זיי אויף די קני, בלאָזן אונטער דאָס פײַערל מיט פאַרפלאַמטע באַקן, בייגן זיך איבערן טעפּל, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען און אָפּגעשפּראָכן דאָס אָרעמע ביסל געקעכץ. נאָר אָט טראַסקען

שוין אונטער די טעפּלעך די דינע צווייגלעך און טרוקן־געוואָרענע בלעטלעך. איבער דער גאַנצער גאַס צעטראָגט זיך אַ האַרבער רויך־ריח. און מיר, אומגעדולדיק דערשמעקנדיק אים, הייבן אָן שפּרינגען אַרום און ווי הונגעריקע היישעריקלעך.

(ביז הײַנט רופט אײַן מיר אַרויס דער ריח פון טליִענדיקע שפּעט־אָסיענדיקע בלעטלעך הונגער. אין די מלחמה־יאָרן, דערפילנדיק רויך, בין איך פּשוט שיער פון זינען נישט אַראָפּ.)

אַז די מאַמע און די מומע גרייטן צו וועטשערע, הערן מיר, איך און רײַקע, אַזש אויף זיך שפּילן. דאָס הייסט, מיר קאָנען נישט אײַנשטיין אויף קיין איין פּלאַץ; אַלע אונדזערע שפּילן הייבן אָן פלוצים, פון זיך אַליין, פאַרקומען ערגעץ נאָענט צו די זידנדיקע טעפּלעך. און וויפל מען טרײַבט אונדז נישט, וויפל מען זאָגט אונדז נישט צו „אַרײַנרופן אונדז, ווען ס׳וועט נאָר פאַרטיק ווערן", טרעטן מיר אַלצאיינס נישט אָפּ אויף קיין איין שפּאַן נישט. דעמאָלט שיקט מען אונדז נאָך עפּעס צו ווישניעוויעצקין.

ביז הײַנט קען איך נישט נישט זײַן נאָמען און נישט זײַן פאָטערס נאָמען — דאָס גאַנצע ישובל רופט אים אויפן פאַמיליענאָמען, אַפּנים דערפאַר, ווײַל דער פאַמיליענאָמען זײַנער איז אַ לאַנגער, אַ שיינער און עפּעס אַ מין פילפאַרביקער. דערפאַר איז ער אַליין, ווישניעוויעצקי, אַ קלייניקער, אַ דאַרינקער, ענלעך אויף אַ קאַרליקל — אויפן קאָפּ בלויז טראָגט ער אָנשטאָט אַ קאָלפּאַק — אַן אָפּגעריבענעם שטרויענעם הוט. איך און רײַקע רעכענען מיר אים פאַר אַן אַלטן, נאָר די מאַמע און די מומע זאָגן, אַז ער איז אינגאַנצן אַלט אפשר פינף־און־פופציק יאָר — גלײַך ווי „פינף־און פופציק" איז נישט קיין אַלטער. ווישניעוויעצקי הערט שלעכט און זעט נאָך ערגער — ער טראָגט תמיד ברילן מיט מסוכן גראָבע גלעזלעך. איך האָב זיי אײנמאָל אָנגעטאָן אויף דער נאָז, איז דער לאַנגער הויף אונדזערער געוואָרן מיטאַמאָל אַזאַ צעפּלאָסענער, ס׳האָבן אָנגעהויבן שווינדלען אַזעלכע פאַסנדיקע פלעקן — דער קאָפּ האָט זיך מיר ממש פאַרדרייט. כ׳האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז כ׳האָב שיעור נישט צעבראָכן די ברילן: איצט איז שוין בײַ מיר קיין ספק נישט געווען, אַז ווישניעוויעצקי זעט אויף די דאָזיקע ברילן אַזוינס, וואָס קיינער קאָן נישט זען.

קײַן װײַב־און־קינד האָט װישניעװיעצקי נישט. ער װױנט אײנער אַלײן. און אין די פאַרנאַכטן, נאָך דער אַרבעט, טוט ער אײן זאַך: ער זיצט בײַ זיך אין הױפּל און לײענט. אַמאָל קומט ער צו אונדז צוגאַסט, נאָר אָפטער גײען מיר צו אים. מיר — דאָס זענען איך און רײַקע. מחמת אונדזערע מאַמעס האַלטן זיך, פאַרנאַכט־צו, קוים אױף די פיס פאַר מידקײט.

פון יענער זײַט פּלױט פון דעם דאָזיקן קלײנעם הױפל בלײַבט איבער אַ פאַרשטױבט געסל, אַ פײַפערײַ און אַ געשעלעגערײַ פון הונגעריקע ייִנגלעך (אײביק האָבן זײ עפּעס חשבונות מיט רײַקען), בלײַבן איבער בײזע געשרײען פון די דערװאַקסענע, און עס בלײַבט אַפילו איבער דער לאַנג־אױף־אים־אַרױסגעקוקטער, פאַרטיקגעװאָרענער טאָפּ מיט דער פונדעסטװעגן גאָר נישט־באַטעמטער זופּעכץ.

און אין הױפל איז שטיל און קיל. און ער אַלײן, װישניעװיעצקי, גײט אונדז שמײכלענדיק אַנטקעגן. און אונטערהײבנדיק, אַ ביסל מיט אַ מין צערעמאָניע, דעם הוט אױפן קאָפּ, באַגריסט ער זיך מיט אונדז. דערנאָך לײגן מיר אים אַרױס אַלע אונדזערע נײַעסן און ער הערט זײ געדולדיק און ערנסט אױס. בפרט רײַקען. און רײַקע בײַט זיך איבער אױפן פּנים — ממש מען זעט עס מיט די אױגן. איך געדענק זי נישט אַזעלכע, װי זי איז געװען ביז אין דער מלחמה. איך געדענק רײַקען נאָר אַזעלכע, װי זי איז געװען אין יענעם זומער פונעם צװײ־און־פערציקסטן יאָר: נישט פּשוט קײַן מאָגערע (רײַקע איז, װי עס דערצײלן די דערװאַקסענע, ביז אין דער מלחמה אױך נישט געװען קײַן דיקע), נאָר עפּעס אַזאַ אױסגעדײװערטע, מיט צװײ אַזעלכע אײַנגעפאַלענע זײַטן, װי בײַ אַן אױסגעהונגערטן הונט, מיט צװײ שפּיציקע, װינקלדיקע ייִנגלשע אַקסל. די גלאַטע האַרטע האָר אירע זענען תמיד געװען אונטערגעשױרענע און האָבן תמיד געסטאַרטשעט אין אַלע זײַטן, װי די נאָדלען בײַ אַ יאָזשיק. פונצװישן די דאָזיקע „נאָדלען” האָבן אַרױסגעקוקט אַ פּאָר גרױע, קלוגע און תמיד אַ ביסל אָנגעשפּיצטע אױגן.

גאַנצע טעג כסדר אַנטלױפט זי פאַר עמעצן, רײַקע, אָדער יאָגט זיך נאָך עמעצן. קריגט זיך, בעט זיך איבער, אַמפּערט זיך מיט עלטערע ייִנגלעך, שלאָגט זיך מיט ייִנגלעך אין אײן עלטער מיט איר, פאַרקריכט אַמאָל אין פרעמדע סעדער און שטעלט דערנאָך פּיס, װוּהין די אױגן טראָגן זי, איבער

בייזע הינט, וואָס יאָגן זיך נאָך איר — און ערשט קוים פּאַרנאַכט, ווען זי פּאַלט שוין אַוועק אַן אויסגעמאַטערטע, קילט זי זיך אָפּ, רײַקע. און ווען אירע דאַרע, אָפּגעבערענטע, צעדראַפּעטע פיס הייבן אָן רוען, הייבט אָן אַרבעטן דער קאָפּ אירער. גיב אים איצט, דעם דאָזיקן קאָפּ, עפּעס אַ פּאָר גוטע ביכלעך צי אַ פּאָר קלוגע שול־כרעסטאָמאַטיעס. נאָר אַזוינס איז איצט נישטאָ. און דער קאָפּ הייבט אָן צונויפשטעלן נישטגעשטויגנס־און־נישט־געפלויגנס, הייבט אָן פלעכטן אַזעלכע מעשׂיות, אַז אַפילו די דערוואַקסענע שטייען און גאַפן. זיי האָרכן, די דערוואַקסענע, גוטמוטיק, שמייכלענדיק, צושאָקלענדיק מיט די קעפּ: איַ, שטעלט זי צונויף, די קליינע. די קינדער אָבער, כאָטש זיי קוקן רײַקען אין מויל אַרײַן, ווילן חלילה קײַן איין וואָרט נישט פאַרהערן, גיבן זיך פונדעסטוועגן אַמאָל אַ כאַפּ:

— אייסעך, ס'איז שוא־ושקר.

— אויב ס'איז שוא־ושקר, דערצייל איך מער נישט — באַליידיקט זיך רײַקע.

נאָר דער עולם קאָן שוין נישט לעבן אָן רײַקעס מעשׂיות און מען רעדט רײַקען צו, זי זאָל דערציילן ווײַטער און נישט קוקן אויף די דאָזיקע „טיפּ־שים", וואָס גלייבן קיינעם נישט אין דער וועלט.

און נאָר איין מענטשן האָט נאָך רײַקע קיינמאָל קײַן ליגן נישט געזאָגט ווישניעוויעצקין. קאָן זײַן דערפאַר, ווײַל ווישניעוויעצקי האָט קיינמאָל נישט געספקט אין רײַקעס מעשׂיות, אָדער אויף רײַקען האָבן אַזוי שטאַרק געווירקט די ברילן מיט די פּישופדיקע גראָבע גלעזלעך; אָדער מעגלעך דערפאַר, ווײַל זי האָט אַזוי דרך־ארץ געהאַט פאַר די ביכער און זשורנאַלן אָן מענטשעלעך, די געדיכטע אָנגעשטאָפּטע מיט אותיות (ווו דערטאַפּט ער זיי, דער „קאַרליק", אין אונדזער ישובֿל, וווּהין אַפילו צײַטונגען דערגייען קוים־קוים?). אַזוי צי אַנדערש, רײַקען האָט מען בײַ ווישניעוויעצקין אין הויפל נישט געקאָנט דערקענען. זי האָט דאָרט געגעדט כמעט מיט אַ שעפּטש, האָט זייער פּאַרזיכ־טיק געמישט די בלעטלעך פון די ביכער, און שטילערהייט, קיינער זאָל נישט זען, האָט זי זיך אָנגעשפּיגן אין דער דלאָניע און זיך די גאַנצע צײַט צוביסלעך צוגעגלעט די האַרטע האָר אירע.

איך ווידער בין געגאַנגען צוגאַסט צום „קאַרליק" נאָר צוליב די...

ביסקוויטלעך. יאָ, יאָ, ווישניעוויעצקי פלעגט מיר און רײַקען תּמיד געבן ביסקוויטלעך. דאָס איז אָפּילו נישט געווען קײַן ביסקוויטלעך אויך (וואָס־זשע, כ'האָב דעמאָלט נישט געדענקט קײַן ביסקוויטלעך?). דאָס זענען געווען אַ מין דאַרע האַרטע פּלעצלעך — קײַלעכדיקע און האַלבלבנהדיקע. איך פלעג תּמיד חלומען, מיר זאָל אַרײַנפאַלן אַ קײַלעכדיקס, ווײַל ס'איז פּונקט צוויי מאָל גרעסער ווי אַ האַלבלבנהדיקס.

רײַקע פלעגט קיינמאָל נישט נעמען די ביסקוויטלעך באַלד, נאָר אָנהייבן אָפּזאָגן זיך, גלײַך זי וואָלט נאָר־וואָס אויפגעגעסן כמעט גאַנצע צוויי זעק ביסקוויטלעך.

— צו וואָס?... אַ דאַנק... מען דאַרף נישט.

איך ווידער פלעג באַלד פאַרקוועטשן דאָס ביסקוויטל אין דער זשמעניע און באַלד וועלן אַהיים.

— האָסט קײַן בושה נישט אין זיך — פלעגט מיך רײַקע אויפן וועג מוסרן — באַלד כאַפּט עס! וואָסי, האָסט קײַן ביסקוויטלעך נישט געזען?

— כ'האָב נישט געזען.

— אַ מסוכּנע זאַך, ביז אין דער מלחמה איז אומעטום געווען פול מיט ביסקוויטלעך.

— ביז אין דער מלחמה. איך געדענק נישט — כ'בין נאָך געווען אַ קליינע.

— דערפאַר געדענק איך.

— אַז דו געדענקסט — עס־זשע דאָס נישט; גיב עס מיר.

אַן אויפגערעגט פון מײַן חוצפּה טוט מיר רײַקע אַ גוטן שטורכע און נעמט זיך צו איר „האַלבער לבנה". די פּלעצלעך קײַען מיר נישט, נאָר מיר זויגן זיי ווי צוקערלעך. זיי זענען האַרט ווי שטיין, און אויב מען צעקײַט זיי נישט, קאָן אַזאַ פּלעצעלע קלעקן ביז אַהיים. מען טאָר אָבער אויפן וועג נישט רעדן, וואָרים מען קאָן זיך פאַרגעסן און עס באַלד טאָן אַ צעקײַ.

3

נאָך דער וועטשערע קלײַבן זיך הײַנט די מאַמע און די מומע שרײַבן בריוו, און רײַקען שיקט מען צו ווישניעוויעצקין נאָך טינט און נאָך פּאַפּיר.

איך שלעפּ זיך באַלד נאָך נאָך ריַיקען. איך גיי איר בכלל אַ גאַנצן טאָג נאָך — קיַין איין מינוט קאָן איך נישט זיַין אָן דער שוועסטער מיַינער. כאָטש ריַיקע קאָמאַנדעוועט גוט מיט מיר, און גיט מיר אַמאָל אַ פּאָר גוטע זעץ אויך, דערפאַר אָבער וועט קיַין איין ייִנגעלע נישט וואַגן מיך צו טשעפּען ריַיקען אין די אויגן. וואָס איז דאָ צו רעדן — פּאָר ריַיקען האָבן אַפילו הינט מורא. ס'איז נאָך נישט געווען אַזוינס, אַז ריַיקע זאָל צוריקקומען פון אַ פרעמדן סאָד און זאָל נישט טיילן מיט מיר איר האָב־און־גוטס.

נאָר אָט צו ווישניעוויעצקין האָט זי מיך נישט ליב מיטצונעמען.

— נו, ריַי־ע, נעם מיך מיט, נו, ריַי־ע... — צי איך די גאַנצע ציַיט איין טאָן.

— נו, גוט. נאָר אָן קיַין דערלויבעניש זאָלסטו קיַין שום ביכל נישט טשעפּען.

— כ'על נישט טשעפּען.

— און זאָלסט נישט שטיין און זיך קראַצן די גאַנצע ציַיט.

— די קאָמאַרעס בײַסן.

— זאָלן זיי ביַיסן, דו טערפּע. און קיַין ביסקוויטלעך ביַים קאַרליק זאָלסטו נישט נעמען. הערסט?

— איך נעם דען? ער גיט דאָך מיר אַליין.

— ער גיט, און דו נעם נישט. מיר קומען ווי די בעטלערס, קומען מיר.

איך שוויַיג. אויף אַלצדינג גיי איך איַין, נאָר אָפּזאָגן זיך פון די פלעצעלע, וואָס מען קאָן אַזוי לאַנג און אַזוי בעטעמט נישט אויפעסן — דאָס איז העכער פון אַלע מיַינע כּוחות.

— נו, זעסט שוין וואָס פאַר אַ מין זשעדנע דו ביסט?

— גוט. כ'על נישט נעמען.

און איך האַלט, פאַרשטייט זיך, נישט קיַין וואָרט. ווען ווישניעוויעצקי איז אונדז מכבד מיט די פלעצעלעך, זאָגט זיך ריַיקע אינגאַנצן אָפּ, און איך שטיי און שוויַיג.

— נו, נעם, נעם, שעם זיך נישט — דערלאַנגט מיר דער „קאַרליק" צוויי ביסקוויטלעך, און ביידע... קיילעכדיקע.

ריַיקע לעכערט מיך דורך מיט די אויגן; זי איז גרייט, זע איך, דאָ

אויפן אָרט מיך צו הרגענען, נאָר איך שוויַיג פאַרעקשנט, און די פּלעצעלעך טוען זיך פון זיך אַליין אַ רוק אַרייַן צו מיר אין דער האַנט.

— שוין! מער גייסטו שוין קיינמאָל נישט מיט מיר! — טרייַבערט מיך רייַקע אויפן וועג אַהיים.

— כ׳האָב אומגערן! — פאַרענטפער איך זיך און שטרעק אויס רייַקען אַ ביסקוויטל, נאָר רייַקען בייגט מען אַזוי־אַ נישט איַין.

— כ׳דאַרף נישט גאָרנישט נישט!

און מיר גייען שוויַיגנדיקע וויַיטער.

און מיטאַמאָל טוט זי זיך אַ שטעל אָפּ, גלייַך ווי זי וואָלט זיך פאַרטשעפּעט אין עפּעס.

— אוי! וואָס איז עס מיט מיר?

איך ווער פאַרהילצערט אויפן אָרט — כ׳האָב נאָך קיינמאָל נישט געהערט פון רייַקען אַזאַ „אוי”.

— רייַע, וואָס איז?

— כ׳האָב געוווּסט, כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳וועט אַזוי זייַן! — פאַרברעכט רייַקע די הענט, פּינקטלעך אַזוי, ווי עס טוט די שיינע דאַמע אין פילם (מיר האָבן דעם פילם געזען דורך אַ לעכל פונעם פּלויט פאַראַכטאָגן זונטיק).

— רייַ־קע, וואָס איז מיט דיר? — אויף יעדן פאַל הייב איך שוין אָן אַ ביסל וויינען.

— ער האָט געזאָגט, דער דאָקטער... ער האָט געזאָגט, דאָס איז... נאָך דער שקאַרלאַטינע... איך טאָר זיך נישט ערגערן. איך קאָן... איך קאָן... אוי, וואָס וועל איך טאָן, וואָס?

— וואָס, וואָס קאָנסטו?

— איך קאָן ווערן... איך בין שוין געוואָרן... אַ הינטל! אָט, זעסט? האָר אויף די הענט, אויף די פיס, אויפן פּנים... גרויע האָר...

—וווּ? וויַיז!

אינדרויסן איז שוין טונקל, נאָר אַפילו אין דער טונקל זע איך, ווי רייַקע הייבט אָן ווערן פאַרוואַקסן מיט גרויע האָר.

— רייַעטשקע, טייַערינקע, וואָס־זשע וועט זייַן מיט דיר?! — שרייַ איך אין הוילער שרעק.

— איך ווייס נישט, שוועסטערקע! (איך שוין —רײַקע האָט מיר נאָך קיינמאָל נישט געזאָגט „שוועסטערקע".)

— אָט, אָט. ס'איז שוין דאָ האָר אין די אויערן, אויף די באַקן, אויפן שטערן...

— איך לויף רופן די מאַמען...

— מ'דאַרף נישט. לויף נישט! — שרײַט רײַקע. — כ'האָב מורא צו בלײַבן אַליין. די מאַמע וועט דאָך נישט וויסן,אַז איך בין געוואָרן אַ הינטל, וועט זי מיך אַפילו אין שטוב נישט אַרײַנלאָזן.

איך וויין שוין אויף אַ קול.

— וויין נישט שוועסטערקע! — זאָגט רײַקע אי טרויעריק, אי פײַערלעך.

— ס'איז שוין שפּעט צו וויינען... אָט, זעסט? אַ שטערן איז אַראָפּגעפאַלן!

— וווּ? וווּ? — בײַ מיר אין די אויגן איז שוין פאַראַן אַזויפיל טרערן, אַז עס פינטלען און טאַנצן אַלע שטערן אויפן הימל.

— אָט, אַראָפּגעקאַטשעט זיך. שוין! ס'איז דער סוף! — רײַקעס קול איז שוין פול מיט אומגליק. — אַן עק, ס'וואַקסט מיר שוין אַן עק! — זי טוט זיך אַ כאַפּ אָן מיט דער האַנט אונטער די קריזשעס. — אוי, כ'קען שוין נישט רעדן אויך... האַו! האַו־האַו־האַו!

איך האַלט נישט אויס און טראָג זיך פײַל־אויסן־בויגן אַהיים.

כ'זאָל נאָר באַוויַזן, כ'זאָל נאָר באַוויַזן... מען וועט רײַקען אַוועקפירן אין שטאָט, אין שפּיטאָל...

— מאַמע! — שרײַ איך מיט די לעצטע כוחות מײַנע — דאָרטן־אָ... רײַקע... רײַקע... געוואָרן אַ גרויִ הינטל...

די מאַמע און די מומע בלײַבן געפּלעפּט. נאָר איך זע שוין גאָרנישט פאַר זיך: סע טרעסעט מיט מיר אַזוי, אַז סע קלאַפּט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן. און אין דער רגע פאַלט אין שטוב אַרײַן רײַקע.

4

אויפצומאָרגנס האָט מיר רײַקע אַוועקגעלייגט אויפן קישן די צוויי שלימזלדיקע ביסקוויטלעך און זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיר צופוסנס.

די מומע האָט רײַקען נישט געשלאָגן — זי האָט פּשוט געוויינט אַ גאַנצן

אויפדערנאַכט, טענהנדיק, אַז ווען נישט די מלחמה און ווען רײַקעס טאַטע וואָלט דאָ געווען בײַ דער זײַט, וואָלט פון איר, פון רײַקען, נישט אויסגע־וואַקסן אַזאַ־אָ באַנדיטיכע. מיך האָט מען אַ גאַנצע נאַכט געפּאָיעט מיט טיי, געלייגט מיר אויף און אָפּ קאָמפּרעסן צום קאָפּ, און ערשט קוים פאַרטאָג־צו בין איך אַ קאַפּל אַנטשלאָפן געוואָרן.

איצט איז אינדרויסן געשטאַנען אַ שײַנענדיקער הייסער בײַטאָג, אין שטוב איז געווען קיל, און אויפן בעטל איז געזעסן נעבן מיר, אײַנגעאַנצן אַן אַנדערע, רײַקע.

— נאַרעלע — האָט זי מיר צערטלעך געזאָגט — אײַ, נאַרעלע. מענטשן קאָנען דען ווערן הינטלעך? אַזוינס קומט נישט פאָר. און ס'טוט מיר טאַקע זייער באַנג דערפאַר. וואָס איז שלעכט צו זײַן אַ הינטל? וווהין דו ווילסט — לויף, וואָס דו ווילסט — טו. איך וואָלט דיך אָפּגעהיט. עמעצער גייט נאָר צו נאָענט, טו איך אים באַלד אַ כאַפּ אָן. און קיינער שעלט מיך נישט דערפאַר. מיר וואָלטן אײַנאײַנעם געגאַנגען אויפן מאַרק. איך טו אַ שלעפּ אַראָפּ אַ גרויס ברויט, דערנאָך צעטיילן מיר עס: האַלב אונדז, האַלב — די מאַמעס... אוי, ווען איך וואָלט געווען אַ הינטל...

רײַקע האָט אויפגעלעבט, די אויגן האָבן איר אָנגעהויבן גלאַנצן און ס'האָט זיך פון איר געשיט און געשיט אַלץ נײַע װוּנדערלעכקייטן פון אַ הינטיש לעבן.

— רײַקע, נאָר אַזוינס קאָן נישט פּאַרקומען, האַ? — האָב איך געפרעגט מיט אַ ציטערנדיק קול, און די אויגן מײַנע האָבן זיך ווידער אָנגעגאָסן מיט טרערן. — האָסטעך אַליין געזאָגט, אַז אַזוינס קומט נישט פאָר. אַיאָ־ניין, האַ?



בלימאַלע — מיט אַלע אירע העלדן פון דער דערציילונג „געווען אַמאָל אַ הויף"... אין יאָר 1945.
אין צענטער — בלימאַלע בײַ 9 יאָר, לעבן איר — דער ברודער שלום בײַ דרײַ יאָר.



בלימאַלע לייענט אירע אַ דערציילונג אין דער קעשענעווער טעלעוויזיע.



בלימאַלע מיט איר טעכטערל וויטאַלע יאַקיר, אין יאָר 1960.

# אינהאַלט: